אנדרעי שוואַרץ־באַרט

# דער לעצטער
# פון די צדיקים

ראָמאַן



פאַרלאַג „מנורה" תל־אביב
תשכ"א — 1961

ווי אַזוי זאָל איך היילן דיינע מתים
ווי אַזוי קאָן איך באַגלייטן זיי צו קבורה
דאָס ביסל אַש דאָס צעשפּרייטע
צווישן ערד און הימל.

**מ. יאַסטרון, „די לויה"**

# די לעגענדע פון די ל"ו צדיקים

# דער מחבר וועגן זיך

...„מיינע עלטערן, פוילישע יידן, זענען געקומען קיין פראַנקרייך אין יאָר 1924 און האָבן זיך באַזעצט אין נידער־מעץ. דאָרט בין איך געבוירן געוואָרן אין 1928. מיין מוטער־שפּראַך איז יידיש. פראַנצויזיש האָב איך געלערנט אויף דער גאַס און אין דער פאָלקס־שולע, פּאַראַלעל אויך באַזוכט אַ יידישע שולע.

מיין פאָטער האָט עטלעכע מאָל געבעטן פראַנצויזישע בירגערשאַפט, אָבער אָן דערפאָלג, מיר זענען געווען אַרימעלייט...

איך דערמאָן זיך, אַמאָל ווען ס'איז מיר נישט געפעלן גע־וואָרן דער נוסח פון אַ געוויסער דערציילונג, האָב איך אַליין פאַרפאַסט אַ דערציילונג אויף דערזעלבער טעמע און כ'האָב זי פאָרגעלייענט מיין מאַמען. מיין אָרעמע מאַמע, אַ פשוטע פרוי, האָט זיך צוגעהערט און מיר געזאָגט: „זאָלסט מיר נישט דער־ציילן, אַז דו האָסט עס געשריבן, ווו האָסטו דאָס געפונען?" כ'האָב זי נישט געקאָנט איבערצייגן, אַז איך אַליין בין דער מחבר פון דער דערציילונג.

עלף יאָר בין איך אַלט געווען, ווען די מלחמה איז אויסגע־בראָכן. אונזער זיצפּלאַץ איז באַשטימט געוואָרן אין אולסטאָן־פּאַלאַץ און אין משך פון זעקס מאָנאַטן געווען אַ לערניינגל אויף אַ פישער־שיף. נאָך בעתן ווירטשאַפטלעכן קריזיס, אין יאָר 1938, האָב איך נאָך די שול־לעקציעס פאַרקויפט צייטונגען אין די גאַסן.

ווען די דייטשן זענען אַריינגעדרונגען קיין פראַנקרייך, זענען

די יידן פאַרטריבן געוואָרן פון די פּאַרט־געגנטן, אין די מער אינערלעכע ראַיאָנען. דאָס איז געווען אין יאָר 1941. מיר זענען אַריבער קיין סען־פּאָל־דע־ליזאָן און איך בין אַוועק אין דער פאַך־שולע פון סעלאַך, כדי צו לערנען מעכאַניק. אָבער כ׳האָב נישט אויסגעהאַלטן דאָס יאָר. אין אַ שיינעם טאָג זענען מיינע עלטערן מיט מיין עלטערע שוועסטער דעפּאָרטירט געוואָרן. מיט מיר זענען געבליבן דריי קליינע ברידערלעך, דער יונגסטער דריי יאָר אַלט, איך בין דעמאָלט אַלט געווען פערצן יאָר.

כ׳האָב זיך פאַרדינגען צו פּויערים, כדי מפרנס צו זיין און צו דערציען מיינע ברידערלעך. קלאָר, אַז דער מצב איז נישט געווען פרייגלדיק...

מער האָב איך מיינע עלטערן נישט געזען. כ׳בין אַריינגעטרעטן אין דער אונטערערדישער קאַמפּס־באַוועגונג, דערנאָך אין מיליטער און צוריקגעקומען קיין פּאַריז, כדי טאָג־טעגלעך צו זיין אין לוטעציע, דאָס אָרט וווּ ס׳זענען זיך צונויפגעקומען אַלע ניצול־געוואָרענע. איינמאָל האָט מען אונז מודיע געווען, אַז די וואָס זענען ביז איצט נישט געקומען, וועלן מער נישט קומען.

כדי צו דערהרגענען די צייט, בעסער געזאָגט, כדי נישט צו טראַכטן, האָב איך מיט אייפער גענומען לייענען דעטעקטיוו־ראָמאַנען. דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן, ביז די אַלטע ביבליאָטעקאַרין האָט מיר געגעבן „פאַרברעכן און שטראָף״. דאָס איבערלייענען דאָס בוך האָט דערשיטערט מיין וועלט, און מיר געוויזן, אַז מ׳קאָן טראַכטן מיט דער הילף פון אַ צווייטן און אַרויסבאַקומען נוצן פון אַ צווייטנס נסיון. פּלוצים האָב איך אַנטדעקט אין זיך אַ שטאַרקן ווילן צום לערנען. כ׳האָב געלייענט היסטאָרישע ביכער, עטנאָלאָגיע, פילאָזאָפיע, לויט די יידישע באַגריפן, האָבן לימודים אַן אַנדערן באַדייט ווי איינזאַמלען ידיעות; דאָס איז אַ מין גייסטיקער וועג און אינערלעכע רייניקונג, וואָס גייט האַנט־ביי־האַנט מיטן דערהויבן פון דער נשמה. פאַראַן זאַכן, וואָס מ׳קען זיי נישט תופס זיין נאָר מיט דער הילף פון דער נשמה. שול־פּלאַן. געקויפט שול־ביכער פאַר דער זעקסטער קלאַס, דערנאָך פונדאַנען איז געקומען דער געדאַנק אַדורכצומאַכן דעם

פאַר דער פערטער, פינפטער. כ'בין געווען פול מיט התלהבות.

נאָך אַן אַרבעטס־טאָג, אַלס מעכאַניקער, האָב איך געלערנט ביינאַכט. נאָך צוויי יאָר, בין איך ביגעשטאַנען די ערשטע עקזאַמענס. די מאַטורע־עקזאַמענס זענען שוין געווען אַ שפּילעכל. דערנאָך זיך פאַרשריבן אויף סאָרבאָנע.

אַלע היסטאָרישע פאַקטן אין מיין בוך „דער לעצטער פון די צדיקים" זענען פּינקטלעכע. דאָס זענען אַלץ אויסצוגן פון אָנטשפּרעכנדיקע ביכער (וועגן די נאַצישע לאַגערן) און פּערזענלעכע קאָנטאַקטן מיט מענטשן צוריקגעקומענע פון יענע מקומות.

אין אַ געוויסן טאָג האָב איך געפונען אַ זאַץ אין איינעם פון די ספרים פון רבי חסידי, אין אַכצנטן יאָרהונדערט: **די ערשטע און די לעצטע אויפגאַבע פון שרייבן איז אָנצוקניפּן אַ פאַרבינדונג צווישן די נשמות. אויב ס'איז נישטאָ אין דיין שרייבן אַ זאַך וואָס קאָן שאַפן אַזאַ פאַרבינדונג, איז אין דעם גאָרנישט נישטאָ וואָס זאָל קאָנען באַשאַפן אַ בוך".**

דער זאַץ דעפינירט אין אַ גענויגנזיקער מאָס דעם גייסט אין וועלכן איך האָב זיך געמיט צו שאַפן.

# די לעגענדע פון די ל״ו צדיקים

אונזערע אויגן נעמען אויף דאָס ליכט פון פאַרלאָשענע שטערן.

די ביאָגראַפיע פון מיין פריינד ערני, וואָלט זיך לייכט געקאָנט פאַרציִען אין צווייטן פערטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט; אָבער די אמתדיקע געשיכטע פון ערני לוי הויבט זיך אָן אַ סך פריער, אַרום דעם יאָר טויזנט פון דער קריסטלעכער צייטרעכענונג, אין דער אַלטער אַנגליקאַנישער שטאָט יאָרק. עטוואָס גענויער געזאָגט: אַרום דעם 11־טן מערץ 1185.

דעם דאָזיקן טאָג האָט דער בישאָף וויליאַם פון נאָרדהאַוז געהאַלטן אַ גרויסע דרשה, און ביי אויסגעשרייען: „אַזוי איז גאָטס רצון״, האָט זיך דער המון פאַנאַנדערגעשפּרייט איבערן פּלאַץ פאַר דער קירכע. עטלעכע מינוט שפּעטער, האָבן די יידישע נפשות אָפּגעגעבן דין וחשבון פאַר זייערע עבירות דעם גאָט, וואָס האָט זיי גערופן צו זיך דורכן מויל פון זיין בישאָף.

דערווייל זענען איניקע משפחות, בעת דער רויבעריי אַנטלאָפן אין אַן אַלטן פאַרלאָזענעם טורעם, ביים ראַנד פון דער שטאָט. גאַנצע זעקס טעג זענען זיי דאָרט געווען באַלאַגערט.

יעדן פרימאָרגן, אין דעמער־שעה, ווען ס׳איז שווער פאַנאַנדערצושיידן צווישן הונט און וואָלף, האָט זיך אַ מאָנאַך דערנענטערט צום שוצגראָבן וואָס אַרום דעם טורעם, און מיט אַ קרוציפיקס אין האַנט, האָט ער צוגעזאָגט צו ראַטעווען די יידן דאָס לעבן, וואָס וועלן מודה זיין אין די ליידן פון יעזוס קריסטוס, אָבער לויט די ווערטער פון אַן עד־ראיה, דעם בענעדיקטינער דאָם בראָקטאָן, איז די טורעם־מויער געבליבן „שטום און פאַרשלאָסן״...

דעם זיבעטן פרימאָרגן האָט דער רב, ר׳ יום־טוב לוי, צו־נויפגעזאַמלט אַלע באַלאַגערטע אויפן גאַנעק פון וואַכטורעם.

— ברידער — האָט ער צו זיי געזאָגט — גאָט האָט אונז

געגעבן דאָס לעבן, לאָמיר עס אים אַליין אָפּגעבן מיט אונזערע אייגענע הענט, אַזוי ווי עס האָבן געטאָן אונזערע ברידער אין דייטשלאַנד.

מענער, פרויען, קינדער און זקנים, האָבן אַלע ווי איינער אויס־געשטרעקט דעם שטערן, מקבל צו זיין זיין ברכה און דאַן דעם האַלדז צום חלף, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט.

דער אַלטער רב איז געבליבן איינער אַליין אין אַנבליק פון זיין אייגענעם טויט.

דאָס בראָקטאָן דערציילט: „און ס'האָט זיך דערטראָגן אַ גרויסע יללה, וועלכע איז געהערט געוואָרן ביז צום שטאָט־קוואַרטאַל פון הייליקן דזשיימס".

און דער מאָנאַך פאַרענדיקט מיט אַ פרומען פירוש זיין כראָניק: „מען האָט אָפּגעציילט זעקס און צוואַנציק ייִדן אויפן גאַנעק פון טורעם, נישט רעדנדיק וועגן די ווייבער און פאַרשאָלטענעם קליינוואַרג.

צוויי יאָר שפּעטער האָט מען אויסגעפונען דרייצן קערפּערס אין אַ קעלער, וווּ זיי זענען באַגראָבן געוואָרן בעת דער באַלאַגערונג; אָבער כמעט אַלע פון זיי זענען געווען זייגקינדער.

וואָס שייך דעם רב האָט ער נאָך געהאַלטן דאָס הענטל פון חלף, וואָס האָט איבערגעשניטן זיין האַלדז. אויסערדעם האָט מען קיין אַנדער געווער אין טורעם נישט געפונען.

זיין גוף איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ גרויס פייער און זיין אַש איז צום באַדויערן צעזייעט געוואָרן אויפן ווינט, אַזוי אַז מיר וועלן עס מוזן איינעטעמען, און ביי דער מיטווירקונג פון בייזע רוחות וועט אונז באַפאַלן אַ מרה־שחורה, וואָס וועט אונז אינגאַנצן צעטומלען."

דער דאָזיקער סיפור־המעשה ברענגט נישט מיט זיך קיין שום אויסערגעוויינלעכס. אין די אויגן פון די ייִדן איז די שחיטה אויפן טורעם נישט געווען מער ווי אַ קליינער עפּיזאָד פון אַ געשיכטע, וואָס איז איבערגעפולט מיט קדושים.

אין יענע תקופות פון אמונה, האָבן זיך גאַנצע קהילות אַריינ־געוואָרפן אין די פייערפלאַמען, כדי ניצל צו ווערן פון די פאַרפּי־רענישן פון נייעם טעסטאַמענט.

...אַזוי איז דאָס געווען אין שפּייער, אין מאַגענץ, אין וואָרמס,

אין קעלן און אין פראג בעת די קרייץ־צוגן, זומער, יאר טויזנט זעקס און ניינציק און נאך שפעטער, אין דער צייט פון דער שווארצער מגיפה — אין דער גאנצער קריסטלעכער וועלט.

אבער די מעשה פון ר׳ יום־טוב לוי האט געהאט א באזונדער מזל, זי האט זיך אויפגעהויבן איבער דער אלגעמיינער טראגעדיע, זי איז געווארן א לעגענדע.

כדי צו פארשטיין דעם גאנג פון דאזיקן גלגול, מוז מען האבן א ידיעה אין דער אור־אלטער יידישער טראדיציע פון די ל״ו צדיקים וואס דער תלמוד שרייבט עס צו, צו אן אלטן מקור, וועלכער איז מרמז אויף די רייד פון ישעיה הנביא *)

טייכן בלוט האבן זיך געגאסן, זיילן פון רויך האבן פארפינצטערט די הימלען, אבער איבער די אלע תהומען האט זיך די דאזיקע טראדיציע אויפגעהיטן, אן אומבארירטע, ביז צו אונזערע טעג.

לויט אט דער טראדיציע האלט זיך אויף דער קיום פון דער וועלט, אין זכות פון די זעקס און דרייסיק צדיקים, וואס טיילן זיך מיט גארנישט אויס פון אנדערע פשוטע בשר־ודמ׳ס; טיילמאל וויסן זיי אליין אויך נישט, ווער זיי זענען.

אבער ווען ס׳וואלט אמאל אויסגעפעלט איינער פון זיי, וואלטן דאן די יסורים פון די מענטשן בכח געווען צו פארסמען אפילו די נשמות פון קליינע קינדער, און די מענטשהייט וואלט זיך געשטיקט אין איין גרויס געשריי... ווייל די ל״ו צדיקים זענען

*) דער ערשטער מקור וועגן דער ל״ו־צדיקים־טראדיציע, געפינט זיך אין סנהדרין צ״ז ע״ב: „לא פחות עלמא מתלתין ושיתא צדיקי דמקבלי אפי שכינה בכל דרא, שנאמר אשרי כל חוכי לו, בגימטריא תלתין ושיתא הוו״ (נישטא אויף דער וועלט ווייניקער פון זעקס און דרייסיק צדיקים, וואס זענען מקבל פנים די שכינה יעדן דור, ווי ס׳ווערט געברענגט אין ישעיה ל׳ י״ח: „ווייל איז צו די, וואס האפן צו אים״ — דאסווארט לו פון „אשרי כל חוכי לו״ באטרעפט ל״ו. — זעקס און דרייסיק).

דאָס קאָלעקטיווע האַרץ פון דער וועלט וואָס אין אים גיסן זיך אַריין אַלע אונזערע ליידן ווי אין אַן אויפנעם־געפעס.

טויזנטער פאָלקס־מעשהלעך ווערן וועגן זיי געשפונען, אומע־טום געפינען זיי זיך.

אין אַלטע פאָלקסלעגענדע דערציילט, אַז ספּעציעל נויטיקן זיך אין רחמים, דווקא די ל״ו צדיקים אַליין. פאַר זיי איז דער אָנבליק פון דער וועלט ממש אַ גיהינום, נישט צום באַשרייבן.

אין זיבעצטן יאָרהונדערט האָבן די יידן אין אַנדאַלוזיע פאַר־הייליקט אַ פעלז, אין פאָרם פון אַ טרער, זיי האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז אַ נשמה פון אַן אומבאַקאַנטן ל״ו־ניק וואָס איז פאַר־שטיינערט געוואָרן פון יסורים.

אַנדערע ל״ו־ניקעס זענען מגולגל געוואָרן אין הינט, אַזוי ווי העקובע, אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע, וואָס וואָיעט איבערן טויט פון אירע זין.

ווען אַן אומבאַקאַנטער צדיק — דערציילט די חסידישע לע־גענדע — גייט אַרויף אין הימל, איז ער אַזוי פאַרגליווערט, אַז גאָט ברוך־הוא באַדאַרף אים צו דערוואַרעמען טויזנט יאָר צווישן זיינע פינגער, ביז זיין נשמה וועט קאָנען אַריינגיין אין גן־עדן. און ס׳געשעט, אַז אַ סך פון זיי פאַרבלייבן אויף אייביק נישט געטרייסט פון מענטשלעכן צער, אין אַזאַ מאָס, אַז גאָט אַליין קאָן זיי נישט דערוואַרעמען.

דענסמאָל רוקט השם־יתברך פאָרויס מיט איין רגע דעם זייגער פון לעצטן יום הדין.

די לעגענדע וועגן ר׳ יום־טוב לוי ציט זיך, אין אַ גלייכער ליניע פון דער ל״ו־טראַדיציע. איר אָנטשטייך איז אויך צו פאַרדאַנקען דעם באַזונדערן פאַל, דער אויסערגעוויינלעכער פאַסי־רונג פון דעם יונגן שלמה לוי, דעם בן־זקונים פון ר׳ יום־טוב.

דאָ דערגייען מיר צום שיידוועג, ווו די געשיכטע גיסט זיך אַריין אין דער לעגענדע און ווערט פון איר איינגעשלונגען, ווייל ס׳פעלן גענויע פרטים, און די ווערסיעס פון די כראָניק־שרייבער זענען זיך סותר.

לויט איינעקע, האָט זיך שלמה לוי געפונען צווישן די דרייסיק קינדער, וואָס מ׳האָט געשמדט בעת דער שחיטה.

לויט אַנדערע, אַ נישט דערשאַכטענער דורך זיין פאָטער, איז ער גערעטעוועט געוואָרן דורך אַ פויערטע, וואָס האָט אים אָפּגעגעבן צו יידן פון שכנותדיקן געגנט.

צווישן די פּילצאָליקע ווערסיעס, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען צווישן די יידישע קהילות, אין 13־טן יאָרהונדערט, דערמאָנען מיר די פאַנטאַסטישע פאָלקס־מעשה פון שמעון ראובני פון מאַנטוואַ אין איטאַליע. ער דערציילט וועגן דעם „נס" מיט די ווערטער: „ביים אָנפאַנג פון פאָלק ישראל איז געווען דער קרבן פון יחיד, פון אברהם אבינו, וואָס האָט געברענגט פאַר גאָט זיין זון צו דער עקדה.

ביים אָנהייב פון דער משפחה לוי, געפינט זיך אויך דער קרבן פון אַן איינאיינציקן מענטש, דעם סאַמע אײדעלן און ליכטיקן ר' יום־טוב, וואָס האָט מיט זיין אייגענער האַנט געשאָכטן צוויי הונדערט און פופציק גלויביקע יידן, אַ טייל זאָגן אַז טויזנט.

...וויטער שטייט געשריבן: „און גאָט אַלייך האָט נישט גע־קאָנט סובל זיין די איינזאַמע גסיסה פון ר' יום־טוב לוי זכרונו לברכה".

נאָך ווערט געברענגט: „פון אונטער דעם מאַסן־קבר איז אויפ־געשטאַנען צו אַ ניי לעבן זיין יונגסטער זון, שלמה לוי, וואָס זיינע היטער זענען געווען די מלאכים אוריאל און גבריאל."

און צום סוף: „ווען שלמה איז געוואָרן אַ בר־דעת, האָט ער אין חלום דערהערט אַ בת־קול, וואָס האָט צו אים געזאָגט: „הער אויס שלמה, נויג צו דיין אויער צו מיינע רייד: דעם זיבעצנטן טאָג פון חודש סיון, יאָר פיר טויזנט ניין הונדערט פינף און פערציק (תתקמ"ה) האָט דיין פאָטער יום־טוב דערוועקט רחמים אין מיין האַרץ. דערפאַר וועט יעדן פון זיינע קינדער און אייניק־לעך דינען דער זכות פון איינעם פון די ל"ו צדיקים, אין זייער צייט, אויף דורי דורות".

„דו ביזט דער ערשטער, דו ביזט עס דער, דו ביזט הייליק".

און דער וווּנדערלעכער מחבר פאַרענדיקט מיט דעם לשון: „איר ברידער פון אונזער גלות, ווי די טייכן וואָס גיסן זיך אַריין אין ים, אַזוי פליסן אונזערע טרערן אַריין אין גאָטס האַרץ".



צי די ווייזע פון שלמה לוי איז אמת געווען, אדער נישט.
זי האט אבער ארויסגערופן אלגעמיינע פאראינטערעסירונג. זיינע מינדסטע מעשים זענען דערציילט געווארן דורך די כראניקער פון יענער צייט. טייל פון זיי שילדערן זיין אויסזען: א שמאל, עטוואס קינדיש און צעשטראלט פנים, מיט לאנגע שווארצע לאקן, פארזונקען אין מחשבות.

אבער מיר מוזן זיך רעכענען מיט אמתע פאקטן: זיינע הענט האבן נישט געהיילט קיין ווונדן, זיינע אויגן האבן נישט געשפריצט מיט קיין בשמים, אויך ער האט געוווינט במשך פון 5 יאר אין דער שול פון טרויאש, דארט האט ער געדאווענט, דארט געגעסן, דארט געשלאפן אויף דער זעלביקער אלטער באנק. איז וועגן דער דאזיקער התנהגות זיינער דערציילט געווארן אפילו אין בריוו אין דעם קליינעם גהינומדיקן ווערטל פון די געטאס. אזוי האט מען זיך דערוואוסט ר׳ שלמהס טאג פון שטארבן, וואס האט במילא איבערגעהאקט אלע ויכוחים וועגן אים.

ער איז נפטר געווארן, אין יאר 1240, נאך א ויכוח, וואס איז אויפגעצווונגען געווארן דורכן בארימטן מלך לואיס דעם הייליקן.

לויטן מנהג זענען די רבנים פון פראנקרייך געשטאנען אין איין שורה אנטקעגן דעם טריבונאל פון דער קירכע, אין וועלכן ס׳האבן אנטייל גענומען א ייד פון שאטערן, דער ראש פון דער סארבאנע און דער בארימטער ניקאלאס דאנין.

אין די דאזיקע אויסטערלישע ויכוחים האט ארומגעשוועבט דער טויט ארום יעדער תשובה פון די תלמודיסטן. יעדער איינער פון זיי האט גענומען דאס ווארט לויט א סדר, כדי צו זיין א גלייכער שותף צו דער סכנה פון טויט־שטראף.

ביי דער פראגע פון בישאף גראציוס וועגן דער געטלעכקייט פון יעזוס קריסטוס, האט זיי ארומגענומען א פארשטענדלעכע ציטערניש.

אבער פלוצים האט זיך באוויזן ר׳ שלמה לוי, וואס האט זיך פריער שעמעוודיק א ביסל צוריקגעהאלטן, אליין נאך א יונגערמאן, א שלאנקער, אנגעטאן אין זיין שווארצן מאנטל, א

ביסל דערשראָקן, איז ער מיט וואַקלדיקע טריט צוגעגאַנגען צום טריבונאַל.

— אויב ס׳איז אמת — האָט ער מיט אַן איינגעהאַלטן קול אַרויסגערעדט — אַז משיח, וועגן וועלכן עס רעדן אונזערע נביאים, איז שוין געקומען, וויאַזוי דערקלערט איר דעם הייניטיקן מצב אין דער וועלט? — דאַן אונטערהוסטנדיק פון שרעק, מיט אַ טאָן, דין ווי אַ פאָדעם: — איידעלע האַרן, די נביאים האָבן דאָך אָנגעזאָגט, אַז ביים אָנקומען פון משיחן, וועלן פון דער וועלט פאַרשווונדן ווערן טרערן און יסורים, נישט אמת? אַז לייבן און שעפּסן וועלן זיך פּאַשען צוזאַמען, בלינדע וועלן געהיילט ווערן און הינקענדיקע וועלן היפּערן ווי הירשן, און אַלע פעלקער וועלן צעברעכן זייערע שווערדן, כדי צו שמידן פון זיי אַקעראייזנס. נישט אַזוי?...

און צום סוף, מיט אַ טרויעריקן שמייכל צום קעניג לואיס:

— וואָס וואָלט מען געזאָגט, האַר, ווען איר וואָלט פאַרגעסן, וויאַזוי מען פירט מלחמה?

און דאָס זענען געווען די רעזולטאַטן פון דער קליינער רעדע, ווי ס׳איז געשילדערט געוואָרן אין דעם טרויעריקן ספר „עמק הבכא״ (טאָל פון טרערן):

„און דאַן האָט דער מלך לואיס גוזר געווען, אַז אונזערע פאַריזער ברידער זאָלן מיט געוואַלט געבראַכט ווערן צו די קריסטלעכע תפילות, צו די פּרעדיקטן, מיט אַ רונדיקער געלער לאַטע און אין אַ שפּיציקן הוט, אַז מען זאָל די ספרים פון תלמוד פאַרברענען אויפן שייטערהויפן, אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ אין פאַריז, ווי עס ווערט געטאָן צו רשעים און באַהערשטע פון שטן, און אַלס מוסר־השכל זאָל מען אַריינוואַרפן אין די פלאַמען פון די תלמוד־ספרים אַ לעבעדיקן, דעם צדיק, דעם ל״ו־ניק ר׳ שלמה לוי, וואָס איז אַזוי געפּרוווט געוואָרן אין יסורים, וועמען מען האָט פון איצט אָן גערופן: דער טרויעריקער רבי, הי״ד.״



נאָך דעם פאַרברענען פון צדיק, איז זיין איינציקער זון, מנשה

דער שיינער, אַוועק קיין ענגלאַנד, פונוואַנען ס׳זענען אַמאָל אַנט־לאָפן זיינע עלטערזיידעס. זינט צען יאָר האָט ביי די ענגלישע ברעגעס געהערשט שלום, און ס׳האָט זיך יידן אויסגעדוכט, אַז איביק וועט עס אַזוי זיין.

מנשה האָט זיך באַזעצט אין לאָנדאָן, ווו מען האָט אים באַלד, צוליב זיין צדיקים־יחוס אַוועקגעשטעלט בראש פון דער נייער קהילה.

ווייל ער איז געווען אַן איידעלע און שיינע געשטאַלט, אַ גוטער רעדנער, איז ער געבעטן געוואָרן צו זיין אַ מליץ־יושר פאַר יידן, וואָס זענען טאָג־טעגלעך באַשולדיקט געוואָרן אין כישוף, עלילת־דם, און פאַרסמען די ברונעמס, און אין אַנדערע משונה־דיקע פאַרברעכנס. אין עלטער פון צוואַנציק יאָר, האָט ער דער־גרייכט זיבן באַפרייונגס־אורטיילן, דאָס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ באַדייטנדיקע דערגרייכונג.

די אומשטענדן פון זיבטן פראָצעס זענען געווען אַ ביסל באַקאַנט:

אַ מעשה מיט איינעם, אליעזר זשעפּריאַ, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן, אַז ער האָט דורכגעשטאָכן די הייליקע האָסטיע (אַ פיגור) און דורכדעם ווידער דערהרגעט כריסטוסן און געלאָזט בלוטיקן זיין האַרץ. דער דערפאָלג אין דעם משפט האָט זייער באַאומרויקט צוויי מעכטיקע בישאָפן. קורץ נאָכדעם איז מנשה געשטעלט גע־וואָרן פאַרן טריבונאַל פון דער הייליקער אינקוויזיציע און איז באַשולדיקט געוואָרן אין דעמזעלבן פאַרברעכן, פון וועלכן ער האָט ריינגעוואַשן אליעזר זשעפּריאַ.

די געריכטס־פּראָטאָקאָלן באַשולדיקן אים אין דער זינד פון עקשנותדיקן שווייגן. און דעם זיבעטן מאַי 1279, ביי דער אַנ־וועזנהייט פון די עלעגאַנטסטע דאַמען פון לאָנדאָן, האָט ער איבערגעטראָגן די יסורים פון דער האָסטיע, ווען ער איז דריי מאָל געשטאָכן געוואָרן אין זיין האַלדז מיט אַ ווענעציאַנישן קינזשאַל.

נאָכדעם ווי ער האָט אונז — שרייבט אַ כראָניקער תמימותדיק אין זיין פּנקס — אומזיסט פאַרטיידיקט פאַר די טריבונאַלן פון

**בית־דין של מטה, איז דער צדיק מנשה לוי אַרויף אין הימל, כּדי מלמד־זכות צו זיין פאַר אונז פאַרן בית־דין של מעלה".**



ס'האָט אויסגעזען, אַז זיין זון ישראל וועט נישט גיין מיט דעם דאָזיקן געפּערלעכן וועג. ר'איז געווען אַ שטילער און אידע־לער מענטש, אין זיין קליינעם שוסטער־שטיבל, האָט ער מיט זיין העמערל אויסגעקלאַפּט קלאָג־לידער און פּיוטי־סליחות.

זיין באַשיידנקייט איז געווען איין אַזאַ מאָס, אַז די זעלטענע קונים זיינע האָבן דאָרט געזען בלויז די שיך... מ'האָט געזאָגט, אַז ער איז שטאַרק בקי אין ספר „הזוהר", און אַז, לויט זיינע מילדע אויגן און ווייכן קול, איז ער מער ענלעך צו אַ טויב. עטלעכע פון זיינע פּיוטים זענען אַריינגענומען געוואָרן אין די סליחות נוסח אשכּנז. ער איז געווען דער מחבר פון דער באַקאַנ־טער סליחה: „גאָט, פאַרשווייג נישט מיין בלוט" — (אלהים, אל דומי לדמי *).

אַזוי האָט ישראל געענדערט זיין לעבנסשטייגער, אָן רעש, אָן טענות. ווען ס'איז אַרויס די גזירה פון גירוש קעגן די יידן פון ענגלאַנד, שטענדיק אַ צוריקגעהאַלטענער, איז ער געווען פון די לעצטע וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס אינדזל. תחילת האָט די שיף אָנגעשלאָגן די ברעגעס פון האַמבורג. אין ווייטערן וועג זיך גע־מוזט אָפּזאָגן פון די ברעגעס פון פּאָרטוגאַל, נאָך פיר חדשים פון וואָגלעניש, האָט דאָס שיפל געאַנקערט אין פּאָרט באָרדאָ.

דאָס שוסטערל איז אין פּחד אָנגעקומען קיין טולוז, ווו ער האָט אַדורכגעמאַכט עטלעכע יאָר אין סוד־ותדיקן קדושה־לעבן.

ער האָט ליב געהאַט די דרומדיקע פּראָווינץ, ווו די קריסטלעכע מנהגים זענען געווען אַ ביסל גרינגערע, כּמעט מענטשלעכע. אַ ייד האָט געמעגט באַאַרבעטן אַ שטיקל ערד, און באַשעפטיקן זיך מיט אַנדערע עסקים, נישט נאָר מיט געבן הלוואות אויף פּראָצענט.

*) די סליחה „אל דומי לדמי" ווערט געזאָגט ביי מוסף פון יום־כּיפּור און אין תענית כ' סיון.

אַפילו אַ יידס אַ שבועה איז אָנערקענט געוואָרן פאַר די טריבו־נאַלן, ווי דער ייד וואָלט באמת גערעדט מיט אַ מענטשלעכער שפּראַך. דאָ האָט ער געשפּירט אַן אָנהייב פון טעם גן־עדן.

דער איינציגער שטן איז געווען אַ מנהג, גערופן „קאָפּיז", וואָס האָט געפאָדערט, אַז יעדעס יאָר ערב פּסח, זאָל דער ראש הקהל זיך באַווייזן אין דער קאַטעדראַלע אין בלויזן העמד, ווי דער גראַף פון טולוז, האָט אים ביי די קלאַנגען פון דער קריסט־לעכער תפילה עפנטלעך דערלאַנגט אַ פּאַטש. אָבער אין לויף פון דורות איז דער דאָזיקער מנהג אַ ביסל מילדער געוואָרן: פאַרן פרייז פון פּופציק טויזנט גילדן, האָט זיך דער אַדלמאַן באַגענוגנט בלויז מיט אַ סימבאָלישן פּאַטש, ביי אַ מרחק פון זעקס טריט. מיטאַמאָל איז ישראל דערקענט געוואָרן דורך אַ פּליט פון ענ־גלאַנד און האָט וועגן אים איבערגעגעבן צו די פּרנסים פון טולו־זער קהל. מען האָט באַלאַגערט זיין שוסטער־קרעמל, געבענטשט אים, זיין טאַטע־מאַמע, זיינע עלטערזיידעס און אַלע זיינע נאָכשטאַמיקע. ער איז ממש געצוווּנגען געוואָרן אָנצונעמען דעם פּאָסטן פון ראש־הקהל, וואָס איז נישט פאַרבונדן געווען מיט קיין שום סכנות.

די יאָרן זענען אַזוי אַוועק אין זייער יסורים־גאַנג, אין אַ קליין ביסל נחת, וועלכע זענען דורך אים אויסגעפורמעט געוואָרן אין קינות און אין סליחות. פון צייט־צו־צייט האָט ער פאַרבאָרגע־נערהייט אויך געמאַכט אַ פּאָר שיך.

אין יאָר 1348 איז דער אַלטער גראַף פון טולוז געשטאָרבן, זיין זון, אַ שטרענגער מושל, האָט באַשלאָסן צו באַנייען די ערב פּסח׳דיקע פּעטש.

ישראל האָט זיך באַוויזן אין הוילן העמד, באָרוועס, אויף זיין קאָפּ איז געווען דאָס לצים־היטל מיט שפּיצן און צוויי גרויסע געלע לאַטעס זענען צוגענייט געוואָרן צו דער ווייסקייט פון זיין ברוסט און רוקן. דעם טאָג איז ער אַלט געוואָרן צוויי און זיבע־ציק יאָר. אַ גרויסער המון איז געקומען זיך צוקוקן צו דער פּאַטש־צערעמאָניע.

זיין שפּיצן־הוט איז מיט כח אַראָפּגעשליידערט געוואָרן אויף דער ערד. לויטן אַלטן מנהג האָט ישראל געדאַנקט און דריי מאָל

זיך געבוקט פאַרן יונגען גראַף. דערנאָך, ווערנדיק אונטערגעהאַלטן פון זיינע ברידער יידן, האָט ער אַדורכגעשפּריזט די רייען פון צעיושעטן המון.

ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט זיין רעכט אויג געשמייכלט מיט בטחונדיקער מידקייט, אָבער איבער דער באַק מיט די סימנים פון פיר פינגער, האָט זיין לינק אויג געוויינט און ביינאַכט איז זיין אַלט בלוט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואַסער. נאָך דריי וואָכן האָט ער געהאַט די ווּנדערלעכע שוואַכקייט, אַוועקצושטאַרבן פון בזיון.



ר׳ מתתיהו לוי, זיין זון, איז געווען אַזוי געניט אין מאַטע־מאַטישע וויסנשאַפטן, אין אַסטראָנאָמיע און אין מעדיצין, אז אַ טייל יידן האָבן אים חושד געווען, אַז ער איז אין באַציונגען מיטן שטן. זיין שאַרפזין און פעיקייט זענען געווען גוט באַוווּסט. אין איינער פון זיינע פאַרשרייבונגען פאַרגלייכט אים יוחנן בן חסדאי צו אַ ווערוועריק.

אין טולוז האָט ער זיך פאַרנומען מיט מעדיצין, אַזוי אויך אין אַש, אין זשימאָן, אין קאַסטעלסאַראַסען, אַלבי, גאַיאַק, אין ראַבאַסטען, אין ווערדון אויף דער גאַראָנע. זיין גורל איז געווען דער גורל פון אַלע יידישע דאָקטוירים פון יענער צייט. אין אַש און גאַיאַק האָט מען אים באַשולדיקט, אַז ער האָט פאַרסמט זיינע קריסטלעכע קראַנקע, אין קאַסטעלסאַראַסען, אַז ער האָט זיי קרע־ציק געמאַכט, אין זשימאָן, אַז ער איז אַ פאַרסאַמער פון ברונעמס אין ראַבאַסטען האָט מען געטענהט, אַז ער באַנוצט זיך מיט אַ רפואה געמאַכט פון מענטשלעך בלוט און אין טולוז, אַז ער היילט מיט דער פאַרבאַרגענער האַנט פון שטן. צום סוף איז ער באַשולדיקט געוואָרן אין ווערדון, אַז ער פאַרשפּרייט די שוואַרצע מגפה.

ער האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין לעבן די קראַנקע, וואָס האָבן אים באַצייטנס געוואָרנט, אויסבאַהאַלטן אים און געהאָלפן אים פאַרשווינדן ווערן. טראָץ די שטענדיקע רדיפות, האָט ער געפונען, ווי ס׳דערציילט בן חסדאי, „משונה׳דיקע ארגומעטן ווי־

דער צו עפענען זיין טיר פאַר אַ קריסטלעכן חולה״. אין פאַרשידענע ערטער האָט מען מודיע געווען וועגן זיין טויט: אָט האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין יידן־גרוב אין מאָסיניאַק, אָן עד ראיה האָט געזען ווי מען האָט אים לעבעדיק פאַרברענט אויפן אַשער בית־עלמין, אָדער גאָר געשטאָכן אין ווערדון ביי דער גאַראַנע. אויך אין אַ העלן טאָג האָט זיך דער געהיימער מאַן באַוויזן אַ טרויעריקער, ערגעץ אין אַ שול. און אַז דער מלך שאַרל, דער זעקסטער, האָט לויט דער קלוגער עצה פון זיין אייגענעם ווידוי־גלח אַרויסגעגעבן די גזירה צו פאַרטרייבן די יידן פון פראַנקרייך, האָט זיך ר׳ מתתיהו לוי אויסבאַהאַלטן אין דער געגנט פון באַיאָן; פון דאָרט איז ער אַריבער קיין שפּאַניע.

ער איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער, אויפן סעוויליער ברענענדיקן שייטערהויפן, „קוועמאַדעראָ״, צוזאַמען מיט נאָך דריי הונדערט יידן, די טעגלעכע קרבנות־נאָרמע פון די „נישט גלויביקע״. ס׳איז נישט באַוווּסט, צי ער האָט געזונגען בעתן פאַרברענען אים. נאָך אָט דעם גאַנץ פּשוטן לעבן, האָט זיין בלייכער טויט אַרויסגערופן ספקות וועגן זיינע איינגעשאַפטן אַלס צדיק.

„דאָך — שרייבט בן חסדאי — באַדאַרף מען אים אַריינרעכענען אין דער הייליקער מיוחסדיקער משפחה; ווייל אויב דאָס שלעכטע איז שטענדיק קלאָר און בולט, קליידט זיך דאָס גוטע טיילמאָל אָן אין אַ באַשיידענעם לבוש, און ס׳איז דאָך באַקאַנט, אַז אַ סך פאַרבאָרגענע צדיקים שטאַרבן אומבאַקאַנט״.



אָבער זיין זון יהויקים האָט אומצווייַדייטיק עדות געזאָגט וועגן זיין שליחות. צו פערציק יאָר האָט ער אָנגעשריבן אַ חבור וועגן פראַגן פון הלכה און אַ ספר וואָס שילדערט די דריי ספירות פון דער קבלה: פּראַכט, פאַרנונפט, און גבורה (תפארת, בינה, גבורה) לויט אַ לעגענדע, האָט ער אַמאָל אויסגעהאַקט פון לאַווע און באַזאַלט אַ גולם, וואָס פּשוטע מענטשן מיינען, אַז גאָט אַליין פורעמט זיי אויס אין זיין אייגענער „פאָרם און געשטאַלט״.

אין אָט דער הויכער מדרגה האָבן אים די רדיפות לגמרי

נישט דערגרייכט. תמיד איז ער אַ שטרענג ערנסטער, מלכותדיק געזעסן צווישן זיינע תלמידים, וואָס זענען געקומען פון אַלע עקן שפּאַניע, און מיט יעדן האָט ער געשמועסט וועגן ענינים פון זיין טויט. נאָך אַ באַרימטן ויכוח, האָט ער להלוטין פעסטגעשטעלט: „אַז אַן אמתער ייד פילט בכלל נישט די יסורים פון ענויים, צי מען וועט אים פאַרשטיינערן, אָדער פאַרברענען, צי לעבעדיקערהייט באַגראָבן, אָדער הענגען, קיין שום זיפץ וועט זיך נישט אַרויסרייסן פון זיינע ליפּן".

אינצווישנצייט — ווי עס שילדערט אַ באַרימטער ל״ו׳ניק — האָט גאָט פון זיין זייט, ביי דער פאַרמיטלונג פון מאָנאַך טאָר־קוועמאַדאַ, צוגעגרייט דעם עדיקט פון פאַרטרייבן די יידן פון שפּאַניע אויף אייביק. אונטער די שוואַרצע הימלען פון דער אינ־קוויזיציע, האָט די גזירה געווירקט ווי אַ דונער, פאַר אַ סך יידן־האָט דאָס באַדייט, אַ באַלדיקער גירוש פון יעדן קיום.

צו זיין גרויסער חרפּה איז ר׳ יהויקים אַוועק קיין פּאָרטוגאַל. זשאָן דער דריטער האָט דאָרט אָנגעבאָטן די פאַרטריבענע אַ וווינרעכט־חסד אויף אַכט חדשים, און דאָס פאַרן פּרייז פון אַ גרויסער געלט־סומע, פאַרן אַ ר י י נ ג י י ן. אָבער מיט זיבן מאָנאַטן שפּעטער, האָט דער זעלבער הערשער באַפוילן, אַז ער וועט שענ־קען דאָס לעבן די אַלע יידן, וואָס וועלן באַלד פאַרלאָזן זיין לאַנד, און נאַטירלעך, ווידער פאַר אַ געהעריקן פּדיון פאַרן אַ ר ו י ס ג י י ן.

צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען איז רב יהויקים פאַרקויפט געוואָרן אַלס שקלאַף, צוזאַמען מיט אַנדערע טויזנטער יידן, זיין פרוי האָט מען צוגעזאָגט דעם טערק פאַר זיין הנאה וועגן, זיין זון חיים האָט מען אָפּגעגעבן קריסטוס, און אים אָפּגעשמדט אין קלויסטער.

אַ געוויסע אומקלאָרקייט הענגט איבערן סוף פון ר׳ יהויקים. אַ לעגענדע דערציילט וועגן זיין פאַרמאַטערט ווערן צום טויט אין כינע, אויפן שפּיץ פון אַ סלופּ. אָבער מער ערנסטע כראָניקער זענען זיך מודה, אַז זיי ווייסן גאָרנישט. זייער השערה איז, אַז דער סוף פון ר׳ יהויקים לוי איז געווען אַן אַנטשפּרעכיקע צו זיין גרוי־סער לומדות און צדקות.



דאָס יינגעלע חיים האָט געהאַט אַ וווּנדערלעכן גורל, ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ קלויסטער, באַשטימט געוואָרן פאַר אַ גלח, און האָט מקיים געווען זיין יידישקייט אונטער דער גלחישער־סוטאַנע. זייבע עלטסטע, זייענדיק צופרידן פון זיין גוטער התנהגות, האָבן אים אויסגעקליבן אין יאָר 1522 אַלס שליח צום הייליקן שטול אין רוים, מיט אַ גרופּע „יידישע גלחים". וואָס האָבן געדאַרפט לערנען אין דער קדושה־סביבה פון פּויפּסט אַליין. קיין רוים איז ער אַרויסגעפאָרן אין אַ סוטאַנע און אין אַ בערעט, און אָנגעקומען איז ער קיין מאַגענץ אין אַ שוואַרצן מאַנטל און אין אַ שפּיציקן הוט, ווו ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד דורך די רעשטלעך פון דער לעצטער שחיטה.

ווערנדיק באַהאַנדלט ווי בהמות, איז געווען פאַרשטענדלעך וואָס די יידן זענען געווען פאַרבענקט נאָך עפּעס העכערס, איבער־נאַטירלעכס. די אייניקלעך פון רב יום־טוב לוי האָבן זיך גע־שטאַרקט איבער אַלע געטאָ־מויערן, פון אַטלאַנטישן אָקעאַן ביז צו די גרענעצן פון אַראַביע, פאַסטן יידן יעדעס יאָר, דעם צוואַנ־ציקסטן טאָג פון חודש סיון, אַ תענית־ציבור און זיי זאָגן מיט פרומקייט די סליחה פון רב שלמה בן שמעון פון מאַגענץ:

„מיט טרערן פון בלוט באַוויין איך די קהילה קדושה פון יאָרק. אַ וויגעשריי רייסט זיך פון מיין האַרץ איבער די קרבנות פון מאַגענץ, די גבורים פון גייסט, וואָס זענען געשטאָרבן אויף קידוש השם".

דאָס אָנקומען פון חיים לוי, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין די קלויסטערס, איז געווען אַזוי וווּנדערלעך, ווי דאָס נס מיט יונה הנביא אין זיין צייט; דער צדיק איז ניצול געוואָרן פון די קריסט־לעכע אָפּגרונטן.

מען האָט אים געמלט און געבענטשט. מען באַשרייבט אים: אַ מענטש פון הויכן, שלאַנקן וווּקס, מיט אַ טיפער שלוהדיקער שטים.

נאָך אַכט יאָר התבודדות אין בית־המדרש, האָט ער חתונה געהאַט מיט רחל גרשון, וואָס האָט אים געשענקט אַ יורש. מיט

עטלעכע חדשים שפּעטער, האָט אים אַן אייגענער גלויבנס־ברודער פאַראַטן. מען האָט אים צוריק אויסגעוויזן צו פּאָרטוגאַל. דאָרט האָט מען צעבראָכן זיינע אברים, געגאָסן בליי אין זיינע אויגן, אין זיינע אויערן, אין זיין מויל, יעדן טאָג אַ טראָפּן, צום סוף אים פאַרברענט.



זיין זון אפרים לוי איז דערצויגן געוואָרן אין פרומקייט, אין מאַנהיים, אין קאַרלסרוהע, אין טיבינגען, אין רויטלינגען, אין אויגוסבורג, אין ראַטיסבאָן, אַלץ שטעט אַזעלכע, וווּ יידן זענען נישט ווייניק גערודפט געוואָרן צוליב זייער אמונה.

אין לייפּציג איז זיין מאַמע געשטאָרבן פון אַסטמע. דאָרט האָט זיך אין אים איינגעליבט אַ מיידל, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט. דער שטאָט־גראַף איז נישט געווען צופּיל פרום און נישט צו־פיל רשע, ער האָט פּשוט ליב געהאַט געלט. האָט ער געשפּילט דאָס אַלטע באַליבטע שפּיל פון די דייטשע פירשטן, וואָס האָבן גערודפט די „אומגלויביקע״ און צוגענומען זייער פאַרמעגן. דער יונגער אפרים איז אַוועק מיט זיין משפּחה קיין מאַגדעבורג, פון דאָרט קיין ברוינשווייג, פונדאַנען איז ער אַוועק מיטן טויטן־שליאַך פון די צדיקים, ווערנדיק דערהרגעט פון אַ שטיין, וואָס האָט אים געטראָפן אַריינקומענדיק אין דער שטאָט קאַסעל.

זייער ווייניק איז וועגן אים געשריבן געוואָרן. די פאַרצייכענער מיידן אים כמעט אויס; יהודה בן אדרת ווידמעט אים קוים אַכט שורות. אָבער שמעון ראובני פון מאַנטואַ, דער האַרציקער כראָ־ניקער פון איטאַליע, דערמאָנט די טאַנצנדיקע, ספּיראַלע לאָקן פון אפרים לוי, זיינע לאַכענדיקע אויגן, די עלאַסטישע אברים זיינע, וואָס זענען שטענדיק וואַך געווען ווי צום טאַנץ. מ׳דערציילט, אַז פון טאָג, ווען ער האָט דערקענט זיין ווייב, האָט זיין מויל קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו שמייכלען. מ׳פלעגט אים רופן: דער סאָלאָוויי פון תלמוד.

די פּאָר שורות זענען די איינציקע, וואָס שילדערן די באַ־צויבערנדיקע געשטאַלט פון יונגן אפרים לוי, ווייל אפילו די גליקלעכסטע ליבע איז נישט פּאַסיק פאַר אַ צדיק, אַ ל״ו־ניק,

זיין קדושים־טויט האָט נישט ווייכער געמאַכט די ייִדישע היסטאָ־ריקער, די פאַרצייכענען נישט די דאַטע פון זיין אומקום.



זיין זון יונתן האָט געהאַט מער מזל אין זיין לעבן. אין משך פון יאָרן איז ער אַ סך מאָל אַדורכגעגאַנגען בעהמען און מאָראַוויע אַלס וואַנדערנדיקער הענדלער און בעל־דרשן. ביים אַריבערטרעטן די טויערן פון אַ געטאָ, האָט ער פאַנאַנדערגעפאַקט זיין גאַלאַנטעריע קרעמל, דערנאָך, ווען ער האָט זיך אָפּגעפאַרטיקט מיטן מסחר, האָט ער דאָס פּעקל געלייגט צו זיינע פיס, און פאַרהאַלטן פאַר בייגייערס, געשמועסט מיט זיי וועגן תורה, וועגן גאָט און די מלאכים און וועגן משיחס קומען, במהרה בימינו.

רויטע האָר האָבן פאַרדעקט זיין פנים ביז צו די אויגן, און נאָך שלימער איז געווען וואָס זיין שטים האָט זיך הייזעריק גע־ריסן, אָבער דער כראָניקער דערציילט: אַ „מעשהלע האָט ער געהאַט פאַר אַלע אונזערע צרות און יסורים".

אין יענער צייט האָבן אַלע יידן פון מערב געטראָגן דעם לאַנד־צייכן, לויט דער גזירה פון פויפּסט אינאָצענט דעם 3־טן. פינף הונדערט יאָר נאָך דעם קריסטלעכן גזר האָבן זיך די גע־רודפטע אויף אַ משונהדיקן אופן געענדערט: אונטערן פאַרשפּי־ציקטן הוט, דעם „פּילעום קורנוטום" האָבן די יידן, לויט דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע, געהאַט צוויי קליינע הערנער און אין המשך פון דער פלייצע אַראָפּ, האָט מען געזען זייער לעגענדאַרן עק; און יעדער האָט געוווּסט וועגן די געשפּאָלטענע קלאָען פון די יידישע פיס. די וואָס האָבן אויסגעטאָן טויטע יידישע קער־פּערס, האָבן געשטוינט צו זען, אַז דאָס זענען מענטשלעכע קער־פּערס, אָבער געוויינלעך האָט קיין מענטש זיך נישט דערנענטערט צו קיין שום ייד, צו אַ לעבעדיקן אָדער צו אַ טויטן, סיידן פון אַ דיסטאַנס, מיט אַ שטעקן.

במשך די לאַנגע וואַנדערונגען פון זיין לעבן, האָט ר׳ יונתן אָפּט געליטן פון קעלט, הונגער און פון די גזירות פון פויפּסט אינאָצענט דעם דריטן. אַלע אברים פון זיין גוף זענען ביטער

געפּרוווט געוואָרן. יהודה בן אדרת שרייבט: ביים סוף האָט שוין דער צדיק קיין שום צורה נישט געהאַט. אין פּאָלאַצק, ווו ער איז אַדורגעגאַנגען אין ווינטער, יאָר 1552, איז ער געוועזן גע־צווונגען, פון שוואַכקייט, זיך אָפּצוזאָגן פון פעקל. צו זיין מזל איז אויפגעדעקט געוואָרן, אַז ער איז אַ ל״ו־ניק, האָט מען אים געהיילט און געפלעגט און אַריינגענומען אין דער ישיבה פון גרויסן ר׳ יחיאל מיכאל, ווו גאַנצע עלף יאָר, זענען אים אַדורך ווי איין טאָג.

אין יענע טעג האָט, איוואַן דער גרויזאַמער, מיט שטורעם איינגענומען פּאָלאַצק.

ווי ס׳איז געווען באַוווּסט, זענען אַלע יידן דערטרונקען געוואָרן אין דעם טייך, דווינע, מיטן אויסנאַם פון די וואָס האָבן געקושט דעם צלם, נאָכן באַשפּריצן זיי מיט אויסלייזנדיקע הייליקן וואַסער. דעם צאַר האָט זיך פאַרוואָלט ווייזן אין מאָסקווע „אַ פּאָרל צאַפּלדיקע רבנימלעך״, געהעריק אָפּגעטויפטע. האָט מען מיט אַלע מיטלען געפּרוווט אָפּשמדן ר׳ יחיאל און ר׳ יונתן. אָבער ווען דאָס איז אים נישט געלונגען, האָט מען זיי צוגעפּעס־טיקט צום ווידל פון אַ מאָנגאָליש פערדל און זייערע טויטע קער־פּערס אויפגעהאַנגען אויף אַ צוויַיג פון אַ דעמבענעם בוים, ביי דער זייט פון צוויי געפגרטע הינט. און דאַן אויף דער אַראָפּהענ־גענדיקער פליישׂ־מאַסע צוגעקלעפּט די באַוווּסטע קאָזאַקישע אויפשריפט:

„צוויי יידן, צוויי הינט — אַלע פיר פון זעלבן גלויבן״. די כראָניק שרייבער פאַרענדיקן די געשיכטע מיט אַ לירישן טאָן. דאָקעגן יהודה בן אדרת באמערקט מיט פשטות:
„אַזוי זענען זיי געפאַלן די גבורים״.



דינסטיק דעם 5־טן נאָוועמבער 1611, איז אַן אַלטע דינסט געקומען אין דער גרויסער שול פון ווילנע. זי האָט זיך גערופן מאַריאַ קאָזמעניעצקאַ, אַ קאַטוילין. זי האָט אויפגעצאָגעט אַ יידיש קינד, אפשר, האָט זי צוגעגעבן מיט ווייכקייט, וועלן זיך די יידן באַשטייערן, כדי אויסצומיידן זיין מיליטער־דינסט.

אַ ביסל צוגעדריקט דורך פראַגן, האָט זי זיך געשוווירן ביי אַלע הייליקע, אַז דאָס קינד איז איר געבוירן געוואָרן פון אַ גאַסן־הענדלער. דערנאָך האָט זי זיך ווידער „מודה געווען", אַז זי האָט דאָס קינד אויפגעהויבן צומאַרגנס נאָך דער רוסישער אָקופּאַציע, ביי די טויערן פון פּאַלאַצקער געטאָ; צום סוף האָט זי דערציילט דעם אמת:

זייענדיק ביי ר' יונתן אַ קעכין, האָט זי באַקומען דאָס קינד פון די הענט פון ר' יונתנס פרוי אין מאָמענט, ווען די רוסן האָבן אויפגעריסן דאָס טויער. ביינאַכט איז זי אַנטלאָפן אין איר געבורטס־דאָרף. זי האָט דאָס אומשולדיקע קינד געהאַלטן, געפלעגט ווי אַן אייגענס און אָפּגעהיטן איר ריינקייט, צוליב אים. — זייט מיר מוחל — האָט זי פאַרענדיקט מיט טרערן אין די אויגן.

— גייט צוריק אין אייער דאָרף — האָט איר דער רב געזאָגט — און ברענגט מיט זיך דאָס יינגל. אויב ער איז באמת געמלט, וועלן מיר אים אויסקויפן.

צוויי יאָר זענען אַריבער. דער קלוגער רב פון ווילנע האָט קיינעם וועגן דעם נישט דערציילט און איז געווען צופרידן.

אָבער אין אַ געוויסן אָוונט, אַרויסגייענדיק פון שול, האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף אַ יונגען פויער, וואָס איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג, צעשראָקן און מיד, די אויגן פינקלען, און אין אים ראַנגלען זיך גאווה און פחד.

— רב פון די מיניקע, מיר דאַכט זיך, אַז כ'בין אַן אייעריקער, אפשר קאָנט איר מיר זאָגן, וויאַזוי קאָן מען ווערן אַ יידישע חיה?

צומאָרגנס, האָט ער געזאָגט מיט ביטערקייט:

— אַ חזיר אין זיין חזיר־שטאַל און אַ ייד אין זיין געטאָ; מ'איז דאָס, וואָס מ'איז, נישט אַזוי?

אַ צייט שפּעטער האָט זיך אים אַרויסגעריסן: איך וויל אייך זייער אָפּגעבן כבוד, אָבער איך קום נישט צו דעם, איך האָב דאָ אינעווייניק אין בויך עפּעס אַ ווידערווילן...

אָבער אין געשפּרעכן אויג־אויף־אויג, האָט ער דערציילט זיינע ליידן און חרפה, ער האָט דעזערטירט ביינאַכט פון דער אַרמיי, צוליב אַ נאַרישקייט, וואָס איז נישט צום פאַריכטן מער.

— איך האָב זיך אויפגעוועקט, אָט אַזוי, און האָב געהערט,

ווי זיי כראַפּען, אויפן קריסטלעכן שטיגער. יעזשי, יעזשי, האָב איך צו זיך געזאָגט, דו ביזט נישט אַרויס פון דעם בויך, וואָס דו האָסט געמיינט, אָבער אַ מענטש איז נאָר דאָס וואָס ער איז, נוזשע, הענדעלע, וואָס נאַרסטו זיך אַליין אָפּ.

אָט די מחשבות האָבן אים געטריבן, האָט ער פאַרטויבט די ווײַכטער און אַ פאַרבייגייער, ביי ווּעמען ער האָט די מלבושים אַראָפּגעצויגן און ווי אַ חיה, וואָס וואַרפט זיך אין דער נאַכט אַרייַן, האָט ער זיך געלאָזט אויפן וועג קיין ווילנע, אַ מרחק פון צוויי הונדערט קילאָמעטער פון זיין גאַרניזאָן.

פון אַלע פּראָווינץ־שטעטלעך זענען אָנגעלאָפן מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט זיין טאַטן, דעם צדיק ר' יונתן לוי. צוערשט האָט אַ ביסל זיך פּראָסטקייט אָפּגעשטופּט. שפּעטער האָט מען אים מקרב געווען און צוגעקוקט זיך צו זיין התנהגות; מ'האָט געזאָגט, אַז עס פעלן אים פינף יאָר, כדי צו זיין ענלעך צו ר' יונתן. ער האָט זיך האַרציק צעלאַכט, אַז מען האָט ביי אים אַנטדעקט יידישע האָר, יידישע אויגן, אַ לאַנגע, יידישלעך־איינגעבויגענע נאָז. אָבער שטענדיק האָט מען מורא געהאַט פאַרן משוגענעם פויער, וואָס דרימלט אין אים. צייטנווייז, אַז ס'האָט אין אים אויפגעברויזט דער כעס, האָט ער געשאָלטן מיט קללות און ניבול־פה, וואָס דאָס אויער האָט נישט געקאָנט סובל זיין. נאָכדעם האָט ער זיך פאַרמאַכט אויף וואָכן־לאַנג, אין אַ מחשבותדיקער און ליידנדיקער שוויַגעניש. אין זיין באַרימטן ספר: „די מעשה פון אַ נס" דערציילט דער ווילנער רב: „ווען ער האָט אין לשון קודשדיק וואָרט נישט פאַרשטאַנען, האָט דער זון פון די צדיקים געקלאַפּט זיין שאַרבן צווישן זיינע גרויסע פויערישע הענט, כדי פון זיך אַרויס־צורייסן דאָס אַנגעוואַקסענע פסולת פון אַמאָל".

זיין ווייב האָט עפּנטלעך דערציילט, אַז ער שרייט גאַנצע נעכט פון שלאָף, און רופט צו זיך די תנכישע געשטאַלטן און איינעם, דער הייליקער יוחנן, דער באַשיצער פון זיין קריסטלעכער קינדהייט. איינמאָל, בעתן דאַווענען, איז ער אַנידערגעפאַלן אין זיין גאַנצער לענג, שלאָגנדיק מיט די פויסטן אין זיינע שלייפן. מ'האָט באַלד באַטראַכט זיין שגעון פאַר הייליק.

און אַזוי פאַרענדיקט דער ווילנער רב: „ווייל דער אויבערשטער

האָט זיך סוף־סוף אויף אים מרחם געווען, זענען אויסגעטוישט געוואָרן צו נחמיה לוי אַלע טיילן פון זיין מוח".



דאָס לעבן פון זיין זון, יעקב לוי, איז געווען אַ מין פּאָר־צווייפלט אַנטלויפן פון גאָטס אומברחמנות'דיקער „ברכה". דאָס איז געווען אַ בריאה מיט דאַרע און לאַנגע אברים, מיט אַ ווייכן קאָפּ, מיט לאַנגע, דערשראָקענע אויערן, ווי ביי אַ האָז. אין זיין באַמיען זיך צו פאַרבלייבן אומבאַקאַנט, האָט ער זיין פלייצע וואָס מער פאַררונדיקט, כדי צו פאַרשטעלן זיין הויכן וווּקס פון מענטשנס־בליקן, און ווי אַ געיאָגטער, וואָס מישט זיך אויס אין המון, איז ער געוואָרן אַ פּשוטער לעדער־אַרבעטער, אַ מענטשל, אַ גאָרנישט.

ווען מען האָט אים דערמאָנט זיינע זיידעס און עלטער־זיי־דעס, האָט ער געזאָגט, אַז דער גאַנצער ענין איז נישט מער ווי עפּעס אַ בייזע שפּיל, טענהנדיק, אַז ער פילט אין זיך גאָרנישט, חוץ שרעק. — איך בין נישט מער ווי אַ ווערמל — פלעגט ער זאָגן צו זיינע מקורבים — אַ נישטיק ווערמל, וואָס ווילט איר פון מיר? צומאָרגנס איז ער נעלם געוואָרן.

צום גליק האָט אים די השגחה מזווג געווען מיט אַ באַרעדעוו־דיק ווייב.

הונדערט מאָל האָט זי זיך געשווּוירן, אַז זי וועט שווייגן, אָבער אין אַ שיינעם פרימאָרגן, האָט זי אַריינגעשעפּטשעט אין אויער פון אַ שכנה: „מיין מאַן האָט אין זיך גאָרנישט, האַ?" האָט זי אָנגעהויבן מיט צביעות, און דער סוד האָט זיך צעשפּרייט ווי שטויב. דער רב האָט פאַרבעטן דעם „תמימותדיקן לעדער־אַרבע־טער, און נאָכדעם ווי ער האָט די איינלאַדונג נישט אָנגענומען, האָט ער אויסגעזעצן צו זיין אַ גליקלעכער. דער געפערלעכער רום איז זיך צעגאַנגען איבער אַלע שטעטלעך, ווו דאָס פּאָרל איז נאָר אַדורכגעגאַנגען. „כדי ער זאָל נישט קאָנען געניסן פון דער שלווהדי־קייט פון אַ נסתר" — שרייבט מאיר פון נאָסאַק — האָט גאָט ברוך הוא אָוועקגעשטעלט דעם ווייבס צונג, פאַר אַ היטערין".

צום סוף, אַן אויסגעשעפּטער און פאַרמאַטערטער, האָט ער פאַרטריבן דאָס ווייב און זיך ערגעץ באַזעצט איך אַ געסל פון קיעווער געטאָ, ווו ער האָט זיך אין געהיים פאַרנומען מיט זיין פאַך. מענטשן זענען געקומען אויף זיינע שפּורן, אָבער אויס מורא, ער זאָל נישט פונסניי נעלם ווערן, איז ער און זיין סוד אָפּגעהיטן געוואָרן. ווי דורך זיך אַליין. די באַאָבאַכטערס דערציילן, אַז זיין געשטאַלט האָט זיך אויסגעגלייכט און זיינע אויגן זענען ליכטיקער געוואָרן. מען האָט אים געזען גיין מיט לייכטקייט און שמחה. ס׳האָט אויסגעזען אַז דאָס זענען ביי אים געווען גליקלעכע יאָרן.

זיין טויט איז געקומען, ווי ס׳איז געווען פאָרויסצוזען:

...„די קאָזאַקן האָבן פאַרשפּאַרט אַ גרופּע יידן אין דער שול און האָבן געפּאָדערט פון אַלע מענער און פרויען אויסצוטאָן זייערע בגדים, ווען איניקע האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן, האָט זיך פּלוצים אַרויסגערוקט איינער פון קהל, וואָס זיין אידעלער אויסזען האָט דערמאָנט די באַרימטע לוי־דינאַסטיע פון יאָרק. ווענדנדיק זיך צו די וויינענדיקע יידן, האָט ער פּלוצים איינגע־בויגן זיינע אַקסלען און האָט מיט אַ געבראָכן קול אויסגעזונגען די סליחה פון רבי שלמה בן שמעון פון מאַגענץ: „איך וויין מיט טרערן פון בלוט״...

זיין קינות־געזאַנג איז איבערגעהאַקט געוואָרן דורך אַ קלאַפּ פון אַ האַק, אָבער די רעשט קולות האָבן זיך פאַראייניקט און ממשיך געווען די סליחה, ביז עס איז נישט געבליבן ווער ס׳זאָל ווייטער זינגען, ווייל אַלע זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלוט. אַזוי האָט דאָס פּאַסירט ביי אונז, אין קיעוו, דעם 16־טן נאָוועמ־בער 1723, אין דער צייט פון דער שרעקלעכער הײדאַמאַקשטשי׳נע״.
(משה דאָביעצקי: געשיכטע פון די יידן אין קיעוו.)



זיין זון חיים, גערופן דער בשורה־זאָגער, האָט פון אים איבער־גענומען בירושה זיין באַשיידנקייט. ער האָט געלערנט תורה פון אַלעמען, סיי פון זאַכן, און סיי פון מענטשן. „דער בשורה־זאָגער האָט

אויפגענומען אַלע קולות און דערהערט אפילו די תרעומות פון אַ דין גרעזעלע״.

ער איז געווען אַ שיינער מאַן אין פולן בלי, בייזע צינגער האָבן געמורמלט, אַז די געטאָ־תושבים האָבן אויף איבּ אַן אויג, צוליב זייערע טעכטער.

נאָך האָבן זיי צוגעטראַכט, אַז צוליב זיך בחורשאַפט האָט דער יונגער רבי פלוצלינג פאַרלאָזן קיעוו. אינדעראמתן, האָט ער געהאַט אַ בפירושן געבאָט פון זיינע אבות אבותיו, אַז ער זאָל גיין צום געטלעכן מאַן, ר׳ ישראל בעל־שם־טוב, כדי דאָרטן צו פאַרברייטערן זיינע תורה־ידיעות און רייניקן זיין האַרץ.

נאָך צען יאָר התבודדות, אין די ווילדע קאַרפּאַטן־בערג, האָט ר׳ ישראל בעל־שם־טוב אויפגעשטעלט זיך געצעלט אין זיין געבורטס־שטעטל מעזשביזש, אין פּאָדאָליע, און פון דאָרטן האָט ער צעשיקט זיינע ליכט־שטראַלן איבער אַלע יידישע ישובים אין פוילן. יידן פלעגן קומען קיין מעזשביזש, צו היילן זיך פון אַ מחלה, צו פאַרענטפערן אַ שווערע קשיה, אָדער אַרויסטרייבן אַ דיבוק. קלוגע און נאַראָנים, זינדיקע פּאָלקס־מענטשן, גרויסע מיוחסים און סתם פשוטע יידן־מאמינים, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַרום דעם צדיק, דעם מתבודד. חיים לוי, נישט האָבנדיק דעם מוט אויפצודעקן, ווער ער איז, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פשוטן משרת, אין שייער צווישן די קראַנקע, און מיט ציטער זיך איינגעקוקט אין דעם שטראַלנדיקן ליכט פון הייליקן בעש״ט. אַזוי זענען פאַרגאַנגען פינף יאָר. ער איז געוואָרן אַזוי ווייט אַ משרת, אַז די חסידים פון קיעוו, האָבן אים צומאָל נישט דערקענט.

זיין איינציקע פעיקייט, למראית־עין, איז געווען דאָס טאַנצן, ווען חסידים האָבן זיך דביקותדיק אין טאַנץ געשלאָסן, האָט ער אין התעוררות געפלאָטערט ממש אין דער לופטן און זיינע קולות פון ברענענדיקער התלהבות, האָבן אַ טייל חסידים אַריינגעבראַכט אין פאַרלעגנהייט. לסוף איז ער פאַרבליבן מיט זיינע קראַנקע, געטאַנצט צווישן זיי, און זיי משמח געווען.

אין אַ צייט שפּעטער, ווען אַלץ וועגן איבּ איז שוין געווען באַוווסט, האָט מען אים גערופן „דער געטלעכער טענצער״.

אין אַ געוויסן טאָג האָט דער בעל־שם־טוב זצ״ל. באַקומען

אַ ידיעה פֿון קיִעווער גאון, ער האָט געהייסן באַלד אויסרופֿן, אַז אַ באַהאַלטענער צדיק געפֿינט זיך אין מעזשביזש, מ׳האָט אויסגעפֿאָרשט אַלע חסידים: קראַנקע, לומדים, רבנים, מגידים; צומאָרגנס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער משרת איז נעלם געוואָרן. עדות־זאָגער, יעדער מיט זיין פֿאַנטאַסטישן נוסח, האָבן דערציילט, אַז דער אורחי־פּרחיניק האָט אַ גאַנצע נאַכט געטאַנצט אין שייער, מיט שמחה באַדינט די קראַנקע אד״גל. אָבער דער בעל־שם־טוב, אויס־ווישנדיק אַ טרער, האָט געזאָגט מיט פּשטות: — ער איז מסתמא געווען דער חשובסטער צווישן די קראַנקע און איך האָב נישט געזען.

קלאַנגען האָבן זיך פֿאַרשפּרייט, אַז דער בידנער חיים איז נע־ונד, האַלט דרשות אין עפּנטלעכע ערטער און איז עוסק אין פֿאַרשידענע אויסטערלישע מלאכות, ווי למשל, מיט נאַטור־רפֿואה, מיט בלויזע צוויי הענט, היילנדיק מענטשן און חיות.

כראָניקער דערציילן, אַז ער האָט בעתן דרשענען געשטראָפֿט, געמוסרט, מעורר געווען, ווי ער וואָלט געווען אונטער דער שליטה פֿון די מלאכי השרת. נאָך פֿערצן יאָר פֿון משונהדיקער התבודדות, ווערט ער אַזוי מפֿורסם, אַז מען אידענטיפֿיצירט אים מיטן בעל־שם־טוב גופֿא, וואָס איז אַליין אויך געווען אַ זואָגלער. אין דער שפֿע פֿון אַלטע פֿאַרמעטן איז שווער אונטערצושיידן צווישן די מעשׂי נסים ונפֿלאות. אָבער דער אמת איז, אַז דער בשורה־זאָגער האָט זיך אָפּט אויפֿגעהאַלטן אין אַ שטאָט, ווו ער האָט זיך פֿאַר־נומען נאָר מיט רפֿואה, אַזוי אַז ער איז פֿון קיינעם נישט באַ־מערקט געוואָרן.

אָבער די לעגענדע וועגן אים איז געגאַנגען גיכער פֿון אים אַליין, מען האָט אים דערקענט צוליב געוויסע סימנים: לויט זיין הויכן וווּקס פֿון אַ האַלצהעקער, לויטן שראַם אין זיין פּנים, צום סוף, צוליבן פֿעלנדיקן רעכטן אויער וואָס פּוילישע פּריצים האָבן אים אַמאָל אָפּגעשניטן. ער פֿלעגט דעריבער אויסמיידן די גרויסע שטעט, ווו זיינע סימנים זענען באַקאַנט געווען.

אין אַ ווינטערדיקן אָוונט, יאָר 1792, אָנקומענדיק אין דער געגנט פֿון שטעטל זעמיאָק, ביאַליסטאָקער קרייז, האָט ער זיך צוזאַמענגעבראָכן אויפֿן שוועל פֿון אַ ייִדישער שטוב. זיין פּנים

אין זיינע שיך זענען געווען אזוי אפגעטראגן, ער איז געווען אזוי פארשטייפט פון קעלט, אז מען האט אים געהאלטן פאר איינעם פון די אומצאליקע דארפסגייער, וואס האבן געוואנדערט איבער פוילן און אין דעם יידישן „תחום המושב" פון רוסלאנד. מען האט געמוזט אמפוטירן זיינע פיס ביז צו די קני. ווען ס'איז אים לייכטער געווארן, האט מען געקאנט אפשאצן די פעיקייטן פון זיינע הענט און זיין בקיאות אלס סופר פון ספרי־תורה. יעדן טאג האט זיין גאסטגעבער אים אפגעפירט אין א האנט־וועגעלע אין בית־המדרש אריין. דאס זענען געווען רעשטלעך פון א מענטש, אבער ער האט געבראכט נוצן און איז נישט געפאלן קיינעם צו לאסט.

„ער האט נישט גערעדט — שרייבט רב לייב סאסאווער — וועגן גשמיותדיקע זאכן, ווי ברויט און ווייך".

דער צדיק איז געזעסן אין זיין וועגעלע, ווי א וועקסן ליכט, ארייגעשטעקט ערגעץ אין א פינצטערן ווינקל פון בית־המדרש, נישט ווייט פון עמוד. ס'פלעגט טרעפן, אז דער רב פון שטעטל האט א טעות געהאט איז מפרש זיין א פסוק, האט חיים אויפגעהויבן איין ברעם און באטאפט דאס איינציקע אויער, קלוג אונטערגעהוסט, ווידער אונטערגעשטעלט דאס אויער: שווער צו פארשווייגן גאטס אמת, שווער. און לסוף אנגעשפארט זיך, מיט איין האנט אין וועגעלע און געבעטן רשות, צו דערקלערן דעם ענין. מען האט אים באשאטן מיט שאלות. כאטש ער האט געליטן יסורים, האט ער אלעמען געענטפערט כהלכה, מיט גרויס חריפות. צום אומגליק, איז דער אלטער רב פון זעמיאק אריין אין א מין ווינענדיקער התפעלות:

— רבונו של עולם — האט ער אויסגערופן יאכצנדיק — האר פון די נשמות, גאט פון שלום, פון דעם מויל גייען דאך ארויס לויטער פערל. אוי נייך, מיינע קינדערלעך, איך קאן מער נישט זיין אייער רב, ווייל דער ארעמער נע־ונדניק איז א גרעסערער תלמיד־חכם פון מיר. וואס זאג איך א גרעסערער? ער איז דער איינציקער גרויסער.

קומענדיק צו זיך האט ער ארומגענומען זיין איבערגעשראקענעם ממלא מקום.

# אין שטעטל זעמיאק

## 1

וויאַזוי חיים האָט אַלץ נישט געפּרוווט אויסבאַהאַלטן, איז לסוף אַנטפּלעקט געוואָרן וואָס האָט פּאַסירט נאָך זיין חתונה, אַזוי אויך די דיפּלאָמאַטיע וואָס ער האָט אָנגעווענדט, כדי מען זאָל אים נישט צוריקקערן מיט טומל קיין קיעוו — ניין, דאָס אַלץ קאָן נישט זיין קיין טעמע פאַר אַ היסטאָרישער דערציילונג.

דאָך וועט דערציילט ווערן, אַז טראָץ זיין טיפער עניוות, איז אים אויסגעקומען זיך אָפּצוזאָגן פון לאָזן זיך פירן אין אַ וועגעלע, צו דער שול.

אַ פרומער בעל־מלאכה האָט דערפינדן אַ פאָטעל אויף רעדלעך, און אמתדיקן כסא־הכבוד, אויסטאַפּעטירט מיט סאַמעט. מיט גרויס פּאַראַד האָט מען אין אים אַריינגעזעצט דעם צדיק; אַ געשטריקטע זיידענע דעק האָט צוגעדעקט זיין אינוואַלידשאַפט. דער חזן איז געגאַנגען פון רעכטס, דער אַלטער רב פון לינקס, כדי ער זאָל זיך קאָנען ווענדן צום געזונטן אויער פון צדיק. דער כהן האָט געשטופּט דעם כסא־הכבוד, און נאָך אים האָט געצויגן אַן עדה גאָטספאַרכטיקע באַגלייטערס, וואָס האָבן אויף דעם אופן אָפּגעגעבן כבוד דעם „טענצער פון גאָט“.

ביים אָנהייב האָבן די קינדער זיך באַצויגן מיט דרך־ארץ. אָבער איינמאָל, ווערנדיק און שום ספק דורך ועמען פאַרפירט,

האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט מיטן אַלטן וועגעלע, אַנטקעגן דעם פאַרבייגייענדיקן צוג.

די מענטשן זענען געווען פאַרביטערט, אָבער חיים האָט עס הנאה געטאָן:

— לאָזט זיי, זיי חוזקן נאָר פון כסא־הכבוד, אָבער זיי לאַכן דאָך נישט פון וועגעלע...

זײַן אופן פון רעאַגירן האָט נישט צופרידן געשטעלט די זעמיאַקער יידן, וואָס האָבן זיך געפילט געטראָפן פון דער העזה. מען האָט אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און באַשלאָסן צו באַשטעלן פיס־פּראָטעזן פון האָלץ, באַדעקט מיט לעדער און זייד, און מען האָט זיי פייערלעך איבערגעגעבן דעם צדיק. די פּראָטעזן האָבן זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר אַ מקור פון פּיין; זײַנע צעבראָכענע אברים האָבן נאָך מער געליטן. ער איז געווען געצוווּנגען פון זיי צו רעזיגנירן. דאַן האָט מען אַרײַנגעשטעלט אַן ארון־קודש צום צדיק אין שטוב, וואָס איז געוואָרן אַ בית־תפילה. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער בזיונדיקער גאַנג צו דער שול.

די שטאָט־יידן, די פאַרערער פון דעם גרויסן מענטש, האָבן אין אים געזען אַ בעל־מופת.

חיים האָט אָבער געטענה׳ט אַז ער האָט נישט קיין שום כוח, אויסער אפשר, האָט ער באַטאָנט, דעם כוח פון טרערן. דאָך האָט ער אויפֿגענומען קראַנקע, וועמען ער האָט געעצה׳ט צו נעמען רפואה־גראָזן פון פעלד, און בהמות האָט ער געהיילט אין שכנותדיקן שייער.

טיילמאָל, אַז ער האָט נישט געקענט דעם קראַנקען, האָט ער זיך מיט אים אויסגעשמועסט, נישט געפרעגט אים קיין דערהויבענע פראַגן, ווי מ׳האָט געקאָנט מיינען, נאָר גערעדט וועגן פּשוטע זאַכן. וועגן זײַן משפחה, וועגן לעבן פון קראַנקן, זײַן אַרבעט, זײַנע קינדער, וועגן זײַן קו און עופות.

אַ משונהדיקע זאַך, די מענטשן זענען אַוועק פון אים צופרידענע, זאָגנדיק, אַז ער ווייסט וויאַזוי אויסצוהערן אַ מענטש. אויסהערנדיק יעדנס סיפור המעשה, האָט ער שטענדיק אויסגעפונען די אַנגעווייטיקטע זייט פון דער נשמה. ווען ער האָט שלעכט געהערט, האָט ער צוגעבויגן זײַן לינק אויער און צוגעוווּנקען;

ליבלעך מיט זיינע אויגן: „ווי אַזוי ווילסטו, זאָל איך זיך פֿאַר־אינטערעסירן מיט דיין נשמה, אַז דו אינטערעסירסט זיך נישט מיט מיין אויער?"

אין אַ געוויסן טאָג האָט ער געזאָגט צו אַן אומגליקלעכע, וואָס האָט אים געדאַנקט:

— אַלטיטשקע, גיב מיר נישט קיין דאַנק, מיין נשמה גייט דיר אַנטקעגן, ווייל כ׳האָב דיר נישט וואָס צו געבן".

ער האָט דאָרט געקאָנט אויפשטעלן אַ מקום־תורה, ווייל גרויסע תלמידי־חכמים, רייכע רביים מיט סויבעלנע פּעלצן, אָדער וואַנדערנדיקע בני־תורה, וואָס האָבן געלעכצט נאָך קדושה און התלהבות, זענען געקומען פֿון מרחקים, כדי צו שמועסן מיטן צדיק, דעם ל״ו־ניק. זיי האָבן זיך אָבער אַנגעטראָפֿן אויף זיין שטיל־שוויגן, אָדער אויף זיין לייטזעליקייט און ער האָט געווענדט דעם שמועס אויף אויסגעדראָשענע מחשבות וועגן סוד פֿון דערקענטניש.

אין די זון־שעהן, האָט ער פֿאַרוועט צו עפֿענען די טיר פֿאַר לומדים מיט בערד, און זיצנדיק ביים פֿענצטער, האָט ער אַ לאַנגע צייט איינגעעטעמט לופֿט. זיין פּנים איז געווען פֿאַרזונקען אין צער. געווען טעג פֿון שמירה אַרום זיין הויז, ווייל די שכנותדיקע יינגלעך פֿלעגן זיך אַריינגנבענען אין צדיקס שטוב, כדי צו גע־פֿונען אונטער זיין קישן דעם טעלער מיט ראָזשינקעס, ניסלעך, מאַנדלען און צוקערלעך, וואָס דער צדיק פֿלעגט צעטיילן צווישן זיינע חסידים. ביי יעדער געלעגנהייט האָט דער גוטער אלטיטש־קער געשמועסט מיט די קינדערלעך וועגן רעגן, שיינעם וועטער, פֿון דער ווייסקייט פֿון שניי און וועגן די סאַמעטענע קאַרשן אויפֿן בוים. „איר גיט מיר צוריק מיינע פּיס" האָט ער נישט איינמאָל אויסגערופֿן צו זיי אינמיטן אַ לעבהאַפֿטיקן ויכוח.

און אַפּזיפּצנדיק לייכט האָט ער צוגעגעבן:

— מיינע פּיס און אפשר נאָך מער.

איינמאָל האָט מען אַנטדעקט צוויי יינגלעך אונטער זיין בעט: איבעראַשטע פֿון דעם אָנקומען פֿון אַ גרופּע מקובלים, האָבן זיי פֿאַרבראַכט אַ גאַנצן נאָכמיטאָג אונטער דער שטול.

ווען די קליינע פּיסקלעך זענען געוואָרן צו טומלדיק, האָט ר׳ חיים צו זיי געזאָגט מיט פּשטות:

— נו, קינדערלעך, פֿאַרגעסטזשע נישט, אַז איך בין אינמיטן פֿון אַ חשובן שמועס.

די געסט האָבן געשטוינט, מיינענדיק אַז ער רעדט צו איבער־ערדישע גייסטער.

דאָס האָט גורם געווען אַ קליינעם אינצידענט. אַלע האָבן געוואָלט, אַז דער צדיק זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט טיפֿערע ענינים און באַזונדערס דאַרף ער מקפּיד זיין אויף זיין כּבוד. אַ צייט שפּעטער נאָך אַט דער מעשה, האָט זיך באַמערקט אַ געוויסע ענדערונג. ער האָט געבעטן טינט, פּאַפּיר און אַ סך געגנדזענע שרייבפֿעדערן. מען האָט געמיינט, אַז דער גוטהאַרציקער מאַן האָט אויף זיך אַליין גענומען אַ תּיקון. יודעי־דבר האָבן אָנגעזאָגט, אַז ער שרייבט חידושי תּורה אין הלכות צדקה.

לסוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך גאַנץ לעבן געשריבן פּשוטע מעשהלעך פֿאַר קינדער.

ביים געבוירן פֿון זיין ערשטן זון, האָט זיך ר׳ חיים געפֿרייט און געטראַכט, אַז אַלץ איז שוין פֿאַרענדיקט, אַז דער קרייז פֿון זיין לעבן איז ביים סוף. און וויאַזוי וועט ער זיך שטעלן פֿאַרן אויבערשטן? אין וועגעלע, כּי, כּי. דערנאָך איז זיין האַרץ פֿאַרקלעמט געוואָרן פֿון פּחד:

— רבונו של עולם, ווי נעבעכדיק איז די מתּנה וואָס איך ברענג דיר, און וויאַזוי וועסטו אויפֿהויבן אויף מיר דיין שווערד? וואָס איז דער טויט וואָס וואַרט מיך?

דאָרט אינדרויסן, ביי די שטעטלדיקע, זענען זיך אַלע זאַכן געגאַנגען געמיטלעך אונטערן אויסגעלייטערטן הימל פֿון זעמיאָק. אָבער טראַכטנדיק וועגן די אופֿנים פֿון טויט פֿון זיינע עלטער־זיידעס האָט ר׳ חיים געזאָגט צו זיך, אַז די קוואַלן פֿון גאָט זענען אומדערשעפּלעך, און ס׳איז נישטאָ קיין גרענעץ צו זיינע מעשׂים.

ער איז דערגאַנגען ביז צו פֿערציק יאָר — אַן עלטער וואָס זייניק צדיקים פֿון די ל״ו האָבן אים דערגרייכט.

ס׳איז נאָך געווען אַ פֿראַגע פֿון טעג, פֿון וואָכן. ביים סוף פֿון זעקס מאָנאַטן האָט ער פֿאַרשטאַנען די שרעקלעכעווירקלעכקייט: זעמיאָק איז געווען אַזאַ שלווהדיק שטעטל און אַזוי פֿאַר־

שטויסן, אַז אפילו אַ צדיק אַ ל״ו׳ניק האָט דאָרט געקאָנט שטאַרבן נאָר אין זיין בעט.

די שטורמישע מענטשלעכע גורלות ברויזן אָפּטמאָל אין די אויסגעטרעטענע וועגן פון מסחר און אינדוסטריע. אָבער זעמיאָק רוט ערגעץ אין אַ טאָל, ווייט פון אַ פרעמד אויג. כמעט אין אַ מרחק פון אַ מייל, האָבן פויערים געלעבט אין מענטשלעכע באַציונגען מיט יידישע בעלי־מלאכה און קרישטאָל־שניידער. פון אייביק אָן, אפשר מער פון הונדערט יאָר, זענען דאָ יידן שוין געשטאָרבן אין זייערע תכריכים, מורא האָבנדיק נאָר פאַר דער כאָלערע, פאַר דער שוואַרצער־מגפה און פאַר גאָטס הייליקן נאָמען.

חיים האָט געחלומט אַ חלום. יעדע נאַכט האָט ער זיך אויף פּראָטעזן געלאָזט אין וועג אַריין, אָדער ער איז אַנטלאָפן אין אַ קליין קעסטל פאַר הינקנדיקע וואָס איז געלאָפן מיט בליץ־שנעלקייט. אָבער שטענדיק האָבן די שטאָטס־לייט פונסניי אים צוריקגעבראַכט אין זיין גרויסן פעדערן־בעט, און בייבּ קול פון שופר איז דאָס בעט געטראָגן געוואָרן אויף פיר אַקסלען ווי אַ מתים־ארון, כדי אים צו ברענגען אין דער שטאָט פון זיין אומקום.

ווען זיין ווייב איז ווידער פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט גאַנץ זעמיאָק געטומלט. מ׳האָט אָפּגעהאַלטן געהיימע אסיפות, צום סוף, האָט זיך אַ דעלעגאַציע פון די חשוב׳סטע בעלי־בתים פון זעמיאָק באַוויזן צוקאָפּנס פון צדיקס בעט, כדי פאַר אים אויסצודריקן די זאָרג פון כלל. און אַזוי האָבן זיי אים געזאָגט: הייליקער צדיק, וואָס האָט איר געמאַכט? אייערע זידעס האָבן געבוירן אין זון און דערנאָך זענען זיי געשטאָרבן. זאָגט אונז אויב דאָס קינד וואָס ועט געבוירן ווערן, וועט אויך זיין אַ זון, איז ווער פון זיי ביידע וועט זיין אייער גייסטיקער יורש? ווער פון זיי וועט זיין דער ל״ו׳ניק?

— מיינע גוטע פריינט, איך האָב נישט געקענט מיין ווייב שוין מער ווי צוויי יאָר, ווייל כ׳האָב מורא געהאַט, אַז דאָס איז קעגן דעם ווילן פון דער געטלעכער השגחה. אָבער דערנאָך האָב איך געזען, אַז ס׳איז נישט גוט, ווען א מאַן פירט זיך אַזוי כלפי זיין ווייב. לויט גאָטס ווילן, וועט דאָס זיין אַ טאָכטער.

אַ יונגער למדן האָט אים אין דבקות געפרעגט:

— און אויב ס׳וועט זיין אַ ייִנגל?

— אם ירצה השם, — האָט חיים מיט פּשטות איבערגעח:רט.

— וועט דאָס זיין אַ מיידל.

עטלעכע חדשים שפּעטער, איז געבוירן געוואָרן אַ ייִנגל, און ווידער האָט אַ דעלעגאַציע געבעטן אַ באַגעגעניש מיטן צדיק, ווען זי האָט געטראָפן אין זיין בעטל פון צער, דאָס אויג טריב, ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער אַליין וואָלט אָקאָרשט אַדורכגעמאַכט אומדערטרעגלעכע געבורטס־ווייען. „פאַרוואָס פּייניקט איר מיך? — האָט ער זיך געקלאָגט — נישט איך דאַרף באַשטימען אין די זאַכן. איך האָב גאָרנישט געטאָן, כדי אָפּצושטופּן מיין טויט״.

— אָבער אויך נישט, כדי צו פאַרזוימען דאָס געבוירן ווערן פון צווייטן קינד — האָט דער יונגער למדן געזאָגט מיט אַ רמז.

— אייער ווייב האָט חן...

— זי איז אויך אַ צדקת — האָט דער ליגנדיקער דער־ווידערט — אפשר בין איך בכלל נישט קיין ל״ו׳ניק — האָט ער געזיפצט — איר האָט מיר איינגעאָרדנט אַ מלכותדיקן שטול, אָבער איך בין אין אים געזעסן מיט צער און פאַרביטערונג. איך האָב קיינמאָל נישט געהאָט דאָס אינערלעכע געפיל, נישט דעם קלענסטן סימן, קיין שום בת־קול האָט מיר נישט מבשר געווען, אַז איך בין אַ ל״ו׳ניק. ווי ווייט איך דערמאָן זיך, האָב איך שטענדיק געטראַכט, אַז דער מיוחסדיקער משפחה־בוים האָט זיך געענדיקט מיט מיין טאַטן, דעם אומגליקלעכן יעקב, גאָט זאָל דערוואַרעמען זיין נשמה. האָב איך אייך דען באַוויזן מופתים? כ׳האָב דאָך מער נישט געבעטן ווי אַ וועגעלע.

— אָבער איר זיצט דאָך ווייטער אויפן מלכות־שטול — האָט האַסטיק געזאָגט דער יונגער למדן — איר האָט דאָך געקאָנט זאָגן, אַז איר פּילט גאָרנישט.

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיינע פריינט? כ׳בין מער נישט ווי אַ בשר ודם.

— ס׳שטייט געשריבן — האָט ער שטיל געענטפערט — אַז גאָט וועט דערפילן דעם ווילן פון די גאָטספאָרכטיקע, און אָט זעסטו ווי ער האָט אויסגעהערט דייך בקשה, צו געפונען אַ שעת־הכושר, כדי אָפּצושפּעטן פון מיר.

די ווערטער האָבן צעשטורעמט אַלע אַנווענזנדיקע. און צו אַלעמענס שטוינען האָט דער יונגער למדן אָנגעהויבן מוראדיק שרייען, בלייבנדיק פאַרגליווערט, עס האָבן אים שווער געטראָפן די ווערטער פון צדיק. ווען ס'איז ווידער געוואָרן שטיל, זענען אַלע צוגעגאַנגען צום בעטל פון חולה. האָבן געקושט זיין האַנט און שטיל פאַרלאָזן דאָס צימער. אַלע, וואָס האָבן בייגעוווינט דעם פאַל האָבן קיינמאָל דערפון נישט גערעדט. אָבער קלאַנגען האָבן זיך פאַרשפרייט איבער גאַנץ פוילן, אַז גאָט האָט נישט געקאָנט גוזר זיין צוצונעמען חיים לוי, וועמענס הארץ איז געגליכן צו אַ האַרץ פון אַ קינד.

אויסער די טעכטער האָט אים זיין ווייב, צו זיין צעטומלעניש. געבוירן נאָך דריי זין.

דער קומענדיקער צדיק — האָט ער לכתחילה געטראַכט — וועט זיך לייכט אויסטיילן פון זיינע ברידער, אַזויווי אַ שוואַן איז בולט צווישן קאַטשקעס. אָבער ווען זיי זענען אַלע אונטער־געוואַקסן, האָט חיים געמוזט מודה זיין, אַז קיינער פון זיי אָטעמט נישט מיט רוח־הקודש. די מחלוקת איבער דער ירושה, דאָס אינ־טריגירן איינער קעגן צווייטן, כדי צו באַקומען דעם חזקה־טיטל, דאָס אַליין איז געווען אַ גענוגענדיקע ראיה, אַז קיין איינער פון זיי איז אים נישט ראוי.

דער פינפטער איז געווען אונטער יעדער מדרגה; אַן עם־הארץ, אַ צוריקגעשטאַנענער, אַ שלימזל ממש. מען פלעגט אים רופן ברודערל־בהמה, ער האָט אפילו נישט געקאָנט לייענען, און גאַנץ שווערלעך האָט ער אויפגענומען עפּעס אַ מחשבה. ר'איז געווען באַ־שטימט פאַר פעלד־אַרבעט. אַנשטאָט צו דאַווענען און צו שניידן קריש־טאָל, האָט ער געפלאַנצט כל מיני פשוטע אַרבעסן, וואָס גייען אויף פון זיך אַליין און דאַרפן נישט קיין שום אַרבעט, נאָר ביים עסן זיי. געוווינט האָט ער אין אַ פאַרעיפּושטער כאַטקע, צווישן אַ טשאַטשע דינט, שילדקרעטן, פעלדמייז און נאָך אַזעלכע מיאוסקייטן, צו וועלכע ער האָט זיך באַצויגן ממש, ווי צו זיינע ברידער — געהאָ־דעוועט זיי, געשפּילט זיך מיט זיי, פריינטלעך זיי אַריינגעבלאָזן אין די נעז, זיי געשפייזט און געשיצט. פון זיין געבוירן אָן איז ער געווען מיאוס, מיט אַ פאַרגליווערט אויג און באַכהענגענדיקער

ליפּ. דאָס קומען פון אַ גולם איז געווען אַ בולטער צייכן, דער אָרעמער חיים האָט אין דעם געזען זיין סימן; גאָט ברוך הוא האָט צוריקגענומען זיין וואָרט.

די קורצע גסיסה פון צדיק איז געשען ביי דער אָפּוועזנהייט פון ברודערל־בהמה, וואָס האָט זיך דעמאָלט שלווהדיק אַרומגעבלאָנקעט צווישן זיינע בעלי־חיים אין פעלד.

דער אַלטער פאָטער האָט צו זיך צוגעלאָזט נאָר זיינע זין. בעת זיי האָבן זיך געאַמפּערט, ווער ס'זאָל איבערנעמען די ירושה, און האָבן געפרעגט, צי גאָט וועט זי עמעצן פון זיי צוטיילן, דערציילט מען, אַז דער בשורה־זאָגער האָט זיך צעוויינט און זיך געשלאָגן על־חטא מיט ביידע פויסטן, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געלעבט, כדי צו שטאַרבן אין זיין בעט ווי אַ פרוי, ווי אַ גוי.

פלוצים האָט ער זיך איבערגעקערט אויפן קישן און האָט טיף אָפּגעזיפצט פון דערלייכטערונג.

— נאָר דאָס האָט געפעלט — האָט דער עלטסטער זון קאַלט געזאָגט, גלעטנדיק זיך ברוגזדיק די באָרד — וואָס וועלן מיר איצט טאָן?

אָבער דער גוסס האָט ווידער אָנגעהויבן עטעמען, ווי מיט באַרעכנטער לאַנגזאַמקייט און לסוף געזאָגט מיט אַ לעבעדיק און וואַכזאַם אויג:

— „קינדער, זייט מיך נישט מבזה — האָט ער געזאָגט מיט אומגעוויינלעכן צאָרן — צו מיין צער איז מיר געבליבן נאָר אַ טראָפּן לעבן, אָבער מיין שכל איז נאָך מיט מיר.

שפּעטער, אַראָפּלאָזנדיק זיינע אויגן־דעקלעך, האָט ער זיך געגרייט אַוועקצוגיין אין תהום פון אַן אַנדערער וועלט, וווּ עס ווירקט נישט מער דער צוציונגס־כוח פון זיין טויטן פלייש און ביינער און פון דער אַרומהילנדיקער נאַכט:

— קינדער — האָט ער געזאָגט ווי אין חלום — קינדער פון ערד און ליים, האָט אַ מענטש נישט קיין רעכט צו שמייכלען צו זיין טויט. ווען גאָט מילדערט אים דעם טויט? ניין, כ'פיל נאָך נישט דאָס פאַרבייגיין — האָט ער אַריינגעפּליסטערט אין זיין גראָער, פון אנגסט, פייכטער באָרד.

— הערט זיך צו, נייגט צו אייערע אויערן, אָט פֿאַרוואָס איך האָב איצט געלאַכט. ווען מײַן נשמה האָט פֿאַרגאָסן טרערן האָב איך דערהערט אַ שטים: מײַן ליבער חיים, דײַן אָטעם ווערט אַלץ מער באַשרענקט, אײַל זיך צו אויסצורופֿן פֿאַר אַ ל״ו־ניק דעם זון וואָס אַלע רופֿן אים ברודערל־בהמה, ער וועט זײַן דײַן יורש ביז צו זײַן לעצטן אָטעם.

און ווידער האָט דער אַלטער ר׳ חיים אין שלווה געלאַכט, און שטיל געשעפּטשעט: „ווייסט איר? דער אין הימל האָט נחת״ און ער איז געשטאָרבן.

## 2

צוריקקומענדיק פֿון פֿעלד אין אָונט, האָט ברודערל־בהמה געריטשעט, געיאָמערט צוקאָפּנס זײַן טאַטן; אַנשטאָט צו פֿרייען זיך מיט דער וווּנדערלעכער קרוין, וואָס ער האָט באַקומען בירושה. צומאָרגנס האָט ער געדראָט צו פֿאַרלאָזן זעמיאַק, אויב מען וועט זיך אײַנעקשענען, אים ממנה צו זײַן פֿאַר אַ רב.

קיין שום זאַך האָט נישט געהאָלפֿן: נישט די מאַסקירטע סטראַשונקעס, נישט די הבטחות פֿון אַלעם גוטן אויף דער ערד. מ׳האָט נישט געקאָנט משפּיע זײַן אויף אים ער זאָל משנה זײַן אפֿילו איינע פֿון די פֿאַר אים טײַערע געוווינהייטן.

יעדן אינדערפֿרי, נאָכן אַרײַנזשלאָקען זײַן שיסל פּשוטע זופּ, האָט דער נײַער צדיק אַרויפֿגעלייגט אַ לאָפּאַטע אויפֿן אַקסל, אַ פֿײַף געטאָן צו זײַנע הינט און איז אַוועק צום שטיקל פֿעלד, וואָס אַ פּוילישער פּויער האָט אים אָפּגעטרעטן. די מתנות האָבן געפּוילט אין דער כאַטקע. פֿײַנע קיכלעך, קריגעלעך מיט האָניק, פּוטער־געבעקס, אַלץ וואָס די הינט האָבן נישט געוואָלט האָט ער אַוועקגעגעבן די קינדער פֿון דאָרף. ער אַליין האָט זיך באַגנוגנט מיט גרויסע טעפּלעך פֿון גרינער אַרבעס־זופּ, אין וועלכער ער האָט אַרײַנגעבראָקט שוואַרץ ברויט, אָדער אין גויטפּאַל ברויט־קרישקעס.

נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז געוואָרן וואָס אַמאָל מיאוסער, שמוציקער און מער פאַרטעמפּט, און פלעגט משתּין זיין ווילד אָן צוריקהאַלט (חוץ אין שול, וווּ ער איז געווען ווי געליימט פון פחד), האָבן וועגן אים געחלומט די שענסטע מיידלעך פון זעמיאַק, ווייל יעדער פון זיינע חסרונות האָט זיך איצט געזען אין אַן אַנדער ליכט, אין שיין פון זיין בכבודיקן מעמד.

דערשראָקענע, פאַרכּישופטע, האָבן די מענטשן נישט גע־קאָנט בייקומען זיין צוציִונגס־כּוח. „ס׳איז שווער וועגן אים עפּעס צו זאָגן", האָבן זיך פאַרדראָסיק געטרייסלט ביי זיי די פאות, „אָבער ער האָט עפּעס אַזוינס אין זיך".

די שענסטע שידוכים האָט מען אים גערעדט, אָבער ברודערל־בהמה האָט זיך נישט גערירט. דער קאָפּ צום הימל, צונויפגעלייגט די הענט, אָדער איינגעגראָבן דעם פינגער אין דער נאָז, איז ער פאַרבליבן אַ געפּלעפטער איבער דעם ווונדער וואָס אַרום אים; אָבער ער האָט זיך צו אים נישט דערנענטערט. דאָס מינדעסטע וואָרט וועגן חתונה האָבן, פלעגט ביי אים אַרויסרופן משוגעדיקע כעס־אויסברוכן. מיינענדיק אַז ער דריקט אויס אויף דעם אופן פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען, האָט איינמאָל אַ פאָטער, העזהדיק זיך צוגעבויגן צום צדיק און אָנווייזנדיק אויף זיין טאָכטער, האָט ער אים היימישלעך אַריינגעשעפּטשעט אין אויער: — נו, ברודערל־בהמה, צי האָסטו נישט קיין חשק אַריינצולייגן דאָס טייבעלע אין דיין בעט?

דער צדיק האָט געווענדט זיין פּייכטן בליק צום יונגן, נאַיווען מיידל און האָט, נישט אַרויסרעדנדיק אַ וואָרט, אַראָפּגעלאָזט זיין פויסט ווי אַ האַמער אויפן קאָפּ פון עזות־פּנים. אָט דאָס איז געווען זיין תשובה.

ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט מער ווי איין חבר, יהושע לוי, מ׳האָט אים גערופן „דער צעטראָגענער". נאָך אַלס קינד, זייענ־דיק געזונט און נאָרמאַל (אויסער דער בולטער נטיה צו טרווי־מעריי) האָט דער קליינער יהושע צייטנווייז באַגלייט זיין פעטער אין פעלד און זיך צוגעקוקט צו זיין שווערער אַרבעט; מיט דער צייט, ווי מען דערציילט, זענען דער שוטה און דאָס קינד געווען פאַרזונקען אין גרויסע וויכּוחים. דאָך האָט זיי קיין מענטש אָנ־

דערש נישט געזעו ווי שוויגענדיקע, איינער א גראָבענדיקער און דער צווייטער אַ פאַרחלומטער. איינמאָל האָט דער שוטה געשענקט זיין פלימיעניק אַ קליין געל הינטל. עטוואָס שפּעטער, אַ סך שפּעטער, האָט מען זיך דערמאָנט, אַז דאָס יינגל האָט קיינמאָל נישט גערופן זיין פעטער ברודערל־בהמה, ווי אַלע, נאָר פּשוט ברודערקע. אָט דער פאַקט פאַרוואָס אין אָנהייב איז ער פאַררעכנט געוואָרן אויפן חשבון פון זיין צעטראָגנקייט, האָט זיך שפּעטער אין אַ באַשטימטן טאָג אויפגעקלערט.

אין אַ שיינעם מאַי־טאָג, ווען ברודערל־בהמה איז געלעגן אויפן טויטן־בעט, האָט ער נאָר גערופן צו זיך זיינע הינט, זיין ציג און דאָס יונגע טויבן־פּאָרל. אָבער די משפּחה לוי האָט געפּאָדערט, אַז ער זאָל מגלה זיין דעם נאָמען פון זיין יורש, און ווען ער האָט כסדר געטענהט, אַז ער ווייסט גאָרנישט, האָט מען פון אים דערוויטערט זיין חיות־כאַליאַסטרע, וואָס האָט געוואָיעט, געמעקעט און אומאויפהערלעך געברילט.

מען דערציילט, — אָבער צי איז דאָס אמת? — אַז ווען ברודערל־בהמה האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון זאָגן דעם נאָמען, האָבן אים די לוי׳ס גערודפט ביז צו זיין לעצטן אָטעם. — האָט רחמנות, רחמנות, האָט ער זיך געבעטן — איך שווער איך, אַז איך הער נישט קיין שום קול.

אַ לאַנגע צייט נאָך זיין טויט, האָבן רכילות־טרייבער דערציילט, אַז דער שוטה, געפינענדיק זיך אין אַ מצב פון לאַנגער גסיסה, און אין דער מורא, אַז מען וועט אים, אָן סוף, נישט לאָזן שטאַרבן, האָט ער אַרויסגעבררעגט דעם נאָמען פון זיין קליינעם פלימעניק, יהושע לוי: „איר ווייסט דאָך, דער וואָס האָט מיין געל הינטל". אַזוי איז ער איינגעשלאָפן אין לעצטן שלאָף פון אַ צדיק.

פון דעמאָלט אָן, איז געוועזן די מורא אַז די קרוין פון רום און גוטן שם קאָן אַמאָל אַראָפּפאַלן אויף אַ וועלכן־עס־איז קאָפּ, האָט מען דעריבער אָן רחמנות אָנגעהויבן דריקן אויפן נייעם צדיק, ער זאָל דערפילן זיין שליחות. דאָס לעבן פון יהושע לוי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ לאַנגן וועג פון יסורים. ער האָט צוגעזאָגט זיך נאָך זייער יונגער פרוי, אַז ער וועט ממנה זיין אַ זון פון זיין אייגענעם בלוט און פלייש אַלס יורש, אָבער בעת

זיין גסיסה האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ נאָמען פון עפּעס אַ פלימעניק. מער האָט מען גאָרנישט געוווּסט. די אומגליקלעכע משפּחה לוי האָט אומזיסט געזוכט אַלערליי סימנים, אויף וועלכע ס׳זאָל זיך שטיצן גאָטס אויסוואַל. צי דאַרף ער זיין פּאַר־זונקען אין תּפילות? צי אַרבעטן אויפן פעלד? אפשר גאָר ליב האָבן חיות? מענטשן? טאָן מעשׂים טובֿים, אָדער ווייטער לעבן דאָס נעבעכדיקע, זיסלעכע לעבן פון זעמיאָק?

ווער וועט זיין דער אויסדערוויילטער?

אַזוי איז אַדורך די יוגנט פון די לוי׳ס, פון איצט אָן אונטער אַ ניי מזל, וואָס גאָט האָט אַרויפגעלייגט אויף זיינע אויסדערוויילטע; אַ פראַגע־צייכן וואָס האָט געשוועבט איבער זייערע קעפּ, ווי אַן אומבאַשטימטער אָרעאָל.



כל זמן דאָס זאַמד פון דער צייט האָט זיך אַזוי שטיל גע־קייקלט, אַ קערנדל נאָך אַ קערנדל, האָבן די יידן פון זעמיאָק עקשנותדיק געגלויבט, אַז די מענטשלעכע צייטן זענען באַשטימט געוואָרן נאָך אויפן באַרג סיני, זיי האָבן, אין זייער אמונה, געלעבט גאָטס צייטן, וואָס פּאַסן זיך נישט אַריין אין קיין שום זאַמד־זייגער. צי איז דאָס געווען איין טאָג? הונדערט יאָר? זייט דעם וועלט־באַשאַף האָט גאָטס האַרץ נישט מער געקלאַפּט ווי אַ האַלב מאָל.

לעבנדיק אַזוי אין די עולמות עליונים, האָבן זיי נישט גע־האָט קיין אויגן צו זען, וואָס עס וועבט זיך אויס אין דער צייט ביי די קריסטן. די ניי אויפגעקומענע פּוילישע אינדוסטריע, האָט ביסלעכווייז רואינירט דעם קיום פון די יידישע בעלי־מלאכה. יעדע נייע פאַבריק, האָט צעבראָכן די פּרנסות פון הונדערטער כאַלופּניקעס. צייטנווייז האָבן זיך זקנים דערמאָנט אין אַמאָליקע בעסערע צייטן, מער גינסטיקע פאַר אויפשטעלן נייע משפּחות און אויך בתּי־מדרשים. אָבער אַזוי ווי זיי האָבן נישט געקאָנט משלים זיין מיט די נייע חיות־נעסטן פון פאַרניכטונג — די נייע

פאַבריקן, ווו מען איז מחלל שבת און מען קאָן מער נישט מקיים זיין די זעקס הונדערט און דרייצן מצוות מיט דעם אַמאָליקן גלאַנץ, ווי ביי זיך אינדערהיים, זענען זיי אַזוי פרומערהייט געשטאָרבן פון הונגער.

שפּעטער, זענען מער דרייסטערע יידן, וואָס האָבן נישט שטאַרק מקפיד געווען אויף מצוות, אַוועק קיין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און זענען אויך דערגאַנגען ביז איןביידע אַמעריקעס.

אַ דריטל פון די פּוילישע יידן האָט אָנגעהויבן לעבן בעיקר פון שטיצע פון אויסלאַנד, און אַזוי איז עס אויך געשען מיט די איינוווינער פון זעמיאַק, ווו דאָס קרישטאָל־שניידן האָט מער נישט מפרנס געווען די אָרטיקע יידן.

אָבער די משפחה לוי האָט נישט באַקומען קיין שום שטיצע מיט דער פּאָסט און האָט אויך נישט געוואַרט אויף דעם.

זיי האָבן געוווּסט, אַז אויסוואַנדערן, הייסט זיך בוקן פאַר די אַמעריקאַנישע אָפּגעטער, הייסט פאַרלאָזן דעם איינאיינציקן גאָט. און היות ווי די פּוילישע יידן האָבן געהאַלטן, אַז גאָט ברוך הוא, האָט זיך אינערגעץ נישט אַזוי גוט געפילט ווי אין פּוילן, האָבן די לוי׳ס געגלויבט, אַז זייער זיצן אין זעמיאַק, אַן אָרט פון צדיקים, איז אַ שמים־זאַך. אַזוי האָבן זיי דאָס אָרט קיינמאָל נישט פאַרלאָזט, געווען זענען זיי אַלע באַהאָפטן מיט גאָט און אַלע זענען זיי געווען אין גרויסער נויט.

און ווייל זיי זענען געווען די גרעסטע אביונים פון זעמיאַק, האָבן די ווייניקער אָרעמע זיי געגעבן צדקה; ווייל די רייכע זענען זיך דאָך מרחם נאָר מיט זייערע אויגן, צי איז עס נישט געווען אַזוי? אין צייט פון ארבעט אויף די פעלדער, האָבן זיך די לוי׳ס פאַרדונגען צו ערד־פאַרמערס, אָבער די פּוילישע פּויערים האָבן די יידישע דאַרע הענט גרינגגעשעצט און האָבן זיי געצאָלט אַ קליינעם אָפּצאָל אין נאַטור.

מיטן סוף פון ניינצענטן יאָרהונדערט האָט מען די קינדער פון די לוי׳ס דערקענט לויט זייערע בלייכע פּנימער.



מרדכי לוי (דער זיידע פון אונזער פריינט ערני) איז געבוירן געוואָרן אין אַן אָרעמער משפחה פון קרישטאַל־שנײַדערס. אַלס ייִנגל האָט ער געהאַט אַ שמאָלן און לענגלעכן קאָפּ, אַ לעבעדיק שאַרפן בליק און אַ גרויסע אײַנגעבויגענע נאָז וואָס האָט בולטער געמאַכט זײַן פּנים. אָבער זײַן נטיה צו וואָגלערײַ און אַוואַנטורעס, האָט זיך באַוויזן ערשט שפּעטער.

אין אַ געוויסן טאָג, ווען ס׳איז אפילו נישט געווען דער טראַדיציאָנעלער קבצנים־הערינג אויפן טיש, האָט מרדכי דער־קלערט, אַז מאָרגן גייט ער זוכן אַרבעט אין די שכנותדיקע דער־פער. די ברידער האָבן אים אָנגעקוקט מיט שטוינונג. פרוי לוי האָט געמאַכט געוואַלטן און זיך געשוואוירן, אַז די פּויערים וועלן אים באַליידיקן און צום טויט שלאָגן, איין גאָט ווייסט וואָס ס׳וועט געשען.

ביים אָנהייב האָט מען אים בכלל אָפּגעזאָגט יעדע אַרבעט, יידישע אַרבעטס־הענט זענען באַשעפטיקט געוואָרן נאָר אונטערן דרוק פון אַרבעטס־סעזאָן, נאָך לאַנגע אומזיסטע זוכענישן האָט מען אים צוגענומען צום קלייבן קאַרטאָפל אין אַ פאַרוואָרפענער פערמע. דער פאַרוואַלטער האָט אים באַלד אַ זאָג געטאָן: „דו ייד, ביזט הויך ווי אַ בוים, איך וועל דיר געבן טעגלעך צוויי קילאָ קאַרטאָפל, אָבער הער נאָר, צי ווייסטו אויך האָבן מוט זיך צו שלאָגן?” מרדכי האָט אים באַטראַכט מיט אַ פאַרגליווערטן און דורכדרינגלעכן בליק און געשוויגן.

צומאָרגנס איז ער צוויי שעה פאַר באַגינען שוין געשטאַנען אויף די פיס. זײַן מאַמע האָט אים געפּרוּווט צוריקהאַלטן: — ס׳וועט מיט אים פאַסירן אַן אומגליק ווי ס׳האָט פאַסירט מיט דעם און יענעם, וואָס זענען צוריקגעקומען פאַרבלוטיקטע. מרדכי האָט זי אויסגעהערט מיט אַ שמייכל, כ׳בין דאָך ווי אַ בוים, האָט ער ביי זיך געטראַכט.

אָבער געפונענדיק זיך איינער אַליין אין פעלד, אין גראָען באַגינען, ווען דאָס ביסל וואַרעמקייט פון גלעזל טיי און פון די

פאַר אַראָפּגעשלונגענע בולבעס איז פאַרשוווּנדן, זענען אים צוריק־געקומען אויפן זינען די ווערטער פון פּערמע־פּאַרוואַלטער.

רבונו של עולם, האָט ער צו זיך געזאָגט, ער גייט דאָך אַהין אַרבעטן, ער וועט זיך דאָרט אויפפירן מיט אַלעמען אַזוי גוט, אַז דער שד אַליין וועט נישט האָבן קיין האַרץ אים שלעכטס צו טאָן.

די ערשטע מאָרגן־שעהן זענען פאַרבײַ אָן שום געשעעניש. אויסשפּרייטנדיק די פיס, האָט ער אויפגעהויבן דעם אַרבעטס־מכשיר און מיט כוח אים אַראָפּגעלאָזט אַרום די פאַרטרו־קנטע קאַרטאָפל־קוסטעס, מיט פלייסיקייט איבערגעגראָבן די ערד אין אירע טויזנטער געוועבן און האָט אָנגעוואָרפן די פרוכט ביים ראַנד פון אָפענעם גרוב. לינקס און רעכטס פון אים זענען די רייען פון די פוילישע אַרבעטער געגאַנגען פאָרויס מיטן זעלבן גאַנג. צוליבן אָנשטרענג, ער זאָל חלילה נישט בלייבן הינטער־שטעליק, האָט ער נישט באַמערקט די פאַרוווּנדערטע און אומצו־פרידענע בליקן, וואָס זיינע שכנים האָבן צוגעוואָרפן צו דעם שטאָל־טנעם יידישן בחור, וואָס האָט אין זיין לאַנגער צעכראַסטעטער קאַפּאָטע פעסט געהויבן זיין לאָפּאַטע, מיט דבקות פון אַ גלח און בלינדער פלייסיקייט פון אַ שמיד.

אָנקומענדיק אינדערמיט פעלד, האָט ער אַראָפּגענומען זיין סאַמעטענעם קאַפּעלוש און אים פאַמעלעך אַוועקגעלייגט אויף צוויי קאַרטאָפל־צווייגלעך. אָבער ווען דער שווייס האָט זיך געגאָסן איבער זיין פנים האָט ער, אַ צען מעטער ווייטער, אַראָפּגענומען אויך זיין קאַפּאָטע.

דערנאָך, ווען די ריי פון די קאַרטאָפל־קלויבערס האָט כמעט דערגרייכט דעם עק פון פעלד, האָט ער דערפילט אַ מין שפּין מיט פילצאַליקע שנײַדנדיקע לאַפּקעס אויף זיין פלייצע, ער האָט זיך אַזש איינגעבויגן פון ווייטיק. אָן איינגעקאַרטשעטער האָט מרדכי פאַמעלעך אויפגעהויבן זיין לאָפּאַטע, שעפּטשענדיק: „גאָט מיינער, העלף דיין קנעכט, העלף." נאָר אַ דאַנק דער תפילה וואָס ער האָט געמורמלט ביי יעדן קאַרטאָפל־בערגעלע, אַזוי האָט ער זיך דאָס דערקלערט, איז ער העלדיש דערגאַנגען ביזן עק פון פעלד און האָט דערגרייכט די זעלבע נאָרמע וואָס די פוילישע אַרבעטער.

צו מיטאָג איז ער אַוועק אין פעלד, גענומען די קאַפּאָטע און

דעם קאַפּעלוש. ציטערנדיק פון קעלט און פון אומקלאָרע שרעק, איז ער צוגעגאַנגען צום פייער פון צווייגלעך, אַרום וועלכן ס'זענען געווען אויסגעשטעלט די אַרבעטער.

ביי זיין אָנקומען זענען זיי אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און אַריינגעוואָרפן דריי בולבעס אין דעם הייסן אַש. די שווייגענדיקע בליקן אַרום האָבן אין אים דערוועקט טויט־אימה. דער פאַרוואַלטער איז אַוועק צו זיינע עסקים און מרדכי האָט זיך געפילט ווי ביים וואָלף אין פּיסק. דער קלענסטער ריר — און די חיהשע ציין בייסן זיך איין אין זיין גוף. קוים געכאַפּט דעם אָטעם פון פחד, האָט ער אַרויסגענומען אַ קאַרטאָפל פון אַש און אים געקייקלט אין זיינע דלאָניעס.

— ער באַנוצט זיך מיטן פייער, נישט פרעגנדיק אפילו — האָט ווער הינטער אים געברומט.

פון גרויס מורא, האָט מרדכי אַרויסגעלאָזט די בולבע און זיך באַלד אויפגעשטעלט, פאַרדעקנדיק מיט דער האַנט דאָס פנים ווי צום באַשיצן זיך פאַר אַ קלאַפּ.

— כ'האָב נישט געוווּסט, פּאַניע — האָט ער געשטאַמלט אין זיין צעבראָכענעם פויליש — אַנטשולדיק מיר, כהאָב געמיינט...

— איר האָט געהערט? ער האָט געמיינט...

— איר האָט געהערט ער האָט געמיינט...

דער פויער איז געווען כמעט אין זיינע יאָרן, טראָץ דער שאַרפער קעלט זענען זיינע אָרעמס געווען אַנטבלויזט און זיין האַלב צעעפנט רעקל האָט אָפּגעדעקט אַ מעכטיקן יונגן קאַרק ווי ביי אַ ביק. די פאַרהאַרטעוועטע לאַפּעס, מיט גאווה צעלייגט אויף די באַקעס, האָבן נאָך שאַרפער אויסגעדריקט דעם אויסזען פון אַ פאַסיווער חיה. מרדכי האָט אויפגעציטערט. פון רויטלעכן רויקן פרצוף, האָבן צוויי העלבלאָע אויגן אים אָנגעקוקט מיט אַ מין שטילער און שווערער שנאה.

— נישטאָ וואָס צו רעדן — האָט עמיצער אַ בורטשע געטאָן — מען דאַרף זיך שלאָגן.

מרדכי האָט זיך געוועקט:

— צוואָס עפּעס זיך שלאָגן?

און ווענדנדיק זיין פנים צו דער גרופּע פויערים, האָט ער

אָנגעהויבן זיך פֿאַרטיידיקן, לויט דער אָנגענומענער שיטה פֿון אונזערע אַלטע חכמים, אין ענלעכע פֿאַלן:

— מײַנע הערן — האָט ער געזאָגט, אויפֿהויבנדיק די האַנט — דערלויבט מיר איך זאָל אײַך נעמען אַלס עדות, איך האָב דאָך נישט געוואָלט באַליידיקן דעם פּאַן, ווען כ׳האָב באַנוצט די קוילן פֿאַר מײַנע קאַרטאָפֿל, גלויבט איר מיר נישט?

— און ווײַל ס׳איז דאָ נישטאָ קיין שום באַליידיקונג — האָט ער ממשיך געווען, אין היץ פֿון זײַנע רייד מיט אַ ציטערדיק קול, אָבער מיט אַן אויפֿגעהויבענער און טיף אָטעמענדיקער ברוסט, צוהאַלטנדיק זײַנע קני אויף דער ערד — און ווײַל כ׳האָב קיינעם נישט באַליידיקט, וועט איר דאָך אודאי פֿאַרשטיין, מײַנע הערן ערד־אַרבעטער, אַז ס׳זענען דאָ אַרגומענטן, וואָס זענען גענוג אויף אויסצוגלײַכן דעם סכסוך מיט דעם פּאַן? — האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ באַדויערנדיקן טאָן.

— וואָס פּלוידערט ער דאָרט דער זשידעק — האָט דער יונגער פּאָלאַק געזאָגט מיט אַן איבערצייגנדיקער שטים. און מיט אַן ענערגישער האַנט־באַוועגונג מרדכין אַ שליידער געטאָן צו דער ערד.

מרדכי האָט זיך גערוקט אויף זײַנע עלנבויגנס, אויף עטלעכע מעטער פֿאָרויס. דער ריח פֿון דער ערד האָט גערייצט זײַנע נאָזלעכער. די פּויערים האָבן זיך הילכיק צעלאַכט פֿון זײַן צע־טומלעניש. ער האָט אַראָפּגענומען אַ שטיקל ליים־גרודע, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו זײַן באַק.

דער יונגער פּאָלאַק האָט געמאַכט אַ טריט. מרדכי האָט צו־געלייגט אַ פֿינגער צו זײַן באַק, כדי אַ ביסל לײַכטער צו מאַכן דעם קלאַפּ. ער האָט געמוזט וויסן די מענטשן, אַז זיי האָבן דאָ געהאַט אַ טעות; מען קאָן דאָך נישט צווינגען אַ גלויביקן מענטש, ווי ער, זיך צו שלאָגן. אַ ייִד, וואָס אַלע זײַנע פּרינציפּן שטעלן זיך אַנטקעגן אַזאַ מין התנהגות, וואָס פּאַסט זיך בכלל נישט צו דער תורה פֿון אונזערע חכמים, אַ יונגער לוי, וואָס האָט קיינמאָל נישט בײַגעוווינט קיין געשלעג און נישט געוווּסט וואָס דאָס הייסט אַ קלאַפּ פֿון אַ פֿויסט.

אָבער אַז דער אָנפֿאַלער האָט זיך צו אים מער דערנענטערט,

ציענדיק נאַריש מיט די אַקסלען, האָט מרדכי דערפילט, אַז די אַלע רייד זענען אַרויסגעוואָרפענע.

און ווי ער האָט זיך נאָר געגרייט צום אַנטלויפן, האָט דער פויערישער שטיוול אים דערגרייכט און ער איז געפאַלן מיטן גאַנצן פּנים צו דער ערד. — שמוציקער ייד, שמוציקער ייד — האָט דער פויער הנאהדיק איבערגעחזרט און האָט מיט קראַפט גע־קאָפּעט אין מרדכיס הינטער־חלק יעדעס מאָל, ווען ער האָט גע־פּרוּווט זיך אויפהויבן. אַ קול פון נצחון האָט זיך דערהערט און מרדכי האָט פּלוצים דערפילט, אַז זיין פולע פּראָטעסט קעגן דער בעסטיע פאַרוואַנדלט זיך אין אַ צאָרנדיקן פלאַקער, וואָס פאַר־ברענט אין אים אַלץ. ער האָט צוריק באַקומען די קראַפט אין זיין קערפּער, וואָס האָט זיך אויסגעגלייכט און אויסגעצויגן ווי אַ בויגן.

ער האָט אַליין נישט געוווּסט וויאַזוי דאָס איז געשען, ער איז ווידער געשטאַנען אויף די פיס, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן דעם יונגן פּאָלאַק, אויסשרייענדיק: — אָבער וואָס טוסטו?!

דער צאָרן האָט אין אים געברענט.

3

ווען די פויערים האָבן מרדכי׳ן אַוועקגענומען פון זיין צע־ממיטטן קעגנער, וועמען ער האָט אַן אויפהער געשלאָגן מיט דער פויסט, מיטן פוס און מיט דער גאַנצער שטאָלענער מאַסע פון זיין גוף, האָט ער אַ צעקאַכטער. מיטאַמאָל דערזען, אַז די ברוּ־טאַלע קריסטלעכע וועלט וואָס איז אים באַפאַלן, איז פּילפּאַכיק געשלאָגן געוואָרן.

— אָט דער ייד, איז נישט ווי אַלע אַנדערע — האָט אַ פויער געזאָגט.

אַ בושה האָט אַרומגענומען מרדכין.

נו, — האָט ער אויסגערופן מיט נאַיווער גאוה — איצט קאָן איך זיך שוין באַנוצן מיט אייער אַש?

דעמזעלבן אָוונט קומענדיק אַ היים, האָט ער געוווּסט, אַז ער באַזיצט אַ געוויסע איבערגעוויכט כלפּי זיינע נאָענטע: זיין קערפּער, וואָס איז שטאַרק צוגעבונדן צו דער ערד, צו די געוויקסן און צו די בהימער, צו אַלע רויקע און געפּערלעכע חיות, אַריינגערעכנט אויך די, וואָס טראָגן דעם נאָמען מענטש.

אין דער ערשטער צייט האָט יעדער נייער אַרבעטס־פּלאַץ אַרויסגערופן אַ געשלעג. אָבער זיין שם אַלס „שלעכטער ייד" האָט אים אין דער גאַנצער סביבה פון זעמיאַק, פאַרשאַפט סימפּאַטיע. וואָס שייך די אידעלע ידישע נשמות פון זעמיאַק, האָבן זיי אויף אים געקוקט אַ ביסל קרומלעך און מיט דרך ארץ, ווי ס׳פּאַסט לגבי אַ געפאַלענעם לוי, און מיט פאַראַכטונג און געהייםער קנאה, ווי לגבי אַ גרויסן גזלן. די לוי׳ס האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט חשד: זיינע מגושמדיקע הענט האָבן זיי געשראָקן און זיין התנהגות האָט ווייט נישט עדות געזאָגט פון קיין טראַדיציאָנעלער תמימות און געהעריקער בטלנות.

איינציקווייז, האָט ער זיך געמאַכט די געוווינהייט צו קומען קיין זעמיאַק נאָר פרייטיק פאַרנאַכט, פאַר קבלת־שבת. דעם גאַנצן שבת איז ער געווען פאַרטאָן מיט יראת־שמים און זונטיק פאַרטאָג מיטן סידור און תפילין־זעקל אין זיין טאָרבע, האָט ער זיך ווידער מפקיר געווען דער ווייטער נאַטור.

אין איינעם אַ טאָג, ווען ער איז אָנגעקומען אין אַ דאָרף, ווייט פון זעמיאַק, האָט ער באַגעגנט אַן אַלטן ייד, אַ דאָרפסגייער, וועלכער איז געזעסן אויף זיין וואַנדער־פּעקל, אויפן ראַנד פון שליאַך, מיט אויגן פול מיט צער. ער האָט געטראָגן זיין משא אין אַ שכנותדיק שטעטל, ווו דער אַלטער האָט געהאַט, — אַזוי האָט ער דערציילט — אַ „שטיקל משפחה". דאָס פּעקל האָט אַנטהאַלטן ידישע מעשה־ביכלעך, פאַרביקע קרעלן, אַ ביסל גלאָזוואַרג. מרדכי האָט אויף קאַטאָוועס, אים געהאָלפן פאַרקויפן אַ ביסל סחורה אין די דערפער, דער אַלטער הענדלער האָט זיך צוגעקוקט און געשמייכלט. אָבער אַז זיי זענען נאָך דריי טעג אָנגעקומען אין שטעטל, האָט דער אַלטער געזאָגט צו מרדכין: — איך

האָב פֿאַרענדיקט מיט מיינע עסקים, איך קאָן מער נישט גיין איבער די דערפֿער. נעם דו צו דעם פּאַק און גיי. איך לאָז דיר איבער מיין ביסל סחורה, מיינע קליענטן, דעם פּלאַן פֿון מיין וועג. דו ביזט דאָך פֿון די לוי׳ס פֿון זעמיאַק; איך ריזיקיר דאָ גאָר־נישט. אַז דו וועסט אָפּשפּאָרן אַ פּאָר גילדן, וועסטו קומען אַהער מיר אָפּגעבן דעם קרן. גיי, זיי מצליח.

מרדכי האָט געלאָזן אַרויפֿגעלייגט דאָס פּעקל אויף זיינע פּלייצעס.



אַ וואַנדערנדיקער הענדלער האָט תמיד געפֿונען אָן אכסניה אין די דערפֿער און שטעטלעך. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ ביסל לעבעדיקייט, אַ ביי ווינטל אין די פֿאַרוואָרפֿענע ישובים, וואָס זענען אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר געווען איינגעקאָרטשעט אין זיך אַליין.

מרדכי האָט ליב געהאַט פּשטות, פֿרייקייט, געלאַכט אויפֿן הויכן קול, געגעסן מיט אַפּעטיט און געאַמפּערט זיך מיט יעדן, וואָס האָט נישט אָפּגעשאַצט זיין סחורה, אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערנענטערט צו זעמיאַק, האָט ער פֿאַרלאָשן דאָס לע־בעדיקע פֿייערל פֿון זיינע אויגן און געפֿילט, ווי עס נעמט אים אַרום אַ שלוווהדיקע כוואַליע פֿון מורא. מיט שעמעוודיקער פֿאַר־זיכטיקייט האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם פּדיון אויפֿן עק פֿון טיש, ביי אַ קאַלטער שטילקייט פֿון די לוי׳ס.

— ביזט טאַקע צוריק דאָ? — האָט דער פֿאָטער געפֿרעגט מיט ביטול. — זיי האָבן דיך טאַקע אָפּגעלאָזט? — און אַז מרדכי האָט פֿון בושה אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, האָט אים דער פֿאָטער גערופֿן — קום אַ ביסל נענטער, תכשיט מיינער, לאָמיך אַ קוק טאָן ווי ס׳זעט אויס מיין זון, צי האָט ער נאָך אַ יידישע צורה. אָבער קום נאָר אַהער, אויף וואָס וואַרטסטו? אויפֿן נעכטיקן טאָג? — און מרדכי האָט געציטערט ווי אַ בלעטל אויפֿן ווינט.

און ווען ער האָט זיך ווידער געפֿונען אויפֿן שמאָלן וועג, לאָזנדיק הינטער זיך די איינגעבויגענע הייזקעס פֿון זעמיאַק, זענען אין זיין מוח אויפֿגעגאַנגען מאָדנע קשיות. אַמאָל האָט אים אַ חבר

געגעבן במתנה אַ טייטל. פון דעמאָלט זענען מענטשן כסדר געקומען באַקוקן די זעלטענע פּרי. מען האָט מיט איפער געבלעטערט אין חומש, כדי אויסצוגעפונען דאָס וואָרט „תמר", וואָס באַדייט אַ טייטל, און מרדכי אַליין האָט געטרוימט, ביים אָנבליק פון דעם איינציקן טייטל האָט ער געזען פאַר זיך גאַנץ ארץ ישראל. דאָ זענען די בני־ישראל אַריבערגעגאַנגען דעם ירדן, אויסגעשפּרייט זיך אויפן קבר רחל און באַזוכט ביים כותל המערבי אין ירושלים; זיך געבאָדן אין די חמי־טבריה. און ווען מרדכי האָט געהאַלטן צווישן זיינע פינגער־שפּיצן דעם גראָען און צעקוועטשטן טייטל, האָט ער זיך אַליין געפרעגט — רבונו של עולם, וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדייטן: אַ דאָרפסגייער, אַ וואַנדערער צווישן די פעלדער, איינער פון די לוי'ס ווייט פון זעמיאַק, אַ טייטל, אַ שלימזלדיקער ייד, חמי־טבריה פון ים־כנרת, און אַ יונגער מענטש, וואָס שטייט אַנטקעגן דעם לעבן?

און טויזנט אַנדערע קשיות.

איינמאָל, אָנקומענדיק אין שטעטל קריזשאָווניק, אין אַ מרחק מער פון צוואַנציק טעג גאַנג פון זעמיאַק, האָט ער זיך אַליין געפרעגט, צוואָס האָט דער רבונו של עולם באַשאַפן אַ מרדכי לוי. שוין יאָרן האָט זעמיאַק נישט געהאַט קיין בכבודיקן שטאָטס־נאַר, און עס ווערט דאָך געבערענגט אין די ספרים: „נישטאָ די שטאָט וואָס האָט נישט איר חכם און איר משוגענעם". אָבער וואָס קאָן מען טאָן, איז ער טרויעריק געוואָרן, מיט אַזאַ חיה ווי מרדכי, וואָס איז באַשאַנקען געוואָרן מיט ביידע מעלות?

ער איז געווען זייער מיד. ער וואַנדערט שוין אַזוי פון באַגינען, און אין זיין פאַרמאַטערקייט האָט ער פונווייטן געזען די בערגלעך פון קריזשאָווניק, ווי זיי וואָלטן געטאַנצט אין דער פאַר־נאַכטיקער שקיעה. יעדע ווייל'ע האָט ער געקוקט צום הימל מיט זאָרג, טאָמער האָט זיך שוין אַ שטערנדל באַוויזן וואָס זאָגט עדות, אַז דער שבת קודש האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד. צמאָל האָט געטראָפן, אַז אַן ערשטער פרייטיק־צו־נאַכטס שטערן האָט אים איבעראַשט אינמיטן וועג, זיין פעקל האָט ער דאַן איבער־געלאָזט צווישן די הויכע גראָזן אין פעלד.

ביים אָנקומען אין שטעטל האָט אַ יונג מיידל געשעפּט וואַסער

פון ברונעם. מיט חנודיקער לאַנגזאַמקייט האָט זי געצויגן דעם נאַסן שטריק פון קאַלטן קוועלנדיקן וואַסער. אָנגעטאָן איז זי געווען שבתדיק: האַלבע שיך מיט פערלמוטענע קנעפּ, אַ טונקל־גרין, סאַמעטן קלייד און אַ געשטריקט ווייס שפּיצן־קעלנערל אַרום האַלדז.

פונדערווייטנס נאָך האָט מרדכי דערשפּירט אין איר די פּאַרפּי־רעניש אַליין; די עלאַסטישע שייַנקייט אין אירע באַוועגונגען, האָט געפּלאַטערט מיט עפּעס אַ געהיימער דראָונג...

ער האָט זיך שטיל דערנענטערט מיטן גראָז און דערזען פאַר זיך אַן אמתע ידישע שיינקייט, אַזוי הויך און שלאַנק ווי ער אַליין. דריי שריט פון איר, איז ער איבעראַשט געוואָרן פון איר פּראָפיל, מיטן קורצן נעזל און צניעותדיקע אויגן, איר קליינער שטערן, עטוואָס אַרונטערגעצויגן דורך אירע שווערע שוואַרצע צעפּ, וואָס האָבן אַרומגענומען איר צאַרטן נאַקן. „זאָל מיך גאָט נישט שטראָפן", האָט ער געזאָגט, „זי האָט געפונען חן אין מיינע אויגן".

וואַרפנדיק זיין פּעקל אויפן גראָז, ממש צו די פיס פון דעם מיידל, האָט ער אויסגערופן מיטן קול פון אַ געניטן דאַרפסגייער:

— מייך טייבעלע, קאָנסטו מיר ווייזן דעם וועג צו דער שול?

זיין קול האָט געדונערט ווי פון אַ הייל אַרויס. דאָס מיידל האָט אויפגעציטערט פון קאָפּ ביז די פיס, זי האָט אָפּגעלאָזט דעם שטריק און אים צוריק אָנגעכאַפּט. אָוועקשטעלנדיק דעם הילצערנעם עמער אויפן ברונעם־ראָד האָט זי אויסגעשריגן:

— וואָס פאַר אַ פּויערישער טייוול, וואָס פאַר אַ אָנשיקעניש.

באַלד אָבער איז איר בייזע מינע פאַרשוווּנדן, ביים אָנבליק פון דעם יונגן שמייכלדיקן בחור, איז איר פּנים מילדער געוואָרן.

— בין איך אַ פערד? — האָט זי געזאָגט מיט חן, אין אַ זאַפטיקן ידיש — אָדער אַן אייזל, אַן אָקס, אַ קעמל?

מיט אַ פלינקער באַוועגונג האָט זי אַ וואָרף געגעבן אירע שוואַרצע צעפּ אויפן רוקן, אירע שוואַרצע אויגן האָבן האַסטיק מיט ברענענדיקער נייגעריקייט אָנגעקוקט מרדכין; אָבער זי האָט צונויפגעשנירלט איר קליינע ליפּן, באַשליסנדיק אים אַרויס־צווייזן אַ וואָס גרעסערע מאָס פון צאָרן.

— אַלעמערשט — האָט זי ענדלעך געזאָגט — רעד איך נישט

מיט קיין פרעמדע מאַנצבילן, נאָר אויב איר ווילט נאָכגיין אַ צען מעטער הינטער מיר, וועל איך אייך אויפן וועג וויַיזן די שול.

און אָפּמעסטנדיק אים מיט אַ זייטיקן בליק, האָט זי זיך, איין איר שטאָלצן גאַנג, אומגעקערט אין שטעטל, אַרויסוויַיזנדיק גלייכגילטיקייט צום „פרעמדן".

מרדכי האָט זיך צוגעפּיפּן גייענדיק.

— זאָל מיר גאָט מוחל זיין — האָט ער אָפּגעזיפצט, אַרויפ־רוקנדיק שווער זיין זעקל אויפן אַקסל — זי געפעלט מיר, זי געפעלט מיר אפילו שטאַרק, אָבער... איך וואָלט מיט פאַרגעניגן זי אַ ביסל אָפּגעקילט.

אַ צעטראָגענער פון דעם צווייאיקן געפיל, האָט ער זיך באמת, אָפּהיטנדיק דעם דיסטאַנס פון צען מעטער, איר צוצוואַרפן פאַר־שידענע שטעכווערטלעך, וואָס האָבן דערפירט צו דעם, אַז דאָס מיידל האָט ברוגזדיק פאַרגיכערט אירע שריט. די צעפּ האָבן גע־שווען איבער אירע שיינע אַקסלען, ווי אַ צערייצטע פערדישע גריווע און זייער שווער באַוועגן זיך, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַ מין חיה׳שע קאָקעטישקייט, האָט מרדכין נאָך מער גערייצט צוצוטראַכטן אַלץ נייע ליצנותן:

— אַזוי טאָקע — האָט ער הויך געשריגן — נעמט איר אויף אורחים אין אייער שטעטל? צען מעטער פונדערוויטנס?... צי ווייסט איר, אַז גאָט האָט אויסגעוויילט אברהם אבינו דערפאַר, ווייל ער האָט מקיים געווען די מצווה פון הכנסת אורחים? כאַפּט אַ מחשבה, אפשר בין איך אויך אַ געשיקטער פון גאָט?

אָבער גייענדיק, מיט זיכערע טריט אויפן שליאַך, האָט דאָס מיידל געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי הערט אים בכלל נישט, און מרדכי האָט נישט געוואָגט צו פאַרקלענערן דעם אָפּשטאַנד צווישן זיי. אַז ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ הילכיק געלעכטער, זענען, צו זיין איבעראַשונג צו אים דערגאַנגען, פון דער טענצלדיקער געשטאַלט, פון אַ צען מעטערדיקן מרחק, די פּאָר טרוקענע ווער־טער, געמילדערטע עטוואָס דורכן ווינט:

— ווען מען הערט אייך רעדן, חשובער הער, קאָן מען גיכער גלויבן, אַז איך האָט אַהער געשיקט דער טייוול אַליין.

מרדכי האָט זיינע אייגענע אויערן נישט געגלויבט און טראַכטנ־

דיק, צי ער דאַרף זיך צוליב דעם ערגערן, האָט זיך צו אים דער טראָגן אַ דערשטיקט געלעכטערל, און די שוואַרצע גריזוע האָט זיך ווידער צעפּלאָטערט מיט נצחון:

— אַזש דער טיוּול, פּע, אַ ביסל צופּיל — האָט זי אַליין זיך אַרויסגעכאַפּט.

עפּעס אַ טרויער איז אַראָפּ אויף מרדכין; ער האָט באַשלאָסן צו זיין אין כעס און איז אַנטשוויגן געוואָרן. פלוצים האָט ער דערפילט דעם דרוק פון פּעקל אויף דער פּלייצע. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער זיך געערגערט צוליב זיין שווערן טולופּ, וואָס זיין געלער פוטער איז געווען אויפגעריסן, וואָס זיינע שטיוול האָבן געעפּנט די מיילער און צוליב זיין אָפּגעבליאַקעוועטן, סאַמעטענעם קאַפּעליוש וואָס האָט געדינט, ווייזט אויס, אַלס כלי צו פאַרשידענע פליסיקייטן.

— וואָס איינגנטלעך אַרט דאָס מיך — האָט ער זיך אַליין געבייזערט — צי בין איך אַ גאָלד־מטבע כ'זאָל אַלעמען געפעלן?

אין דעם מאָמענט האָט דאָס יונגע מיידל אַראָפּגעשטעלט דעם עמער אויף דער ערד, און שמייכלנדיק צו אים האָט זי קאָקעטיש געהויבן די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: נו, נו, ערגערט איך נישט, דאָס האָט איר דאָך אָנגעהויבן... אַ טרייסל מיטן קאָפּ, און ווייטער גענומען שפּאַנען מיטן שווערן עמער וואַסער ביי דער זייט, וואָס האָט אונטערגעהאַפּקעט אין טאַקט צו אירע עלאַסטישע טריט. ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי טראָגט אים לייכט ווי אַ בלומען־קראַנץ, אָבער די נערוועזע שוים האָט באַשפּריצט איר סאַמעטן קלייד, איבערלאָזנדיק אויף איר, מיניענדיקע טראָפּנס ליכט. דער בחור האָט געפילט, אַז די רגע איז אים זיס און טייער.

הינטער דער שטאָט־קירכע האָבן זיך באַוויזן די ערשטע יידישע הייזער, איינגעהויקערטע, און צונויפגעדריקטע איינס צום אַנדערן ווי צעשראָקענע זקנות. דאָ און דאָרט האָט זיך דורכגעגליטשט אַן עלטערע געשטאַלט אין באָרד און פּאות, די נאַכט האָט מיט־אַמאָל אַראָפּגענידערט צוזאַמען מיט אַ דין רעגנדל; דאָס מיידל, וואָס האָט געשוועבט מיט לייכטע טריטלעך פאַר מרדכין איז איצט געווען נאָר אַ שאָטן. פלוצים איז דער שאָטן ווי צעשוווּמען געוואָרן און אַ קליינער ווייסער פינגער האָט אים אָנגעצייכנט דעם איינגאַנג

אין אַ געסל: „דאָרט איז די שול", האָט געזאָגט דער פינגער. דערנאָך איז ער אויך פאַרשוווּנדן.

— פאַר וועמען האַלט זי מיך? — האָט מרדכי געשטוינט — איך בין דאָך נישט קיין הונט, וואָס מען...

און אַראָפּלייגנדיק זיין פּעקל, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס, מיט אימפּעט און ברען, ווי איינער וואָס האָט דאָס געפּיל, אַז ער איז גערעכט.

דאָס יונגע מיידל, צעשראָקן פון דעם שנעלן געלויף, האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ הויף. אָבער ווען ער האָט זי געזען דריי מעטער פון זיך, אַזאַ שיינע אויך אין שאָטן, האָט ער זיך געטראַכט: איינ־דעראמתן, נישט איר האָב איך צו דאַנקען, מירן גאָך זען. זי, אַ ביסל אַ נערוועזע, האָט אים אָפּגעוואָרט, מיט איין האַנט אויפן הענטל פון טויער, גרייט צו אַלץ וואָס קאָן קומען.

— ווילט איר אפשר — האָט ער געשטאַמלט — זענט איר מסכים איך זאָל אייך צוטראָגן דעם עמער?

איר זענט דאָך אַ פּעדלער, נישט אמת? האָט זי געזאָגט מיט איינגעהאַלטנקייט — היינט דאַ, מאָרגן דאָרט. ווי נעמט זיך ביי אייך די העזה אַזוי צו מיר צו רעדן?

און מיט אַ קאָקעטישן שמייכל (אין וועלכן ער האָט פאָרט געקאָנט זען אַ דינעם שאָטן פון חרטה), האָט זי דערוויטערט פון אים דעם האַלב־ליידיקן עמער, געגריסט דעם בחור מיט אַ טרייסל פון איר צעפּ און אָנגעהויבן צו לויפן, באַשפּריצנדיק דעם וועג מיט וואַסער, אַז ער האָט נישט באַוויזן צו זען וועלכעס געסל האָט זי איינגעשלונגען.

מרדכי האָט פאַמעלעך אויפגעהויבן זיין פּעקל און איז געגאַנגען איך שול אריין. א שטערן האָט געווונקען אויפן הימל, אָבער דער שטערן האָט נישט געבראַכט דאָס דורכזיכטיקע ליכט פון שבת, ווייל דער שטח פון הימל, וווּ עס האָט געשטעקט דער שטערן, ווי אַ גילדענע קאָפּ־שפּילקע, האָט זיך אים אויסגעדוכט, איז געווען אויסגעשניטן פון אַ נאַכט־סאַמעט־קלייד פון אַ יונגע יידישע טאָכטער...

# 4

נאָך תפילת קבלת־שבת, האָבן די מתפללים, הוסטנדיק, בײ העזויות זיך געאַמפּערט, װער ס׳זאָל האָבן די זכיה מקיים צו זײן די מצוות פון הכנסת אורחים. בדרך כלל איז אַזאַ מענטש װי מרדכי, גערופן געװאָרן צום שטאָטס־נגיד װאָס איז באַקאַנט מיט זײן פאַראינטערעסירונג מיט דער אױסערלעכער װעלט. דאָסמאָל אָבער, האָט דער רב אים נישט צוגערעכנט צו די „פרײלעכע גײ־ערס", נאָר צו די „אורחים, װאָס לעבן פון מסחר" און ער האָט אים פאַרבעטן צו זיך צום טיש.

רבי — האָט מרדכי געזאָגט — מײן פּלאַץ איז נישט בײ אײער טיש. איך בין נישט קײן ערלעכער ייד, איך בין עפּעס טרויעריק דעם הײנטיקן אָװנט... רבי.

— פאַרװאָס ביזטו טרויעריק? — האָט דער רב, אַן איבער־ראַשטער, געפרעגט.

— פאַרװאָס איך בין טרויעריק — האָט מרדכי געשמײכלט — װײל איך בין נישט קײן גוטער ייד.

דער רב איז געװען נידעריק און פעטלעך, מיט אַ קלײן מויל, ס׳האָט אױסגעזען, אַז ער רעדט פון דער באָרד אַרויס.

— מירן גײן — האָט ער פּלוצים אַ זאָג געטאָן — רעד גאָרנישט.

די סעודה איז געװען כיד המלך. מרדכי האָט זיך עס בעסער נישט געקאָנט פאָרשטעלן: פיש־יויך, פלײש־זופּ, געבראָטן רינד־פלײש און אַ בעטעמט מײערן־צימעס. אין זײן גאַנצער התפּעלות פון דעם שײנעם קבלת־פּנים, האָט מרדכי נישט געעפנט די ליפּן, און האָט נוהג כבוד געװען מיט באַשײדנקײט, װי ער װאָלט געװען בלויז אַ שאָטן. פּלוצים איז ער װי צעשװומען געװאָרן, װען די בעל־הביתטע האָט דערלאַנגט אַ מאכל פון באָקסער, האָט ער זיך נישט אײנגעהאַלטן, פון צו זאָגן:

— אַך, ברידער, אַ שפּיץ פון אַ באָקסער, סאיז דאָך טעם גן־עדן, ס׳דערמאָנט דאָך ארץ־ישראל. בײם עסן דאָס, דערװעקט

זיך אַ בענקשאַפט און דו זיפצסט אָפּ: קער אונז אום, רבונו של עולם, אין אונזער לאַנד פון זבת חלב ודבש, ווי ציגן עסן באַקסער בשפע.

ביי די ווערטער האָט זיך דערפילט אַן אויפרודערונג. און ס׳זענען אַרויפגעבערענגט געוואָרן די אוראַלטע נצחיותדיקע קשיות: ביאת המשיח? תחית המתים? גאולת הארץ? דער גורל פון פאָלק? פרנסה?

ס׳שטייט געשריבן: — און כ׳וועל שליסן אַ בונד צווישן אייך און די חיות פון פעלד? וויאַזוי, טייערע ייִדן, וועלן מיר צואיילן דאָס קומען פון משיח צדקנו? — האָט דער רב פאַרענדיקט. אויפ־הויבנדיק די הענט כלפי שמים.

דאָ, האָבן אַלע טיש־זיצער געוווסט, אַז אָט דער דאָזיקער צוויי־טויזנט־יעריקער וויכוח האָט געשטאַרקט די אמונה, האָט דער־גרייכט די איידלסטע הויכן פון קיום האומה.

— מען מוז לײַדן — האָט געזאָגט אַן אַלטיטשקער, מיט טריבע אויגן און רויטלעכע אַראָפּהענגענדיקע ליפּן, וואָס האָט נישט אויפ־געהער־ט צו שאָקלען מיטן קאָפּ, — מיר מוזן לײַדן, נאָכאַמאָל לײַדן און טאָקע ווידער לײַדן, וויל...

— הער גרינשפּאַן — האָט אים די רבצין איבערגעריסן — איז וואָס מיינט איר דאַרפן מיר טאָן? — איר האַלט, אַז דאָס איז אַלץ נאָך נישט גענוג?

— שאַ, שאַ, האָט דער רב געפּרוווט באַרויקן.

— ווייל ס׳שטייט געשריבן — האָט דער אַלטער ממשיך געווען: „שיין איז די אָרעמקייט פאַר ישראל, ווי אַ רויטע באַנד אויפן קאָפּ פון אַ ווייס פערד". (יאה עניותא ליהודאי, כי ברזא סומקא לסוסיא חיוורא *).

און נאָך ווערט געבערענגט: מיר טראָגן די לײַדן פון דער וועלט, מיר נעמען אויף זיך די יסורים און מיר דאַרפן נאָך טראָגן די אחריות, ווי די געשלאָגענע פון גאָט, די מינדערווער־טיקע. — ערשט דעמאָלט ווען ישראל וועט לײַדן פון פוס־פּלאַך ביזן

*) חגיגה ט׳ ע״ב.

קאָפּ, אין אַלע זיינע ביינער, אברים און אָדערן, און ער וועט ליגן אויפן שיידוועג, ערשט דאַן וועט גאָט ברענגען משיחן. — האָט טרויעריק פאַרענדיקט דער אַלטער גרינשפּאַן, ווי ער וואָלט געזען די וויזיע פון אַלע קומענדיקע שרעקלעכע זאַכן — ערשט דעמאָלט, נישט פריער.

— ידידי גרינשפּאַן — האָט דער רב געזאָגט מיט עצבות: איך פרעג איך, אַזאַ הנאה פאַרשאַפט איך דאָס וואָס איר וואַרפט אויף אונז אַן אַזעלכע פּחדים? צי זענען מיר צדיקים, אַז מיר זאָלן קאָנען לעבן, ווען אַ שאַרפע שווערד ליגט אונז אויפן האַלדז? טייערער פריינט גרינשפּאַן, לאָמיר בעסער רעדן וועגן פריילעכערע זאַכן. וואָס זענען די נייעס וועגן דער מלחמה?

זאָגנדיק דאָס, כאָטש די חכמה איז אַלעמען באַקאַנט געווען, האָט דער רב אָנגעהויבן הוסטן און זיך שטיקן, ווי עס וואָלט אים באמת אָנגעכאַפּט אַ פּחד, אָבער נאָכן אָפּשפּרעכן אים אַן עין־הרע איז דער קריזיס אַדורך, ביי דער אַלגעמיינער שמחה. דער רב האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט ביים טיש און האָט אַ פאַרטראַכטער ממשיך געווען:

— איך ווייס גאַנץ גוט, חשובער גרינשפּאַן, אַז אין מיינע רייד האָט איר אפשר געזען אַ באַליידיקונג, אָבער זיי זענען נישט געווען געווענדעט קעגן איך און נישט קעגן אייערע ווערטער, און נאָר די שמחה, צוליב דעם בכבודיקן און שיינעם שבת, האָט גורם געווען, אַז איך האָב זיך אַ ביסל דערוואַרעמט... גלויבט איר נישט?

— איך וואָלט איך געגלויבט ברצון — האָט דער אַלטער, געזאָגט אַ געריר טער — אָבער דערלויבט מיר איך צו באַמערקן, אַז לויט רבי חנינא...

ס'איז אַוועק אַ שמועס וועגן געלעכטער און זיינע אייגנשאַפטן, זיין באַציונג צו ביאת המשיח.

געטריי זיין שטאַנד פון אַ דאַרפסגייער, האָט זיך מרדכי געהאַלטן באַשיידן ביז אַהער. מאָמענטנווייז, האָט אַ טונקל גרין קלייד אַדורכגעשוועבט פאַר זיינע אויגן... וויאַזוי זעט מען זי ווידער?... און לסוף איז ער מיט אַ מאַסיוו בכבודיק קול אַריין אין שמועס, ווי זיין טאַטע אין ענלעכע פאַלן:

— לויט מיין דעה, באַדייט יצחק אַ בולטער רמז, ווער ס׳וועט לאַכן אין דער צוקונפט, און לויט דער תורה האָט שרה געזען אין דעם זון פון הגר, ישמעאל, אַ „מצחק", אַ לאַכענדיקן, קום איך ממילא צום אויספיר, אַז די אַנדערשקייט צווישן אברהמס זין, ישמעאל און יצחק, באַשטייט איז דעם, וואָס דער ערשטער האָט פאַרשטאַנען צו לאַכן היינט, אין דער קעגנוואַרט און אויף אונזער פאָטער יצחק איז נגזר געוואָרן צו ווייגען ביז ביאת הגואל, וואָס וועט ברענגען דאָס נצחיותדיקע לאַכן. און זאָגט נאָר מיר, טייערע ברידער, ווי אַזוי קאָן אַן אמתדיקער יידיש האַרץ לאַכן אויף דער וועלט, נישט טראַכטנדיק דערביי וועגן עולם הבא?

מרדכי האָט צוגענענט זיין גלעזל משקה צום מויל, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און ווי אַ פויער אויסגעטרונקען מיט איין שלונג, ביי דער איבעראַשונג פון אַלע בייזיצערס. ער האָט אַ קנאַק געגעבן מיט דער צונג אויפן גומען און צוגעגעבן: — צו אונזער מזל איז דאָס האַרץ אונזערס נישט גאַנץ יידיש, ווייל ווען אַנדערש, וויאַזוי וואָלטן מיר געקאָנט הנאה האָבן דעם אָוונט פון אַזאַ מנוחה?

די לעצטע ווערטער זענען אויפגענומען געוואָרן מיט בייפאַל. דער רב האָט אין זיי געפונען אַ חסידישע מחשבה און האָט באַוווּנדערט דעם פשוטן דאָרפסגייער. מרדכי האָט שמייכלענדיק זיי איבערגעגעבן, אַז ער איז אַ לוי פון זעמיאַק.

כ׳וואָלט געשוווירן, אַז ס׳איז אמת, האָט דער רב אויסגערופן.

— אָבער איך בין ווייט פון צו זיין אַ צדיק — האָט מרדכי געשמייכלט מיט עניוות.

גאָט זאָל מיר מוחל זיין, אויב ער וועט וועלן — האָט ער געטראַכט — זי איז באמת זייער שיין...



צומאָרגנס אינדערפרי, ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון בגרייטן זיווג-בעט, ווי דער רב מיט די רביצן האָבן אים אויף אַ סגולה געלייגט דאָרט שלאָפן, האָט מרדכי זיך געקלאָגט אויף עפּעס אַ מאָדנע שוואַכקייט, אַ שווער־לייביקייט, אַלע סימנים פון קדחת. מיט אַ קריגל אין האַנט, באַגלייט פון די בעלי־בתים, איז ער

דערגאַנגען צום נאָענטן טייכל און האָט געזאָגט צו אים: „טייכל, טייכל, באַרג מיר אַ קרוג וואַסער פאַר מיין ווייטער נסיעה.“

און דאַן, ביי אַ טיפער שטילקייט פון פיל צוקוקערס, האָט ער די קריג זיבן מאָל געדרייט אַרום זיין קאָפּ און דאָס וואַסער אויסגעגאָסן הינטער זיך, אויסרופנדיק: „טייך, טייך, נעם צוריק דאָס וואַסער וואָס האָסט מיר געגעבן און נעם אויך דאָס ברענענדיקע קדחת, וואָס ברענט אין מיר, איך בעט דיך, טייך, אין נאָמען פון אונזער באַשעפער.“

ער האָט דאָס געזאָגט מיט באַגייסטערונג, אין אמתן נוסח פון זעמיאַק.

דערנאָך זענען דער חולה און זיינע באַגלייטערס צוריקגעגאַנגען אין רבס הויז, און מרדכי איז געפאַלן צו בעט.

שטעטלדיקע יידן האָבן אים מבקר־חולה געווען, שטעלנדיק זיך אים צוקאָפּנס, ווייל שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער איז אַ ל״ו־ניק. זיי האָבן אים געטראָפן אין אַ שווערן מצב, מיט אַ בלייך קרענקלעך פּנים, ער האָט באמת פאַרבראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט, ער האָט געהאַט געוויסנסביסן.

ס׳וואָלט געווען אַ שגעון ממשיך צו זיין דאָס וואַנדערן איבער דאָרף און שטעטל. און אַזוי ווי דאָס קדחת האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, האָט ער באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין קריזשאַוויניק, אַלס ממלא־מקום פון שמש. דער אופן פון זיין איינאָרדנען זיך האָט ביי אַלעמען נושא־חן געווען, אַנגעהויבן פון דער יונגער גרויווע, וואָס ער האָט ווידער געזען דרייענדיק זיך ביים ברונעם. — ווייסט איר — האָט זי אים געזאָגט לאַכענדיק — אַז אייער קרענק האָט מיך בכלל נישט געאַרט?

— איז דאָס מעגלעך — האָט ער אויסגערופן אַ געפּלעפּטער.

— זענט איר באמת קראַנק געווען? — האָט זי געשטאַמלט

— באמת?

זי איז מיט איין שפּאַן צוריקגעטרעטן און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין ראַנד פון ברונעם, איר פּנים האָט אויסגעדרוקט רחמנות, דער וויציק־איראָנישער בליק איז פאַרשוווּנדן, איידעלע און מענטשלעכע זאָרג האָט באַנומען דאָס יונגע מיידל. מרדכי

האָט דערשפּירט אַן אָנגענעם קלעמעניש אין זיין ברוסט און האָט מיט אַ מין פּעדלערישן זשעסט אַ דריי געטאָן זיינע וואָנסן.

— כ׳בין באמת קראַנק געווען — האָט ער געזאָגט מיט געמאַכטער ברוגזדיקייט — און איך בין נאָך קראַנק, מער ווי ווען־עס־איז אַמאָל... — האָט ער הייזעריק פאַרענדיקט מחמת באַהערשן זיינע געפילן.

זי איז אַוועק מיט אַ נישט פאַרענדיקט געלעכטער און מרדכי האָט דאָסמאָל זי געמעגט באַגלייטן נאָר ביי אַ פינף־מע־טערדיקן אָפּשטאַנד, וואָס זענען צומאָרגנס פאַרקירצט געוואָרן ביז דריי און זיך פאַרענדיקט מיט נול. גליקלעך ווי אַ קינד האָט ער געהאַלטן אַ האַלב הענטל פון אייז־קאַלטן עמער.

דער לעצטער חסד האָט אים פאַרשיכורט, ער האָט דערלויבט צו פלאַפּלען זיסע ריידן, ערנסטע, האַלב־טרוי־עריקע, לויט חשק, ווי עס פּאַסט אין אַ שמועס מיט אַ יונג מיידל פון קריזשאַוואניק, פון זעמיאַק, אָדער פון ערגעצוואו. מען האָט אים אָבער געגעבן אָנצוגעהערן, אַז מען וויל אים אָבער זען אַלס „פריילעכן דאַרפס־גייער״; און מרדכי האָט מיט תרעומות, אַלץ מקבל באהבה געווען. אָט די „שפּיל־ליאַלקע״ וואָס יהודית האָט ליב געהאַט אין אים, און אירע פעדעם האָט ער אליין געצויגן כדי איר צו געפעלן וואָלט ער גאַנץ גערן צעבראָכן.

— וואָס פאַר אַ משוגעת איז צו בילן צו דער לבנה? — האָט געזאָגט דאָס מיידל — אַז מען האָט ליב, דוכט זיך מיר, אין דער גרעסטער זכות צו האָבן חן, בין איך דען אַ לבנה? איך בין יהודית.

אין אַ העלן טאָג האָט זי זיך מודה געווען, כלומרשט אויף קאַטאָוועס, אַז זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ הויכן, שטאַרקן און פריילעכן דאַרפס־הענדלער ווי ער. און אָן שום ספק — האָט זי פאַרגעזעצט אין זעלבן טאָן — איז דאָס אַ כבוד פאַר איר, באַמערקט צו ווערן דורך אַ לוי פון זעמיאַק. אָבער זי איז אַ נאַרעלע, זי פילט גאָרנישט צו אים; זי וואָלט בעסער אויס־געקליבן סתם אַ לוי. וואָס באַדייטן די אַלע מוראדיקע מעשיות, אַדורכגעוויקעטע מיט בלוט, וואָס מען דערציילט זיך אָן וועגן זיין משפחה? ס׳איז באמת דאָ פון וואָס אויפגעציטערט צו ווערן.

און אַז ער האָט אויסגעזען צו זיין אַ ביסל באַליידיקט, האָט זי זיך אויבנאויפיק צעביזערט:

— איך וויל דאָס אַלץ נישט, האָסט געהערט! איך וויל לעבן מיין לעבן, מיין לעבן, וואָס האָב איך פלוצים מיט אַ צדיק צו טאָן?

— אָבער איך בין בכלל נישט קיין צדיק — האָט מרדכי פּראָטעסטירט אין פאַרצווייפלונג.

— מען קען אייך, איר די אַנדערע. דער וואָס זאָגט, אַז ער איז נישט קיין צדיק, איז בפירוש אַ צדיק. און צוּוואָס דאַרפסטו ליידן פאַר דער וועלט? און זאָג מיר נאַר, צו ליידט אויך די וועלט פאַר דיר, זאָג.

— אָבער איך לייד נישט, איך שווער דיר.

יהודית האָט אים מער נישט געהערט; אירע הענט האָבן זיך געבראָכן, זי האָט געקוקט מיט שטויינענדיקע אויגן. איר קליינע נאָז איז געווען בלייך און פון איר מויל האָבן זיך אויסגעטיילט קליינע טראָפּנס שפּייעכץ, ווי טיילמאָל ביי קעץ. זי האָט דעם יונגען בחור דורכגעדריינגען מיט אַן אויסטעטישן בליק.

— און פאַרוואָס זאָל דאָס אַזוי זיין, ס׳זענען דאָך נישטאָ קיין טויזנט ל״ו־ניקעס אויף דער וועלט, אפילו נישט קיין הונדערט, נאָר זעקס און דרייסיק, זעקס און דרייסיק! און איך נאָר פון נאַראָנים־לאַנד, ווי כ׳וואָלט זיך שוין אַלייך באַגראָבן, ווי כ׳וואָלט אים שוין ליב געהאַט, דו פאַרשטייסט מיך? — האָט זי געזיפצט מיט רירנדיקער צאַרטקייט.

און אַז מרדכי האָט אין צעטומלניש געשוויגן, האָט זי אים געשליידערט אין פנים אַריין:

— דו פאַרשטייסט, גזלן?

מרדכיס פנים האָט אויסגעדרוקט אַזויפיל אונטערטעניקייט און אומבאַהאָלפנקייט, אַז דאָס יונגע מיידל, האָט זיך געוואָרפן אויף איר תליך, האָט אים אַרומגענומען און אים געקושט אומגעריכט אויף זיינע ליפּן, דאָס ערשטע מאָל. אַן איבעראַשטער, האָט ער דערפילט איר לעבנס־אָטעם, אים דוכט זיך, אַז אַלע באַגערן פון דער וועלט וועלן זיך צעשלאָגן אין איר מויל און זיך צעשטיקלען און צעפליען העט ווייט, אין גרויסן אומבאַוועג־

לעכן הימל פון... רעיונות. און דריקנדיק זי צו זיך, האָט ער געשעפּטשעט:

— איך וועל ווערן, ווערן אפילו אַ שפּיל־ליאַלקע, ווילסטו?



דער גייסט פון זעמיאַק איז תמיד געווען אין אים טיף פאַר־באָרגן. אָבער צומאָרגנס נאָך די תנאים, האָבן זיינע אויגן געשימער־רירט פון אַנטשיידנדיקן איבערברוך. די מוראדיקע ווילדע היה, וואָס איז ביז איצט געווען אַ געבונדענע, האָט נאָר געשטרעבט אריינצוגיין אין איר אייגענער שטייג. און אָט איז דער פאַרליבטער, דער פּחדן, פּלוצים געוואָרן אַ מאַן און אַ הערשער, געשיצט פון גע־זעץ ווי מיט אייזערנע רייפן. באַלד ביים ערשטן שטרייט איז ער אַרויס מיט כעס:

— אויב דו פאַרשטייסט מיך נישט, איז עס דערפאַר, ווייל דו ווילסט מיך נישט פאַרשטיין — ער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ מאַסקע פון גאווה און רוגז, וואָס האָט שטרענג געמאַכט זיין פּנים און צעטומלט יהודית'ן ביזן העכסטן גראַד:

— ביי אונז — האָט ער איר דערקלערט — איז דער חוב פון יעדן איינעם פאַר זיין חתונה, איבערצושרייבן אויפסניי דעם יחוס־ספר פון אונזער משפחה, די גאַנצע שטאַם־געשיכטע פון די לוי'ס, כדי אים ווייטער צו געבן לייענען זיינע קינדער. ווילסטו אפשר, אַז דאָס אַלץ זאָל זיך ענדיקן, מחמת דער שיינער גריוועע דיינער? דו פאַר־שטייסט דאָך גוט, אַז איך מוז זיך אַמאָל אומקערן קיין זעמיאַק.

— גיי זיך — האָט יהודית זיך צעשריגן — אָבער קום מער נישט צוריק.

מרדכי האָט זי דורכגעשטאָכן מיט די אויגן, געצווייפלט און געווענדט צו איר דעם רוקן מיט גלייכגילטיקייט.

ער האָט נאָכנישט באַוויזן אַריבערצושפּאַנען די טיר, האָבן צוויי הענט אַרומגענומען זיינע אַקסלען און ער האָט דערפילט אויף זיין האַלדז דעם אומרויקן אָטעם פון זיין כלה:

— קום גיך צוריק — האָט די שטאָלצע יהודית אַ צעברויזטע געשעפּטשעט.

ער האָט צוגעזאָגט, געוויינט, צוגעזאָגט צו קומען.

ווען זי וואָלט אים געווען געוווּנטשן אַ מפּלה, וואָלט זי אים געווען צוריקגעהאַלטן. אָבער זי האָט אויסגעמיטן דאָס שטיי־ גער געוועזן, און מרדכי איז אַוועק קיין זעמיאַק, רייטנדיק אויף אַ פערד, וואָס איז געווען באַלאָדנט מיט שטיקער געדויכערטן רינדפלייש, מיט סלויעס קאָנפיטורן, אַ הון אין אַ שטייג. מיט פּאַשע אויף פּופּצן טעג, אַ סך מאָן־קיכלעך, געשטיקטע טישטעכ־ לעך, פּודעם־שפּולקעס, קנעפּלעך, זאָקן און אַנדערע מתּנות פאַר דעם חתנס משפּחה.

ער איז דעריבער אין אַ הייטערער שטימונג אַוועק, אָבער אָנקומענדיק נאָך דריי וואָכן קיין זעמיאַק, איז זיין פאַרשיכורט־ קייט פאַרשוווּנדן. ער האָט געטראָפן זיין משפּחה ביים טיש אַרום אַן איינציקן הערינג, אונטער דער נידעריקער צעשפּאָלטענער סטעליע, וואָס איז תּמיד געווען אונטערגעשפּאַרט מיט אַ האָלץ־ בעליק. די מאָגערע פּנימער האָבן אים אָנגעקוקט מיט אַ בייז אויג. דער פאָטער האָט אים אפילו נישט דערלאַנגט קיין שלום־ עליכם.

— איך טראַכט — האָט ער גדלות׳דיק פון אים אָפּגעהוזקט
— אַז דו האָסט חתונה געהאַט און האָסט אפילו דיין טאַטן נישט אָנגעשריבן, און דו ביזט גליקלעך.

— איך האָב זי ליב — האָט מרדכי שלווהדיק געענטפערט.

— הערט זיך צו, ער האָט זי ליב — האָט זיין עלטערער ברודער איראָניזירט, אויסשטרעקענדיק זיינע דאַרע הענט צו דער סטעליע, ווי ער וואָלט גענומען גאָט אַלס עדות פאַר דער משוגע־ דיקער זאַך.

— און איך, בין נישט געליבט? — האָט דער פאָטער פאַר־ געזעצט מיט ביטול — אָבער איך האָב געמיינט, אַז דאָס ווייב גייט נאָך דעם מאַן, מיינסטו נישט אַזוי?

— אָבער זי האָט דאָך נישט געוואָלט גיין — האָט דער חתן געזאָגט מיט צער; ער האָט פאַרביסן די ליפּן און זיך מאַרויטלט, זיין מודה זיין זיך האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינע געלעכטער.

— שאַ!

— דאָס איינציקע וואָרט האָט באַרויקט די געמיטער. דער פאָטער איז אויפגעשטאַנען, אַליין נאָך אַ געניוג שטאַלטנער, טראָץ דער

געבויגנקייט פון זיין עלטער, די הענט אויף דער ברוסט, מיט ערנסטקייט אין די טיפע, ברענענדיקע אויגן ווי פאַקלען, האָט ער מיט קלאָרקייט געזאָגט די ווערטער, וואָס זענען אפשר פון פריער צוגעגרייט געוואָרן:

— געדענקסטו מיין זון: „אַ מאַן, וואָס פרויען האָבן אים דערהרגעט, פאַר אים איז נישטאָ קיין דין און קיין דיין (כגברא דנשי קטלוהו לא דינא ולאַ דיינא *) די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף דיין קאָפּ. — ער האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט, אָפּווייכנדיק אינגאַנצן זיין בליק פון מרדכין.

# 5

יהודית האָט נישט דערקענט דעם „פריילעכן דאָרפסהענדלער", וואָס האָט זי מיט וואָכן צוריק פאַרלאָזט, זיין באָרד האָט זיך צעוואַקסן, דאָס אַ ביסל אויסגעקרימטע פּנים דינס, האָט באַקומען אַ פאַרמעט־קאָליר. ער האָט זי געדריקט אין זיינע אָרעמס מיט צעשטרייטקייט.

— מיין בלוט און פלייש — האָט זי אָפּגעזיפצט אויף דעם חתנס ברוסט — ווי מאָגער דו ביזט געוואָרן און ווי דיין פּנים איז איינגעפאַלן, ביזטו קראַנק געווען?

— יאָ, ער איז קראַנק פון ליבע — האָט יהודיתנס מאַמע געזאָגט שמייכלענדיק, אַ געזונטע פרוי מיט אַ רויטלעך פּנים, וואָס האָט זיך געפּאָרעט אין קיך, צוגרייטנדיק דאָס מאָלצייט. — דאָס איז אַ געזונטע קרענק, פאַר דער מילך און פאַר די אויגן.

— איז דאָס אמת? — האָט יהודית געפרעגט, מיט גערירטקייט, און ווייל מרדכי האָט דערויף נישט רעאַגירט, האָט זי זיך אַ ציי צוריק געגעבן און האָט אויסגערופן: שוין נישט האָסטו מיך מער נישט ליב?

*) בבא מציעא צ״ו ל״א.

מרדכיס אויגן האָבן זי דורכגעדרינגען מיט מילדקייט און די גרויסע, גראָע אָפּלען האָבן געבלאַנדזשעט ווי וואַנדערנדיקע וואָלקנס אויפן הימל. זיי זענען געווען פול מיט טרערן.

— מײַן פאָטער האָט מיך נישט געבענטשט — האָט ער געזאָגט, מיט אַן איינגעהאַלטן קול, און דאַן מיט גרויס געפיל צוגעגעבן, אַז זײַן פּנים האָט זיך געגרויטלט:

— אָבער גאָט האָט דאָך אַזוי געוואָלט, נישט אַזוי?

און צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג, איז ער צוריק אַרײַן אין זײַן פּשוטער התנהגות פון אַ דאָרפסהענדלער. ער האָט גענומען אַ גלעזל משקה און עס פריילעך אָפּגעשלאָגן אין פלעשל מעד, ווי די טערקן אין דער טיר און האָט הערשעריש אויסגערופן: — שוויגער, וואָס זאָל דאָס באַדייטן, האַ? און ער האָט ציטירט אַ פּסוק פון משלי:

— גיט ביר דעם פאַרשטויסענעם און ווײַן צו די פאַרביטערטע — (תנו שיכר לאובד ויין למרי־נפש *), און ער האָט אַרײַנגעזיפּט דעם מעד און זיך צעלאַכט. יהודית האָט זיך באַרויקט.

אָבער נאָך עטלעכע טעג, האָט זי ווידער געזען, אַז מרדכי וויל פונסניי זײַן מיט זיך. אויף וויפיל ער האָט ליב געהאַט, פאַר דעם פאַרשאָלטענעם זמיאַק, צו זײַן אין באַוועגונג און זיך משמח צו זײַן, אַזוי מיידט ער איצט אויס יעדע ענלעכע געלעגנהייט, און פאַרברענגט לאַנגע שעהן אין בית־המדרש. יהודית האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טראַכטן. איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַנשטאָט זיך צו דערנענטערן צו איר און זיך אַנטפּלעקן פאַר איר, האָט ער זיך איינגעהילט, איר אויסטערלישער חתן, אין אַ מין פאַרהוילענעם לבוש, וואָס האָט איר גורם געווען גרויס האַרצווייטיק.

זי האָט צוגעאײַלט די חתונה. ווען מרדכי האָט צעבראָכן דאָס סימבאָלישע גלעזל אונטער דער חופּה, האָט זי געוויינט. דעמזעלבן אָוונט האָט דאָס גליקלעכע פּאָרל זיך באַזעצט ביי יהודיתס עלטערן.

די אָרעמע יהודית האָט פריי אָפּגעאָטעמט: וויל במשך פון טעג און וואָכן איז מרדכי נישט מיד געוואָרן פון זײַן ווייבס קער־

*) משלי ל״א ו׳.

פער, וואָס איז אים תמיד געווען נאָענט און דאָך ווייט און סודות־דיק, אַ מין בראשית־דיקער באָדן. נאַכט נאָך נאַכט זענען ביידע פאַרזונקען אין דערזעלביקער פאַרבליפונג. געווען איז דאָס אַ מין תהום פון ליכט, ס׳האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז דער הימל האָט זיך איבערגעקערט. איר מאַמע האָט זיך לוסטיק געמאַכט:

— ווער האָט פאַר דיר געוווּסט פון ליבע? ווער קען רעדן וועגן דעם? נאָר דו.

אָבער פון זיין זייט, האָט מרדכי זיך אַליין געפרעגט מיט בושה, צו די איבערפליסיקע פאַרגעניגענס האָבן נישט אין זיך פון עבירות, פון עבודה־זרה, צי זינדיקן מיר נישט קעגן גאָט?

עפּעס אַן אומעט איז אין אים געוואָקסן, אַ מין בענקשאַפט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן פאַרלאָזן זעמיאָק. די יונגע מיידלעך פון זיין שטעטל זענען געווען אי שיין, אי פאָר־שטאַנדיקע. יעדער מאַן, האָט ער געמעגט זיין אַ שעמעוודיקער, האָט דאָרט געקאָנט האַלטן זיין ווייבל אין צוים. אָבער פּרוּוו צו מאַכן אַזוי מיט יהודיתן, אַז זי אַנערקענט נישט קיין איבערמאַכט, זי וואַרפט אָפּ יעדן באַפעל פון מאַן מיט אַזאַ לייכטקייט, ווי מען נעמט אַראָפּ אַ פליג פון די אויגן.

אויב זיך פאַרטיפן אין דער זאַך, איז די הויפּט־צרה געווען, איר ווילן צו קאָקעטירן, ווי פאַר דער חתונה. ס׳טרעפט, אַז זי לאָזט אים עקשנותדיק נישט צו צו זיך. טראָץ איר לײדנשאַפט גע־פעלן צו ווערן, האָט זי געקאָנט אַזוי פאַרבלייבן אַן אומגליקלעכע, אַ צוויי־דריי טעג, נישט אַרויסרעדנדיק קיין צערטלעך וואָרט. איז דאָס אַ האַרץ פון אַ יידישער טאָכטער?

כאָטש ער האָט נישט געקאָנט זיך דערקלערן איר אומפאַר־שעמטע אויפפירונג, האָט זי דאָך דערגרייכט, אַ דאַנק איר חנעוו־דיקייט, אַזאַ שליטה איבער דעם אָרעמען פעדלער, אַז ער האָט זיך געמוזט פרעגן, צי זיצט נישט אַ דיבוק, אַ שד, אונטער דער מאַסקע פון דער פּרעכטיקער יידישער פרוי. דער תהום, אין וועלכן זיי פאַרזונקען יעדע נאַכט, ווהין פירט ער?

מרדכי האָט אַלץ עפטער און צודרינגלעכער אויסגעדריקט זיין בענקשאַפט נאָך זעמיאָק.

די דאָזיקע קעגן־אָפּעגנסיוּוע האָט זיך אַנטוויקלט בהדרגה.

און ווען יהודית האָט געזען, אַז איר מאַן איז אַלץ מער פאַרטאָן איך טראַכטענישן און אין לערנען, איז שוין געווען צו שפּעט צוריקצוקומען צו זייערע פריערדיקע באַציונגען פון האַרציקער און שטורמישער ליבע, די ווערטער וואָס זענען איצט אַרויס פון מרדכיס מויל, זענען געווען געגליכן צו די רייד פון גאָט, זייַנע אַלע ווונטשן זענען געווען דער רצון פון הימל און זייַנע התחייבותן צו אים, האָט ער דערפילט נאָר ווי אַ מקיים די מצווה פון אויבערשטן.

ביז אַהער איז יהודית באַשטאַנען אויף דאָס איריקע. אָבער פון דעם טאָג, ווען מרדכי האָט אָנגעהויבן געבן זייַנע באַפעלן, איז די ווידערשפּעניקע פרוי געוואָרן געהאַרכזאַם; נאָך שפּעטער האָט ער ביי איר געפּועלט, זי זאָל מיט אים מיטגיין קיין זעמיאַק, אויף שטענדיק.



באַלד נאָכדעם איז זי אויסגעבראָכן מיט לעסטערונגען און זידלערייען. אומגעצוימטע רייד און איר משונהדיק גרויסהאַלטן זיך, האָבן דערצערנט מענער און פרויען: — זעט נאָר די ציגיינערין — פּלעגן זיי זאָגן — אוי, וואָס פאַר אַ צרה! אָט צוואָס מען דערגייט, אַז מען שלעפּט זיך אַרום אויף די וועגן.

און זיי האָבן געמאָטלט און געגעבן צו פאַרשטיין דעם אונטער־שיד פון אַזאַ „יהודית”, לגבי די אָרנטלעכע ווייבלעך פון זעמיאַק.

אין די ערשטע צייטן האָט ער זי פּלוצים געפונען אַ ווייַנענדיקע, דערנאָך איז זי אַרויס מיט אַ האַרצרייסנדיקן צאָרן, און האָט אויסגעציילט איינציקווייז איר בינטל טענות. זי האָט באַשולדיקט איר מאַן, אַז ער צעבראָכט איר האַרץ און איר לעבן אויף אַ ראַ־פינירטן אופן:

— פון ערשטן מאָמענט אָן, פון דער ערשטער ויגע, האָסטו מיך אָפּגענאַרט און געחוזקט פון מיר: „מיין טייבעלע, קאָן איך טראָגן דייַן קליינעם עמער, פּרינצעסין מיינע”. אַ דאַרפסגייער, אַ גיבור, אַן אַלעקסאַנדער מוקדון, וואָס שלינגט קילאָמעטערס, און איך אידיאָטקע, האָב געטראַכט, אַז שטענדיק וועלן זיין טעג פון הנאה, דאָס גאַנצע לעבן; און דערנאָך, וואָס האָט זיך אונטער דעם

אַלעמען באַהאַלטן? אַ גאַר קליינער לוי, שטענדיק מיט תפילת שחרית, תפילת מעריב און צווישן בײדע תפילות איין גרויסע לאַנג־דויערנדיקע תפילה.

— אָבער דו האָסט זיך אויסבאַהאַלטן, אַ, האָסט גוט געשפּילט דיין קאָמעדיע, האָסט אויסטרענירט דיין טייבעלע, האַ? : היינט „שרייב איך מיין ספר", מאָרגן „מיין טאַטע האָט מיך נישט גע־בענטשט" און דערנאָך איז געקומען די לעצטע פּאָזע: „זעמיאַק, זעמיאַק, אוי, מיין זעמיאַק," איך ווינטש עס נישט אפילו מיינע ערגסטע שונאים. וואָס איז דאָס פאַר אַ שטאָט? נאָר לוי׳ס, איבע־ראַל לוי׳ס, מען זעט נישט קיינעם, נאָר לוי׳ס, אַ האַלבע שטאָט מיט לוי׳ס. ווער וואָלט געוועזן געגלויבט, אַז ס׳זענען פאַראַן אַזויפיל לוי׳ס?

— ביי מיין טאַטן האָט דיר קיין ברויט נישט געפעלט. און דאָ? מיין הער שניידט קרישטאָל, אוי, דאָס שיינע פאַך, ביי דעם שטייגער לעבן זעען זיי אַליין אויס ווי קרישטאָל, זיי ווערן אַלע דורכ־זיכטיק. אָבער גייט עס דען ווען אָן? און זייער פלאַפּלען, און דאָס אומענדלעכע דאַווענען אין שול, היינט דאָס חקירהן מיט די אַלע לאַנג־בערדיקע חכמים, זים, זים, זים — וואָס טראַכט איר וועגן הימל? זום, זום, זום, וואָס טראַכט איר וועגן גיהנום? און ווען ברענגט דאָס נוצן? אפשר גאָט? אויף וויפל איך קאָן אים, איז זיין מיינונג דיזעלבע ווי מיינע: וועלכע פליג האָט זיי געשטאָכן, פרעגט ער זיך אַליין, און ער קראַצט זיך אין קאָפּ.

„אָבער זאָל עס נעמען אַ סוף, איך פאָר אַוועק, דו פאַר־שטייסט? איך קער מיך אום אין מיין קריזשאָווניק, די שטאָט פון אייזלען און עמי הארצים, דאָרט וועל איך דערציילן, אַז דו ביזט געשטאָרבן, איך וועל טרויערן נאָך דיר; און גלויב מיר, אפילו אַלס אלמנה, דו פאַרשטייסט, אַלעקסאַנדער פון זעמיאַק, וועל איך זיין טויזנט מאָל גליקלעכער, ווי צו זיין דיין ווייב און זאָל מיך... אויב איך...

מרדכי האָט זי שווייגנדיק באַטראַכט, האָט אַרויפגעצויגן אַ פאַרדאגהטע ברעם און געמורמלט אַן איינציק וואָרט, תמיד דאָס־זעלבע וואָרט, מיט אויסגעפּרווטן און הכנעהדיקן געדולד, ווי מען איז זיך נוהג לגבי אַ חיה: — מירן זען, מירן זען, מירן זען...

רעדנדיק אַזוי, האָט ער ווי איך טרוים אַ פּיר געטאָן די האַנט איבער דער ברייטער גריווע און האָט אַריינגעקוקט אין זײַן פּרוי מיט גרענעצלאָזער האַרציקייט און יוגנטלעכן שמייכל, אַז די־ אומגליקלעכע און צעטומלטע, איז אַ צערייצטע אים געפאַלן אויפן האַלדז.

אַזוי האָבן זיך געענדיקט אַלע זייערע וויכוחים. מרדכי האָט קיינמאָל נישט אויפגעקלערט זײַן מיינונג, פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען פון אַלע אירע טענות. בייגאַכט, ווען זי האָט גערוט נעבן אים, האָט ער עפּעס אַ פאַרנעפּלט רחמנות געפילט, צו איר און צו זיך אַליין, צו אָט דעם פּאָרל, וואָס די שטורעמדיקע, וואַנזיניקע ליבע האָט אַריינגעוואָרפן אין איין בעט און זענען נאָכנישט דערגאַנגען צו אַ לייטיש דורכרעדן זיך, ווי מענטשן מיט שכל.

— לכל הפּחות — האָט זי טיילמאָל געפרעגט אין בעט — וואָלט איך כאָטש געקאָנט פאַרשטיין די באַדייטונג פון די אַלע מעשיות וועגן די צדיקים. אָבער פאַרוואָס אַזויפיל ליידן?

אַ דרימלדיקער, האָט מרדכי אַרומגעאָרעמט אין דער פינצ־טערניש, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, און דערפילט דעם מילך־ריח, געמישט מיט צימערינג־דופט, וואָס האָט געוויייעט פון יהודיתנס גלוסטנדיקן קערפּער.

— ווונדער פון מיינע נעכט — האָט ער מיט גערירטקייט גערעדט און זיינע ליפּן האָבן זיך באַהאַפטן מיט דער פרוים הויט — און ווער ליידט נישט? גיב אַ קוק — האָט ער צוגע־געבן — די ליידן וואָס דו ביזט מיר גורם און ווי דו אַליין ליידסט צוליב מיר. דאָך, זענען דאָס ליידן באַלאָדענע מיט זינד, ווי דער אויבערפלאַך פון דער ערד — ווי אַ שלעכטע תפילה.

— וועגן וואָס פאַר אַ זינד רעדסטו? — האָט יהודית געפרעגט, אָפּשטויסנדיק אים מיט באַהאַלטענער צערטלעכקייט.

— די ל״ו צדיקים נעמען אויף זיך דעם צער — האָט ער ממשיך געווען מיט הנאה — און טראָגן אים אַרויף אין הימל צו די פיס פון דער שכינה, און זי איז מוחל. דעריבער פירט די וועלט ווייטער איר קיום, טראָץ אַלע אונזערע זינד.

יהודית האָט ליב געהאַט זײַן געענדערטע שטימונג:

— איז פּאַרוואָסזשע, דערקלער מיר, שטאַרבן די צדיקים פון זעמיאָק אין זייערע בעטן?

— מרדכי האָט זיך מיט פאַרביטערונג אַרויסגעריסן פון צע־שטורעמטן גוף, דעם שפּרודלדיקן מיט לעבן, כדי זיך ווידער צו גע־פינען אויף דער פעלזיקער און שיפּועימדיקער ערד פון דער ווירקלעכקייט.

— ס׳איז אַן אַלטע קשיא — האָט ער געזאָגט ווי אין חלום. מער צו זיך, ווי צו זיין ווייב — אָבער כדי צו ענטפערן אויף איר, דאַרף מען וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין האַרץ פון אַ ל״ו׳ניק און ער אַליין ווייסט עס נישט, ער ווייסט נישט, אַז זיין האַרץ בלוטיקט, ער טראַכט, אַז אַזוי איז דאָס לעבן אין אים. ווען אַ צדיק לאַכט צו אַ קינד — זאָגט מרדכי, — האָט ער דעמזעלבן צער, ווי אַ צדיק, וואָס ליידט שווערע עינויים. און ווען אַ ל״ו׳ניק וויינט, אָן וועלכער עס־איז סיבה, און אפילו ווען ער איז אין בעט, ווי איך, מיטן ווייב וואָס ער האָט ליב, נעמט ער אויף זיך אַ זעקס־און־דריי־סיקסטן טייל פון אַלע ליידן אויף דער וועלט. אָבער ער ווייסט דאָס נישט און זיין ווייב ווייסט עס נישט, און אין העלפט פון זיין האַרץ שרייט און די צווייטע העלפט זינגט. צוואָס נאָך מוסיף זיין ליידן? גאָט האָט אפשר אַזוי געוואָלט, ווער ווייסט, אַז די לוי׳ס זאָלן אַ ביסל אָפּרוען, ווער ווייסט.

— זעט אויס, אַז איך בין זייער נאַריש — האָט יהודית פעסטגעשטעלט מתוך נחת אונטער אירע קאָלדערס, און האָט זיך זייער צעלאַכט:

— ווייסטו, אַז כ׳האָב קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען? — האָט זי אַריינגעלאַכט אין זיין אויער, באַשיטנדיק אים מיט לייכטע קושן, מיט וואָס זי האָט געוואָלט באַרעכטיקן איר אומוויסנהייט — — ווייסטו, אַז איך וועל קיינמאָל נישט פאַרשטיין? דערצייל מיר בעסער וועגן אַ בעל מופת, וואָס וועט אַרויסציען פון אייך דעם שלעכטן גייסט, ווי מען ציט אַרויס אַ שפּענדל פון אַ פוס, ער זאָגט אַ תפילה און האָפּליאַ, אין הימל אַריין. דיינע צדיקים, ווו זענען זייערע מופתים?

ער האָט זיך געוווּנדערט:

— אַ צדיק מוז נישט באַווייזן קיין מופתים, ער איז ווי דו,

ער איז אַליין אַ לעבעדיק וווּנדער. די פאַרשטייסט כאָטש דאָס, דו נאַרעלע ?

אין איינער אַ ווייסער נאַכט האָט יהודית אויפגעעפנט אירע גרויסע פרעגנדיקע אויגן.

זי איז אַוועק צום טעטיקן שטאָטס־צדיק, רב רפאל לוי און האָט מיט אים געשמועסט שעהן אין געהיים. עטלעכע חדשים שפּעטער איז דער צדיק געשטאָרבן ביי אויסטערלישע אומשטענדן: זיין עדות־זאָגן איז געווען דער איינציקער יסוד פאַר באַשולדיקן וועמען אין גנבה, האָט ער נישט געוואָלט עדות זאָגן און די גאַנצע נאַכט פאַרן משפט, האָט ער זיך געראַנגלט מיט זיך אַליין: ער איז צעריסן געוואָרן צווישן די מלאכים פון מדת הדין און מדת הרחמים. מיטן באַגינען, האָט ער זיך אַוועק־געלייגט אויף דער ערד, פאַרמאַכט די אויגן און געשטאָרבן. דער סוף האָט מרדכין דערפרייט.

— צוואָס איז דער סוף ווערט אַזש צוויי קרבנות? האָט יהודית אים געפרעגט. — קוק, ביי אונז אין קריזשאָווניק, איז דער שמש וואָס איז געווען פאַר דיר, אויך אויף אַזאַ אופן נסתלק געוואָרן: אַמאָל האָט אים עמעצער געגעבן אָנצוגעהערן עפּעס וועגן זיין ווייב מיט העשקען, די גאָלדענע מאָרדע, און ער האָט געענטפערט: — אָרעמע קליינע נשמה, ווען זי וואָלט געוווּסט, אַז איך ווייס! כ׳בעט איך, זאָגט עס איר נישט. — ער איז אַריינ־געגאַנגען צו איר, האָט זיך נעבן איר אַוועקגעלייגט און צומאָרגנס איז ער געווען קאַלט. אויך ער איז אַ קדוש! אגב, ער איז ענלעך, ווי איין פּערל צו דער צווייטער, צו דיין ר׳ רפאל! אַ קליין גוט־האַרציק יידל, אַזאַ שפּיציקער, אָבער ער האָט נישט געשטאָכן.

— מרדכי האָט זי דורכגעדרינגען מיט זיין בליק:

— וויאַזוי קאָנסטו זאָגן, אַז דער ל״ו׳ניק (גאָט זאָל אים נעמען אין שוץ און אים דערהויבן), פונוואַנען ווייסטו, אַז ער איז געווען אַ שפּיציקער? ער האָט זיך דאָך קיינמאָל נישט באַוויזן?

יהודיתנס נאָזלעכער האָבן געציטערט, זי האָט געברויזט גע־שריגן, געלאַכט:

— דו קאָנסט דאָך מיך — האָט זי געזאָגט מיט טרערן — דאָך וויל איך דיך נישט מבייש זיין. איך בין אַמאָל געגאַנגען

בעטן ביי אים אַן עצה: זייט צוויי יאָר, וואָס איך וווין אין זעמיאָק, האָב איך אים דערקלערט, האָב איך זיך אויף אַ האָר נישט גערירט, איך בין נאָך אַלץ די נאַרישע פון נאַראָנים־לאַנד. וואָס קאָן מען טאָן? ער, וואָס איז געוועזן אַזוי נאָענט צו גאָט, אפשר וועט ער מתפלל אַ ביסל פאַר מיר? נישט אַזוי?

מרדכי האָט אַ פאַרווירטער אָפּגעווענדט פון איר זיינע אויגן.

— און וואָס האָט ער געענטפערט?

— פּוסטע זאַכן — האָט זי אויסגעשריגן מיט כּעס, דער־מאָנענדיק זיך אין דער באַגעגעניש — לכתחילה האָט ער נישט געהאַט וואָס מיר צו ענטפערן, ער האָט אַזוי געלאַכט: — דו קוואַ־קעסט ווי אַ הון, האָט ער געזאָגט, דו ביזט יהודית? דאָן בלייב יהודית, דאָס קעמעל וואָס האָט געזוכט הערנער האָט פאַרלוירן זיינע אויערן, אָט וואָס! — האָט זי פאַרענדיקט און אַ וואָרף געטאָן איר גריווע מיט פאַרביטערונג.

מרדכי האָט זיך נישט באַהערשט אין אויסגערופן:

— דו, מיין משוגע פערדל.

ער האָט זיך געוואָרפן אויף איר, זי געהאַלדזט און גע־שלעפּט ביי די צעפּ אין גרויס געלעכטער. יהודית האָט זיך קעגנ־געשטעלט, זי איז אַריין אין איר ווונדערלעכן כּעס. זייענדיק אין תוך עקזאַלטירט.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי בלייבט שוין אַזוי זיין „נאַרעלע" אויפן גאַנצן לעבן. — איך, וואָס בין נאריש ווי אַ קאַרטאָפל — האָט זי צו זיך געזאָגט מיט הנאה — גיי אַריין אין מלכות פון גייסט. איך, וואָס בין נישט געבילדעט, (האָט זי ממשיך געווען, מיט אַ געענדערט קול, ווי מען וואָלט זי געפרעגט צי זי באַ־טראַכט נישט אַמאָל די בילדונג פאַר קיין חסרון, וואָס זי באַזיצט נישט ברוך השם), איך, וואָס בין בכלל גאָרנישט, איך טראַכט...

דאָך, איז אין איר, אויף אַן אומדערקלערלעכן אופן, אויפ־געגאַנגען אַ געפיל פון גאווה, צוליבן זיין די פרוי פון אַ לוי. און מיט דער הילף פון דעם אידעלן גוטן ריח, האָט זי באַשלאָסן זיך צו פילן ווי אַ געבוירענע אין זעמיאָק, ווי אַלע אַנדערע.



יהודיתנס נדן האָט זיי דערמעגלעכט זיך באַזעצן אין אַ הייזל פון צוויי צימערן, נישט ווייט פון וואַרשטאַט. אָבער דער קריזיס אין דער קרישטאָל־בראַנזשע איז אַלץ גרעסער געוואָרן און צוזאַמען מיט דער אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואַקסן די נויט. די ניי־גע־בוירענע קינדער זענען אַוועקגעפאַלן אין צווייטן חודש, פון עפּעס אַן אומבאַקאַנטן בייז. בלאַע, דאַרע, איינגעפאַלענע קערפּערלעך, זיי זענען באַגראָבן געוואָרן ביים ראַנד פון בית עלמין. אין אַ ווינקל, באַשטימט פאַר קליינע קינדער. צי זענען זיי געשטאָרבן פון קעלט, פון הונגער, אָדער פון דער בלאָער קרענק? די ערשטע אירע דריי בויך־פּירות האָט יהודית מפּיל געווען. יעדעסמאָל ווען ער האָט דערפילט התלהבות אין זיין לערנען תלמוד, האָט מרדכי געטראַכט, אַז דאָס איז פאַרן פּרייז פון אומשולדיקן בלוט. און ווען יהודית איז ווידער פאַרגאַנגען אין טראָגן האָט ער באַשלאָסן, אפילו אין סכנה אַ ביסל זיך צו דערווייטערן פון גאָט, פונסניי אָנצוהויבן מיט זיין פּעדלעריי.

דאָס איז געווען אין א געוויינלעכן ווינטער־מאָרגן, אַ דער־שראָקענע האָט יהודית דערציילט, אז זי ווייסט שוין דאָס פופצן טעג, נאָר זי האָט נישט געוואָגט אים צו זאָגן.

דער ערשטער דראַנג זיינער איז געווען, צו צודריקן מיט דאַנקבאַרקייט, אָבער פאָרזיכטיק, איר בויך צו זיין בויך. פאַר־וואָס האָסטו נישט געהאַט קיין מוט — האָט ער שמייכלענדיק זי געפרעגט — ס'איז דאָך נישט דייך ערשטער?

יהודית האָט אַ ביסל געשמייכלט, אין זיסער נעבעכדיקייט:
— איך ווייס נישט. מיין בויך איז פול מיט פרייד, אָבער די פרייד דערגייט נישט צו מיין האַרץ.

דערוויל האָט זי זיך תמימותדיק צוריקגעצויגן און געהאַלטן זיך ווייטלעך פון איר מאַן, פון יענער זייט טיש, איינגעהילט אין איר אַלטן טיכל, וואָס ער האָט אַמאָל ליב געהאַט. מרדכי איז בלייך געוואָרן, ס'איז פון אים צוגענומען געוואָרן די פרייד, אוז אַ נשמה־קאַלטקייט האָט זיך צעלייגט אויף זיינע אויגן, ער האָט מיט דערשיטערנדיקער קלאָרקייט געזען די ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אין דיין ווונדערלעכער יהודית, זייט די פינף יאָר ווינען אין זעמיאָק.

איז אַ מרחק פֿון צוויי מעטער, פֿון דער צווייטער זייט טיש, איז געזעסן אַ פֿרוי, מיט אַ פּנים פֿון אַ יאָר דרייסיק און אַלט איז זי געווען ווייניקער פֿון פֿינף־און־צוואַנציק. אויב זי זעט אויס עלטער, האָט מרדכי פּלוצים פֿאַרשטאַנען, איז נישט דערפֿאַר וואָס די יאָרן האָבן זיך אָנגעלייגט אויף איר גרויסן גוף, נאָר גיכער דערפֿאַר וואָס איר כאַראַקטער האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אין די נויטן פֿון דער צייט און אָפּגעדריקט אויף אירע פּנים שטריכן פֿון אַזאַ פּריצייטיקע אַלטקייט.

זי האָט איצט געהאַט דעם אויסזען פֿון אַ קאַץ, וואָס וועט זיך נישט ענדערן, כמעט ביז איר טויט. איר שטערן וואָס איז געווען ברייט און ביינערדיק, האָט זיך אויסגעבויגן אינדערהויך, ווי אַ מין קאַפּל פֿון העלפֿאַנטביין, געגליכן צו אַ פֿעלז וואָס זיין איינציקער שפּיץ נעמט אויף דאָס ליכט פֿון דער זון. אירע ברעמען האָבן זיך אָנגעהויבן ביים וואָרצל פֿון איר קורצער און קרעפּטי־קער נאָז, און זיי האָבן זיך פֿאַרקרייזט און אויפֿגעהויבן ביז צו די שלייפֿן אין אַזאַ פֿולקאָמער פֿאָרם, אַז מען האָט זיי געקאָנט פֿאַרגלייכן צו אַ פּענדזל פֿון אַ סופֿר סת״ם. צוויי נאָז־קנייטשן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט ביז צו די ביטערע פֿאַרשליסונגען פֿון איר מויל, וואָס צוזאַמען מיט די האַרטע, שיינע באַקן אין יהודיתנס נייעם פּנים, האָט עס אויסגעזען ווי אַ מויל פֿון אַן אַלטער קאַץ.

זי האָט געמורמלט אין נחת:

— דו האָסט רעכט, מיר דאַרפֿן זיך פֿרייען.

זי איז מיט אַ האַפּערדיקן טריט אַרומגעגאַנגען אַרום טיש און האָט זיך קרעפּטיק צוגעטוליעט צו איר מאַן.

פֿון געררירטקייט, האָט זי פֿאַרשטעקט איר פּנים אונטער דעם מאַנס באָרד און איז אַזוי פֿאַרבליבן פֿאַרבאַהאַלטן, ווי אַ געצוימטע חיה, אירע הענט האָט זי פֿאַרוויקלט אַרום מרדכיס רוקן. ער האָט געפֿילט איר שווערן, פֿייכטן אָטעם אויף זיין האַלדז, איינגע־דרימלט אין איר מנוחה, איינגאַנצן אַ צאַרטע, אַ רייצנדיקע.

ער האָט זיך כמעט געשטיקט:

— יאָ, יאָ, לאָמיר זיך פֿרייען.

אָבער דאָס האַרץ איז געווען פֿאַרשטיינערט פֿון טרויער, ער

האָט נאָר געחלומט וועגן קעלט, הונגער און דער בלאָער קרענק, וועגן אַלע קללות וואָס האָבן געקאָנט געשען דעם גאָט־געבענטשטן בויך, וועלכן ער האָט געפילט, ווי דאָס פּאַריקע מאָל, צודריקנדיק אים צו זייַן בויך. ער האָט לייכט און תּאָוהדיק געצערטלט יהודיתנס ווייסן האַלדז, און אַ פראַגע האָט דורכגעשניטן זיין מוח: צי וויל דער אויבערשטער דעם טויט פון זיינע קינדער?

דעם גאַנצן טאָג האָט ער זיך אויסגעשפּרייט פאַרן ארון־קודש אין שול און געפירט אַ וויכוח מיט גאָט. פאַרנאַכט האָבן אים די מתפּללים געזען וויינען בדמעות־שליש. ווי אַ משוגענער איז ער אַרויס פון שול שטראַלנדיק פון פרייד, ער האָט פעסט באַשלאָסן.

## 6

דאָס הייזל איז געשטאַנען אין צווייטן עק פון שטעטל, ביי דער סטעזשקע, וואָס שלענגלט זיך אַרויף צום בערגל פון די „דריי ברונעמס“; אָבער דער שניי איז געלעגן הויך אָנ־געבערגט און ער האָט צוגעדעקט אַלץ אַרום, אַז מען האָט גע־מוזט זוכן דעם וועג אין דער פינצטער. יהודית האָט אָפּגעוואַרט זיין אָנקומען; זי האָט געצויגן דעם ריגל, ווי נאָר זי האָט גע־הערט זיינע טריט. פריער האָט זי אָנגעקליבן אין וואַלד אַ ביסל טרוקן האָלץ און די פלעמלעך פון אויווּעלע האָבן זיך געפּאַמפּערט מיטן געלן אָפּשיין פון אַלטן נאַפט־לאָמפּ, וואָס האָט זיך געררוי־כערט אינמיטן טיש. מרדכי האָט זיך געוווּנדערט, זעענדיק יהודיתן ווידער אין איר אַלטן סאַמעט־קליד, וואָס געוויינלעך האָט זי עס אָנגעטאָן נאָר אין די יום־טוב טעג. ער האָט נישט באַוויזן אָפּצו־טרייסלען דעם שניי פון זיין טולופּ, ווי זיין פרוי האָט אים אַרומ־גענומען וואַרעם און געזאָגט מיט אַ קאָקעטישן שמייכל:

— דו זעסט, וואָס דאָ טוט זיך אַלץ אויפן טיש? פּינקס מאַמע האָט מיר געבראַכט אַ שטיק פּוטער און דאָס מעל איז פון פרוי בלומענקראַנץ, ווי געפעלט דאָס דיר?

מרדכי איז נשתומם געוואָרן פון איר ליבלעכן און רייצנדיקן

אויסזען. ער האָט זיך צוגעבויגן צום פּנים וואָס האָט זיך גע־לאַשטשעט צו אים:

— טאַכטער מײַנע, דער אַ יום טוב געפינט זיך דאָך נישט אין לוח, ווילד פערדל וואָס דו ביזט.

יהודיתנס מויל האָט געברענט מיט אַזאַ פלאַם־פײַער, אַז אַלץ אַרום איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פינצטערקייט.

— מײַן ווײַב — האָט ער געזיפצט — מײַן פערדל, איצט דאַרף איך דיך איבעראַשן, נישט?

— שווײַג שוין — האָט יהודית געזאָגט, נישט גלויבנדיק אים.

זי האָט אַרויפגעלייגט איר פינגער אויף זײַנע ליפּן, ער האָט אים געביסן.

— זעסט — האָט ער ווײַטער געזאָגט, האַלטנדיק יהודיתנס האַנט אויף זײַן באַק — איך האָב נאַרוואָס גערעדט מיט מאַקס גאָלדבלום, ער האָט באַקומען פולמאַכט פון זײַן ברודער, געדענקסט אים? דער געלער מיט דער נאָז, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע צוריק, מיט דרײַ יאָר? מאַקס באָרגט מיר אויס צוויי הונדערט זלאָטעס און איך פאָר מאָרגן אינדערפרי קיין זראַטאָוו, ווו איך וועל קויפן אַ ביסל סחורה. כ׳האָב אויסגעחשבונט, אַז מיט צוויי הונדערט זלאָטעס, וועל איך זיך קאָנען ווידער אַ ריר טאָן. נו, וואָס זאָגסטו וועגן מײַן קליינער איבעראַשונג — ער האָט פאַרענדיקט און מיט פולע הענט געצויגן צו זיך יהודיתנס גריווע און פּנים, ווי בעת דער נאַכט־באַהעפטונג.

— פאַרוואָס זאָגסטו גאָרנישט?

יהודיתנס געזיכטס־שטריכן זענען געוועזן האַרט, ווי מעטאַל, און איר בליק איז געוואָרן צאָרנדיק:

— און אַז איך וועל זאָגן, אַז דו טאָרסט נישט?

— אָבער דו אַליין האָסט דאָך צוריק מיט פיר יאָר געבעטן, אַז איך זאָל עפּעס קלערן וועגן פּרנסה, געדענקסטו נישט?

— נעכטן איז נישט הײַנט — האָט יהודית אים איבערגעשלאָגן — דו האָסט געזאָגט אַז דײַן אָרט איז אין בית־המדרש פון זעמיאַק און נישט אויף די וועגן, ווי אַ וואָגלער.

מרדכי האָט אויסגעשריגן:

— און דאָס קינד?

זיך אומרו איז געוואַקסן.

זי האָט פאַנאַנדערגעשפּרייט די פראַנדזן פון איר שאַל, און תמימותדיק געלייגט אירעביידע הענט אונטער דעם סאַמעטענעם בריסטן־בוזעם, וואָס זי האָט אויפגעהויבן ווי אַ קרבן מנחה:

— זע מיין ברוסט, זע! נישט דער הונגער איז געווען די סיבה פון אונזערע קינדערס קראַנקהייט. איך האָב דאָ תמיד אמתע מילך פון אַ פרוי, איך...

— און דערנאָך — האָט ער געמורמלט.

— און דערנאָך?

דאָ האָבן זיך יהודיתנס פינגער אויסגעבויגן ווי פּאַדקאָוועס און איר קאַצישער קערפּער, עטוואָס געבויגן פאָרויס, האָט זיך ווי געגרייט צו אַ שפּרונג און גלייכצייטיק צוגעוואָרפן אַ פאַר־ביטערטן בליק צו איר מאַן, זי האָט פריי געלאָזט איר צאָרן:

— און דערנאָך, ווער זאָגט דאָס, אַז איך וועל דיך לאָזן פירן אַ לעבן פון אַ בלאָנדזשענדיקן הונט? דו, אַ פרומער מענטש אַזאַ ירא־שמים, ווי עס האָט מיר היינט דערציילט פּינקס מאַמע, אַ ביסל צושפּעט — אַז איך דאַרף זיך פילן נאָענטער צו גאָט, זינט איך בין געוואָרן דיין ווייב.

— אוי, די שלאַנגען־צונגען, זיי וואָלטן מיט הנאה גע׳מעלה־גירהט: גיט נאָר אַ קוק, וואָלטן זיי געזאָגט, די פריצהטע עסט קאַוויאַר, בעת ער איז נע־ונד און וואַלגערט זיך ערגעץ אויף די וועגן. יאָ, אַ שאָד וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט דער ליאַלקע, ער וואָלט באמת געוואָרן אַ הייליקער מאַן מיט דער הילף פון אַן אמתער יידישער טאָכטער פון זעמיאַק. ווו דאַוונט ער? אויף אַ בארג היי, מיט וועמען פירט ער זיינע וויכוחים? מיט די קי.

יהודית האָט זיך געטרייסלט פון כעס, אָבער פּלוצים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אויף אירע ליפּן, זאָגנדיק: — און דערנאָך...

מרדכי האָט ערנסט איבערגעפרעגט:

און דערנאָך?

ווענדיק אויסמיידן איר מאַנס בליק, איז יהודית ארויפ־געפאַלן אויף זיין האַלדז און מיט אַן אינטימן און סודותדיקן טאָן, דורכזיכטיק ווי דאָס קול פון א יונג מיידל, האָט זי אריינגע־שעפּטשעט אין זיין האַריקן אויער אַריין:

— און דערנאָך, דערנאָך... וועל איך טראַכטן אַליין.
מרדכי האָט אויפגעהויבן זיינע אָרעמס אין וואַרעמער שטימונג.
— גאָט אין הימל, ס׳איז דאָך ממש אַ וווּנדער, אַ נס.



בשעת אַ שכנה האָט געוואַשן יהודיתנס שויס, האָט מען אָפּ־געוואַרט דאָס געשריי פון נײַ־געבוירענעם. ער איז ערשט גע־קומען אין דער זעקסטער מינוט. די הייבאַם האָט אַריינגעלייגט אַ פינגער צווישן די יאַסלעס פון עופעלע, צו דער גרויסער איבע־ראַשונג פון דער קימפעטאָרן, האָט זי אַרויסגענומען אַ שטיק פאַרגליווערט בלוט אין דער גרויס פון אַ ניסל. זי האָט אַריינ־געטעמט לופט אין אירע לונגען און אַריינגעפירט איר צונג אין זיין מיילעכל, אַריינבלאָזנדיק אַ שפעדיקן שטראָם פון לופט. דאָס קליינע בלוילעכע שטיק פלייש האָט אויפגעציטערט. אין זיין אָנשטרענגונג צו עטעמען, האָבן זיינע קלייניקע הענטלעך און פיסלעך זיך געקאָרטשעט און געקנוילט, ביז דאָס מויל האָט זיך געעפנט מיט אַ לאַנגען, דינעם געשריי.
— צו וועלכן גוטן — האָט די סקעפּטישע הייבאַם געמרוקעט, און יהודית איז אַ פאַל געגעבן אויפן קישן, אַ דורכגעווייקטע ביז אירע ביינער, שלום מאַכנדיק מיטן לעבן. דאָס נײַ־געבוירענע נפשל איז געבליבן לעבן, קעגן יעדער דערוואַרטונג.
פון שוואַכענקען קערפערל, ווי ס׳האָט קוים געטליעט אַ טראָפּן לעבן, האָבן אַרויסגעשטאַרצט צוויי רונדע, כיטרע אויגעלעך פון וועלכע מ׳האָט געקאָנט לייכט געטראָפן ווערן, ווי פון אַ באַריר מיט אַ פינגער אין אַ פאַרשאַרפטן שפּיץ, לויט ווי יהודית האָט זיך באַלד אויסגעדריקט:
— דאָס וועט זיין אַזאַ צוגעשפּיצטע שאַרפקייט, וואָס וועט שטעכן אַנדערע, אָדער זיך אַליין.
— איך האָב מורא אַז ער האָט די טבע פון אַ מאָסקיט, — האָט מרדכי געמורמלט אומצופרידן.
ער איז געוועזן פאַרדאגהט פון זונס קליינעם וווּקס, ער האָט אין אים נישט געזען דעם אמתן נאָכוווּקס פון דער דינאַסטיע; ס׳איז

אַ טעות פון הימל, האָט ער צו זיך געזאָגט לשם נחמה. ווען יהודית האָט אים באַשאָנקען מיט נאָך דריי לוי׳ס, האָט ער פאַרגעסן זיין ערשטע אַנטוישונג, געדאַנקט דעם דערבאַרעמדיקן אין הימל און האָט מוחל געווען דעם מאָסקיטל.

דאָס מאָסקיטל איז ווייזט אויס געווען באַהערשט פון זעלבן ווילדן אומרו וואָס געווויסע אינזעקטן. ער האָט גישט אויפגעהערט צו קריכן, גראַבלען און באַוועגן מיט אַלע חושים, ווי ער וואָלט וועלן אויספילן מיט זיין אַרומהאָפּקען דעם גאַנצן חלל — וואָס זיינע דאַרינקע אברימלעך האָבן אים נאָר דערלויבט. יהודית איז דערפון שטאַרק נתפעל געוואָרן:

— פאַרוואָס זאָל איך אים צוריקהאַלטן? — האָט זי ברוגזדיק געפרעגט מרדכין, אַז איך נעם אים אָן ביים הענטל איז אַ סכנה אַז עס קאָן זיך אָפּרייסן. אגב האַלט איך, אַז דו ביזט לגבי אים נישט גערעכט, ער איז פון זיך אַליין נישט געקומען אויף דער וועלט, און עס קאָן אויך זיין אַז ער איז אַ זון פון דיין בלוט און פלייש, וואָס?

— נאָר פון מיין בלוט און פלייש? ווי און וויגד.

אַלס פועל־יוצא פון דעם, האָט מרדכי אַ ביסל מזלזל געווען אין דער רעליגיעזער דערציונג פון מאָסקיטל, אָפּגעבנדיי די בעסטע צייט פאַר זיינע לעצטע דריי זין, וואָס האָבן איבערגעשטיגן זייער עלטסטן ברודער, אין וועקס און אין לערנען; און ווען בנימין איז אַלט געוואָרן אַכט יאָר האָט זיין פאָטער אים אַוועקגעגעבן צו זיין אַ לערניינגל ביי אַ שניידער. אויב ער וועט נישט ברענגען קיין שום שכר, וועט ער כאָטש איינשפּאָרן אַ מויל צום מאָלצייט.

בנימין איז באמת געווען אַ צוגעשפּיצטער, ווי יהודית האָט געזאָגט, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז די שאַרפקייט פון זיין נשמה איז שטענדיק געווען געווענדט, פון זיין אייגענעם ווילן, קעגן זיך אַליין.

אויסגעשטעלט אויף די קאַפּריזן פון זיין בעל־בית, האָט זיך זיין שפּיציקייט נאָכמער פאַרשאַרפט און ער האָט געליטן. די אומבאַוועגלעכקייט האָט אים דענערווירט, אַלע חיה׳שע כוחות וואָס האָבן אָן אויפהער געטאַנצט אין זיין גוף, האָבן אים געמאַכט

אויפצאַפּלען אויפן פּיסק־בענקעלע יעדע רגע, זייענדיק צוגעשמידט צו אים, ווי אַ געפאַנגענער.

פאַרזונקען אין זיך אַליין, און האַלטנדיק זיך דערווייטערט פון דער טיפּזיניקער סביבה פון די לוי׳ס, האָט ער אָנגעהויבן באַטראַכטן די וועלט מיט אַ נישט־יידיש אויג, און דאָס פון אַ ריין פּערזענלעכן, ממש אייגענעם ברוגז׳דיקן קוק. למשל, ער האָט געוווּסט, אַז דער צדיק איז דער מלך פון זעמיאָק, און נאָך גרויסמאַכטן עקזיסטירן אויף דער וועלט; און אפשר, האָט ער, נישט אָן ביזוויליקייט געזאָגט, איז פאַראַן ערגעצוו אַ צדיק, אַ גרעסערער פון דעם וואָס אין זעמיאָק, ווער ווייסט.

זיינע ספקות זענען מער אויסקריסטאַליזירט געוואָרן אין טאָג פון זיין בר־־מצוה, ווען מען שטעלט פאָר, לויטן מנהג, דעם נייעם בר־מצווה פאַרן צדיק פון שטאָט.

דער שטאָטס־צדיק איז דערגאַנגען צום חשובן עלטער פון זיבעציק יאָר, ער האָט געליטן פון רעוומאַטיזם. אַזויווי זיין שוואַכקייט האָט אים פאַרשפּאַרט אין דער שטוב, האָט אים דער יונגער דור געקענט נאָר פון די אָפּקלאַנגען וועגן זיינע געטלעך־מיסטישע מעשים, איז דערפאַר אין זייער דמיון, זיין געשטאַלט געוועץ זייער דערהויבן. זיין הויז איז געשטאַנען אַן איינגעבויגנס אין גאַס פון די גלאָז שפּאַנערס, ביים אַריינגאַנג האָבן זיך נאָך געוואַלגערט אַרום די צוויי עקן פון פלויט, די פאַרזשאַווערטע קייטן פון אַלטן געטאָ.

בנימין, אָנגעטאָן אין אויסגעבאָרגטן מלבוש צו זיין בר־מצווה־פייערונג, איז מיט געדרייצטע געפילן אַריינגעגאַנגען אין אַ זייער טונקעלן קאָרידאָר מיט אַ זייער שלעכטן ריח. ער האָט געשמעקט מיט דער נאָז אויף רעכטס און אויף לינקס, אין דער אומזיסטיקער האָפענונג אויפצודעקן עפּעס אַ כאַראַקטעריסטישן סימן פון אַ ל״ו׳ניקס דאָזיין. אָבער אַז ער איז אַדורכגעגאַנגען אַ פינצטער שטיבל, אין באַגלייטונג פון זיין בלייכן פאָטער און דער אָרעמער יהודית, וואָס איז נתפּעל געוואָרן פון דעם „וווּנדער" פון דער נאָענט, האָט ער אַנטדעקט, צו זיין פאַרוווּנדערונג, אַ בוידעם־שטיבל, אַ פינצטערס, אַ טרויעריקס. די משונה׳דיקע מעבל אַנגעוואָרפן אָן סדר, עפּעס אַ ציטערדיק ליכט וואָס איז ווייזט

אויס געקומען ערגעץ פון אַ קוֹד־קוימען, און אַ שטויב־שיכט, דינער פון דין.

— גיי נאָר פאָרויס — האָט יהודית געשריגן, אַריינשטופנדיק אים אינדערמיט פון שטוב.

— נו, נו, נו — האָט עפּעס אַ קול, אַ ברום געטאָן.

בנימין האָט געגלאָצט מיט די אויגן און דערזען אַן אַלטן מאַן, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל, הינטער אַ שמאָל אייזערן בעטל, אַ שוואַרצע יאַרמלקע אויפן רויטלעכן שאַרבן, דער קאַפּטן אַרומגענומען מיט א זילבערנעם גאַרטל. דער אַלטער איז אַנטקעגנגעגאַנגען , אָנגעשפּאַרט אויף אַ פאָרויס־שפּאַרנדיקן שטעקן, ווי אויף אַ שוואַכן נישט געזונגנדיקן רודער און זיין גוּף האָט זיך איינגעבויגן אין שאָטן, מיט אַ קרעכצן פון אַן אויס־געשעפּטער חיה.

ווען ער האָט זיך דערנעענטערט צו בנימינען, האָט דאָס יינגל פעסטגעשטעלט מיט הנאה, אַז דער ל״ו׳ניק טיילט זיך מיט גאָרנישט אויס פון די אַנדערע זקנים, וואָס פלאָפּלען אויף דער שטיינערנער באַנק פאַר דער שוּל און ציען אויס מיט זייערע קנאָ־כיקע פינגער, די אויערן פון יעדן פאַרבייגייענדיקן יינגל. דער־מוטיקט אַ ביסל, האָט בנימין געכאַפּט די אַראָפּהענגענדיקע האַנט פון זקן און האָט זי אַרויפגעלייגט אויף זיין קאָפּ, זי האָט אים צוגעדעקט ביז איבער די אויערן.

— גאָטעניו, זאָל דער הייליקער צדיק מוחל זיין דעם קליי־נעם קונדס — האָט מרדכי אויסגערופן אין גרויס פחד.

ער האָט זיך געוואָנדן צום יינגל, וואָס האָט געשמייכלט.

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט? מען טאָר קושן דעם צדיקס האַנט.

— אַזוי איז זייער גוט, זייער גוט — האָט דער אַלטיטשקער ציטערנדיק געזאָגט. ער האָט, זעט אויס, פון דעם זייער הנאה געהאַט — זייער גוט, דאָס יינגל האָט זיך אַליין געבענטשט, זייער גוט.

— ער האָט געגלעט בנימינס קאָפּ, אַראָפּנידערנדיק די האַנט ביז צו דער גאָמבע, וואָס ער האָט אונטערגעהויבן מיט ליבשאַפט:

— דאָס איז בנימין, דער זון פון מרדכי?

דאָס ייִנגל האָט באַשטעטיקט מיט אַ פריינדלעכן בליק.

— איז דאָס דער נייער ייִד, וואָס גאָט האָט אונדז הייַנט געבראַכט?

— יאָ — האָט בנימין געענטפערט מיט ענוות.

אונטער די געדיכטע ברעמען האָבן געפינקלט דעם צדיקס בליקן מיט אַ מין בלאָלעכער איראָניע. זיין אויג איז געווען אויפגעהייטערט, אָן שום קנייטש, אָבער אין דעמזעלבן אויגנבליק, ווען דעם אַלטנס אין דעם ייִנגלס אויגן האָבן זיך באַגעגנט, האָט בנימין, אַ דערשטוינטער, פּלוצים אַראָפּגעלאָזט זיינע ברעמען, אָן אינערלעכער ציטער האָט אים באַנומען.

— זאָג מיר נאָר, בנימין, וואָס ווייסטו פון חומש?

דאָס ייִנגל האָט געשוויגן.

— זאָל דער הייליקער צדיק מוחל זיין — האָט מרדכי געזאָגט — דאָס ייִנגל לערנט נישט, ער איז אַ לערנייִנגל ביי אַ שניידער.

אַ טיפע שטילקייט האָט באַהערשט דאָס שטיבל. יהודית האָט אָנגעקוקט איר מאַן, וואָס האָט זיך פון בזיון צוריקגעצויגן צו דער טיר, און בנימין האָט זיך צעוויינט.

— און איך, וואָס ווייס איך דען פון חומש? — האָט דער צדיק פּלוצים געזאָגט מיט אַ וואַרעם קול, כדי צו באַרויקן דאָס ייִנגל.

בנימין האָט אַן איבעראַשטער אויפגעהויבן די אויגן. דער ביינערדיקער און ווייסער קאָפּ האָט זיך עצבותדיק געשאָקלט, דאָס מויל פון אַלטן גוטן ייִד האָט זיך צעשמייכלט.

— נו, נו, אַ קליינער שניידערל ביזטו? — האָט דער צדיק געמורמלט מיט ציטער און האָט צוגעטאָן זיינע פינגער צו דעם ייִנגלס קליינע האַנט, אויפגעהויבן זי פּאַמעלעך צו די, אין דער באָרד, באַהאַלטענע ליפּן, און זי געקושט.

דערנאָך איז ער צוריקגעקומען צו זיך און האָט אַרויסבאַגלייט זיינע געסט מיט מיני העוויות, וואָס האָבן באַדייט, אַז די באַגעגעניש איז געענדיקט.



יעדער איינער האָט געוואָלט באַקוקן די האַנט, וואָס דער צדיק האָט געקושט. אַ געלער שימער איז נאָך קענטיק געווען אויף איר, אַ שפּור פון צדיקס מויל, מיט גאַנץ בולטע שפּורן פון טאַבאַק, און מען האָט דאָס יינגל באַשווירן, ער זאָל די האַנט נישט אָפּוואַשן אַזוי לאַנג, ווי דער געלער שימער וועט זיך נאָך אָנזען. דער פאַל האָט איינגאַנצן באַנומען דעם יינגלס נשמה, ער איז געצערטלט געוואָרן דורך באַזוכערס און דורך זיינע ברידער. ווען מ׳האָט אים פאַרגעשלאָגן אַרומצובינדן די האַנט מיט אַ טיכל האָט ער עס מקיים געווען; אָבער מרדכי האָט גע־צויגן מיט די פּלייצעס און געזאָגט, אַז אָן שום ספק איז דאָס איינע פון די וווּנדערלעכע מעשים פון די צדיקים. בנימין אָבער איז מער נוטה געווען צו דער מיינונג פון זיין מאַמע, יהודית, וואָס האָט געזאָגט, אַז סוף־סוף איז דער צדיק אין אירע אויגן: „אונזער גוטער אַלטיטשקער".

מיט בנימינס אָפּפאָרן קיין ביאַליסטאָק, ווערן פאַרשווונדן אילוזיעס איבער די צדיקים־וונדער. נאָך עטלעכע יאָר ווערט ער אַן ערנסטער און דערצויגענער בחור מיט אידעלע אויגן, אָן שום ספּעציעלע אייגנשאַפטן, אַן אַבסאָלוט שניידער־יינגל.

ביאַליסטאָק איז אַ ממשותדיקע שטאָט מיט גרויסע הייזער און דריי רעדלדיקע וועגעלעך, וואָס זענען פון אַלע בחינות ענ־לעך צו די בילדער אינעם איינציקן עקזעמפּלאַר פון פּוילישן זשור־נאַל, וואָס געפינט זיך ביי זיין פריערדיקן מייסטער.

דאָרט איז ער פאַרבליבן גאַנצע צוויי יאָר; מ׳האָט דאָרט גע־אַרבעט פופצן שעה אָן איבעררייס, אין אַ קליין פאַרויכערט צימערל מיט שטענדיקן טשאַד פון פרעס־אייזן. דער שווייס פון פינף מענטשן האָט נישט ווייניק מוסיף געווען צו די סטאַבילע ריחות. בנימין איז דאָרט געווען אַ שותף, אַ לערניינגל, אַ לויפ־יינגל, אַ משרת צו אַלץ, אַ ניאַנקע צו די קינדער און אַ קוכער אין אַ נויטפאַל, ווען די פעטע בעל־הביתטע איז געווען פאַר־מאַטערט. אָבער אים האָט זיך געדוכט, אַז ער לעבט איבער אַן אייגנאַרטיקע אַוואַנטורע אין דער געשיכטע פון די לוי׳ס, ווייל

אַלץ, ביז צו דער שוואַרצער לופט פון וואַרשטאַט, האָט געשטאַמט פון אַ וועלט, וואָס איז געווען אָן שיעור רעאַלער פון זעמיאַק, די נעסט פון חלומות.

מיטאָג האָט ער געגעסן צוזאַמען מיטן פרעסער, הער גאָלד־פאַדן, אַן אַלטער בחור, וואָס דער בעל־הבית האָט געדראָט אים אַרויסצוטרייבן, ווייל זיינע דאַרע הענט האָבן שווערלעך געהויבן דאָס גרויסע פרעסאייזן. בנימין האָט זיך מיט אים פאַרבונדן אין אַ פריינטשאַפט אָן ווערטער, אַ פריינטשאַפט פון קליינע טאָג־טעג־לעכע זאַכן. איינמאָל, ווען דער שרעקלעכער הער ראָזנעק איז אַוועק אָפּטראָגן אַ טייערן אַנצוג, האָט בנימין אויפגעהויבן זיין נאָז פון שפּיצנאָדל און געזאָגט, נישט טראַכטנדיק:

— אַנטשולדיק מיר, טייערער הער גאָלדפאַדן, צי מעג איך אייך פרעגן, וואָס איר וועט טאָן דעם טאָג, ווען איר וועט מער נישט קאָנען אויפהויבן דאָס פרעסאייזן?

גאָלדפאַדן האָט אַוועקגעשטעלט דאָס פרעסאייזן אויפן דריי־פוס, און זיין ווייך פּנים, אַן אַנגעשוואָלנס פון פערציק יאָר רויך־שטיקעניש, האָט באַקומען אַ נישט אַנגענעמען אויסדרוק.

— וואָס איך וועל טאָן, האָט ער געענטפערט געלאַסן, מיט גאָטס רשות, מיין קינד, וועל איך פּגרן פון הונגער.

— אָבער איר זענט דאָך אַן ערלעכער ייד, פרעגט גאָלדפאַדן, און גאָט וועט נישט...

— איך בין נישט קיין ערלעכער ייד — האָט אים דער אַלטער גראָב איבערגעריסן.

מיט די ווערטער האָט זיך דאָס פּנים זיינס ווי אויסגעקרימט פון שרעק, און בנימין האָט דערקענט דעם בעל־הבית, ה׳ ראָז־נעקס טריט אין שכנותדיקן צימער.

צומאָרגנס איז הער גאָלדפאַדן געווען מער אָפּנהאַרציק און האָט מגלה געווען פאַרן בחור, אַז שוין מער ווי זעקס חדשים, ווי ער גלויבט נישט מער אין גאָט. בנימין האָט אים אַנגעקוקט נישט פאַרשטייענדיק אים: הער גאָלדפאַדן, דער אידעלער מענטש וואָס האָט אים אַרויסגעוויזן מער אויפמערקזאַמקייט ווי יעדער אַנדערער מענטש אויף דער וועלט, אויסער דעם ל״ו־ניק, ער איז דאָך זיכער נישט קיין רשע, איז וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

— וואָס האָט איר געמיינט דערמיט, הער גאָלדפּאַדן, ווען איר האָט געזאָגט, אַז איר גלויבט נישט מער אין גאָט? איך בין נישט זיכער, צי איך פאַרשטיי דעם יסוד פון אייער געדאַנק.

דער אַלטער האָט אָװעקגעדרייט דעם קאָפּ, ער האָט אויס־געזען צו זיין געדרייצט פון בנימינס טאָן, וועלכער האָט רויק ממשיך געווען מיט דערזעלבער סקעפּטישקייט:

— צי זאָל איך אַרויסדרינגען פון דעם, טייערער הער גאָלדפּאַדן, אַז איר גלויבט נישט, אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד און אַלץ וואָס איז נאָכגעקומען?

רעדנדיק אַזוי, האָט עפּעס אויפגעבליצט אין זיין מוח: אַז דער גוטער גאָלדפּאַדן גלויבט פּשוט נישט אין גאָט.

— אָבער קוקט זיך צו, פּאַניע גאָלדפּאַדן — האָט ער גע־זאָגט מיט ציטער — אויב גאָט איז נישטאָ, איז וואָס זענען מיר, איר און איך?

דער אַלטער האָט געשמייכלט פון רחמנות, זיין קול האָט אומזיסט געזוכט אַ האָפערדיקן טאָן:

— אָרעמע יידישע אַרבעטער, נישט אמת?

— דאָס איז אַלץ?

— צו מיין גרויס צער — האָט געזאָגט דער אַלטער פּרעסער.

די זעלבע נאַכט, ליגנדיק אויפן שטרויזאַק, ווען בנימין האָט געפּרוּווט זיך פאָרשטעלן די אַלע זאַכן, ווי עס האָט זיי געזען גאָלדפּאַדן איז ער, דער נאָדל־פּאָדעמדיקער, געקומען צו דערזעלבער אומגלויבלעכער מסקנה, אַז גאָט עקזיסטירט נישט, אַז זעמיאַק איז נישט מער ווי אַ נישטיקער טייל פון דער וועלט. אויב אַזוי האָט ער זיך געפרעגט, וווהין גייט דער גאַנצער צער? און ווען ער האָט ווידער געזען דאָס פאַרצווייפלטע פּנים פון גאָלדפּאַדן, האָט ער אויסגערופן מיט אַ קול, וואָס האָט דורכגעשניטן די נאַכט אין וואָרשטאַט:

— דער גאַנצער צער ווערט פאַרלוירן, אַלע ליידן גייען צום טיול.

ער האָט ווייטער נישט געקאָנט רעיונעווען, ער האָט לאַנג געוויינט און איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

דער פּרעסער איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ מער נאָכ־לעסיקער; אַז דער בעל־הבית איז נישט געווען האָט ער אויפ־געהויבן דאָס פּרעס־אייזן מיטביידע הענט. לסוף איז עס אַראָפּ־געפֿאַלן און עס איז אַנטשטאַנען אַ פלאַם־פייער פון שטאָף און טרוקן האָלץ.

פון דער שריפה איז נאָר געבליבן אַ שוואַרצער פלעק אויף דער פּאָדלאָגע; אָבער צומאָרגנס, ווען בנימין האָט נישט מער געזען דעם אַלטן ביי דער אַרבעט, האָט ער מיט אַ מרהשחורה־דיקן שוויגן אָנגעקוקט דעם הער ראָזנעק.

נאָכמיטאָג האָט זיך באַוויזן אַ בחור, וואָס זיינע אָרעמס זענען געווען דאַרער ווי גאָלדפּאַדנס, אָבער ווייזט אויס, נישט צום פּרעסאייזן.

בנימין האָט זיך מיט אים נישט געחברט. יענער האָט דער־ציילט ניבול־פּה מעשהלעך, געטראָגן אַ קראַוואַט און ליב געהאַט אָפּצושפּעטן פון די „קליינע מוחות", וועלכע זעען נישט דאָס לעבן אין אמתן ליכט. דאָס איז געווען דער ריכטיקער כופר בעיקר, דער אמתדיקער גאָט־לעסטערער, אינדערצייט וואָס גאָלד־פּאַדן האָט נישט פאַרלוירן די טראַדיציאָנעלע צורה פון אַן ערלעכן ייד. אָבער אין איינעם אַן אָוונט האָט בנימין זיך געפונען אין אַ געסל, ווו ס'האָבן זיך אויפגעהאַלטן נקבות. דער פּושע־ישראל האָט אַלץ אַראַנזשירט. ווי אין אַ חלום, איז בנימין אַרויפגעגאַנגען אויף סאַמעטענע טרעפּ און איז דערגאַנגען צו אַ פּרעכטיקן קאָרידאָר פון אַ פּאַלאַץ. ער איז אַריין אין אַ צימער פון אומגעוויינלעכן לוקסוס, באַצירט מיט שפּיגל־ווענט, דאַן איז דערשינען אַ פעטע מאַדאַם, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז נישט מער ווי אַ ליאַלקע פון רויט צאַפּלדיק פליש. איבער דעם עלעקטרישן לאָמפּ האָט מילד געלויכטן די ווץ פון שיר השירים:

„מיט מיר פון לבנון מיין כלה, מיט מיר וועסטו פון לבנון קומען".

ער גייט אַרויף פון אַ באָד, זאָגט אים די ליאַלקע ער זאָל זיך צו איר דערנענטערן, און זי ווינקט צו אים און ציט אים

מיט אַלע כּישוף־הנדלעך און שיינע מאַניערן, בנימין האָט גע־מורמלט אויף פּויליש:

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם.

ר'האָט אַ צי געטאָן דאָס שלאָס און געמאַכט אַ ויברח.

## 7

אַז ער איז צוריקגעקומען קיין זעמיאַק, האָט בנימין לגמרי מותר געווען אויף יעדער אמת־זוכעריי; ער האָט נאָר גע־שטרעבט צוריקגעפונען די רעשטלעך פון יענער טאָג־טעג־לעכער ריינקייט, וואָס ער האָט פאַרלאָזן צוריק מיט צוויי יאָר און פון איצט זי געשטעלט העכער פון אַלץ.

יהודיתנס נאַז האָט געציטערט, אירע נעגל זענען בולטער געוואָרן. מרדכי האָט אים מקבל־פּנים געווען לויט זיין שטייגער, געפּאָרשט זיין זונס פּנים, און ווען ער האָט אים אויפ־גענומען מיט אַ ברוך־הבא און צוגענייגט זיינע וואָנסן צו בנימינס שטערן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט צוריקגעפונען זיין שלימות: — רבונו של עולם, אויב דאָס אַלץ איז אַ טעות, איז מיר דאָס ליבער פון די אַלע קליינע אמתן פון די כופרים.

אָבער די צעשיידנדיקע ריכטליניען זענען ווייטער געבליבן אומקלאָר, ווייל אויב זעמיאַק איז נאָר אַ חלום, איז וואָס איז זי פאַר בנימינען, וואָס האָט אין דעם חלום קיין חלק נישט?

אינעם יאָר פון זיין צוריקקומען אין זיין געבורט־שטעטל, איז ערגעצוווּ אין איראָפּע אויסגעבראָכן אַ מלחמה.

די תמימותדיקע נשמות פון זעמיאַק האָבן זיך ערשט דער־וווּסט פון דעם אין חודש פעברואַר 1915 דורך בריוו פון פּאַריז, בערלין און ניו־יאָרק, אָפּגעריסענע משונהדיקע קלאַנגען האָבן פאַרכאַפּט דאָס שטעטל. מען האָט פאַרשטאַנען פון זיי, אַז די יידן פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבן געמוזט אָנטאָן די אוני־פאָרמען פון שנאה, כּדי זיך צו שלאָגן ווי חיות רעות. די קריסטן האָבן זיי געצוווּנגען צו דעם.

די אַלע מוראדיקע זאַכן זענען געוואָרן די טעמע פון שאַרפע

וויכוחים צווישן די זקנים, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן געטענהט, אַז מען טאָר נישט וואַרפן די שולד אויף די יידן, וואָס זענען געצוווּנגען געוואָרן צו טראָגן דאָס געווער פון די גויים. אָבער די אַלע רייד האָבן געבראַנגט טרויער, תּפילות און תּעניתים. ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז בחורים פון זעלבן ישוב, ברידער, וואָס זיצן אין פיינטלעכע לענדער, זענען אין דער סכנה מלחמה צו האַלטן איינער קעגן צווייטן, ווי דער מנהג איז ביי קריסטן, און נאָך אומדערהערטע מערדערייען, האָט אַן עצבות זיי באַנומען.

האָבן יידן, קרכצנדיק, איבערגעחזרט די פאַרהוילענע ווער־טער פון צדיק: „דאָס אַלץ קומט — האָט ער געזאָגט אויף אַן אסיפה פון זקנים — ווייל ישראל איז שוין מיד צו טראָגן די שווערד וואָס ליגט אויף זיין האַלדז, דער שעיר לעזאזל האָט זיך אויסגעמישט צווישן די אומות, ער בוקט זיך צו זייערע אָפּגעטער, ער טוט שלעכטס, און ס'איז אים מער נישט נויטיק די נאָענטקייט פון גאָט. אונזערע אומגליקלעכע ברידער זענען געוואָרן פראַנצויזן, דייטשן, טערקן און אפשר אויך כינעזער, מיינענדיק, אַז זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין יידן און ס'איז שוין געקומען דער סוף פון זייערע ליידן. און אָט זעט דער אויבערש־טער דאָס, וואָס ער האָט קיינמאָל אין משך פון צוויי־טויזנט יאָר גלות נישט געזען: יידן אָנגעטאָן אין פרעמדע מלחמה־מלבושים, זיי רעדן אויף פאַרשידענע לשונות, בוקן זיך צו געטשן און הרגנען זיך קעגנזייטיק אויס. ס'איז דאָך אַ קללה!", און דער צדיק האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, באַדעקט זיינע ווייסע האָר מיט אַש און זיך געשאָקלט ברומענדיק, ווי אַ פאַרוווּנ־דעטע חיה.

די ווייבער האָבן דערציילט אַן אויסטערלישע מעשה, וואָס מ'ווייסט נישט ווער ס'האָט זי געבראַכט קיין זעמיאַק: ס'איז נאַכט אויפן פראָנט, פינצטער, אַ שאָס, דער ייד וואָס האָט גע־שאָסן, דערהערט אַ געיאָמער... דעמאָלט האָבן זיך אים די האָר אויפן קאָפּ אויפגעשטעלט, ווייל אין דער פינצטער, דריי שפּאַן פון אים, זאָגט דאָס קול פון שונא די לשון־קודשדיקע ווידוי־תּפילה. רבונו של עולם, דער סאָלדאַט האָט געהרגעט זיין יידישן ברודער! וויי און ווינד. ער פאַרוואַרפט זיין ביקס און לויפט

אינמיטן פראַנט צו זיין פאַרווונדעטן און צו זיין חרפה. פון שונא'ס זייט שיסט מען אויף אים, פון זיין זייט שרייט מען ער זאָל צוריקגייען, ער בלייבט אינמיטן פראַנט און שטאַרבט. ווי און ווינד.

די מלחמה האָט זיך נישט געענדיקט, ביז ס'האָבן זיך אָדורכגעריסן קלאַנגען וועגן דער רעוואָלוציע, און דאַן וועגן פּאָגראָמען; וואָס האָבן זיך פאַנאַנדערגעטראָגן ווי אַ ווילד געפייף איבער פעלדער. גאַנץ אוקראַינע איז איינגעטונקען אין פייער און בלוט. ווי רויבפייגל האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די באַנדעס פון מאַכנאָ און פּעטלורע, אויף די יידישע קהלות פון גרויסן סטעפּ. די מענטשן פון זעמיאַק גופא, וואָס זענען נאָך געזעסן זאַרגלאָז הינטער די בערגלעך, האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טראַכטן. אַ סך מאָל זענען זיי איבערגעשראָקן געוואָרן דורך פאַלשע ידיעות און זענען אַנטלאָפן אין באַוואַלדיקטן געבערג. די פאַרבליבענע אין זייערע בעטן, האָבן געהוזקט פון די צוריקגעקומענע פּליטים, אַזוי ווייט, אַז אין דער שעה פון אמתער סכנה, איז אַ גרויסע צאָל מענטשן לייכט אַריינגעפאַלן, מחמת זייער סקעפּטישקייט, אין דער „נעץ פון פאַלשע בהלות" — וואָס זענען תמיד פאַרויסגעלאָפן פאַר דער פאַקטישער סכנה.

אינדערנאַכט פאַרן סוף, האָט מען געזען גרויסע פלאַמען־אָפּשיינען פון דאָרף פּסקאָוו. ווייל דער חודש אויגוסט איז געווען אַ ברענענדיק־הייסער, זענען מענטשן געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ וואַלד־שריפה. מיטן באַגינען האָבן אָפּגעהילכט די ערשטע געשרייען, אַלץ איז צוגעגאַנגען זייער גיך. די קאָזאַקן האָבן שוין געצונדן הייזער אין זעמיאַק, ווען יידן איבערגעשראָקענע פון שלאָף, זענען אַרויס אין איין העמד, דאָס קאָפּל אויפן קאָפּ און מיט פאַרלוירענע בליקן, געפרעגט די אַנטלויפנדיקע וואָס ס'האָט פאַסירט.

יהודית און מרדכי, אין באַגלייטונג פון דעם איינעם זון, בנימין, האָבן קוים לעבעדיקע, דערגרייכט דעם שפּיץ פון בערגל ביי די „דריי ברונעמס". איידער ער איז נאָכגעגאַנגען די עלטערן בעתן געלויף, האָט בנימין נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן פון צוריקקערן זיך און זען וויאַזוי דאָס שטעטל איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די קאָזאַקן. ער איז געווען געריירט פון דער פייזאַזש־שיינ־

קייט. אַ נעפּל־רינג האָט אַרומגעגאַרטלט דעם טאָל ביז צום באַרג־שיפּוע, דער גרינער באַרג־אַראָפּ האָט זיך פאַרלוירן אין דער נעפּל־גראָקייט און איז ווידער באַמערקט געוואָרן, אין דער טיף פון ווייטערע פּופּציק מעטער. ס׳האָבן געוויִמלט מענטשן־שאָטנס ווי מוראַשקעס אויף די שכנותדיקע בערגלעך; די שטעטל־דיקע רויטלעכע דעכער האָבן זיך געזען מיט אַ בלענדנדיקער לויטערקייט אינמיטן נעפּל־רינג. בנימין האָט געזוכט דעם ליי־דיקן שטח פון סקווער־פּלאַץ פאַר דער קאַטוילישער קירכע און אין דעם מאָמענט האָט ער געהערט די געשרייען. דערנאָך געזען שוואַרצלעכע פלעקן, וואָס האָבן, מעשה־כישוף, אַרויסגעשפּאַנט פון דער רויטקייט פון די דעכער, בעת די געשרייען (די לויטערע צוליב דער ווייטקייט) זענען גראָטעסקמעסיק ענלעך געווען צום געצוויטשער פון פייגעלעך. אין איבער דעם אַלעמען, איז דער הימל געבליבן בלאָ און אומבאַוועגלעך. בנימין האָט געעפנט דאָס מויל, כדי אויסצושרייען, כדי אויפצושטורמען, אָבער ער האָט זיך צוריקגעצויגן. קיין שום ציטערניש האָט נישט אויפגע־טרייסלט די לופט.

— אָבער אויף וואָס וואַרטסטו?

ס׳האָט ווער געשעפּטשעט, בנימין האָט זיך אומגעקוקט און געשמייכלט: אין אַ מרחק פון צען מעטער, פון צווישן די ביימער האָט דער בלאַסער קאָפּ פון זיין מאַמע געוויזן אַ צעעפנט מויל אַ נייגעריקס און שטומען רוף, ביז ס׳איז אויסגעשטרעקט געוואָרן פונעם צווייגן־פּלאָנטער אַ האַנט, וואָס איר פינגער האָט אומרויק געווונקען און געבעטן מיט רמזים, וואָס האָבן דערמאָנט אַ קינד, ביים שפּילן זיך אין באַהעלטערלעך. שמייכלענדיק נאָך אַלץ, האָט ער מיט איין עלאַסטישן טריט אַריבערגעשפּריזט די צען מעטער־שטילע ערד, וואָס האָבן אים אָפּגעטיילט פון ראַנד פון צווייגן־פּלאָנ־טער, און ער האָט זיך פלוצים ווידער געפונען אין דער שפּרודלדיקער גראָקייט פון די יאָדלעס־געדיכטעניש, וועמעס גלייכגילטיקע בוימ־שפּיצן האָבן זיך צוגעקוקט צו די רויכנדיקע רויטע, קליינע דעכ־לעך פון דאָרטן אונטן, אין שטילן הסכם מיטן הימל.

— זיי יאָגן זיך נאָך אונז? — האָט יהודית שווער געעטעמט, זי האָט געציטערט.

— פֿאַרוואָס טראַכסטו, אַז זיי יאָגן אונז נאָך? — האָט בנימין געזאָגט אָן שכל. ער האָט אַריינגעשמעקט דעם ריח פֿון פֿאַרסמאַ־ליעטן האַלץ. ער איז געווען די וועלט פֿון אונטן, און די וועלט פֿון דאָ, וועלכע פֿון זיי איז די ממשותדיקע? זיין מאַמע יהודית איז געווען איינגעהילט אין אַ שוואַרצן טוך־מאַנטל און אירע פֿיס זענען געווען נאַקעט, אַזוי איז אויך די אויבערשטע טייל פֿון איר ברוסט געווען אַנטבלויזט, וואָס דער קוים פֿאַרקנעפּלטער מאַנטל האָט לייכט אָפּגעדעקט. דאָס מאָסיווע פּירקאַנטיקע פּנים פֿון זיין מאַמע יהודית איז געווען בלייך און ווי באַשטאָטן מיט דינעב ראָזלעכן פּודער, וואָס האָט געשיינט ווי אַ ליכט־קראַנץ אויף אירע קינ־ביינער. אירע אויגן זענען געווען ווי אָן ווייעס. פּלוצים האָט בנימין פֿאַרשטאַנען דעם זין פֿון זיין שמייכלען: זיין מאַמע יהודית האָט נישט באַוויזן אַרויפֿצוכאַפּן אויף זיך דאָס שייטל און איר פֿריש אָפּגעגאָלטער שאַרבן האָט געוויזן אַ בינטל ווייס־פּוכיקע הערעלעך, וואָס האָבן זי געמאַכט ענלעך צו אַן אַלט מיידל. בנימין האָט אָפּגעווענדט זיינע אויגן, כּדי זי זאָל גאָרנישט באַמערקן. „קום, קום" און מיט אַ פּלוצימדיקער באַוועגונג האָט יהודית אים אַריינגעשלעפּט אין דער צווייגן־געדיכטעניש, אַז זיין אומגעלומ־פּערט פּנים איז רויט געוואָרן, פּחד און פֿאַרווירונג האָבן אים אַרומגענומען. טיפֿער אומרו האָט זיך אויך באַמערקט אין יהודיתס משונהדיקע תּנועות און העוויות.

נאָכגייענדיק צווישן די ביימער דעם גרויסן און אומרויקן שאָטן פֿון זיין מאַמע, האָט בנימין געפֿילט זיין טאַטן מרדכי, אַ נאָכגייענדיקן מיט אַ ספֿר־תּורה אין האַנט, און נישט נאָר וואָס ער איז געווען אינגאַנצן אָנגעטאָן, ער האָט אפֿילו געפֿונען צייט און מוט מיטצונעמען מיט זיך זיין גרויסן טלית, וואָס ער האָט איינגעהילט זיין גוף אין אים, ווי אין אַ פּאַנצער קעגן דעם אומ־גליק, וואָס האָט געבושעוועט אין דער לופֿט. במשך פֿון זייער געמיינזאַמען אַנטלויפֿן, האָט מרדכי זיך באַגנוגנט מיטן פֿאַרשנע־לערן עטוואָס די שריט, אַנשטאָט צו לויפֿן ווי בנימין און יהודית. יעדעסמאָל, ווען בנימין האָט זיך אומרויק אומגעקוקט צו זיין טאַטן, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס גרויסע אויסגעדאַרטע פּנים פֿון אַלטן איז פֿאַרזונקען אין חלומות, ווען אינדערזעלבע־

צייט האָט דער מעכטיקער גוף, ווי פון אַ וואַלד־העקער, מיט פּו־לער, באַרעכנטער פּינקטלעכקייט אויסגעפּירט די נויטיקע באַוועגונגען פון אַנטלויפן. אין האַלבן הויף פון בערגל האָט בנימין דערזען ווי זיין מאַמע יהודית ווענדט זיך צו מרדכין, מיט אַ קורץ און שעפּטשנדיקן קול: — צוליב דיר וועלן מיר פאַרשפּעטיקן, צו ביזטו אַזוי גיריק צו שטאַרבן?

דער אַלטער האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן דער סטעזשקע, און ווי ער וואָלט זיך געפונען אין קרייז פון מתפללים אין בית־המדרש, האָט ער געלאָסן געזאָגט, מיט אַ טאָן פון אַ מדריך:

— מיין ווייב, אשה, צי גלויבסטו, אַז דו וועסט איינהאַלטן גאָטס שעה?

דערנאָך איז ער אַוועק, ווי אַ מאַסיווער, אויסגעהעמערטער זייל פון שטיין, וואָס איז געשטערט געוואָרן פון אַן אומבאַדייטנדיקן כוח. יהודית האָט מיט כעס געענטפערט: — און דו ווילסט דווקא די שעה ברענגען פריער?

בנימין האָט געשפּירט, אַז זיין מאַמע וויל אָנהייבן אַ קריגעריי; אָבער אַ שאָס, וואָס איז געקומען פון טאָל, האָט זיי אויפגעוועקט און פאַרגיכערט זייערע שריט. און ער איז געגאַנגען שטיל, ווי זיין פאָטער, אין דער טונקלקייט פון די צווייגן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די שטעכעדיקע וויין־קוסטעס, וואָס האָבן געדראַפּעט זייערע פּנימער, און אויך נישט אויף די געדעמפּטע געשרייען וואָס זענען צו זיי דערגאַנגען פון טאָל, און אפילו נישט אויף די שנאה־בליקן פון די אומגליקלעכע יהודית וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט יעדע צען שריט, כדי זיך איינצוהערן אין דעם אַרום, און דערנאָך נאָכגעאיילט פאָרויס, ווי אַ פייל פון בויגן, איינגאַנצן אַ גלייכגילטיקע צו אירע פאַרבלוטיקטע פיס און צו איר האַלב אַרויסזעצנדיקע ברוסט פון מאַנטל. נאָך אַ ווײַלע, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אויף געשעפּטשעט: „לאָמיר זיך באַהאַלטן צווישן די געדיכטע צווייגן״ אירע געזיכטס־שטריכן זענען אויסגעקרומט געוואָרן אונטערן דרוק פון פחד, און בנימין טראַכט ביי זיך, ווי שרעקלעך זי זעט אויס. פּלוצים האָט זי דערפילט איר אַרויסשטאַרצנדיקע ברוסט פון צע־קנעפּלטן מאַנטל. אַ צעטומלטע האָט זי אָנגעקוקט ביידע מענער און אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון מאַנטל, צודעקנדיק מיט ביידע

פויסטן איר נאַקעטקייט, זי איז אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין. מרדכי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ יאָדלע, זיינע גרויסע, גראָע אויגן האָבן פאַרגליווערט געקוקט צו די ווייס־בלאָע ליכט־פּאַסן, וואָס האָבן געשפּילט צווישן די צוויגן אינדערהייך, און זיין באָרד האָט זיך לייכט געשאָקלט, ווי ער וואָלט געשעפּטשעט אַ תפילה. בנימין איז געזעסן אַן אומבאַוועגלעכער. אַלע דריי זענען געווען אַזוי טיף פאַרזונקען אין זייערע מחשבות, אַז קיינער פון זיי האָט נישט באַמערקט דאָס דערנענטערן זיך פון אַ קאָזאַק. יעדער פון זיי איז געווען מיט זיך אַליין. פון צייט־צו־צייט, האָט יהודית דורכגעזייט איר צאָרן צווישן אירע ציין:

— גאָטעניו, וואָס האָסטו געטאָן מיט די אַנדערע קינדער־מיינע? רבונו של עולם, נאָר מיך און מיינע קינדער? נאָר אונז...



שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז איינצלנע קאָזאַקן האָבן געזוכט יונגע מיידלעך, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועל־דער אַרום דעם טאָל פון זעמיאַק. פּלוצים האָט בנימין דערזען פאַר זיך אַ בלאָנדן מענטש, אין קאַוואַלעריע־שטיוול. אַ שמאָלער זון־פּאַס האָט באַהעלט דעם קאָזאַק־שאָטן. ער האָט געהאַלטן די שווערד גלייך פאַר זיך אויף דעם האַריקן דרייעק פון זיין ברוסט, די טריבע, געלע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט כיטרעקייט, אין זיין ביינערדיקן, פּירעקיקן פּרצוף פון אַן אוקראַיִנישן פּויער. ער איז געגאַנגען פּאַרויס, הויבנדיק די שטיוול מיט פאַרזיכטיקייט. בנימין האָט זיך געפרעגט, צי זיינע עלטערן מאַכן זיך נישט הערן דאָס קנאַקן פון די צווייגלעך, ממש הינטער זיי, אָדער זייער באַוווּסטזיין איז אינגאַנצן געווען פאַרטאָן נאָר מיט זייערע אייגענע אומרויקע מחשבות. אַזוי האָט זיך אויך בנימין געוווּנדערט, וואָס זיין האַרץ קלאַפּט נישט העפטיקער, וואָס קיין שום קלאַנג שפּאַרט נישט פון זיין מויל, וואָס קיין ציטער טרייסלט נישט זיינע אברים. אַ דערמוטיקונגס־געדאַנק האָט ביי אים אויפ־געבליצט, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ דערשיינונג, אין

וועלכער ער נעמט בכלל נישט אָנטייל, סיידן אַלס צוקוקער. מרדכי איז נאָך אַלץ געווען צוגעשפּאַרט צו דער יאָדלע, און יהודית איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט פאַרשטאַרטע אויגן און געציטערט מיט איר פולן לייב, בעת אירע בײדע פויסטן נעמען אַרום דעם קאָלנער פון איר מאַנטל. בנימין האָט באַמערקט, אַז די געשטאַלט פון קאָזאַק מאַכט אַ מין שפּרונג, כדי זיך אָוועקצושטעלן צווישן יהודית און מרדכי וואָס ציטערן פון פחד. דער קאָזאַק האָט באַטראַכט זײַנע דריי קרבנות מיט ביטול און אַנטוישונג. דערנאָך, אויסקלויבנ־דיק מרדכין, האָט ער געלאָסן געוועדט דעם שפּיץ פון זײַן שווערד צום האַלדז פון אַלטן מאַן ביז איצט, איז מרדכי נישט אַרויס פון זײַן פאַרהעלטנישמעסיקער רויקייט, אָבער ווען דער שפּיץ פון שווערד האָט זיך דערנענטערט ביז צו צוויי פינגער פון זײַן האַלדז, האָט ער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און אָנגעשפּאַרט זײַנע אָרעמס אין בוים־שטאַם, אַרויסשטעלנדיק צוויי צאַרנדיקע אויגן אַנטקעגן הימל און זײַן מויל האָט אויסגעשריגן די ווערטער פון תפילת־ווידוי:

— שמע ישראל...

אין זײַן שטים האָט זיך געהערט אַזאַ פאַראומערטער און יאושדיקער קלאַנג, אַז בנימין האָט געשטוינט איבער זײַן פאָטערס אַזוי שטאַרקער צוגעבונדנקייט צום לעבן. דער קאָזאַק, ווערנדיק פאַרכאַפּט פון דער געשאַפענער קאָמישער לאַגע, האָט אַראָפּגע־לאָזט די שווערד און איז אויסגעבראָכן אין אַ ווילד געלעכטער. ער האָט זיך געקאָרטשעט אין געלעכטער־ספּאַזמעס, מיט דער לינ־קער האַנט האָט ער זיך צוגעהאַלטן דעם בויך און מיט דער רעכ־טער האַנט אַרײַנגעשטעקט די שווערד אין דער ערד. קיין האָרט האָט זיך נישט געהערט. בנימין האָט באַמערקט ווי זײַן מאַמע קומט צו זיך, און אין איין אויגנבליק, זייענדיק געצייצט ביז צום העכסטן גראַד, האָט זי געמאַכט אַ שפּאַן פאָרויס און דערלאַנגט מיט איר שטאַרקער האַנטפלאַך אין קאָזאַקס פּנים. און אויסנוצנדיק זײַן פאַלן אויפן רוקן, האָט זי אַרויסגעריסן די שווערד פון דער ערד און האָט מיט שטאַרקע קלעפּ געשלאָגן אויף זײַן שאַרבן און אַקסלען, ווי זי וואָלט געהאַקט פלייש מיטן פליישיקן האַקמעסער. דער קאָזאַק האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ, בנימין האָט בולט געזען ווי די ברייטע שאַרף פון שווערד דרינגט אַרײַן אין קאָ־

זאַקס האַנט־געלענק, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון אָרעם. ווען מרדכי, זיין פאָטער, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער מאַמע יהודית, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז אַ מין פאָרהאַנג נידערט אַראָפּ אויף זיינע אויגן. צי איז דאָס אַלץ געווען ווירקלעכקייט? ער האָט קוים געגלויבט אין דעם.



אין דער פינצטערקייט פון דער נאַכט, האָט בנימין געזוכט צוצוגיין ביז צום ראַנד פון וואַלד. אין טאָל איז געווען שטיל, אָבער אַ שלעכטער ריח האָט זיך געטראָגן פון דאָרטן, אַ שוואַרצער רויך האָט זיך געקנוילט אינעם בלאָ פון דער נאַכט.

ווען ער האָט אַראָפּגענידערט פון די בערגלעך, האָט ער דאָ און דאָרט געזען דינע ליכטפּאַסן. ער איז אַדורכגעגאַנגען דאָס פעלד פון עפּנטלעכן וועש־וואַשן און זיך אָוועקגעשטעלט הינטער אַ הויז. אַ שאָטנגעשטאַלט אין באָרד און קאַפּאָטע האָט אַדורכגעשפּריזט די גאַס מיט אַ וועקסן ליכט אין האַנט. בנימין איז אין ציטערניש אַרומגעגאַנגען די אָפּגעלאָזענע געסלעך פון זעמיאַק. אַ מין געפּליסטער האָט זיך געהערט פון צענטער פון שטאָט. דאָס איז געקומען פון קירכע־פּלאַץ, וווּ צענדליקער מענטשן־שאָטנס מיט ליכט אין די הענט, האָבן דערקענט זייערע מתים צווישן הויפנס פון הרוגים. פאַרטאָגס האָט בנימין אַנטדעקט זיינע דריי טויטע ברידערלעך אונטער דער וועראַנדע פון אַ הויז. דער גאַנצער קומענדיקער טאָג איז געווען הייליק פאַר גראָבן קברים. ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ נייער בית־עלמין אין שכנות פון אַלטן. בנימין און זיין פאָטער האָבן עטלעכע מאָל געפּרוווט אָוועקרייסן יהודיתן פונעם בערגל, אונטער וועלכן ס׳זענען באַגראָבן געוואָרן אירע דריי זין. במשך אַכט טעג איז מרדכי געווען פאַרמאַכט מיט איר אין שטוב. זי האָט געגלויבט, אַז דאָס האָט גאָט זי געשטראָפט פאַרן טויטן דעם בלאָנדן מענטש; זי האָט זיך געפילט שולדיק אין טויט פון אירע זין.

מען האָט זיך דערוווּסט, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס זענען געווען ווייסגוואַרדייער, וואָס זענען צופעליק אַדורכגעגאַנגען דאָס פאַר־

שטויסענע שטעטל זעמיאַק. אונטער דער אָנפירונג פון דייטשע, פראַנצויזישע, ענגלישע און אַמעריקאַנישע אָפיצירן, זענען זיי געשיקט געוואָרן קיין אוקראַינע מיטן געמיינזאַמען ציל אַראָפּצוּוואַרפן דעם נייעם סאָציאַליסטישן רעזשים. איז שפּיץ איז געשטאַנען קאַזיר־זירקאָ, אַ באַוווסטער אַרכי־רויבער. אַ צאָל יידן פון זעמיאָק האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן אין די בערגלעך. קאַזיר־זירקאָ האָט צונויפגעזאַמלט די איבערגעבליבענע, אויפן פּלאַץ פאַר דער קירכע, און כדי צו דערמוטיקן זיינע מענטשן, האָט ער אויפגעשפּיזט אַ קליין קינד אויף זיין שפּיז:

— דאָס איז גאָרנישט — האָט ער געברילט — דאָס איז גאָרנישט, דאָס זענען די וווּנדער פון דער רעוואָלוציע.

און ס'איז געשען אַן אויסטערלישע זאַך; בעת מענטשן האָבן פאַרבלוטיקטע זיך געקנוילט אין יסורים און זענען געשטאָרבן, האָט דער אַלטער ל״ו־ניק אַרומגעשפּריזט צווישן די הרוגים און אומזיסט זיך געבעטן ביי די רוצחים: „שטעכט מיך אויך, הרגעט מיך אויך" אָט דער ספּעקטאַקל האָט פאַרשאַפט גרויס תענוג די סאָלדאַטן, און זיי האָבן זיך באַגנוגענט מיט דער פאַרוויילונג פון אָפּשניידן אים די באָרד. עטלעכע מאָל האָבן זיי געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי גרייטן זיך אים הרגענען. און דער אַלטער ייד, אַ געבויגענער איז דרייען, אָפּוואַרטנדיק דעם טויט מיט פאַרמאַכטע אויגן, איז דערגאַנגען צו אַ מין געטלעכער התלהבות, צו איבערערדישער דערהויבנקייט. ער האָט זיך אָבער אַנטוישט, ער איז געבליבן אַ לעבעדיקער, איינער אַליין, אויפן פּלאַץ פאַר דער קירכע.

דער פּאָגראָם פון זעמיאָק איז אַדורך אומבאַמערקט צווישן הונדערטער אַנדערע פּאָגראָמען. ביסלעכווייז איז אָנגעקומען הילף. די יידן פון אייראָפּע און אַמעריקע האָבן ווידער געמאַכט אַ געלט־זאַמלונג, אָבער ווען דער שלום האָט זיך איינגעשטעלט, נאָך די צוואַנציקער יאָרן, האָבן די רעשטלעך פון פּאָגראָם אין זעמיאָק זיך געפרעגט: וויאַזוי איז דער צדיק געבליבןביים לעבן. אַ טייל מענטשן האָבן געפילט דעם גרויסן חסד פון הימל, אַנדערע האָבן דערין געזען די מיסטעריעזע און דערשיטערנדיקע איראָניע פון

גאָט, וואָס דערויף איז מרמז געוואָרן אין די כתבי־קודש. אין הארץ פון אַ טייל אינוווינער פון זעמיאַק האָט געטליעט אַ טיפער פאַר־דרוס. די יונגע זענען צוגעטרעטן צו דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „בונד", און דער שטאַרקער ווילן צו לעבן און צו שטאַרבן אויף דער צוגעזאָגטער ערד אין לאַנד כנען, האָט ווי אַ מעכטיקער שטראָם פאַרכאַפּט די ידישע נשמות. יהודית האָט אויסגערופן גאַנץ אָפן, אַז דעם צדיקס איבערבלייבן ביים לעבן איז אַזאַ לעכערלעכע זאַך, אַז פון היינט אָן וועלן די לוי׳ס מער נישט האָבן קיין שום תנועה. בנימין האָט אינדערשטיל דערצו מסכים געווען. מרדכי האָט זיי ביידע אָנגעקוקט מיט דערשטוינונג און פאַרביטערונג. ער האָט זיך געפילט ווי אָפּגענאַרט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אונטער־שיידן, צי דורך זיין משפחה צי דורך גאָט אַליין. זיינע זין זענען טויט און דער אַלטער ל״ו׳ניק לעבט.

און אפשר איז אין דעם אַ סודותדיקע כוונה פון אויבערשטן?

אַ דאַנק דעם ספק האָט ער דערלויבט בנימינען אויסצוואַנ־דערן אין דער פרעמד, און אויב ער וואָלט אים נישט געווען דערלויבט, וואָלט דאָן במילא זיין זינקענדיקע אויטאָריטעט נישט געקאָנט זיך אַנטקעגנשטעלן דעם, פון איצט אָן, אומבויגזאַמען ווילן פון יהודיתן.

# שטילנשטאָט

## 1

בנימין האָט געפּטרט עטלעכע טעג אין וואַרשע, נישט זייענדיק נאָך אַנטשלאָסן אין וועלכן גלות־לאַנד צו גייך, האָט אים דאָך אַ געפיל פון הנאה און קינדישער פרייד באַזעסן. די נעמען פון די לענדער וואָס מען האָט אים פאָרגעלייגט, האָבן זיך אים אויסגעוויזן אי אַביסל ערנסט, אי אַביסל פאַנטאַסטיש, לויט ווי זיי זענען געשילדערט געוואָרן דורך יעדן איינעם בחור מיט יידישער געמיטלעכקייט, האַלב אין חוזק. בעת דער שפּיל פון וואַרפן שטיינדלעך אין די קוואַדראַטן, ווען יעדער איינער רופט אַרויס פון זיין דמיון: אַ ווייס ברויט, אַ זיפּץ, אַ פונט אַרבעס, אַ באַליידיקונג, אַ הינדל אין טאָפּ, אַ מיליאָן זלאָטעס, אַ טיפוס, לסוף דעם פּאָגראָם, האָט דאָס קיילעכל זיך געקייקלט אין זיין מוח, און איינציקוויז האָט ער באַטראַכט די פאָרגעשלאָגענע נעמען פון הילפס־און עמיגראַציע־קאָמיטעט, און נישט געקומען צו קיין שום באַשלוס.

בדרך־כלל איז דאָס קיילעכל זייער גיך אַריבער דאָס וואָרט ענגלאַנד: דאָס איז דאָך אַן אינדזל, וויאַזוי וועט מען קאָנען פון דאָרט אַנטלויפן, איז פאַל פון נויט? אין פאַרגלייך מיט דעם, האָט ער זיך געמיטלעך פאַרהאַלטן ביים וואָרט אַמעריקע, מיט לייכטער נייגעריקייט און איבערקלייבערישקייט פון אַ טוריסט: דאָס וואָרט האָט פאַר אַלעמען סימבאָליזירט דעם שרעקלעכן מעבר־לים,

וואָס וועט אויך תמיד צעשיידן בנימינען מיט זיינע עלטערן; דאַן האָט ער זיך דערמאָנט דעם ביבלישן טאַנץ אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב וואָס זיין שניידער־מייסטער פון זעמיאַק פלעגט אים צוגלייכן צום לעבן פון די יידן אין אַמעריקע. וואָס שייך דאָס וואָרט פראַנ־קרייך, איז דאָך דערמיט פאַרבונדן די אומאַנגענעמע מעשה־דרייפוס וואָס בנימין האָט אַ סך וועגן איר געהערט. מען האָט דער־ציילט, אַז די פראַנצויזן האָבן אַרויסגעשיקט דעם ייד דרייפוס אויפן טייוול־אינדזל. דער נאָמען אַליין רופט אַרויס אַ שוידער, נו, דאַרף ער דאָרט זיין?

צום סוף, נאָך דעם „אויספלוג" איבער דער קויטיקער וועלט, האָט בנימין דעצידירט לטובת דעם וואָרט דייטשלאַנד. ווייל די דייטשע יידן, האָט ער געהערט, זענען אַזוי גוט איינגעאָרדנט אין דעם לאַנד, אַז אַ טייל פון זיי האָבן זיך באַטראַכט „כמעט" מער אַלס דייטשן ווי אַלס יידן. דאָס האָט אָן ספק דערציילט וועגן דער גוטמוטיקייט און מילדקייט פון דייטשן כאַראַקטער. באַלד האָט זיך בנימין אויסגעמאָלן די דייטשע עמפינדלעכקייט, פינקטלעכ־קייט און איידעלע גערנווייליקייט אַזוי, אַז די יידן, פול מיט באַגייסטע־רונג, זענען אָן מינדסטן צווייפל געוואָרן דייטשן מיט זייער גאַנצער נשמה.



בערלין האָט אים באַלד אַנטוישט. די שטאָט האָט נישט גע־האַט, נישט קיין אָנהויב און נישט קיין סוף. ס'איז נישט אַריבער קיין פיר־און־צוואַנציק שעה און ער האָט שוין געוואָלט פון דאָרט אַנטלויפן — אָבער וווהין דאַסמאָל, רבונו של עולם? דער קאָמי־טעט האָט אים איינקוואַרטירט אין אַ פּאַרלאָזענער שול, צוזאַמען מיט הונדערטער פליטים פון מזרח. גאַנצע משפחות האָבן געלעבט אין אַ גרויסן זאַל וואָס איז געווען מיט קרייד אָפּגעטיילט אין באַזונדערע „שטיבלעך". אַ סטעזשקע פון פּופּציק סענטימעטער וואָס האָט דעם זאַל צעטיילט אין צווייען האָט דערמעגלעכט די איינוווינער צוצוקומען צום אַרויסגאַנג. יעדער איינער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער ווייסט גאָרנישט וועגן קיום פון שכן. אריי־

בערשפּאַנעך דעם קרייז פון קרייד האָט באַדייט באַטרעטן די שוועל פון יענעמס פּריוואַטן לעבן כּדי צו מאַכן אַ באַזוך, האָט מען מודיע געווען מיט אַ שמייכל, העפלעך געוואָרט, אַז מען זאָל הייסן אַריינגיין. ס׳האָט אויסגעזען, אַז די גאַנצע וועלט איז אַראָפּ פון זינען און קיינמאָל וועט שוין נישט זיין קיין דאַך איבערן קאָפּ. אַ טייל האָט אַראָפּגעלאָזט פון סופיט אַ שטריק און אויף אים פאַרבונדן אַ שפּיגל, אַ בילד — אַ פאַמיליען־קרייז. נאָר די קינ־דער האָבן זיך איינגעקעקשנט און האָבן זיך נישט גערעכנט מיט די אָפּגעגרענעצטע „ווענט״ דורך די דערוואַקסענע, אַ זאַך וואָס האָט תמיד גורם געווען קריגערייען און געשרייען.

— אַלע וואַרטן זיי אויף אַ גאַנצע דירה — האָט אים געזאָגט באַלד ביים אָנקומען אַ יונגער בחור, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג פון אַ קרייד־סטעזשקע — זיי גלויבן אין דעם.

— און דו, פאַרוואָס וואַרטסטו? — האָט בנימין געפרעגט מיט אַ שמייכל.

פון דער טונקלקייט איז אַרויס אַ פּרצוף, וואָס האָט אומרויִק אויפגעהויבן די אויגן. דער יונגער בחור האָט פאַרלאָזן זיין בעט. זיינע רויטע צעשויבערטע האָר האָבן ווי צעטיילט זייַן שטערן, און אין זיין ברייט האָט זיך אויסגעלייגט אַן אַנגעשוואָלענער קנייטש ווי אַ מין שראָם, ער האָט אָפּגעחוזקט:

— איך, איך וואַרט אויף משיחן, אָבער עס ברענט נישט. פאַר אונז איז די גאַנצע אייביקייט, נישט אַזוי? זייט געזונט.

אַזאַ איז געווען בנימינס ערשטע באַגעגעניש מיטן אָרעמען בחור פון גאַליציע, וועלכן מען האָט אין די קומענדיקע וואָכן שטענדיק געזען ליגנדיק, אָדער זיצנדיק אויפן ראַנד פון בעט, דער קאָפּ פאַרזונקען אין חלום און זיינע הענט ציטערן, ווי די הענט פון אַ זקן; בנימין האָט געהאַט דעם חשש, אַז דער בחור וועט שטאַרבן פון הונגער. ווען ער האָט באַקומען הילף פון קאָ־מיטעט, האָט ער פאַרבעטן דעם בחור ער זאָל עסן מיט אים צוזאַמען אַ „יומטובדיקע״ אייער־שפּייזע, כשרע ווורשטלעך, וואָס האָבן געוועקט חלומות וועגן דער היים, וועגן אַנדערע זעלטענע מאכלים. לויט זיין שטימונג האָט דער בחור פון גאַליציע, אָדער מיט אים מיטגעלאַכט, אָדער אים מיט אַ האַלב מויל באַליידיקט:

— ווער וועט מיך פון אייך באַפרייען? — האָט ער איינמאָל געזאָגט צו בנימינען.

— אַנטשולדיקט מיר — האָט בנימין געשטאַמלט — איך האָב נאָרוואָס געפונען אַרבעט, האָב איך מיר דערלויבט צו מאַכן אַ שטיקל יום־טובדיקע סעודה, איר פאַרשטייט?

— עסט אייך געזונטערהייט — האָט יענער געענטפערט, כמעט מיט סימפּאַטיע — איך ווייס, איך ווייס גאַנץ גוט ווי ווייט איר ווילט געפונען אַרבעט, וויפיל איר האָט היינט געאַרבעט און ווי גיריק איר זענט בכלל צו אַרבעטן, איך ווינטש אייך גליק, וואָס נאָך ווילט איר?

און בנימין האָט געטענהט:

— און ווער וועט דאָס דעם אָוונט נישט עסן?

אַ מילד־יידישער גלאַנץ האָט זיך באַוויזן אין די האַלב־פאַרלאָשענע אויגן פון גאַליצישן בחור, דערנאָך איז די מילדקייט פאַרשוואונדן און אין זיי האָט זיך פּלוצים געזען אַן אומפאַרשטענד־לעכע רשעות:

— עסט פאַר מיר אויך.

די ווערטער האָבן געטראָפן בנימינען ווי מיט אַ שאַרפן נאָגל, ער האָט זיך פאַמעלעך צוריקגעצויגן ביי דעם באַגלייט פון פאַראַכטנדיקע פירושים פון די שכנים־„לאָקאַטאָרן" לגבי דעם בחור פון גאַליציע, און דערביי געהאַט פאַריבל אויף בנימינס ברייטהאַרציקייט, אין וועלכער זיי האָבן געזען אַ מילדן פאַרהוילן קעגן זייער אָפּשאַצונג פון מענטשנס אייגנשאַפטן.

צוריקקומענדיק אין זיין „שטיבל", האָט בנימין זיך אויסגע־דרייט און געזען דעם רויטן בחור אין זיין געוועלעכן שטיי־גער, דער קאָפּ צווישן די הענט, אַ געפאַנגענער פון עפּעס אַ חלום וואָס ער ווייסט נישט זיין באַשייד. ווי ער וואָלט באמת געווען איינער אַליין און נישט אונטער שטענדיקער קאָנטראָל פון צוויי הונדערט פיינטלעכע בליקן. וועגן וואָס טראַכט ער? האָט בנימין זיך געפרעגט, נישט אָן אומרו, וואָס די געשטאַלט פון גאַליצישן בחור האָט אין אים שטענדיק אַרויסגערופן.

ער האָט צעשניטן אין זיין בלעכן פענדל אַ כשר ווורשטל און האָט עס אָן הנאה געגעסן.

— אוודאי האָב איך אים צעטומלט, דעם אומגליקלעכן בחור, — האָט בנימין געזאָגט צו זיך — אָבער דאָס וועט נישט זיין אַזאַ גרויס פאַרגעניגן צו עסן אין זיין געזעלשאַפט.

ער האָט אויפגעהערט אויף אַ ווײַלע צו קייען און זיך געפרעגט צום טויזנטסטן מאָל:

— צי איז ער אַ צוגעשפּיצטער וואָס שטעכט נאָר אַנדערע, אָדער בייסט זיך אַליין אויך? — אָט דאָס איז די פראַגע.

דאָך, כאָטש ער האָט זיך אַליין געמאַכט פאָרווורפן, האָט ער זיך צומאָרגנס אינדערפרי באַרויקט. ווען ער האָט אַריבערגעשפּאַנט די קרייד־סטעזשקע, כדי צו גיין צו דער אַרבעט, האָט ער באַמערקט, אַז דער גאַליצישער בחור באַגלייט אים מיט אַ וואַרעמען שמייכל. ער איז, ווי זיין שטייגער, געזעסן אַן אָנגעטועטער אויפן בעטל. זיינע שוואַרצע באָרוועסע פיס האָט ער אָן בושה אויפגעהויבן ביז צו דער הויך פון די קליינע קינדער־פּנימלעך, וואָס האָבן נהנה געווען פון דעם „קלאַפּן" אין דער נישט געזעענער טיר פון איינגאַנג. אפילו זיינע אויגן־לעפלעך האָבן זיך נישט באַוויגן. ער האָט איבערגעריסן די לעצטע פאַרבינדונג זיינע מיט דער שול, און בנימינען האָט זיך פון איצט אָן אויסגעוויזן, אַז דאָס בחורל דערוויטערט זיך מיט יעדער שעה פון זיין סביבה און גליטשט זיך אויף זיין בעטל אין דער ריכטונג פון אַ טיפן ים וואָס נאָר ער אַליין קען אים, דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין טרויעריקן בליק פון זיינע אויגן.

אָבער דער בחור פון גאַליציע וואָס בנימין האָט געטראַכט, אַז ער האָט זיך שוין לגמרי פון אים באַפרייט, איז אויף אַ פאַרבאַרגענעם אופן ווידער דערשינען אין זיין לעבן, אין דער געשטאַלט פון זיינע אַרבעטס־חברים, וואָס האָבן אויסגעזען צו זיין ווייניקער קראַנק אויף דער דאָזיקער מחלה „דאָס בערלינער משוגעת", ווי ער האָט עס אָנגערופן, ווען ער אַליין איז דערפון געטראָפן געוואָרן.

די אַרבעטער פון הער פלאַמבוים זענען אַלע געווען פּליטים פון פּאָגראָמען; אַלע האָבן מיט זיך געטראָגן שפּורן פון אומגליק. אָבער אין וואַרשטאַט האָט געהערשט אַן אַטמאָספער פון רשעות־

דיקן אָפּחוזקן, פון איראָנישן ביטול אויפן חשבון פון אַמאָליקן לעבן אין פוילן און רוסלאַנד; אַ מין דיבוקישער גייסט האָט געשוועבט איבער זיי, וואָס האָט פאַרוואַנדלט דאָס לויטערע וואַסער אין בלוט, וואָס האָט אָפּגעטויט אַלע שיינע וואָרצלען פון גוטסקייט, וואָס האָט אויסגעגאָסן אַ מבול פון שנאה און בטול קעגן יעדן יידישן געדאַנק וועגן דער וועלט פון נשמה. בנימין האָט אויסגע־שטרעקט אַ האַנט און צוריקבאַקומען מיט אַ פּאַדקאָווע. כאָטש ער האָט זיך קיינעם נישט קעגנגעשטעלט, נאָר געווען אַריבערגעבויגן איבער זיין נאָדל, זענען דאָך אַלע שפּיזן, אַלע מעסערס און אַלע שפּילקעס וואָס האָבן געטאַנצט אין זייערע אויגן, געווען געווענדט נאָר צו אים. זיי האָבן פון אים געחוזקט און אים אָנגעטאָן בזיונות. אין אַ געוויסן טאָג, אין אָפּוועזנהייט פון בעל־הבית, איז לייבקע דאַווידאָוויטש אַרויפגעשפּרונגען אויפן אַרבעטס־טיש, און האָט אָנגעהויבן מיטן „בערלינער ליפּן־קרומעניש״:

— הערט נאָר — האָט ער געזאָגט מיט אַ דין־דיק קול. ווי אין געיאָמער — הערט נאָר, אויב אונזער קליין רבילע וועט נאָך לאַנג בלייבן אַ בתולה, וועט ער אָנהויבן פילן פליגל אויף זיין אַקסל, ווייסט איר? ער וועט זיך זיין גאַנץ גליקלעך. די גאַנצע וועלט ווערט פאַרפוילט פון פרעסן. איר, איך, דער קלענסטער דייטשער שנעק וועט קאָנען צו אים אויסשטרעקן די האַנט און אַרויסרייסן אַ פליגעלע אָדער אַ פיסל, די גאַנצע וועלט וועט וועלן פון אים עסן, כאַ, כאַ, כאַ. צי ווייסט איר וואָס נאָך ?... און ווען ס׳וועט נישט מער בלייבן נעבעך ווי דאָס קליינע האַרץ, אַזאַ מלאכים׳דיקס, ביי אונזער רבילע, (און ווער, מ׳יינע טייערע לאַנדכ־לייט, וועט דאָס וועלן אַ האַרץ, אַזאַ שוואַך און ווייך אבר, וואָס האָט נישט קיין ווערט אויפן מאַרק, און וואָס ווערט נישט נאָטירט אויף דער בערלינער בערזע) דעמאָלט, יאָ, וועט מען אים אָוועק־זעצן אויף אַ באַנק אין באַן און... שאַלט, שאַלט איר שופרות פון רבונו של עולם, אַ קליין יידיש האַרץ קערט זיך אום אַהיים, כאַ, כאַ.

די דרשה האָט אַרויסגערופן שטאַרקע התלהבות. דער רעד־נער האָט געמאַכט העויות, ר׳איז אַראָפּגעשפּרונגען פון טיש, האָט געדריקט די אויסגעשטרעקטע הענט מיט געמאַכטער דאַנקבאַר־קייט. זיי האָבן פאַרגעסן דעם קרבן.

— גיט אַ קוק — האָט עמיצער אַ געשריי געטאָן — ער האָט זיך צעשטאָכן ביז בלוט.

בנימין, אַ צעטומלטער, האָט אָנגעקוקט דעם בלוט־פלעק, וואָס זיין פינגער האָט פאַרבלוטיקט דאָס העלע שטיקל שטאָף. דער וואַרשטאַט איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— מיר זענען דאָס די, וואָס שטעכן אים — האָט לייבקע ווידער אָנגעהויבן — צי האָבן מיר שוין אין אַלץ פאַרגעסן? — ער האָט געקוקט אויף בנימינען ווי ער וואָלט אים נאָך קיינמאָל ני׳שט געזען, זיין פעטער גוף האָט זיך געבויגן אונטער דער לאַסט פון זיין אַנטפּלעקונג וואָס האָט פאַרגרעסערט זיינע קליינע אויגן, ביז זיי זענען, מיט זיינע לאַנגע וויעס, געוואָרן ענלעך צו פרויען־אויגן, און האָבן זיך באַוויגן און געצאַפּלט מיט אַ טרויעריקן, אָפענעם בליק, אָן בייסיקייט.

— צי זענען מיר שוין אינגאַנצן געוואָרן דייטשע אַדל־לייט? — האָט ער לסוף געזאָגט, מיט אַ מין צעטראָגנקייט אין זיין פּנים, וואָס האָט זיך באַלד איבערגעטראָגן אויף די פּנימער פון הער פלאַמבוימס אַרבעטער.

— האָט דאָס כאַיש נישט אָנגערירט דעם ביין? האָט אַ קול אומרו׳יק געפרעגט.

לייבקע איז צוגעגאַנגען נענטער צו בנימינען און האָט אָנגעהויבן רעדן פריינטלעך מיט האַנט־הועיות:

— נו רעד כאָטש אַ וואָרט, שעלט אונז, באַליידיק אונז, אָבער זאָג אַ וואָרט, כאָטש איינאייציק וואָרט!

אָבער בנימינס אויגן האָבן נאָך אַלץ געלויכטן אין טרערן, ער האָט נאָר געשאָקלט פאַרטראַכטערהייט מיטן קאָפּ, האַלטנדיק דעם גראָבן פינגער אין מויל, ער האָט אויסגעזויגט קאָמיש. אָבער אַ דרייצ־ציענדיק דעם שאַרפן ריח פון זיין בלוט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מער וועלן זיי אים נישט „שטעכן“.

## 2

בנימין האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר דער שול ווו ער האָט גע־וווינט, און נאָכדענקענדיק, אַז אַן איינזאַמע נשמה קאָן פאַר זיך

אַ סך נישט באַוויזן אויפֿן זינדיקן וועלטל, האָט ער אָפּגעריבן אין דער ראַגאָזשע זײַנע פּױלישע שטיוועלעך פֿון שניי.

אינעווייניק, אונטער דער הויכער, טונקעלער געוועלבונג וואָס האָט אין אַ קלײנער מאָס צוריקגעגעבן דאָס ליכט פֿון די וועקסענע ליכטלעך, האָט זיך ווידער פֿאַר אים אַנטפּלעקט די „באַענטקייט" פֿון די אַלע נפשות. דאָ האָט אַ זקן געקרעכצט אונטער זײַנע קאָלדרעס, ווייטער אַ ביסל זיצט זיך אַ יונג פּאָרל, קעגן זייער ווילן, אומבאַוועגלעך ווי צוזאַמענגעפּלאָכטענע סטאַטועס, קעגנאיבער די פֿאַראינטערעסירטע אויגן פֿון אַ בלייך מיידל. איר מאַמע קניט בײַ אַ קליין קוילן־אײַוועלע און וואַרעמט אירע ציטערדיקע הענט בײַ אַ דין פֿלעמל ווי אַ שפּענדל. וואָס שייך דעם רעש און די געשרייען פֿון די קינדער, האָט ער נישט געוווּסט, צי זענען זײַנע אויערן געוואָרן מער עמפּינדלעכער, אָדער צי זענען די קינדערישע געשרייען, אײַנגעשלאָסענע זײַט אַ פּאָר מאָנאַטן אין דעם גרויסן שלאָפֿזאַק, אָן לופֿט און ליכט געוואָרן מער גרילצנדיקע.

— איר זענט שוין צוריקגעקומען, הער בנימין?

בנימין, וואָס האָט גוט געקענט דאָס רעדנדיקע קול, האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער קאָנטראָלירט די טונקלקייט פֿון בעט, פֿונוואַנען דאָס קול איז געקומען.

— מײַן הער, איר ווילט מיך נישט קענען?

בנימין אין פֿאַרלעגנהייט:

— אַנטשולדיקט מיר, מען זעט דאָך דאָ גאָרנישט. נו, יאַנקל, וואָס פֿאַר אַ שיינע נײַעס וועט איר מיר דערציילן?

דאָס לײַדנדיקע פּנים פֿון רויטן בחור איז אַרויס פֿון דער גראָקייט.

— גאָרנישט — האָט יענער געזאָגט — מ׳לעבט. זײַנע יונגע יאָרן האָבן אונטערגעשטראָכן די שאַרפֿקייט פֿון זײַן נערוועזן מויל, פֿון דער לאַנגער און מרהשחורהדיקער קרומער נאָז און פֿון די אײַנגעפֿאַלענע, אײַז־קאַלטע אויגן, אַז בנימין איז אַזש שווער געווען אויסצוהאַלטן זייער בליק.

— אָבער קומט נאָר אַרײַן — האָט ער געזאָגט מיט אַ האַלב קול — ווי די זאַך וואָלט געווען אָפּהענגיק נאָר פֿון אים אַליין.

— איך נעם נישט קיין שום אפּצאָל, אויף מיין ערנוואָרט.

בנימין האָט דערשפּירט די צעוויטיקטע נשמה אין דער משונהדיקער אויפפירונג פון בחור, ער האָט געלאָסן אויפגעהויבן אַ פּוס און אים אָוועקגעשטעלט פון יענער זייט קרייד־קרייז.

— נו, יאַנקל, ווי פירט זיך אייך אין לעבן?

— מיין לעבן גייט בכלל נישט. —האָט דער גאַליציאַנער בחור געענטפערט — אין אַ געוויסן זין איז עס אַ ביסל צו גרויס פאַר מיר, אָדער ס׳איז אפשר צו קליין, כ׳וויס נישט. אָבער איר דאַרפט דאָך אַליין זיך פרעגן: פאַרוואָס רעדט צו מיר ווידער דער בחור וואָס האָט שוין זייט צוויי חדשים אויפגעהערט מיך צו גריסן? זיכער האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ גוטע אייערשפּייזע!...

— אָ, ניין — האָט בנימין כמעט געשריגן — קיינמאָל וואָלט מיר נישט איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק.

— זייט מיר מוחל — זאָגט דער גאַליצישער בחור — איך זאָג נישט, וואָס איך דאַרף זאָגן. אַזוי איז מיין צונג. איך שפּיר אַ מין מעסער אין מיין מויל. ווען ס׳גייט נאָר אַרויס, פאַרווונדעט עס. אָבער וויסן זאָלט איר, אַז מיין צונג איז נישט תמיד אַזוי געווען.

— באמת נישט? —

דער בחור האָט זיך הילכיק צעלאַכט.

— ניין, איך שווער אייך, אַמאָל איז מיין צונג געווען ווי פון סאַמעט. יאָ, אַמאָל, אָבער טוט מיר אַ טובה און זעצט זיך, און נישט נאָר אויף איין טייל פון הינטערחלק. און איצט לאָמיך איך אָנקוקן, לאָמיך באַוווּנדערן דעם נייעם מענטש, אָ, דאָס איז עס, איר האָט אָפּגעהיטן אייער פילצן היטל, אייערע שטיוועלעך, אייער חסידישן קאַפּטן. מיין גאָט, איר האָט אפילו נאָכנישט אָפּגעשניטן אייערע פּאות. וויאַזוי איז עס מעגלעך? ווייסט איר נאָך אַלץ נישט, אַז איר זענט אין בערלין?

— צי מיינט איר טאַקע, אַז איך וויס עס נישט?

דער בחור האָט געשמייכלט, סתם אַזוי זיך.

— צי וויס איך עס באמת נישט? — האָט בנימין ווידער געפרעגט אַ גערירטער.

ביי די ווערטער האָבן זיך דעם בחורס לאַנגע הענט גע־

פלאָכטן קעגנאיבער בנימינס פּנים אין אַ מין קורצן טאַנץ, אַ נערוועזן, אַ יאושדיקן.

— אָבער פאָרט — האָט ער געשעפּטשעט מיט אַ מינע פון איבריקער איבעראַשונג, קוקנדיק אומרויק צו די שכנותדיקע בעטן — אויב איר ווייסט עס יאָ, וויאַזוי, למשל, גייט איר אַדורך די גאַס? יאָ, אויפריכטיק גערעדט, אַז איר גייט זיך אין גאַס, צי פילט איר נישט אויף אייערע פּלייצעס אַ מין שווערקייט פון אַ מאַנטל וואָס ווערט שווערער מיט יעדן טאָג?

בנימין איז אויפגעשפּרונגען אַ שטאַרק דערשראָקענער, דער בחור קריכט אים צופיל אַריין אין דער נשמה.

— יאָ, אמת, אַזוי איז עס טאַקע, אַזאַ מאַנטל. מען קאָן אין אים אפילו נישט גיין שנעל, מחמת די גאַסן־לאַמטערנעס.

— ביטע, וואָס האָט איר געזאָגט?

— אַזוי איז עס — האָט בנימין געזאָגט מיט אַ ביסל איראָניע — ביים אָנהייב בין איך געגאַנגען אינמיטן טראָטואַר, איר פאַרשטייט, אַזויווי די דייטשן, מיט אַ מיליטערישן טריט, אָבער מען האָט מיר פון אַלע זייטן נאָכגעקוקט, איך האָב גענומען שפּאַנען מער ביי די ווענט. אָבער איך זאָג: שטענדיק גייט ווער אַרויס פונעם טויער, און אפשר איז עס אַ גאַסן־לאַמטער.

יאַנקל האָט אין זיך נהנה געווען.

— בכן, וויאַזוי זענט איר זיך נוהג?

— זאָל מיר גאָט מוחל זיין — האָט בנימין געענטפערט און הנאה געהאַט פון דער לעכערלעכקייט פון דער זאַך — שטעלט איר אייך פאָר דאָס פאַרגעניגן פון די דורכגייער: דאָס שפּרייזן פון אַ קליין יידל?

— דאָס שפּרייזן פון אַ קליין יידל! אָבער צי גלויבט איר, אַז איר וועט פון די מענטשן אַנטרונען ווערן?

— אוי די מענטשן — האָט בנימין געמורמלט — דאָס איז דער „אמתדיקער מאַנטל”, ווי איר זאָגט עס; און קיינמאָל וועל איך נישט זוכה זיין אָנצוטאָן דעם מאַנטל, ניין, אויך דאָ נישט, אפילו ווען איך טראַכט שטאַרק וועגן דער היים אין פּוילן. דאָ זענען די מענטשן באמת שרעקלעכע, ערגער פון די אויטאָס, און אפילו די

יידן דאָ, האָט ער פאַרחלומט צוגעגעבן, איז מיר שווער צו פאַר־טראָגן.

אויפן ראַנד פון שכנותדיקן בעטל איז געזעסן אַ צעקנייטש־טער ייד מיט אַ געקרייזלטער באָרד, און האָט מעיין געווען אין ספר התנ״ך אויף זיינע קני, צולייכטנדיק זיך מיט אַ וועקסן־ליכטל וואָס ער האָט געהאַלטן ביי דער הויך פון שלייף, ווי אַ נאַכט־שומר בקדושה. בנימין האָט געפילט, אַז יענער הערט זיך צו צום שמועס. דער יונגער יאַנקל האָט אַ זאָג געטאָן מיט ביטול:

— רב ייד, לייגט נישט קיין אַכט אויף דעם אַלטן שוטה, ער מיינט, אַז ער טראַכט און ער ווייסט אַליין נישט, אַז ער איז נישט מער ווי אַ נאַכט־סאָווע, ביינאַכט בייגט ער זיך צו, צו זען, צי איך שלאָף. — דער ייד מיטן ספר האָט אַ צאַפּל געטאָן, נישט אָוועקנעמענדיק די אויגן פון די אותיות, און פון ליכטל האָט אַראָפּגעטריפט אַ טראָפּן וואַקס אויפן ספר, ווי אַ שטומע פאַנ־טאַסטישע טרער.

יאַנקל האָט ברוגזדיק געוואָרטשעט:

— איר זעט? מען לעבט תמיד אין זעלבן וואַסער.

זייַן קול האָט ווידער עפּעס געמורמלט און די האַנט האָט דורכגעשניטן דאָס חשכות מיט איין שלעפּ, צערייסנדיק די גרוי־סע ברוינע שאַל וואָס האָט אַרומגעהילט זיין האַלדז. אַ וווּנד האָט זיך באַוויזן אונטער דער קינבאַק, אַ דין שנירעלע שוואַרץ און טרוקן בלוט האָט דערגרייכט זיין יונגער באַהאָרטער ברוסט.

— דאָס איז די לעצטע מתנה פון בערליך.

דער פילבאַרער בנימין האָט פאַרשטאַנען, אַז דער בחור שטרענגט זיך אָן, בכדי צו דערדריקן אין זיך די שווערע און גיפטיקע ווידוי וואָס האָט זיך געקייקלט אין זיין גאַרגל. ער האָט צו אים מילד געשעפּטשעט:

— ברודער, איך בעט אייך דערציילט מיר, ווער האָט אייך שלעכטס געטאָן?

אַ דין געלעכטערל איז זיך צערונען אין דער גראָקייט.

— ווי גוט ס'איז זיך מתוודה צו זיין פאַר אייך, קיין זאַך גייט נישט פאַרלוירן, אַלץ גייט אַריין אין אייער האַרץ. גאַטעניו,

דאָס האַרץ... איר זענט דאָך אונזער קליין און עלנט יידל, אונזער קליינער מלאך פון בלוט און פלייש.

אַז ער האָט באַמערקט די עניוותדיקע מינע אויף בנימינס פנים, האָט דער גאַליצישער בחור זיך געשטאַרקט און אים געזאָגט מיט אַן אויסגעמאַטערטע שטים:

— זייט מיר מוחל, איך בעט אייך איבער, פאַר מיין צונג, ווייל זייט צוויי יאָר קאָן זי זיך נישט האַלטן אין מיין מויל ווי געהעריק, זי בונטעוועט זיך. זי קרעמפט זיך, ווי זי וואָלט געוואָלט דעזערטירן, אַנטלויפן.

זיין איינגעהויקערטע פלייצע האָט זיך ווידער אויסגעגלייכט און זיינע אויגן זענען, אין דער טונקלקייט, געוואָרן גרעסער און ווי פאַרגלאָזט. אין זיין שטים האָט זיך איצט געפילט אַ קינדישער קלאַנג:

— שוין אַריבער צוויי יאָר, איז דאָס מעגלעך? און אין מיין קאָפּ פאַרלויפן זיך די געשעענישן, ווי זיי וואָלטן פאָרגעקומען ערשט נעכטן. יעדן פרימאָרגן, ווען כ׳עפן אויף מיינע אויגן, דוכט זיך מיר, אַז דער פּאָגראָם איז געווען ערשט נעכטן אין אָוונט. טייערער ברודער, ס׳איז משוגעהדיק, באמת משוגעהדיק, וויאַזוי די צייט פאַרהאַלט זיך, בלייבט מכלומרשט שטיין. איר זעט מיך, איך בין נאָך אַלץ אין דעם ברונעם וווּ כ׳האָב זיך באַהאַלטן; איך שטעק נאָך אַלץ אינזעלבן וואַסער ביז צום מויל און איך זע נאָך תמיד דעם רונדן בלאָען הימל. ער האָט זיך אויך נישט געביטן. און דאַן הער איך זיך אין דער שטילקייט, קיין געשרייען, לויטער שטילקייט. ווייל ביי אונז, ווען איך בין אַרויף פון ברונעם, איז מער קיין לעבעדיקע נשמה נישט געווען אין שטעטל, מער קיין בית־המדרש נישט געווען, ס׳איז מער גאָרנישט געווען. נאָר איך אַליין, אַליין.

דער בחור האָט געפינטלט מיט אַן אויג אין אומעט, ווי דאָס וואָלט געווען די איינציקע שפּיל וואָס ער האָט זיך געקאָנט דערלויבן.

— יאָ, יאָ — האָט ער געשעפּטשעט, געשמייכלט. — און איך האָב זיי אַלעמען באַגראָבן, איר ווייסט, דאָס גאַנצע שטעטל, ס׳האָט נישט געפעלט קיין פינגער... און פאַר יעדן, אפילו פאַר דעם קליי־

נעם ליגנער, משהלע, מיין שכן, פאַר יעדן, שווער איך אייך, האָב איך געזאָגט אַלע תפילות, פון אלף ביז תו, ווייל אין יענע טעג ביין איך געווען אַ באַוווּסטער בעל־תפילה. רבונו של עולם, און דאָס האָט אַזוי געדויערט אַכט טעג, און קיין מענטש האָט זיך נישט געוויזן; די פויערים האָבן מורא געהאַט. און ווען אַלץ האָט זיך געענדיקט, האָב איך זיך געפילט אין אַ קאַמישן מצב, איר פאַרשטייט? די זאַך איז געווען אויפן בית־הקברות. כ'האָב אויפ־געוואַכט, אַרום מיר אַ מענגע קליינע שטיינדלעך, הויב איך אָן זיי צו שליידערן קעגן הימל. און אין אַ באַשטימטער רגע, האָט דער הימל זיך געשפּאָלטן. איר פאַרשטייט?

— אוי, יאָ — האָט בנימין געמורמלט און געוויינט אינדער־שטיל; — איך זע, איך ווייס, איך פאַרשטיי.

— זיך געשפּאָלטן ווי פּשוטער אייז און אַלע שפּליטערן זענען געפאַלן אויף דער ערד, דעמאָלט האָב איך צו זיך געזאָגט: יאַנקל, אויב גאָט האָט זיך געשפּאָלטן אין קליינע שפּליטערן, איז וואָס פאַר אַ טעם האָט שוין צו זיין אַ ייד? אָבער ווי ווייט מיין בליק האָט נאָר געקאָנט דערגרייכן, האָב איך נישט געזען נאָר בלוט, בלוט, און ווידער בלוט. אָבער אָן שום זין... וואָסער איז דער פּלאַץ פון די געשאָכטענע יידישע־קרבנות אין דער וועלט? אָט וואָס. און וואָס דאַרף צו טאָן אַ ייד וואָס איז נישט קיין ייד? האַ?...

אין דער גראַקייט פון דער שול האָט זיך דער פאַרחלומטער בליק פון גאַליצישן בחור צעגאָסן איבער זיין דאַר פּנים, וואָס דער פיבער האָט עס צעטיילט אין אַ הויט־אויסשיט פון בלייענע, רויטלעכע אָדער פון שוויס נאַסע פלעקן וואָס האָבן צייטנווייז אָפּגעשפּיגלט דעם געלבלעכן שיין פון רויכנדיקע, וועקסענע ליכט־לעך.

— און פאַרוואָס — האָט בנימין געזאָגט מיט ווייכקייט — האָסטו דיר נישט אויסגעזוכט אַ שיינע יונגע פרוי, אַן אונזעריקע? אַזאַ שיינער יונג ווי דו?

דער גאַליצישער בחור, אויף אַ ווײַלע פאַרווירט, האָט גע־שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי כדי אַוועקצוטרייבן די נישט פּאַסיקע אַרייַנ־מישונג. דאַן האָט ער אָנגעכאַפּט בנימינס עלנבויגן:

ווילט איר מיך אויסהערן, צי ניין?



און אַן איבעררייס, ווי ס׳וואָלט אים געטריבן צו פאַרענדיקן זיין וואַנזיניקע ווידוי:

— אַט האָבן זיי היינט נאָכמיטאָג געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע. גיט אַ קוק, נישט קיין יידן, וואָס ווילט איר, אַז יידן זאָלן דעמאָנ־סטרירן זייער נאַקעטקייט, זייער שוואַכקייט? איר קאָנט זיך אויס־מאָלן אַן אַרמיי פון קליינע, אויסגעשעפּטע און פאַרבלוטיקטע הער־צער וואָס מאַרשירט אין צווייען, אין די אַלעען, „אונטער דען לינדען”? ס׳איז דאָך לעכערלעך, איר ווייסט עס זאָך גאַנץ גוט.

— ניין — האָט ער ממשיך געווען מיט איינגעהאַלטענעם פּחד — דאָס זענען געווען ספּאַרטאַקיסטן, סערפּ און האַמער. און ווען כ׳האָב זיי געזען אַזוי מאַרשירן אויף דער גאַס, רויק, ווי דאָס שטראָמען פון אַ טייך און די רויטע פאָן איבער אַלע קעפּ, האָב איך זיך, כ׳ווייס אַליין נישט צוואָס, אַריינגעריסן אין זייערע רייען. גלויבט מיר, אָדער נישט, באַלד האָבן זיי מיך נישט דערקענט. כ׳האָב מאַרשירט, געזען פאַר זיך די פאָן. ס׳איז געווען קאָמיש, איר פאַרשטייט? אַ ווילע זיך געטונקען אין תענוג, כי, כי, כי און דערנאָך האָט זיך מיין שכן אויסגעדרייט צו מיר: ייד, וואָס זוכסטו דאָ? מען קאָן דאָ כאַפּן קלעפּ, ווייסטו? ער האָט דאָס געזאָגט אין געלעכטער, אין שטוינונג. אָבער דער וואָס איז געווען הינטער מיר, האָט אָנגעהויבן שרייען: — ס׳איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, נישט אַנדערש — און האָבן מיך אַרויסגעשטופּט אויפן טראָטואַר. — איר וועט זען, איך וועל זיך נוקם זיין — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ פּלוצימדיקן שאַרפן אויסגעשריי, וואָס האָט אויפגעוועקט אַלע אין שלאָפזאַל און אַרומגעהילט דעם גאַנצן אויסטער־לישן שמועס מיט אַ היכער וואַנט פון שטילשוויגעניש.

— אָבער וואָס האָט איר געטאָן?

— גאָרנישט, באמת גאָרנישט. זיי האָבן אין מיר אַריינגעז־קאָפּעט, אַן מיך צו זען אפילו, זיי מאַרשירן און איך ליג אויף דער ערד. זיי האָבן געטרעטן אויף מיר, ווי דאָס וואָלט געווען די נאַטירלעכסטע זאַך אויף דער וועלט. און איך האָב צו זיך געזאָגט:

יאַנקל, טייערער, האָסט מיר גורם געווען די גרעסטע הנאה דער־
מיט, וואָס מער וועסטו אין אַזאַ לעכערלעכע לאַגע נישט פאַר־
קריכן. אָבער אַ ייד וואָס איז נישט מער קיין ייד, וואָס דאַרף
ער צו טאָן, אַז ער זאָל נישט קריכן אויף אַלע פירן? איך האָב
דעם גאַנצן נאָכמיטאָג וועגן דעם געטראַכט און איך האַלט, אַז
כ׳האָב עס געפּאַקט: די זאַך איז פּשוט ווי וואַר ס׳איז דער טאָג,
זי געצווגט: דו ווילסט מיך מאַכן פאַר אַ קאַלב און
איך וועל זיין אַ קצב.

— וואָס? ווּעמען ווילט איר הרגענען?

יאַנקל האָט זיך ברייט צעשמייכלט:

— ווער רעדט דען וועגן הרגענען? נישטאָ ווער ס׳זאָל הרגענען.
אפשר וואָלט איר געקאָנט אויספירן אַזאַ ראָל, אָבער איך, כ׳בין
נאָך אין דעם נישט זיכער; איך דאַרף נאָכטראַכטן.

— אָבער צוּוואָס דאָס רעדן? — האָט ער פּלוצים איבער־
געהאַקט.

ער איז צוריק אַריין מיט זיין גאַנצער גרייס אין זיין בעטל און
האָט זיך איינגעקוקט אין בנימינען מיט נייגעריקייט, מיט זיין
דורכדרינגלעך אויג, ווי אַ רויבפויגל, וואָס שאַצט אָפּ דעם
פולן דיסטאַנס וואָס צווישן אים און דעם קליינעם, ציטערדיקן
פייגעלע, ווי ער וואָלט זיך געזאָגט: „זעסטו, געדענק דעם טיפן
בליק פון גאַליציישן בחור, אין זיין שאָטן זאָלסטו זיך שיצן״.

— אַלזאָ — האָט ער געלאַכט — שטרענגט זיך נישט אָן אויף
צו פאַרשטיין, איר וועט נישט קאָנען. איר זענט נאָך מיט איין
פוס אין די פאַראיבערגעגאַנגענע טעג. אין חלום, כי, כי, ווי די
אַלע נעבעכדיקע — האָט ער צוגעגעבן און פאַרטריבן די
שוואַרצע לופט מיט אַ הערשערישער האַנט־באַוועגונג — גייט,
יידעשי, לאָזט מיך אַליין.

בנימין האָט פּראָטעסטירט:

— אָבער איר האָט דאָך געוואָלט רעדן מיט מיר?

— איך ווייס, אַ דאַנק. איך האָב מיר נאָך דערווייל אַ קליין
בנימינדל וואָס איז מיד ביז טויט און ער וויל נישט שטאַרבן.
זעט ווי ער ראַנגלט זיך. אָבער, שאַ, לאָמיר איצט גיין שלאָפן.

דער בחור האָט באַמערקט די פיינטלעכע בליקן אַרום זיין

געלעגער, האָט ער אַלעמען געזעגנט מיט אַ ברייטע „גוטע נאַכט״ און בנימינען געגעבן אַ גלעט אין באַק. דערנאָך האָט ער אויפֿגעהויבן זיינע לאַנגע הענט איבערן קאָפּ, אַלץ מיט פֿרייע באַוועגונגען, ווי ער וואָלט געווען אַליין צווישן די פֿיר ווענט, האָט געלאָזן אַראָפּגעצויגן זייך אַלט וואָלן וועסטל, אונטער וועלכן ס׳האָט זיך געוויזן אַ נאַקעטער, ביינערדיקער קערפּער, פֿאַרשמירט מיט בלוט.

בנימין האָט אים אויגנבליקלעך אָנגעקוקט און טרויעריק געשוויגן. וואָס איז מיט אים פֿאָרגעקומען? אַ פֿאַרווירטער האָט ער זיך געקראַצט די שלייף, איז אַריין אין זיין „שטיבל״ גישט אַרויסרעדנדיק אַ וואָרט. מיט אַ מין אַנגענעמער דערלייכטערונג, האָט ער אַריבערגעטרעטן דעם קרייד־קרייז וואָס האָט אָפּגעגרענעצט זיין געלעגער און זיך געגומען קאָכן קאַטלעטן. ער האָט שנעל אָפּגעגעסן. אויפֿן שטרויזאַק האָט ער זיך געפּרעגט, צי די וואַנצן וועלן אים היינט בייסן ווי געוויינלעך. רוגזדיקע שעפּטשערייען זענען זיך ווייטער אָנגעגאַנגען אין דער שול. אינמיטן דער נאַכט האָבן זיך געהערט געשרייען פֿון די נישט שלאָפֿנדיקע זייגקינדער. בנימין האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז דער קוואַדראַט פֿון קרייד האָט פּאַמעלעך אויפֿגעהויבן אַ מחיצה ביז צום סופֿיט. די מחיצה איז אַזוי מאַסיוו און בדרך נס אַזוי געדיכט, אַז ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ער איז געשיצט פֿון דער גאַנצער וועלט.



צומאָרגנס גאַנץ פֿרי, איז יאַנקלס בעט געווען ליידיק. צוריקקומענדיק פֿון וואַרשטאַט האָט בנימין געטראָפֿן דאָס בעט פֿאַרנומען דורך אַן עלטערע דאַמע, אַן איינגעהילטע אין שוואַרצן, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ שילדקרעט, ווי נאָר ער האָט זיך צו איר געווענדט מיט עטלעכע ווערטער האָט זי אַראָפּגעוואָנקען דעם האַלדז איין די אַקסלען, כדי וואָס גיכער צו שיצן די שילדקרעט־שאָל פֿון איר עלטער. בנימין האָט זיך צעלאַכט.

דריי מאָנאַטן שפּעטער איז דער גאַליצישער בחור דערשינען

צום לעצטן מאָל. ער איז געזעסן אויף בנימינס בעט אַ גאַנץ רעזיגנירטער, גלייכגילטיק צו אַלץ, ער זעט נישט קיינעם. זיין האַנט האָט זיך געשפּילט מיט אַ קנוילעכל פּאָדעם וואָס האָט זיך פאַרשלעפּט פון דער קאָלדרע. זיין לאַנגער, גאַכלעסיקער גוף האָט געשטעקט אין אַן אַנצוג פון ענגלישן שטאָף און אַ שטייפער קראַגן האָט צוגעדעקט נאָר אַ העלפט פון זיין דאַרן הינער־האַלדז. אַ קראַוואַט אין רעגנבויגן־פאַרבן האָט אים אויך באַשיינט. בנימין האָט באַמערקט, אַז דעם בחורס פריערדיקע רויטע טשופּרינע האָט צוגעדעקט אַ דינהויטיקן שאַרבן, אַ בלישטשענדיקן, מיט אַ זאַרגפעלטיקן שרינט אינדערמיט. דאָס פּרצוף האָט נאָך תּמיד אויסגעזען קרענקלעך און פאַרבלאַז, אָבער עפּעס אַ פעטקייט האָט אַנגעבלאָזן די סביבה פון זיין מויל וואָס האָט בולט געמאַכט זיינע תּאווהדיקע ליפּן.

דער בחור איז אויפגעשטאַנען, האָט אויסגעשטרעקט העפלעך די האַנט: — אַנטשולדיקט מיר, איך דערלויב זיך אַריינצוגיין אין אייער צימער.

די אויגן זענען פאַרבליבן טרויעריקע און קאַלטע, אָבער די פעטקייט אַרום די ליפּן האָט געציטערט מיט איראָניע.

— זאָל איך אַזוי לעבן — האָט בנימין געזאָגט — איר זענט דאָך געוואָרן אַן אמתער „הער“.

ער האָט אָבער באַלד באַדויערט אויף דעם טאָן פון באַוווּנדערונג.

— איך בין געוואָרן, זאָגט איר? — באַמערקט יאַנקל מיט ביטערקייט.

— אָבער וויאַזוי, וואָס פאַר אַ נס האָט אייך געטראָפן?

— זייט זיכער ר׳ ייד, אַז כ׳האָב קיינעם נישט געהרגעט. ס׳איז אפשר נאָך ערגער, איך בין אַ סוחר, כ׳קויף און פאַרקויף.

— וואָס, וואָס פאַרקויפט איר?

דער גאַליצישער בחור האָט זיך אונטערגעשמייכלט ווי אַן אַלטער פוקס, אָבער זיין פאַרמרהשחורהטע צורה איז געווען אין סתירה צו דער ביטערקייט.

— ר׳ יהודי — האָט ער געזאָגט מיט ייִנגלישער התפּעלות — אַלץ ווערט געקויפט און פאַרקויפט.

אין דעם מאָמענט, האָט זיך דערוועקט אין בנימינען אַ טיף רחמנות צום גאַליצישן בחור, זיין האַנט האָט זיך פון זיך אַליין אויפגעהויבן און געוואָלט אים גלעטן, נאָר די האַנט האָט זיך פון זיך אַליין אוועקגעלייגט ווי אַ צעשלאָגענער פויגל אויף יאַנקלס אַקסל און זיין מויל האָט זיך געעפנט צום זאָגן אַ פּאָר ווערטער וואָס זענען געקומען פון ערגעצוווּ: ברודער, צוואָס די גאַנצע חרפה און דאָס דאָזיקע אומגליק? אַנטפּלעק זיך, איך בעט דיך.

דער בחור האָט זיך געמאַכט נישט פאַרשטיין, און בנימין איבער־ראַשט פון יענעמס העזה האָט באַלד צוריקגעצויגן זיין האַנט. אָבער פּלוצים, געטריבן פון אינערלעכן דראַנג, האָט זיך דער בחור אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער גרייס און מיט אַ סתם־שמייכל אויף זיין אויסגעמאַרעטן פּנים, האָט ער געשעפּטשעט מיט אַ מיד קול:

— ר׳ ייד, אונזעריקער ייד, איר ווייסט? איר זענט זייער אידל, אַזוי אידל, אַז כ׳האָב חשק אויסצורייסן אַלע אייערע ציין, איינעם נאָכן אַנדערן.

און אַריבערגייענדיק איבער דער קרייד־סטעזשקע האָט דער גאַליצישער בחור פאַרלאָזן מיט נערוועזע שריט די שול און איז נעלם געוואָרן אויף אייביק.

מיט אַ שעה שפּעטער האָט בנימין, אַריינגליטשנדיק זיך אין זיינע קאָלדרעס, געפונען אַ קאָנווערט, וואָס איז געווען פאַרשטעקט אונטערן שטרויזאַק. געווען דאָרט אַ קליין פאַרמעגן און עטלעכע שורות אין יידיש, מיט אַ שיין כתב פון אַ ביוראָליסט:

„חשובער קליינער מאַן, דאָס געלט איז אַ כשרער ריוח פון אַ געזעצלעך געשעפט, עס איז מיט יושר געגנבט געוואָרן, לויט אַלע געזעצן פון מסחר. פאַרלאָזט דאָס גרויסע בערלין, גייט אַוועק אין דער פּראָווינץ, ברענגט אַהין אייער משפּחה, אויב זיי זענען לעבן געבליבן. ווייל אין פּוילן, מיין פריינט, האָט אַ ייד געקאָנט עקזיסטירן מיט אַ הערינג אַליין און מיטן בית־המדרש. אָבער דאָ, גלויבט מיר, אויב איר פאַרמאָגט נישט מער ווי צוויי פּיס אַלס איינציקן יסוד, וועט דאָס לעבן אייערס נישט דערגיין אפילו ביז צו אייער האַרץ.

איך בין שטענדיק מיט אייך, חשובער קליינער מאַן. איך בעט אייך, זייט מיך נישט דן צום שלעכטן.

יאַנקל.

## 3

בנימין האָט אָװעקגעשטעלט אַ פוס אויפן פּעראָן פון קלײנעם רײנלענדישן װאָקזאַל און דאָס באַגאַזש־קופערטל געלײגט נעבן זיך. אין אַ געװיסן מאָמענט האָט ער זיך געפונען ביחידות מיט אַ דײטש־געקלײדטן מאַן, װאָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס רב פון שטילנשטאָט. צוליב חשד, האָט בנימין נישט דערלויבט דעם רב צו טראָגן „זײן װאַליזקע״ מיטן אויסרײד, אַז זי איז לײכט װי אַ פעדער. אויפן װעג האָט דער רב פאַר אים געלויבט דאָס געװעלב, װאָס ער האָט פאַר אים געפונען אין דער ר י ג ע ־ ש ט ר אַ ס ע.

— הער גאָלדפוס, דער בעל הבית פון געװעלב, האָט עס בעסער געװאָלט פאַרשלאָגן אַ קרבן פון די סלאַװישע רדיפות. װאָס איר, חשובער גלויבנס־ברודער, זענט אײנער פון זײ, אמת? אַ פּרעסאײזן, אַ ־נײ־מאַשין און אַ ביסל אַלט מעבל, דאָס אַלץ צוזאמען, זאָגט ער, פאַרן מילדן פרײז פון דער דירה.

ס׳האָט זיך אַרויסגעװיזן פאַר אמת, אָבער בנימין האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז די מעבל און דאָס געװעלב זענען אין אַזאַ מצב פון „אַלטקײט״, װי דער רב האָט געזאָגט.

— אָבער — האָט דער רב מיט אַ שמײכל צוריקגעטענהט — מען בודקט נישט די צײן פון אַ פערד, װאָס מען באַקומט אַלס מתנה.

בעת זײ האָבן אַזוי געשמועסט, זענען אַרײן אין געװעלב אַ צענדליק דײטשן, װאָס האָבן זיך כמעט געװאָרפן אויף בנימינען מיט אויסגעשטרעקטע הענט. ער האָט אויסגעשריגן פון שרעק, כמעט געחלשט, דערנאָך האָט ער מיט דערלײכטערונג דערקענט צװײ־דרײ ײדן מיט בערד צװישן די דײטשע פּרצופים, װאָס האָבן אים אַרומגערינגלט און געדונגען זיך איבער אים, װי איבער עפּעס אַ סחורה.

— איר האָט גאָרנישט קײן בושה? — האָט זיך געהערט אַ מענער־שטים פון מויל פון אַ פרוי — איר צערײסט דאָך אים, איר װעט דאָך אים צעפּיצלען װי אַ פרוכט.

און אַ יידענע אַ ברייטביינינקע אין אַ געבלימט קלייד אין אַ הוט מיט פעדערן, האָט זיך געמאַכט אַ וועג צום „קרבן פון די סלאַווישע רדיפות" און געשמייכלט צו אים מיט אירע פול־געפאַרבטע ליפּן.

— ביז וואָס־ווען — האָט די בעל־הביתטע אָפּגעפּסקנט — וועט ער וווינען ביי מיר.

— וואָס ווילט איר זאָגן? — האָט בנימין געמורמלט, און פון פאַרזיכטיקייט געהאַלטן די הענט אויף זיין „וואַליזקע".

— אָבער לאָזט דאָ איבער אייער קעסטל — האָט די פלאַפּ־לערקע געזאָגט מיט העזה — איר האָט מורא, אַז די הערן וועלן עס אייך אויפעסן?

בנימינס אומצוטרוי וואַקסט:

— ס'איז גאָרנישט, ס'איז גאָרנישט — האָט ער געשטאַמלט — איר זעט דאָך, איך הויב עס אויף ווי אַ פעדער.

אָבער אַז ער איז פאַרשווונדן אונטער דער משא פון זיין קעסטל און האָט שווער געאָטעמט און געסאָפּעט אונטער איר, האָט זיך די מאַדאַם נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון צו פרעגן אים:

— פעטער, וואָס זענען דאָס פאַר אַ טייערע חפצים ביי אייך דאָרט?

— אַלץ — האָט בנימין געענטפערט פון מידקייט.

זייט זיין פאַרלאָזן בערלין, נעכטן אין אָוונט, ביזן מאָמענט פון אַריינגאַנג פון צוג אין טונעל, וואָס האָט פאַר אים סימבאָ־ליזירט אַ ניי פאַרזונקען אין דער נאַכט פון גלות און וואָגל, האָט בנימין אויף קיין רגע נישט אָפּגעטרעטן פון זיין קעסטל וואָס האָט אַנטהאַלטן אין זיך ממש זיין גאַנץ האָב־און־גוטס, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אונטער דער זון: די עטלעכע שטיקלעך שטאָף צום פאַרקויפן, דריי אָדער פיר פרעסאייזנס, דעם מאַנעקין מיט זיין באַזע, אַ ברעט צום פרעסן און אַלע צוגאָבטיילן וואָס ער האָט דערגרייכט אַ דאַנק דער ווונדערלעכן גאַליצישן בחור. האָבנ־דיק מער צוטרוי צו זיין קעסטל וואָס איז שווער אָוועקצוגנבענען, ווי צו זיין אייגענער שפּירעוודיקייט לגבי קעשענע־גנבים, האָט ער איינגעניט דעם רעשט פון זיין „פאַרמעגן" אונטער דער באַזע פון מאַנעקין.

איך דער באַן האָבן זיך מורא און זאָרג און דער שאַר־פער אומצוטרוי וואָס האָט געדריקט אויף זיין האַרץ, אויף אַ סודות־דיקן אופן פאַרוואַנדלט אין באַשלוסן, און די פילבאַרע גבורה האָט אָנגענומען אַ שטעלונג פון פּראָוואָקאַציע. ער האָט למשל, געמאַכט אַזעלכע אויסרופן וואָס האָבן באַאומרויקט די מיטרייזנדיקע, זיי זענען דאָך געווען באַצויבערט פון דעם קליינעם מענטש אין דעם רוסישן לבוש, וואָס האָט מתוך יאוש געריבן מיט די פויסטן אין זיין בערדל, ווען די פייכטע און טריבע אויגן זיינע האָבן געבליצט פון צער.

אינמיטן דער נאַכט האָבן זיך אים פאַרגעשטעלט די אַלע זאַכן מיט וועלכע ס׳האָט געפּיבערט דער גאַליצישער בחור:

— יאָ — האָט ער פלוצים געזאָגט צו זיך אויף יידיש, ביי דער געריכטקייט פון זיינע שכנים — איך בין מכריז ומודיע אַז אין דער איצטיקער וועלט פון אייזן איז דער בעסטער ענטפער: אַ שווערד קעגן אַ שווערד.

אַן אַלטע דאַמע האָט דערשטיקט אין זיך אַ געשריי און איז אַרויס פון באַן־וואַגאָן, דאָס געשריי איז ביי איר דערוועקט גע־וואָרן דורך בנימינס „בערלינער האַלוצינאַציעס״, זי איז שיער נישט פאַרחלשט געוואָרן.

און אַזוי, זייענדיק פאַרפאַנצערט קעגן דעם סאַמע ערגסטן, אַ דערשראָקענער, אַ צעטומלטער, אַ צעבראָכענער, מיד און פאַר־מאַטערט, האָט ער נישט געזען ביי די יידן פון שטילנשטאָט, נאָר די דייטשע מנהגים און זייער משונהדיקע זאָרג פאַר זיין טייערן קעסטל. ער האָט אפילו נישט געוואַגט צו פרעגן, ווהין זי פירט אים די גנעדיקע מאַדאַם, וואָס האָט אים גענומען צו זיך. — ס׳איז גאָרנישט, ס׳איז אַ פעדערל — האָט ער איר געזאָגט, ווען זי פלעגט אים אַלץ דערמאָנען די משא, אונטער וועלכער ער האָט זיך געמאַטערט.

אויך אין סאַלאָן פון הער פייגלבוים, האָט ער זיך פון זיין משא נישט געוואָלט שיידן. דער מאַן פון דער, מיט פעדערין באַצירטער דאַמע, האָט אומזיסט געפּרוווט אים אויפצוהייטערן מיט אַ האַרציקן קבלת פנים, וואָס איז אָבער נישט געווען גענוג, כדי אָפּצונאַרן אונזער לעבנס־געפּרוווטן „בערלינער״ און אפילו אין

עסצימער האָט ער עקשנותדיק געהאַלטן ביי זיך זיין „וואַליזע“. דאָך, אַז ער האָט דערשמעקט דעם ריח פון אַ ביסל געשמאַקע יידישע יויך, ביז אין מאַרך פון זיינע ביינער — וואָס ער האָט תמיד געזען ווי גאָטס־גאָב. ביי זיין מאַמע יהודית — האָבן אים זיינע נאָזלעכער דערציילט פון „מענטשלעכן גליק“.

און אַז ער האָט אַ פאַרחלומטער צוריקגעלייגט דעם לעפל אויפן טעלער, איז אין אים אויפגעגאַנגען אַן אויסטערלישע דער־שיינונג: צוערשט איז אַנטשטאַנען אַן עלאַסטיש בלעזל אין בנימינס ברוסט, וואָס האָט געשטיגן העכער און פאַרשטאָפּט זיין גאָרגל; דערנאָך איז אונטער דער שוימיקער, געלער יויך, דערשינען דאָס פּנים פון זיין מאַמע יהודית, דער שאַרבן אָפּגעגאָלט און אירע אויגן האָבן געבליצט מיט פאַראַכטונג. מיטן טרינקן די יויך האָט זיך באַוויזן, דאָס מלכותדיקע פּנים פון זיין פאָטער מרדכי, וואָס זיין באָרד איז, ווי מיטן בלאָז פון ווינט, משונהדיק נעלם געוואָרן. דאָס בלוטלאָזע פּנים פון גאַליצישן בחור מיט די רויטע האָר, וואָס קרייזלען זיך אין פלאַמען; און צום סוף דריי געשטאַלטן, אַרומגעאָרעמטע, אונטער די פאַרבלוטיקטע וועראַנדע אין באַגינען פון זעמיאָקער פּאָגראָם. און דאָס אַלץ וואָס איז דערשינען און איז נעלם געוואָרן, ווי אין אַ זעונג אונטער דער גאָלדענער יויך, האָט געשאָנקען בנימינען ווילטועגדיקע וואַרעמקייט ווען ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן טעלער, אַ פאַרכישופטער.

— גאָטעניו, ער ווײנט — האָט אויסגערופן פרוי פייגלבוים.

בנימין איז רויט געוואָרן, דאָס פאַראַומערטע פּנים האָט געשמייכלט.

— עי, גאָרנישט — האָט ער געזאָגט מיט אַ דין קול — די זופּ איז זייער הייס.

ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נישט געפילט די טרער וואָס איז אים אַראָפּגערונען איבער דער לענג פון זיין נאָז, ער האָט צוגעגעבנט דעם לעפל צו זיינע ליפּן, אַ בלאָז געגעבן און אים אַריינגעטאָן אין מויל.

הער פייגלבוים, וואָס האָט זיך ביז איצט באַגנוגנט בלויז מיט וויציקע און שטעכיקע גליכווערטלעך, האָט זיך נישט איינגע־

האַלטן און אָנגעהויבן באַשולדיקן זיך ווייב, אַז אירע באַקן זענען רויט געוואָרן פון בושה:

— דו זעסט נישט, אַז די יויך איז זייער הייס, דו זעסט נישט? בהמה נאַרישע וואָס דו ביזט. הונדערטער מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט נישט דערלאַנגען קיין צו הייסע יויך. וויסטע בהמה וואָס דו ביזט, הונדערטער מאָל...

דערנאָך האָט זיך זייך שטימונג געביטן, דער פייגלבוים האָט אָנגעהויבן פּלוצים צו באַזינגען דאָס „פלעשל" ביז גאָר, צופּאַטשנדיק פריילעך מיט די הענט, ווי דער שטייגער פון אַ שיכור. אָבער זיין פּלוניתטע האָט נאָך אים איבערגעחזרט: „דאָס פלעשל, יאָ דאָס פלעשל" און איז געבליבן ביים טיש אַן אומבאַוועגלעכע, אַ לאַכענדיקע פון גרויס ליבשאַפט. לסוף, מיט דער לעצטער קללה, האָט עס הער פייגלבוים אַ צי געטאָן צו דער שפּייזשאַנק און ער האָט אַרויסגעשלעפּט אַ גרינע פלאַש מיט אַ שוואַנען־העלדזל וואָס אַנטהאַלט, ווי ער זאָגט, ריינעם, אמתדיקן ארץ־ישראל וויין.

— זי שלאָפט שוין לאַנג אַזוי — האָט ער געשאָלט און געטומלט — קינדערלעך מיינע, איך בין איך מבטיח, אַז דעם וויין וועט מען אויסטרינקען נאָך פּאַר משיחס קומען! איך בין מנדר אַ נדר — האָט ער זיך באַגייסטערט.

בנימין האָט צו זיין איבעראַשונג באַמערקט, אַז הער פייגלבוים איז נישט שטאַנדהאַפטיק, זיין פעסטע האַנט ציטערט ביים אַריינגיסן דעם כרמל־וויין. אָבער באַלד האָט דער בעל־הבית אויסגעשטרעקט ריטערלעך זיין כוס און פון פולן האַלדז אָנגעהויבן זינגען אַן אַלט יידיש פאָלקסליד:

זינג כ'בעט דיך, ברודער ייד

אונזער אוראַלט, אייביק ליד — —

אויף וויפל בנימין האָט געשטויגט פון דער התלהבות און קראַפט מיט וואָס ס'איז געזונגען געוואָרן דאָס דאָזיקע סענטימענטאַלע פאָלקסליד, האָט ער באַמערקט, אַז ביים סוף פון יעדן סטראָף האָט זיך באַוויזן אַ שיינענדיקער בלישטש אין ווינקל פון הער פייגלבוימס אויגן־וויעס, וואָס איז פאַרשווונדן געוואָרן מיטן אָנהויבן פון דעם נאָענטן סטראָף.

דער זינגער האָט פּלוצים איבערגעריסן:

— רבונו של עולם, איך שטאַפּ איך מיט „קאַטשקעס״ און איר הערט זיך צו צו פֿאַלשע מעלאָדיעס.

— דערלויבט מיר — האָט בנימין געזאָגט.

— קיין איין וואָרט — האָט געזאָגט פייגלבוים.

נאָכדעם איז פֿאַר בנימינען יעדעס געקעכטס געווען ממש אַ תאווהדיק מאכל. אָבער אײדער מען איז צוגעקומען צום שלוס פֿון די אַלע יומטובדיקע מטעמים, האָט זיך אַרײנגעשאָטן אַ הייפל יידן אין עס־זאַל, אײנער הינטערן צווייטן. זיי האָבן געבעטן, מען זאָל זיך צוליב זיי נישט שטערן און האָבן זיך שטיל אַרומגעזעצט אַרום טיש. באַזונדערס אָנטקעגן בנימינען, וועמען זיי האָבן אָבסערווירט, וויאַזוי ער עסט און האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ אין הסכמה, ווי ער וואָלט מקיים געווען אַ הייליקע, סודותדיקע מצווה, וואָס קאָן סימבאָליזירן פֿאַרן אויג די לײדן און אומקום פֿון די פּוילישע יידן, ווי זיי האָבן עס געזען אין אים אין מיניאַטור־פֿאָרעם. די מסיבה איז שמחהדיקער געוואָרן מיטן דערלאַנגען דעם וווּנדערלעכן שטרודל וואָס האָט זיך הויך אויפגעהויבן אינמיטן טיש. נאָך צוויי שעה פֿון וויכוחים און פֿאַרפּלאָנטערטע פֿאַרהאַנדלונגען האָט מאַדאַם פייגלבוים, וואָס האָט געהיטן אירע רעכט צו געבן דעם גרעסטן טייל אויף אויסצוהאַלטן בנימינען, פֿאָרגעלייגט די פּשרה: אַלע מיטאָג־מאָלציַיטן באַזאָרגט זי, דאַקעגן די אָונט־מאָלציַיטן וועלן אײנגעטיילט ווערן צווישן אַנדערע יידישע טישן אין שטילנשטאַט. און טאָמער — האָט זי געזאָגט מיט ביטערקייט — „וויל אונזער טייערער ברודער גיין ערגעץ אַנדערשוווּ?״

בנימין, האַלטנדיק, נאָך די נאָז איבערן טעלער, ציטערט אײנגאַנצן פֿון גליק און חלומט, אַז יעדן מיטאָג און אָונט וועט ער עסן כשרע און געשמאַקע מאכלים ביי אַ יידישן טיש. ער איז מיטאַמאָל אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבן דערציילן אַ „קליין, שיין יידיש מעשהלע פֿון אונזער אַלטער היים וואָס איז מסוגל, לויט זיינע ווערטער, צו דערוועקן געלעכטער אַפילו ביי אַ מת״.

אָבער ער איז געווען אַ שלעכטער דערציילער, ביי יעדן וואָרט האָט ער זיך צעלאַכט, באַלד האָט ער פֿאַרלוירן דעם פֿאָדעם און האָט ממשיך געווען מיט אַ צווייטן פֿאָדעם, און זיך מתנצל געווען טויזנט מאָל, דאַן ווידער אָנגעהויבן די מעשה פֿונדאָסניי: דאָס־

מאָל... יאָ, כ׳האָב עס, דאָסמאָל... ביז ער האָט לסוף געענדיקט מיט צער: „אַזוי איז עס, ס׳איז אַרויס פון קאָפּ, ממש פאַרגעסן״, און מיט זיין רעכטער האַנט וואָס האָט געצאַפּלט ווי אַ פליגל, האָט ער מיט אומעט געשילדערט דאָס נעלם ווערן פון זיין „קליין, שיין מעשהלע״.

דאָך — אויך דאָס האָט אים אַ ביסל געערגערט — האָבן אַלע געלאַכט פון זיין משונהדיקן סיפור־המעשה, אַ טייל פון זיי, ובתוכם הער פייגלבוים, האָבן זיך גוטהאַרציק צעכיכאַטשעט.

# 4

שטילנשטאָט איז געווען איינע פון די אַלטע פּרעכטיקע דייטשע שטעט. מיט אירע טויזנטער שיינע היזלעך, ווי די ליאַלקעס מיט אירע ראָזע דעכלעך, פאַרפּוצטע מיט בלומענטעפּ, האָט די שטאָט אויסגעזען ווי די פאַרווירקלעכונג פון דער אַלט־גערמאַנישער סענטימענטאַלקייט, וואָס איז דאָרט אַריינגעדרינגען אין אינטים צונויפ־געבונדן אַלץ, ווי עס בינדט די שוואַלב צווישן די צווייגן מיט אַ נישט־געזעענעם פאָדעם, די אידעלע גאַנצקייטן פון איר נעסט. אָבער שטילנשטאָט האָט גאָרנישט געהאַט אין זיך פון קיין גרינקייטן און לופטיקייט. זי האָט פשוט עקזיסטירט אויף אַ גלייכן שטח, אַרומגערינגלט פון אַ טייך וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט ביים אַריינ־גאַנג אין שטאָט. דער הויפּט־אָרעם האָט באַשפּייזט שיף־פאַבריקן, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבער זיין גאַנצער לענג, אַזוי אויך די וואַרשטאַטן פון אינדוסטרי־פאַרבן, ווו ס׳האָבן זיך דער עיקר געמוטשעט פרויען. דער קליינער אָרעם, דער שוואַכערער, האָט זיך מעסיק געשטראָמט דורך די פעלדער. די „שלאָססע״, אַזוי האָט מען אים גערופן דעם טייך, האָט געדינט נאָר צו פישפאַנג און פאַרווייליונגען.

שלעכט געהיבלטע ברעטער זענען געווען דאָס קליינע שוי־פענצטער פון בנימינס געוועלב, וואָס אַ קאָרידאָר צו דער גאַס, האָט עס אָפּגעטיילט פון דער צוויישטאָטיקער דירה. כדי צו דער־

ווערבן אַ ברייטערע קונדשאַפט, האָט ער זיך באַלד גענומען איינ־אָרדענען דאָס „געשעפט", ווי ער האָט עס ליב געהאַט צו רופן. און באַלד האָט אַ פּלאַקאַט, געשריבן מיט אַ קינדישער האַנט־שריפט, אין אַ שלעכטן דייטש, אָנגעזאָגט די נאָענטסטע דערעפ־נונג פון דער אונטערנעמונג: „צום דזשענטעלמאַן פון בערלין".

די ערשטע דריי חדשים איז ער געלעגן אויף אַ מאַטראַץ אין אַ ווינקל. ווען זיינע דאגות זענען קלענער געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן חלומען וועגן אויסמאָלן די דירה.

ביים אָנהייב האָט ער געמיינט, אַז ער איז וויניקסטנס איינגעאָרדנט ווי אַן אַמעריקאַנישער מיליאַרדער: אַ ניימאַשין, אַ מאַנעקין, דער ארייננגאַנג פון דער גאַס. אָבער כדי צו האָבן מער קונדן, האָט ער באַשלאָסן צו בייטן די דעקאָראַציע. דאָס איז געווען אַן אַר־בעטס־קוואַרטאַל; די רעזולטאַטן פון אַ פאַרלוירענער מלחמה האָבן שווער געטראָפן דאָס דייטשע פאָלק, און קיין מענטש האָט נישט געקאָנט פאַראויסזען, ווען ס'וועט נעמען אַ סוף צום קריזיס. בנימין האָט גוט אַדורכגעטראַכט די לאַגע און ער איז געקומען צו אַ נייעם רעיון: אין אַ שיינעם פרימאָרגן, האָבן די דורכגייער אַנטדעקט אַ נייער גרויסע רעקלאַמע־שילד ביים קליינעם עמי־גראַנט, וואָס האָט פאַרנומען אַ העלפט פון שויפענצטער און זיך געצויגן אַרויף ביז אונטערן פענצטער פון ערשטן שטאָק. געווען איז אָנגעשריבן ווערטער, געצייכנטע אין אַ שיינער און אידעלער גאָטישער שריפט (העל בלוי אויף אַ ראָזע הינטערגרונט): „אַ ווערקשטעל וואָס איז ספּעציאַליזירט אין באַנייען און פאַריכטן אַלטע מלבושים — אומגלויבלעך ביליקע פרייזן — ס'איז אַלט, האָפּ, ס'איז ווידער ניי".

ווענדיק אַנטוויקלען דאָס געוועלב, האָט ער באַשטימט לעכער־לעך־נידעריקע פרייזן, אין גרענעץ פון נישט אָרנטלעכער קאָנקורענץ. דעם טאָג האָט ער געהאַט אַ סך צוגרייטונגס־אַרבעט אין וואַר־שטאַט. דעם אַנדערן טאָג האָט ער צעקלאַפּט מיט זיין נאָדל זעכצן אַר־בעטס־שעהן און האָט זיך געפילט גליקלעך. פריער האָט ער זיך שוין געהאַט געזען אויפן ראַנד פון באַנקראָט. און דאָס האָט אים ממש דער גאונישער געדאַנק געשטעלט אויף די פיס אין שטילנשטאַט. ביסלעכווייז, נאָך פאַרגאַנגענע טעג און וואָכן, האָט ער פאַרגעסן

דעם נידעריקן אָפּשטאַם פון דער איבערגעטריבענער התלהבות פאַרן „דזשענטעלמאַן פון בערלין", און איז אַליין נתפעל געוואָרן פון דעם חלום — העל־בלאָ אויפן ראָזע הינטערגרונט — וואָס האָט געוועקט אַלגעמיינע סימפּאַטיע אַרום זיין ניימאַשין.

מיטן באַקענען זיך מיט דער לאַנדשפּראַך, ביים פּינקטלעכן אויפנעמען יעדן קלאַנג, האָט ער דערפילט, אַז זיינע קונים פאַר־שטיין עטלעכע ברעקלעך פון זיין יידישן־זשאַרגאָן. ער האָט גערן געהאַט מיט זיי צו שמועסן אויף פאַרשידענע טעמעס וואָס פּאַסן זיך צו צו זייערע דייטשע מוהות, צו זיין כבוד אַלס ייד און צו זיינע שוועריקייטן ביים אַרויסרעדן באַשטימטע ווערטער. די געקומענע צום מעסטן מלבושים האָבן ספּעציעל ליב געהאַט זיינע דערציי־לונגען, די אידיליעס צווישן דער קירכע און דער סינאַגאָגע. ביים אַריינשטעקן אַ שפּילקע צופּאַסנדיק אַ קלאַפּע, האָט בנימין זיך געדרייט אַרום־און־אַרום זיין דייטש־קריסטלעכן קונה און אָנגע־ווענדט אַלערליי אופנים פון העפלעכקייט, האַרציקייט און חן וואָס זענען געווייגלעך נויטיק ביים פאַרפירן אַ פרוי.

דאָס אויפנעמען קונדן האָט געפאָדערט אַ פאַמעלעכע און פּעד־דאַנטישע באַאַרבעטונג:

— מיין הער — פלעגט ער זאָגן, דריקענדיק העפלעך די האַנט פון אַריינגעקומענעם — צי קענט איר מיר זאָגן וועלכע גליקלעכע אומשטענדן האָב איך צו פאַרדאַנקען אייער באַזוך?

אַלצאיינס, צי דער קונה איז געווען אָנגעטאָן אין אַ בלאָען שטאָפּענעם אַנצוג, צי אין אַ בגד פון פויערישן ביינוול, האָבן ביי אים די קונים זוכה געווען צו דער זעלבער וואַרעמער באַהאַנד־לונג. טראָץ זיין פילבאַרקייט, האָט בנימין קיינמאָל נישט באַמערקט קיין שום גרימאַס, צוליב וועלכער־עס־איז פראַגע, אָדער אַ חשד, אָדער סתם צאַרנדיקע אַרויסטריטן. ער האָט צו זיין צופרידנקייט, געגלויבט, אַז אַט די קליינע מענטשן האָבן זיך איך זיין זכות, אָפּגעזאָגט פון זייער שנאה צו יידן, אַז זיי האָבן אויסגעפינען אונטער זיין יידישלעכער אויסערלעכקייט, די אַלגעמיינע מענטש־לעכע נאַטור וואָס דריקט זיך אפשר וויניקער אויס ביי די אַנדערע יידן פון שטאָט. מען דאַרף געבן אַ מוסטער־ביישפּיל, האָט ער זיך געפרייט אין זיך: די אַכטונג וואָס זיי ווייזן מיר אַרויס, ברענגט

נוצן אויך אַנדערע יידן. דורך מיר קומען זיי צום פּשוטן אמת, כע, כע.

נאָך מער, נאָך עטלעכע וואָכן האָט ער געפּרוּווט זיינע כּחות מיט אַ טייל פֿאָלקס־ווערטלעך, וואָס האָבן אונטערגעשטראָכן זיין היימישקייט מיט די אַרבעטער פֿון דער פֿאַרשטאָט. ער האָט זיך חלילה נישט אויסגעדריקט מיט קיין הפקרדיקע און שמוציקע ווער־טער אָדער מיט קללות פֿון זעלבן שטייגער. אָבער גאַנץ גיך האָט ער געלאָזט פֿריי אין גאַנג אויסדרוקן ווי: „גיי פּייפֿן", „דו רעדסט ווי שאַרל", „לאָזט מיך נישט, איך זאָל שטאַרק לאַכן", „דערציילט נישט קיין לעגענדעס", און געלייגט אַזױפֿיל געוויכט אויף די אַלע ווערטער פֿון דייטשן שטייגער, אַז ס'האָט זיך אים אויס־געדוכט, אַז ער האָט שוין געגוג פֿאָרשריט געמאַכט און ער קאָן זיך בכּבודיק באַגיין אָן אַנדערע שמוציקע ווערטער.

צייטנווייז, ווען ער איז געווען זיכער, אַז קיין שום יידיש אויער געפֿינט זיך נישט אין סביבה, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט ביז צום שווערן אין גאָטס הייליקן נאָמען אויף דייטש, ווי איינער פֿון פֿאָלק:

— אָ, ביי גאָט — פֿלעגט ער אויסשרייען, צו דער איבעראַשונג פֿון קונה. דערנאָך האָט ער שטיל געשעפּטשעט אַ תּפֿילה.

פֿון אַ שכן האָט ער בסוד אויפֿגענומען מאָדערנע אַנשוויונגען וואָס שטרעבן צו רעוואָלטירן קעגן „אונזער געמיינזאַמען גרויסן פֿיינט", נישט האָבנדיק בכלל קיין אַנונג, אַז באַשטימטע אַרבעטער — אָין דווקא די אַרבעטסלאָזע — האָבן אים פֿאַר'עכנט פֿאַר איינעם פֿון די סאַמע שוואַרצסטע קאַפּיטאַליסטן פֿון דער גאַס. און ס'האָט געטראָפֿן, אַז נאָך דער אַרבעט, ווען ער האָט אַ ביסל נהנה געווען פֿון „מענטשלעכן גליק" האָט ער זיך אַליין געפֿרעגט: ווי־הין וועט מיך נאָך דערפֿירן מיין וואַקלדיקע סימפּאַטיע צו דעם אַרבעטער. אָבער צומאָרגנס האָט אַ פֿינקלדיק אויג, אַ כיטרע שמייכל, אַן אויסגעשטרעקטער פֿינגער צו אים אינמיטן דער גאַס, אים צוריקגעברענגט זיין גליק.



אינדעראמתן האָט ער אינערגעץ נישט געפֿונען קיין ממשותדיק

„מענטשלעך גליק", סיידן אין דער האַרציקער געזעלשאַפט פון די ייִדן איך שטילנשטאַט וואָס האָבן אים נישט נאָר וואַרעם אויפגע־נומען, נאָר פאַרערט אין אים אַ מין געהיימע אייגנשאַפט וואָס איז געווען באַהאַפטן מיט זיין נעבעכדיקער געשטאַלט און זי האָט אים באַשיינט ווי אַ לבוש פון יסורים, מיט וועלכן די ייִדן פון זעמיאַק האָבן אַרומגעהילט דעם ל"ו־ניק. צו איז דאָס מעגלעך? האָט בנימין טייל־מאָל אומרויִק זיך געפרעגט. אָבער קיין שום רמז, קיין שום דערקלערונג. און ווען ס'איז געקומען צו אַ שמועס וועגן די זעקס־און־דרייסיק צדיקים וואָס גייען אַרום איבער דער וועלט, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז לפחות די דייטשע ייִדן ווייסן נישט וועגן דעם סוד פון דער משפחה לוי פון זעמיאַק. נאָר איינ־מאָל האָט דער רב געגעבן אָנצוגעהערן וועגן אַ לעגענדע, לויט וועלכער: ס'ווערט אויסגעקליבן איינער פון די זעקס־און־דרייסיק צדיקים דורך גאָט אַליין, פון צווישן די אייניקלעך פון באַוווּסטן ר' יום טוב לוי וואָס איז געשטאָרבן אויף קדוש־השם אין יאָרק. אָבער ווייניקע פון די צוהערער האָבן געוווּסט, און בנימין האָט אויפגענומען דעם געדאַנק, אַז אָט די „שבת־ייִדן" ווי זיי האָבן זיך אַליין גערופן, פאַרערן אין אים דאָס התלהבות־פייער פון פוילישן ייִדנטום, זיין גרויסע גאָטספאַרכטיקייט.

נאָך זעקס מאָנאַטן האָט מען אים דערציילט ווי אַ מעשה־חרפה, אַז עטלעכע ייִדן פון שטאָט זענען אַריבער צום קאַטויילישן גלויבן, זיי האָבן באַוווינט דעם אַריסטאָקראַטישן קוואַרטאַל, די ווייסע זעקס שטאָטיקע געביידעס וואָס האָבן געבלאַנקט הינטער דער קירכע. געשילדערט האָט מען זיי פאַר אים, אַלס פאַרדאָרבענע רשעים וואָס זענען פּאַטריאָטישער פון די גערמאַנישע מאַלפּעס, און זיי דערנידעריקן ספּעציעל די פּליטים פון פּוילן און אוקראַינע, אין וועמען זיי זעען דאָס „אַזיאַטישע פּעבל", דאָס „פּסולת פון ערד־קוילעך", באַרבאַרן א. א. וו. אַז מען האָט אים אָנגעוויזן אויף איינעם פון די משומדים וואָס איז זיך געלאָסן געגאַנגען איבער די גאַס, אומגעלומפּערט און פאַרשלאָסן ווי אַ דייטש, האָט בנימין נישט געקאָנט פאַרהוילן דעם שוידער וואָס האָט אים באַנומען.

דער צווייטער משומד וואָס מען האָט אים געוויזן, האָט געוווינט אויף דער „ריגענשטראַסע", עטלעכע הייזער פון בנימינס

געוועלב. טיילמאַל פלעגט אים בנימין זען פאַרבייגיין זיין שווי־פענצטער, אַ זויערער בליק האָט באַקליידט זיין אַראָפּהענגענדיק פּרצוף. במשך פון דער צייט, האָט זיך דעם משומדס גאַמבע געשטרעקט פאָרויס ווי אַ שנאָבל, אָדער זי האָט זיך מיט ענייוות צוגעטענט צו זיין ברוסט. זיין גאַנצער הילוך איז געווען פון אַ אומבאַרירלעכן דייטשן בורזשוי, וואָס די זיקנה האָט אויף אים נישט קיין שליטה, גוט געקליידט אין זיין מאַטן אַנצוג פון מיליטערישן שניט, צוגעקנעפּלט אויפן בויך. ער האָט געאַרבעט אין דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג און לויט זיינע רייד האָט ער זיך געשמדט צוליב פּאַטריאָטיזם און דאַנקבאַרקייט. בנימין האָט זיך באַלד דערוווסט, אַז דער משומד פאַרשפּרייט אויף זיין חשבון געוויסע קלאַנגען, באַשולדיקנדיק אים, אַז ער עסט די פּראַצע פון די דייטשע אַרבעטער.

— ער האָט געזאָגט — האָט אים אַ שכנה בייזוויליק דערציילט, — אַז איר קענט אפילו נישט די פאַרבן פון דער דייטשער פאָן.

— איך? — האָט בנימין אַ געשריי געטאָן מיט פאַרביטערונג און ווייל ער האָט נישט געקענט באַווייזן דעם היפך, האָט ער זיך צוריקגעצויגן אין זיין געוועלב, פולשטענדיק, דערנידעריקט.

ער האָט געלויערט אויף דעם משומד, כדי אים צו זאָגן זיין מיינונג אין פּרצוף אריין. אָבער ווי באַלד ער האָט, ציטערנדיק, אים באַגעגנט, האָט יענער אים צוגעוואָרפן אַן איזקאַלטן „פפוי״ און איז געגאַנגען זיין וועג, מאַכנדיק מיטן שטעקן אַ מין באַוועגונג פון ביטול, ווי ער וואָלט געצוווּנגען געוואָרן צו זען אַן אומווירדיק בילד אין גאַס.

אָבער אין אַ שיינעם, העלן טאָג האָט זיך דער משומד, מיטן נאָמען מאיר, באַוויזן אין שול און זיך געוואָרפן צו די פיס פון רב, קושנדיק אים לײדנשאַפטלעך די קני:

— איך קאָן נישט מער, נעמט מיך צוריק, מיין האַרץ איז געבליבן יידיש! איך קאָן נישט מער!

דער רב האָט זיך אויפגערעגט און דעם מענטש מיט כעס אַוועקגעטריבן. ער האָט באַלד צונויפגערופן אַן אויסערגעוויינלעכע פאַרזאַמלונג פון די שטילנשטאָטער יידן. דער משומד איז געשטאַ־

נען ביים אַריינגאנג פון שול און האָט באַגריסט יעדן אַריינגייער אין הכנעהדיקן פאַרנייגן זיך. מיט אַ קאַפּל אויפן קאָפּ, די האָר באַ־דעקט מיט ערד און אַש, זיינע בגדים צעריסן, קיינער האָט אים נישט געענטפערט אויף זיין באַגריסונג. נישט וויסנדיק אויף וועמענס זייט צו זיין, איז בנימין אַריין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אין שול און האָט יענעם צוגעוואָרפן אַ זייטיקן, נאַריש־היימיש־לעכן ווונק מיטן אויג.

דער משפט האָט זיך אָנגעהויבן.

בנימין, וואָס האָט זיך אַריינגערוקט אין דער לעצטער שורה, איז פאַרכישופט געוואָרן פון דער שטוינענדיקער געשטאַלט פון משומד, וואָס האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף אַ שטול פאַרן ארון קודש, פון ביידע זייטן פון אומגליקלעכן, לעגעווען צוויי גאָלדענע לייבן אויף זייערע לאַפּעס, ווי די זשאַנדאַרן ביי אַ געריכט פון געשווירענע. אינדערמיט פון זיין בלייכן געזיכט, האָבן צוויי רויטע אויגן אים צוגעגעבן אַ שרעקלעכן אויסזען, דער שווייס האָט פייכט געמאַכט דאָס אַש אויף זיינע האָר, און אין שוואַרצע פּאַסן דערגרייכט צום שטערן, וואָס האָט געענדערט דאָס פאַרפייניקטע פּנים אין אַ משונהדיקע קאַרנאַוואַל־מאַסקע. ביי יעדער באַליידיקונג האָט ער איינגעבויגן די קני און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, כדי צו באַשטעטיקן, אַז ער איז זיך מודה אין אַלעם שלעכטן, און דערביי זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין האַרץ. זיין מויל איז געווען צוזאַמענגעפּרעסט.

אַדורכדרינגענדיק דעם משומד מיט זיינע אויגן, האָט זיך בנימין דערמאָנט, אַז אַמאָל אין בערלין, אין זיין אָן־אַן־אויסוועג לאַגע, האָט ער געטראַכט אינגאַנצן זיך איבערצוגעבן אין די הענט פון די קריסטן. ער האָט געגוי נישט געוווּסט, צי צום פּויפּסט, צום גלח, אָדער צו אַן אַנדערן הויפּט פון דער קירכע, און אויף אַזאַ אופן וועט אַלץ זיין פאַר אים געענדיקט. אַזוי האָט ער זיך איצט געזען אויפן אָרט פון משומד און ביי יעדער בזיונדיקער באַליידיקונג האָט אים דער קאָפּ געזונקען צווישן די אַקסלען, מיט אַ ליידנדיקער באַוועגונג, ווי מען וואָלט אים דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ. פּלוצים איז אויפגעשפּרונגען הער פייגלבוים, אַ בלייכער פון צאָרן איז ער אַרויף אויף אַ בענקל און דערקלערט, אַז אַלס

יוגנט־חבר פון באַשולדיקטן, איז ער אַליין געווען אַן עדות פון די יסורים און פּיין פון זיינע עלטערן:

— נישט בלויז וואָס ער האָט זיך געשמדט, נאָר דער לץ פון סאַמע שטן האָט נאָך באַליידיקט זיין פאָטער און מוטער אין זייער געשעפט און די גערופן: „שמוציקע יידן" און זיי מבזה געמאַכט מיט אַנדערע צונעמענישן וואָס איך וויל נישט. דאָ, אין אַ מקום קדוש, ברענגען פאַרן מויל. וואָס, אַ משומד איז ער געוואָרן? ער איז געוואָרן פשוט אַ רוצח.

דאָ האָט איינער אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז מיטן בלויזן איבערגיין צום קריסטלעכן גלויבן, איז דער משומד ממילא אויך געוואָרן אַ שונא־ישראל.

— צו אונזער גרויסן צער, ליגט אין דער טבע פון אָט דער רעליגיע אונז נישט צוליידן, איז עס אפשר נישט אַזוי?

— גלויבט איר אין דעם? — האָט הער פייגלבוים אַ געשריי געטאָן און געווענדט זיין צאָרנדיקן בליק צום משומד: הער היינריך מייער, פריער יצחק, קאָנסטו עפּעס טענהן צו דיין פאַרטיידיקונג?

דאָ האָט פּאַסירט אַ זאַך וואָס איז געווען דערהויבענער פון בנימינס פאַרשטאַנד, ווייל אַנשטאָט צו האַלטן זיך פריי אין דער פאַרטיידיקונג לטובת זיין גלויבן וואָס איז פון דער געטלעכער השגחה באַשטימט געוואָרן, האָט זיך דער משומד אויפגעשטעלט מיט אַ מין אָפענער גאווה און געזאָגט מיט חוזק אויף זיינע אַראָפּהענגענדיקע ליפּן:

— אָבער ווי אַזוי ווילט איר, זאָגט מיר נאָר — האָט ער געדונערט מיט פאַרביטערונג — אַז איך זאָל אפילו איין רגע גלויבן אין אַ גאָט וואָס האָט נישט געפונען קיין אַנדערן וועג צו העלפן די אומגליקלעכע מענטשן, ווי אַריינצוגיין אין גוף פון אַ בתולה, צו ווערן אַ מענטש און צו ליידן טויזנטער פּיין ביז טויט, און דאָס אַלץ אַן שום פאַרשטענדלעכן אויסגאַנג?

און האָט מיט הכנעה צוגעגעבן:

— מיין אַלטער פריינט פייגלבוים איז גערעכט, איך האָב שווער פּוגע געווען אין מיין פאָטער און מיין מוטער, ווייל כ'האָב געוואָלט

לעבן ווי קריסטן. איך האָב זיך געשעמט צו זיין אַ ייד, כ׳האָב זיך פשוט געשעמט.

— און וואָס האָסטו מיט דעם דערגרייכט? — האָט הער פייגלבוים געפרעגט מיט פאַראַכטונג.

— נאָך אַ גרעסערע חרפּה.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך מודה געווען אין דעם, איז אַריינ־געטרעטן אַ דערלייכטערונג. ער האָט אַליין געבעטן די שענד־לעכסטע שטראָף. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער משומד זאָל זיך אַוועקלייגן ביים אַריינגאַנג פון שול און די גאַנצע עדה יידן זאָל אויף אים טרעטן. ער האָט זיך געקלאַפּט אין ברוסט און דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו לידן. פּלוצים האָט עמיצער דערמאָנט דעם נאָמען בנימין.

— דער ברודער. וואָס איז צו אונז געקומען פון פּוילן, וואָלט אונז אפשר געקאָנט געבן אַ מער נוצלעכע עצה און אפשר דערציילן אַן ענלעכן פאַל. פאַרוואָס שוויגט ער?

בנימין האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ און אַראָפּגע־רוקט זיין יאַרמלקע אויף די אויגן, ווי צו שיצן זיך קעגן אַלע בליקן וואָס זענען געווענדט געוואָרן צו אים און אים דורכגע־דרונגען ווי מיט פייער.

— הערט מיך אויס — האָט ער לסוף אַרויסגעשטאַמלט — איך ווייס באמת נישט קיין סך, ביי אונז אין זעמ... בכן, ביי אונז אין זעמיאַק איז בכלל אַזאַ פאַל נישט פאָרגעקומען. אָבער איך דערמאָן זיך, יאָ: אין פּופּצנטן יאָרהונדערט, ר׳ ישראל איסערלין, ער האָט געזאָגט, אַז דער וואָס טוט תשובה און קערט זיך אום צום יידנטום, איר הערט מיך אויס, נישט אַזוי? דער מענטש ליגט אויף זיך ממילא אַרויף אייביקע לידן. יאָ, אייביקע לידן.*)

*) ר׳ ישראל איסערלין, רב אין עסטרייך, פון די גדולי־התורה אין פופצנטן יאָרהונדערט, שרייבט אין זיינע שאלות ותשובות „תרומת הדשן״ סימן קצ״ח ·

„מומר שיצא מן הכלל וחזר לדת האמת צריך להתכפר בסיגופים גדולים כפי מה שעבר על כל מצוות שבתורה או לא?״
„אין להוסיף ולהרבות עליו יותר מדי לפי שאין לך סיגופים

**— און דערנאָך? — האָט בנימינס שכן אויסגערופן, אַ מענטש אַ געזעצטער, מיט אַ קופּער־רויט פּנים, די אויגן זיינע האָבן געציטערט פון נערוועזקייט.**

**— און דערנאָך, דערנאָך? האָט בנימין טראַכטנדיק איבערגעחזרט.**

**און פּלוצים איז ער אויפגעשפּרונגען:**

**— וואָס איר פאַרשטייט עס טאַקע נישט? — האָט ער געשריגן און אַנגעוויזן אויפן משומד מיט יאוש: — גיט אַ קוק, ער דרייט אויס זיך רוקן צו אַלע נוצן און גליקן פון די קריסטן און לייגט אַרויף אויף זיינע אַקסלען ליידן! נישט אַזוי? איז ער דאָך אַ חוזר בתשובה מיטן עצם פאַקט וואָס ער ווערט צוריק אַ ייד, נישט אַזוי? איז צוּוואָס נאָך צולייגן אַ שטיין אויף זיין האַלדז? — האָט ער פאַרענדיקט אין צער'פולן ציטער, וואָס האָט זייער איבעראַשט די עדה יידן.**

גדולים ורעים מאשר סובל בכל יום, שמסתלק מכל הטובות וההנאות שהנכרים שרויים בהם ומקבל עליו תמיד פחדיהן ובהלות ורשעות וצרות שהאומות מצירים לישראל ונמצא תשובתו גורמת לו כל סיגופים הללו". — די שאלה: „אַ געשמדטער וואָס איז אַוועק פון כלל און איז צוריקגעקומען צום גלויבן פון אמת, דאַרף ער מכפּר זיין אויף זיינע זינד מיט גרויסע זעלבסט־פּייניקונגען לויט ווי ער האָט עובר געווען אויף אַלע מצוות פון דער תורה, אָדער נישט?" — די תשובה: „מען דאַרף נישט מוסיף זיין אויף אים צופיל, ווייל דו האָסט קיין גרעסערע און ביטערערע פּייניקונגען, וואָס ער ליידט יעדן טאָג, ווען ער זאָגט זיך אָפּ פון אַלע גוטן און הנאות, וואָס די גויים זענען אַריינגעטון אין זיי און ער נעמט אויף זיך תמיד שרעק און פּאַניק און רשעות און צרות וואָס די פעלקער ברענגען אויף ישראל, איז קומט אויס, אַז זיין תשובה־טוען איז אים גורם אַט די אַלע פּיין" — ר' ישראל איסערלין האָט זיך פאַרופן אויף „ספר מצוות גדול" פון ר' משה מקוצין.

בנימין האָט צוגעוואָרפן אַ מבולבלדיקן בליק דעם שווייגנ־דיקן קהל, ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין מיסיע. ער האָט געצאַפּלט און איינגעשרומפּן זיינע שוואַכע פּלייצעס, אַרונ־טערגעצויגן זיינע אָרעמס אונטערן טלית און זיך אַוועקגעזעצט מיט אימפּעט, אַז די יאַרמלקע האָט ווידער צוגעדעקט זיין שטערן.

דאָך, האָט אַ דין ציטערדיק קול געמאַכט זיך אַ וועג פון אונ־טער דער צאַפּלדיקער יאַרמלקע:

— טאַקע, רב ישראל איסערליק, רב ישראל איסערלין האָט עס געזאָגט, איך שווער אייך. און ווער איז דער צדיק וואָס טוט גוטס, אַז ער זאָל נישט זינדיקן, האַ? ווער?

די ווערטער זענען אויפגענומען געוואָרן אין גרויסער צעטומלט־קייט און באַלד האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייטער ויכוח. צו בנימינען, אַ צוגעשמידטער צו זיין פּלאַץ, זענען דערגאַנגען אָפּגעריסענע און אומקלאָרע זאַצן: „אַזוי, דאַרף רעדן אַ ייד"! „האָבן מיר שוין אַלץ פאַרגעסן?" „וואָס הייסט רעדן ווי אַ ייד" א. א. וו. פון צווישן דער גרופּע זקנים אַרום דעם באַלעמער, האָט זיך געהערט אַ דורכדרינגלעך קול: „נישטאָ קיין צדיק אין לאַנד וואָס טוט גוטס, אַז ער זאָל נישט זינדיקן."

ווען ס'איז אַ ביסל רויקער געוואָרן, האָט דער רב פון שטילנ־שטאָט, מיט ישוב־הדעת געבעטן דעם משומד, ער זאָל זיך אַוועק־זעצן צווישן קהל. און דעמאָלט האָט עס פּאַסירט.

דער משומד, וואָס איז ביז איצט געווען נידערגעשלאָגן און געשוויגן, איז פּלוצים אויסגעבראָכן מיט אַ טייוולאַניש, אָפּשפּעטנ־דיק געלעכטער, און איבערן בענקל וואָס דער רב האָט פאַרלאָזן, האָט ער אָנגעהויבן זידלען און באַליידיקן אַלע פאַרזאַמלטע, וואָס זענען דערשראָקן געוואָרן פון אָט דער טעאַטראַלישער ווענדונג. זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרימט פון ווילדן צאָרן. ער האָט באַ־שאָטן בנימינען מיט טויטע קללות, מיט אַ ביטול־באַוועגונג און בכיוונדיקן חילול־הקודש האָט ער אַ שלידער געטאָן זיין יאַרמלקע צו דער ערד, טרעטנדיק אויף איר מיט רוגזה, ווי ער וואָלט זיך גרייט אַ מענטש צו דערהרגענען. צום סוף האָט ער זיך צעלאַכט ביז פאַרלירן דעם אָטעם און אַרויסגעשלידערט אַ האָגל פון פרעכע באַליידיקונגען:

— געפינט איר נישט, אַז דאָ שטינקט די יידישע נבלה?
ער איז אַדורך שנעל צווישן דעם צעברויזטן קהל און איז אַרויס.

## 5

צומאָרגנס האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער האָט פאַרלאָזט די שטאָט. די צונגען האָבן זיך צעבונדן. דער רב האָט געזאָגט, אַז בנימין האָט נישט געדאַרפן שטערן דאָס אַרויפלייגן אַ שטראָף אויפן משומד, מען האָט זיך צו אונזער גוטן שליח־מצווה אָנגעהויבן באַציִען מיט חשד, יש אומרים, אַז ער איז לעכערלעך און זיינע מחשבות זענען נישט מיט אַלעמען. נאָר דאָס פּאָרל פייגלבוים האָט אים בכבוד געהאַלטן און געטענהט, אַז ס'זענען דאָ געווען אומשטענדן אויסטערלישע, דערהויבענע, איבערן מענטשלעכן פאַר־שטאַנד.

ווען מען האָט אויפגעהערט איינלאַדענען בנימינען אויף רייכע מאָלצייטן און אים לגמרי פאַרשטויסן, האָט ער געקויפט אַ שיין בלעטל פּאַפּיר און צוזאַמענגעשטעלט אַ בריוו וואָס ער האָט גע־טראַכט וועגן אים פון טאָג פון זיין פאַרלאָזן זעמיאַק.

דער בשורה־בריוו וואָס איז פאַרבליבן אין די זאַמלונגען פון דער משפחה לוי, האָט זיך אָנגעהויבן כהאי לישנא:

„טייערער און הויכגעשעצטער פאָטער, און דו מיין טייערע און הויכגעשעצטע מאַמע. ס'זענען שוין אַוועק צוויי יאָר זייט אייער געטרייער זון האָט אייך פאַרלאָזט, כדי צו זוכן אַ נעסט ערגעצוואו אויף דער וועלט. היינט זאָגט אייך מיין האַרץ וואָס איז איבערגעפולט פון פרייד: קומט, מיינע טייערינקע, ווייל די שעה איז סוף־סוף געקומען ווען דער פויגל, בעזרת השם...“

אַז יהודית האָט ענדלעך תופס געווען פון אונטערן מבול מליצות און תנכישע אַלעגאָריעס, די געגויע און ממשותדיקע כוונה פון דער דאָזיקער איינלאַדונג, האָט זי אויסגערופן מיט התלהבות:

— און איצט, געענדיקט מיט זעמיאַק.

—דו ביזט זייער צופרידן, וואָס? האָט מרדכי געזאָגט מיט ביטערקייט — לאָמיר גיין, וואָס וואַרטסטו, פאַרוואָס זענען מיר נאָכנישט אין דער באַן?

ער איז געבליבן פאַרגליווערט דעם גאַנצן וועג. יהודית האָט זיך גאַנץ ווייניק פאַרנומען מיט די דערשיינונגען פון יענער זייט שויב פון דער ריזיקער אייזערנער חיה, דער צער וואָס האָט זיך צעלייגט אויף מרדכיס נידערגעשלאָגן פּנים, האָט איר שווער געמאַכט דאָס געמיט. צייטנווייז האָט דער אַלטער מאַן גע־שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט נישט געקענט גלויבן אין דעם וואָס קומט פאָר, און יהודית האָט זיך צוגעהערט צו זיין בורטשען אין דער באָרד אַריין. אָבער צי איז דאָס מעגלעך... אַ לוי פון זעמיאָק?

בנימין האָט זיי אָפּגעוואַרט אין קליינעם וואָקזאַל פון שטילב־שטאָט. צוריק מיט צוויי יאָר איז ער געווען אַ יונגערמאַן וואָס זיינע געזיכטשטריכן זענען פאַרשלונגען געוואָרן פון אַ קאָמיש בערדל, פּלינק, טראָץ זיין נידעריקן וווּקס, על־כּל־פּנים און אָן שום ספק, אַ ייד. יהודית האָט געקלערט, אַז זי וועט טרעפן דעם זעלביקן בנימין אין זיין טראַדיציאָנעלן לבוש: פּוילישע שטיווע־לעך, אַ שוואַרצער קאַפּטן, אַ סאַמעטענער קאַפּעליוש מיט אַ ברייטע ראַנד. אינדערזאמתן, האָט זי נישט געדענקט זיין צורה; און אַז זי האָט זיך באַמיט אים צו פאַרגעדענקען, איז ער געבליבן אין איר דמיון נאָר מיט זיין טאַליע. ווען זי איז אַראָפּגעשטיגן פון דער באַן האָט זי געזען פאַר זיך אַ קליינעם דייטשן מאַן מיט לאַנגע אויערן, אַ קרומע נאָז פון אַ קרוליק, דינע און ביינערדיקע קין־באַקן און דער קוק פון בנימינען. די דאָזיקע געשטאַלט האָט אויף איר געמאַכט אַ דערדריקנדיקן איינדרוק. ווער איז דאָס פּרצוף אָן באָרד? זי האָט געהאַט אַ וויטיקטיק געפיל. וואָס בנימין איז עפּעס אַ מין אָפּגעשינדענער קרוליק, וואָס האָדעוועט זיך און האָפּקעט ווייטער ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען אין אַלע זיינע מוסקולן און אָדערן, אָבער מיט די באַשטענדיקע נאָז־העויות זיינע. וואָסזשע איז אים אייגנטלעך געשען?

— כ'האָב געהאַט מזל — האָט בנימין געשטאַמלט. זי האָט

פון אים מער גאַרנישט אַרויסבאַקומען און פאַרשטאַנען, אַז זי קען אים בכלל נישט, זי האָט אים קיינמאָל נישט געקענט.

מרדכי האָט קאַלט אַרומגענומען דאָס איינציקע צווייגל פון דער משפחה לוי און געלאָזט זיך פירן „אַהיים". ווי ס׳האָט שוין פריער געזאָגט יהודית.

דאָס אַלטע פאַרפאַלק האָט געמאַכט אַ רושם אויף די גאַסן פון שטילנשטאָט. ביידע האָבן אויסגעזען, ווי נישט פון אונזערע צייטן. שוואַרץ פון קאָפּ ביז די פיס, באַקריינט מיט תמימותדיקער שטאָלצקייט פון געשטאַלטן, פון אַלטע קופּערשטיכן אַראָפּ. זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, זיכער, איבערפולט מיט זיך אַליין, נישט לייגנ־דיק קיין אַכט אויף קיינעם. חוץ בנימינס קליינע געשטאַלט, וואָס האָט נאָכגעהאָפּקעט דריי טריט הינטער זיי. זיינע מוסקול־לאָזע, דאַרע אָרעמס זענען לענגער געוואָרן, אַרומנעמענדיק דעם קליינעם באַ־גאַזש וואָס יהודית האָט געזאָלט אַליין נעמען מיט דער האַנט. מרדכי האָט געטראָגן אַ קופערט פון האַריקער פעל אויפן רעכטן אַקסל, און זיין לינקע האַנט האָט זיך לייכט אָנגעלענט אויף יהודיתנס האַלדז. ער און זי, ביידע זענען נאָך געווען שיין, מיט אַט דעם אַנטיקער־גלאַנץ פון שטאַרקע מענטשן וואָס באַגלייט זיי ביזן סוף פון זייער לעבן.

בנימין האָט געזאָרגט פאַר די קלענסטע פּרטים צו דער סעודה לכבוד די געקומענע. יהודית איז געווען פאַרמאַטערט פון דער נסיעה, האָט ער געבעטן פרוי פייגלבוים זי זאָל צוגרייטן אַ יומטובדיק מאָלצייט.

— וואָס איז דאָס, וואָס איז דאָס? — האָט יהודית זיך געבייזערט, אַריינגייענדיק אין קיך, וואָס האָט שימערירט ווי אַ נייע מטבע. — דו פאַרלאָזט זיך שוין נישט אויף דיין אייגענער מאַמע, נאָר גרייטסט צו דיין מאָלצייט דורך עפּעס אַן אָרטי־קער ידישקע, וועד ווייס וואָס פאַר אַ... דאָס איז?

זי האָט מיט חשד אָנגעהויבן בודק זיין און אַרומשמעקן די מאכלים און האָט געפינען ביי איינעם צופיל אויסגעבאַקן, ביים אַנדערן איז דאָס טייג נישט דערקנעטן א. א. וו. — בנימין האָט באַמערקט, אַז די פּירות, האָט זיין מאַמע יהודית איבערגעקוקט מיט אומצוטרוי.

און באַלד נאָך דער יויך איז געקומען דער מיסטעריעזער אויסברוך.

בנימין איז געזעסן בראש פון טיש, יהודית פון זיין רעכטער האַנט און מרדכי פון דער לינקער האַנט, ווי ס'איז געווען איינגעפירט אין זעמיאַק אין די לעצטע טעג, נאָך דעם פּאָגראָם. אין דער ראָם פון אָט די צוויי שוואַרצע זיילן, איז אים די קיך געוואָרן היימיש: די ווייסע ווענט וואָס ר'האָט זיי אַליין אויסגעקאַלכט, די געפּלאַסטערטע פּאָדלאָגע, וואָס האָט געשיינט פון ריינקייט, די חפצים וואָס ער האָט איינציקווייז איינגעקויפט, אַלץ מיט זיין שווייס און פּראַצע, זענען זיי ביסלעכווייז געוואָרן זיין אייגנס. ער האָט פלוצים נהנה געווען פון זיי און געפונען אין זיי טויזנט טעם. עפּעס־וואָס האָט זיך דערקאָכט אויפן דרייפוס, אָבער מחמת אָנשטענדיקייט, האָט בנימין נישט מעיז געווען בודק צו זיין דאָס שמעקנדיקע געקעכטס. דער פאָטער האָט געביסן אַן עק פון זיינע וואָנסן. אַוועקלייגנדיק זיין לעפל אויפן טעלער, האָט ער זיך צעברומט פון אומצופרידנקייט:

— אויף אַזאַ אופן, ווייסט קיין שום מענטש אין שטילנשטאָט, ווער מיר זענען באמת?

צו יהודיתנס גרויסער איבעראַשונג איז בנימין בכלל נישט נתפעל געוואָרן:

— ניין — האָט ער געזאָגט מיט ישוב־הדעת — קיינער ווייסט נישט און קיין שום מענטש וועט אויך להבא נישט וויסן — האָט ער צוגעגעבן, מיט אַ מין זויערער דראָונג.

— גוט, גוט — האָט מרדכי געזאָגט מיט פשטות.

ער איז געזעסן מיט צונויפגענומענע אָרעמס איבערן טישטעך, אַ טיפע עצבות האָט אים באַנומען. קעגנאיבער אים האָט יהודית אַריינגעזיפּט אַ ביסל יויך צווישן אירע ציין און געפלוידערט מיט דער צונג, מיט אַ מינע פון האַלב צופרידן און האַלב אַנטוישט. און דערנאָך זיך געוואָנדן צו בנימינען מיט התפעלות:

— לגמרי נישט שלעכט לגבי אַ דייטשקע, אָבער איך לייג שטענדיק אַריין אַ ביסל פּיעטרישקע. אגב, אָט די פרוי פייגלבוים, דו זאָגסט דאָך, אַז...

ווען דער אָרעמער בנימין האָט באַטראַכט דעם שלווהדיקן

קוואַדראַט פון טיש, וואָס ער אַליין האָט אים איינגעפּאַסט אין קיך, נאָענט צו דער דירה, האָט זיך אים פלוצים אויסגעדוכט, אַז ער האָט זיך באַפרייט פון אַ קאָשמאַר, וואָס האָט אים באַהערשט אין בערלין, אין דעם ענגן, פאַריבערגייענדיקן קוואַדראַט פון קרייד. און אין דערזעלבער צייט האָט ער דערפילט אַ שווער שלאָגן פון בלוט אין זיינע אָדערן, ווי נאָך אַ לאַנגען און קאַלטן שלאָף.

— אָבער ס'איז דאָך נישט מעגלעך, ער איז דאָך אינגאַנצן באַגאַסן מיט שווייס ?

— אידך? — האָט בנימין געפרעגט אומגלויבלעך, און צוגעלייגט זיין האַנט צום שטערן, ער האָט דערפילט, אַז זיין אָרעם ציטערט אַ ביסל.

מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט יהודית, אונטערברומענדיק, אים אַריינגעלייגט אין בעט.

אין דעם דריטן טאָג פון דער משונהדיקער קרענק, איז ער אויפגעשטאַנען מיט באַגייסטערונג, און באַלד צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. זיין אויג איז געווען מונטער, דאָס פּנים אויפגעהייטערט, באַנומען זיך צו יעדער זאַך מיט פרייַלעכקייט און ליבשאַפט, וואָס האָט באַנייט זיין יוגנט און אים געמאַכט פלינקער ווי ווען־עס־איז פריער. יהודית האָט פון דעם אַרויסגעדרונגען, אַז דאָס בלוט האָט זיך אים געביטן.



פון דער צייט פון פּאָגראָם אין זעמיאַק, האָט מרדכי באַקומען אַ צורה, וואָס איז אים פאַרבליבן ביז זיין טויט. ער איז געוואָרן גראָער, איינגעבויגענער, באַקומען קנייטשן, אָבער דער יסוד איז געבליבן אומבאַריט — זיין הויכער גוף, אַריינגעטאָן אין מחשבות, פאַמעלעכע באַוועגונגען מיט אַ נטיה צו אומבאַוועגלעכקייט, צוזאַמען מיט אַ מין דריקנדיקן צער וואָס איז זייער קענטיק אינעם טרעטן פון אַן אַלטן העלפאַנט, וואָס יעדער שפּאַן זיינער זעט אויס ווי אַן אויסגעריסן שטיק שטח, אַן אומבאַוועגלעכס. צו אָט דער נישט רעגולערקייט פון זיין קערפּער, האָט אים אין שטילנשטאַנד באַזעצט אַ מין פאַרגרעבונג פון דער געשטאַלט, וואָס האָט פאַר־

שטאַרקט אויף אים דעם אויסזען פון אַ גרויסער חיה. אָדער פון אַ אַלטערטימלעכן בוים. אָבער זיין פּנים איז געבליבן גלאַט, אָן פעטקייט, ווי די גייסטיקע טעטיקייט זיינע. וואָלט אָן אויפהער באַזייטיקט די גראָבע ריסן פון זיין פּנים. און געבליבן איז די קרומקייט פון זיין נאָז, די אָפּגעמאָגערטע קינבאַקן אונטער דעם שטייפן בליק פון זיינע גראָע אויגן, די שווערע, וואָס קיינמאָל האָט מען אין זיי נישט געזען קיין ביסל צעשטרייונג, ווי זיי וואָלטן תמיד געקוקט פון יענער זייט פון די געזעענע זאַכן.

אויב יהודית האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט צום דריי פּערזאָניקן קיום, נישט אַזוי מרדכי. ער האָט נאָר האַלב געלעבט, זייענדיק פאַרפּאַנצערט אונטער דער שילדקרעט-שאָל פון זיין פרומקייט, וואָס איז פון טאָג-צו-טאָג געוואָרן האַרבער.

נאָך אין זעמיאַק האָט יהודית באַמערקט, אַז דער טויט פון די דריי „אמתע״ זין האָט אים גורם געווען אַ טויט-וווּנד, וואָס האָט צעשטערט אין אים יעדע האָפענונג צו זען דעם המשך פון דער ל״ו-צדיקים-דינאַסטיע אין זיין גזע. מרדכי האָט נישט אַנטייל גענומען אין קיין שום זאַך, ביי יעדן קלייניקייט געזוכט אַן עצה ווי אַ קינד וואָס זוכט שוץ אין געהאָרכזאַמקייט.

אַ צייט שפּעטער נאָך בנימינס אָוועקפאָרן אין דער פרעמד האָט זי דאָך געגלויבט, אַז זי וועט אים קאָנען בייהילפיק זיין צו זיין ווידעראויפלעבן. מרדכי האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרגעטערונג און שמייכלענדיק איר געזאָגט, אַז זי איז נאָך אַלץ שיין; ער האָט איר אַרויסגעוויזן אַזאַ הלהבות, אַז זי האָט נישט געוווּסט וויאַזוי שלום צו מאַכן צווישן איר פריערדיקן טרויער און דער פרייד צו זען, ווי דער מענטש קומט צוריק צו זיך. און זי האָט זיך צוריק-געהאַלטן פון באַנוצן אירע צווייַדייטיקע ווערטלעך, ווי: „שד פון דרום״, שוואַנענגעזאַנג״, א. א. וו. דאָך פלעגט מרדכי איר שטעלן אַלץ מער בולטע פראַגן, און ווען ער האָט זי געפרעגט, צי זי שפּירט נישט עפּעס „אין זיך״, האָט יהודית נעבעך פאַרשטאַנען, אַז איר אַלטער מאַן, דער טרוקענער בוים, האָפט נאָך אויף אַ בן-זקונים. זי האָט אים דערמאָנט, אַז זי איז שוין אַלט פופציק יאָר. „דאָך״ — האָט ער געענטפערט — איז אַלץ מעגלעך מיט השם יתברך׳ס הילף.

— „ווער האָט דען געקאָנט זאָגן צו אברהמען, אַז שרה וועט זייגן קינדער?" „מי מלל לאברהם, היניקה בנים שרה? *) און אַט האָט זי אים געבוירן אַ זון אין זיינע עלטערע יאָרן א. א. וו.

אין שטילנשטאָט האָבן זיי לגמרי אויפגעהערט צו זיין מאַן און ווייב.

איינמאָל ביינאַכט, ווען ער האָט זי שטאַרק אַרומגענומען, האָט זי פּלוצים געפילט ווי זי ווערט צוריקגעוואָרפן ביי די אַקסלען. דעמאָלט האָט זי פאַרשטאַנען אַז איר ווולגאַרער געליבטער האָט זיך מישב געווען און שווערלייביק זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט.

— אַ גוטע נאַכט דיר, מיין ווייב — האָט זיך געהערט מרדכיס קול אינעם טונקל פון דער נאַכט.

יהודית איז זייער איבערראַשט געוואָרן, זי האָט נישט באַנומען די פּלוצימדיקייט פון זיין באַשלוס. נאָך אַ ביסל נאָכקלערן, האָט זי געמוזט מודה זיין, אַז מרדכיס אָפּזאָג איז פאַר איר לגמרי נישט געווען קיין סיורפּריז, ווייל אין זיין שטענדיקער גלייכמעסיקער ליידנשאַפט צו איר, פלעגט זי צייטנווייז אַרויספילן אַ מין געהיימען רוגז, ווי עפּעס אַ באַהאַלטענע טענה צו איר, וואָס זי איז אַזוי שיין און דערוועקט אין אים אַזויפיל באַגער. און וואָס עלטער ער איז געוואָרן. האָט זיך איר אַלץ מער אויסגעדוכט, אַז ער טרייבט איבער אין זיין תאווה־באַפרידיקונגען, וואָס איז נישט געקומען פון פרייען הסכם, אין פרידיקן געמיינזאַמען שפּיל, ווי אין די ערשטע יאָרן נאָך זייער חתונה. אָבער פון דער נאַכט אָן, ווען ער האָט אויפגעהערט איר אַרויסווייזן זיין פילבאַרע תאווה האָט זי באַמערקט, אַז אַנשטאָט דעם, האָט ער אין טאָג־טעגלעכן לעבן זיך באַצויגן צו איר מיט מער ליבלעכקייט, מיט מער סבלנות, מיט אַ מין נייעם דרך־ארץ.

אמת, ער איז אויך מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ מער דערווייטערט, ווי אַ קאַלטער שטערן וואָס דרייט זיך אָן אויפהער אַרום אין די שלווהדיקע הימלען פון זיינע תפילות און מעשי־תשובה. אָבער יהודית האָט געשפּירט, אַז אין דעם אָפּשטאַנד,

*) בראשית כ"א ז'.

פון וועלכן ער קוקט איצט אויף זיין ווייב מיט זיינע גרויסע און גראָע אויגן, די שווערע און לאַנגזאַמע, ווי ווינטערדיקע וואָלקנס, איז מער נישטאָ קיין ליבע צו איר. און כאָטש זי איז נאָך געווען אַ פרוי, האָט זי הנאה געהאַט פון דעם פריוויליקן דערווייטערן זיך, זי האָט אין דעם געזען זיין סודותדיקע פאַרערונג פאַר איר קערפער.



דער לעצטער פאַדעם, וואָס האָט צוגעבונדן מרדכין צום טאָג־טעגלעכן לעבן, איז בכיוון איבערגעריסן געוואָרן מיט בנימינס קליינע און צאַרטע פינגער. ווען מרדכי איז געקומען קיין שטילנ־שטאָט, האָט ער זיך באַמיט צו געפינען פאַר זיך באַשעפטיקונג, ווייל ער האָט נישט געוואָלט — ווי ער האָט מיט אַ משונהדיקן טאָן זיך אויסגעדריקט — פאַלן צו לאַסט אויף זיין זון, ער איז דאָך געוווינט געווען זיך צו פאַרדינען זיין ברויט. נישט אמת?

אָבער די אַרבעטסלאָזיקייט וואָס האָט דעמאָלט געבושעוועט אין דייטשלאַנד, האָט נישט אָנגעבאָטן קיין שום פרנסה־קוואַלן פאַר אַן אַלטן מאַן, אַ פרעמדן, און נאָך דערצו אַ ייד. נאָך פאַר־ווידענע דערנידערנדיקע באַמיונגען, זעענדיק זיך צוריקגעשליי־דערט אויפן זאַמד פון לעבן, איז ער אין אַ העלן טאָג דערשינען אין זונס געוועלב און האָט עס אינגאַנצן אָנגעפילט מיט זיין איבער־פליסיקן גוף. ער האָט זיך געוואָלט לערנען נייען קנעפּ, פּרעסן, אויפטרענען פעדעם א. א. וו. — אַלע אַרבעטן פון אַ צעניעריק לערנ־יינגל, אָבער די אַרבעט פון זיינע פינגער, די „שטייפע ווי האָלץ״, (האָט ער זיך מתנצל געווען) האָט געמוזט איבערגעאַרבעט ווערן דורך די הענט פון בנימינען, וואָס האָט אין זיך פאַרשאָלטן זיין שגעון פון וועלן זיין נוצלעך. דערנאָך האָט ער אָפּן פּראָטעסטירט, ביז מרדכי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון וועלן אַליין פאַרדינען זיין ברויט.

נישט פאַרלאָזן — האָט ער צו זיך געזאָגט — די וועלט וואָס פאַרלאָזט דיך, הייסט דאָך מוסיף זיין נאַרישקייט צום אומ־גליק, צוואָס נאָך זיין צו לייטיש געלעכטער?

ער האָט פאַרלאָזט דאָס געוועלב און זיך פאַרשלאָסן אין קליי־נעם שטיבל אויפן ערשטן שטאָק מיט זיינע הייליקע פאַרמעטן.

בנימין האָט אים באַרויקט, געגלעט און אויפגעהייטערט מיט שמן־זיתדיקע מליצות, זאָגנדיק אים, אַז אַ ידישע שטוב דאַרף האָבן אַ ריינעם מענטש וואָס זאָל תמיד מתפלל זיין צו גאָט. און ביים טיש פלעגט בנימין, פון גוטן ווילן, אונטערשטרייכן דאָס העכערע חשיבות פון תפילה לגבי יעדער מאַטעריעלער, גשמיות־דיקער אַרבעט. (און געשטעלט זיין טעגלעכע שניידערישע אַרבעט, אין קעגנזאַץ צו דער איידעלער קרישטאָל־אַרבעט).

דער אַלטע מרדכי האָט זיך געלאָזט טרייסטן מיט ווערטער און איז פאַרזונקען אַלץ מער אין זיין אינערלעכער וועלט, און לסוף ביסלעכווייז פאַרגעסן די אָפענע ווונד פון זיין מענערישקייט. זיין זון האָט געצויגן מיט די נאָדל, זיין ווייב האָט געהאַלטן דעם געלט־בייטל און ער האָט געטאָן פאַר די נשמות.

אין אַ געוויסן טאָג, בעת ער האָט צווישן צוויי פסוקים געחלומט וועגן דעם טרויעריקן גאַנג פון זיין לעבן און וועגן זיין נישט בכבודיקן סוף, האָט ער מחמת יאוש באַשלאָסן צו זאָרגן ער זאָל האָבן אייניקלעך. דער געדאַנק האָט אים אויפגעמונטערט. ער האָט געלאָזט צו זיך ברענגען כלה־מיידלעך פון שטילנשטאָט. אַ קליינע פריילין מיטן נאָמען בלומענטאַל האָט זיך געפונען, וואָס איז אין איר פאַרנעם ווי באַשאַפן געוואָרן פאַרן קליינעם פינף־און־צוואַנציק־יעריקן שניידער. מרדכי האָט זיך קומענדיקע שנור במעט נישט געזען העכער פון אירע לענדן, און מער ווי אויף איר פאַרבאָרגענעם רייץ, האָט ער זיך סומך געווען אויף אירע רונדיקע היפטן. בנימין איז געווען פאַרווירט, דערנאָך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיין טאַטע וויל זיך טרייסטן נאָכן אומקום פון זיינע דריי „אמתדיקע" זין און ער האָט מסכים געווען צו די באַגעגעניש וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר אים מיט דער קליינער פריילין בלומענטאַל.

זי איז אים געפעלן געוואָרן. זי האָט אים אַזוי איבעראַשט, אַז ער האָט מיט סימפּאַטיע באַטראַכט איר לענגלעך פנים, איר ברייט קלייד און בעיקר, אירע תמימותדיקע אויגן, אין וועלכע ס'האָבן געשפּילט, אויפן בלאָלעכן פאָן פון פחד, עטלעכע מיניאַטור־

פייערלעך פון קינדערשער נייגעריקייט. ווען זי פלעגט זיך פאַר־רויטלען, איז זי געווען מלאָ־חן אין זיינע אויגן.

— נו, וואָס? — האָט מרדכי אים געפרעגט.

בנימין האָט געשוויגן.

— נישט? — האָט דער אַלטער אומרויִק געפרעגט.

— יאָ — האָט בנימין געשמייכלט.

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ברכות, איז בנימין צוריק אַריין אין טאָג־טעגלעכן גאַנג פון זיין לעבן: אַרויף אויפן ערשטן שטאָק כדי זיך איבערצוטאָן, צוריק אַראָפּ אין וואַרשטאַט און דאָרט אַרומגעלאָפן צעיאַכמערט, ווי ער וואָלט געווען פאַרנומען מיט די סאַמע ברענענדיקסטע אַרבעטן.

— דאָס אַלץ מאַכט נאַכנישט פעט די יויך — האָט ער הויך געזאָגט מיט אַ געפיל פון חשיבות, וואָס האָט אים אַליין איבעראַשט. אָבער פּלוצים, אין מאָמענט ווען ער האָט זיך אַמווייניקסטן גע־ריכט, האָט זיך אין אים עפּעס דערוועקט און ער האָט אַרויס־געפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

# 6

מיט אַ שעה שפּעטער האָט אים מרדכי געטראָפן זיצן אויפן צושנייד־טיש מיט אַ וועסטל איבער די קני, באַוועגנדיק לעבעדיק דעם גראָבן פינגער און דעם ווייזפינגער, כדי איינצופעדעמען אַ נישט געזען נעדעלע. אין דער הויך פון עטלעכע סענטימעטער איבער זיין קאָפּ, האָט דאָס עלעקטרישע לעמפּל אים איינגעהילט אין אַ קיילעכיקע, ליכטיקע שיין.

— פאַרוואָס טראָגסטו נישט קיין ברילן? — האָט ער אים גע־פרעגט מיט ליבשאַפט.

בנימין האָט אויפגעהויבן זיינע וויעס, מידע פון דער שווערער נאָדל־אַרבעט:

— נו, איצט ביזטו צופרידן?

— איך בין צופרידן — האָט מרדכי געזאָגט — איך באַדויער נאָר, וואָס זיי ווייסן גאָרנישט; מען וואָלט זיך באַדאַרפט צוויילן און זיי זאָגן.

— זיי האָבן דאָך באַלד געזען, אַז די קליינע געפעלט מיר.

— ס'איז נישט אַזוי, מיין זון — האָט מרדכי געזאָגט מיט אַ געדריקטן טאָן.

ער האָט הויך געעטעמט, זיינע וואָנסן האָבן זיך האַסטיק מיטגעהויבן, ווי דאָס עטעמען וואָלט אַרויס שווער, פון אַ שטיקנדיקער טיפקייט, אַזוי פון ערשטן טאָג פון זיין קומען קיין שטילנשטאָט.

— מען דאַרף זיי זאָגן ווער מיר זענען, ווער מיר זענען באמת, דו פאַרשטייסט?

ביים קאָפּשווינדלדיקן וואָרט „באמת", האָט בנימין איבערגעריסן דאָס ציען מיט דער נאָדל און די האַנט איז אים געבליבן הענגען אין דער לופטן, ווי זי וואָלט געשווומען אין עלעקטרישן ליכט.

לסוף האָט ער אַרויסגערעדט:

— איך באַדויער, טייערער פאָטער, אָבער מען וועט זיי גאָרנישט זאָגן וועגן דעם.

זיינע אויגן האָבן געפינטלט מחמת מידקייט און אַלטן פּחד, מיט וואָס זיין טאַטע האָט אים באַלאָסטעט.

— אינגאַנצן גאָרנישט?

— אינגאַנצן גאָרנישט — האָט בנימין גאַנץ טרוקן באַשטעטיקט.

— און זי, אויך איר וועסטו גאָרנישט מגלה זיין?

בנימינס מויל האָט זיך צוזאַמענגעדריקט.

— איך בין גרייט צו דעם — האָט מרדכי געברומט. — דו ביזט אַ נבזהדיקער גוי. אָבער די קינדער?

— וועלכע קינדער? — האָט דער קליינער שניידער קאַלט געפרעגט. הערנדיק די פראַגע האָט מרדכיס מויל מיט די געלע און צעבראָכענע ציין זיך ברייט צעעפנט, ווי כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם שטאַרקן שטראָם פון געשרייען, וואָס האָט פּלוצים אַראָפּגענידערט אויפן צעשראָקענעם בנימין: — אַז מ'האָט חתונה, האָפט מען אויף קינדער, נישט?!

צוויי נייגעריקע געשטאַלטן זענען שטייַן געבליבן פאַרן שויר־פענצטער פון געוועלב.

בנימין האָט אָפּגעווענדט זיינע אַקסלען און מיט אַ דין, ענור־וותדיק קול אָפּגעענטפערט:

— די קינדער וועלן קומען שפּעטער, און ווער ווייסט צי זיי וועלן זיין זכרים, אויב יאָ, וועל איך זיי נישט צעטומלען מיט קיין שום מעשיות, איך מוז דיר זאָגן, טייערער פאָטער, אַז איך אַליין גלויב נישט מער...

און באַלד האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שטאַרקן טאָן פון פאַר־ביטערקייט: — מער גלויב איך נישט אין קיין שום זאַך, טאַטע.

ווען ער האָט פאַרענדיקט אָט די משונהדיקע דעקלאַראַציע, וואָס איז, צוליב פאַרזיכטיקייט, געזאָגט געוואָרן איבערן צושנייד־טיש, האַלטנדיק דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן נידעריק, ממש ביי די קני, האָט זיין פאָטער מרדכי אָנגעהויבן שרייען מיט שניידנדיקע קולות, אַז יהודית איז אַריינגעלאָפן פון קיך מיט אַ קופּער־פענדל אין דער האַנט, זי האָט באַלד אַלץ פאַרשטאַנען. פאַכענדיק מיטן פענדל האָט זי זיך אַריינגעמישט אין ויכוח און געהאַלטן דעם צוקונפטיקן לוי מיט ליבשאַפט אויף דער ברוסט, ווי ער וואָלט שוין געווען בנמצא אויפן אָרט פון דעם פענדל:

— ווער קאָן עס וויסן? — האָט זי געשריגן ברוגזדיק. — אויב השם יתברך האָט באַשלאָסן אויף אַ קליין פייגעלע (און ווי וועט עס הייסן?), וועט עס תמיד קומען צו דער ריכטיקער צייט. אָבער זאָל גאָט אונז אָפּהיטן, עס זאָל חלילה זיין אַ ל״ו־ניק.

— מאַמע, מאַמע — האָט בנימין געענטפערט מיט געדרירטקייט

— האָסט גוט געזאָגט, ס׳איז בכלל נישט נויטיק קיין ל״ו־ניק, נישט אויף דער וועלט און נישט אויף יענער וועלט.

מרדכי, וואָס איז באַזיגט געוואָרן דורך דעם רוב דעות, איז פאַמעלעך צוגעגאַנגען צו דער טיר. עפּענענדיק זי, האָט ער פון דער פינצטער אויפגעהויבן אַ פינגער וואָס באַשולדיקט און גע־זאָגט מיט אַ טאָן פון ביטול און חוזק:

— צוליב אָט דעם שטייגער לעבן, פאַרלירן דעם גרונט פון לעבן?

ער האָט צוגעקלאַפּט די טיר און איז אַוועק, אָפּגעריסן אינ־גאַנצן פון זיין זון.

אין טאָג פון דער חתונה האָט ער כמעט נישט באַגריסט דער כלהס עלטערן. וואָס שייך דער קליינער פּריילין בלומענטאַל, האָט ער זיך געמאַכט, אַז ער זעט זי נישט, זי האָט מיט זיך מער גאָרנישט פאָרגעשטעלט פאַר אים, זי האָט נישט דערפילט מער קיין שום אויפגאַבע אין דעם חלום פון זיין לעבן. דאַסמאָל איז ער געווען אינגאַנצן צוזאַמענגעקאָרטשעט פון דער אַרויפגעפאַ־לענער זיקנה.

— אַט דער אַלטער העלפאַנט — האָט יהודית געקוקט אויף איר מאַן — אַ טשודאַק, אַ פעלז אַזא.



כאָטש זי איז געווען קליין און דאַר, איז פּריילין בלומענטאַל געווען שיין און גוט געבויט. אָבער דאָס האָט מען ערשט באַ־מערקט אין חופה־טאָג, ווען אַ שכנטע האָט איר געהאָלפן זיך שיין מאַכן. באַפרייט פון נאַטירלעכער קאָקעטעריע, איז איר פּנים געווען שטענדיק ליבלעך און נישט אַרויספאָדערנדיק. אירע האָר שטענדיק געמאַכטע, אָבער נישט גלאַנצנדיק פריזירט. די קליידונג מעדאַנטיש אָפּגעהיטן, אָבער באַשיידן.

איר מאַן, בנימין לוי, האָט זיך געוווּנדערט, פונוואַנען זי האָט אַזעלכע לאַנגע, ווייסע הענט און פינגער פון אַ רייכער פרוי. ס'איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז אָט די יונגפרוילעכע ווייסקייט נויטיקט זיך אין אַ גרויסער מאָס פון טאָג־טעגלעכער אויפמערק־זאַמקייט, פון קליינער און דעליקאַטער פלעגונג וואָס מען באַ־מערקט נישט. אַ שטייגער דאָס רייניקן גרינסן, מיט וויפיל פאָרזיכטיקייטס־מיטלען האָט זי זיך פאַרזען, כדי נישט צו באַ־שעדיקן אירע נעגל.

יהודית האָט געטענהט, אַז איר שנור באַטאַפּט יעדע זאַך מיט צווענגלעך, אָבער בנימין האָט פון דעם הנאה געהאַט. דאָך, האָט ער זיך אין דער ערשטער צייט נאָך דער חתונה זייער געוווּנדערט, ווי זי איז נישט מיד געוואָרן פון „באַלעקן און איבער־לעקן זיך ווי אַ קאַץ". נאָך דער אינטימער באַהעפטונג איז זי אַראָפּגעגאַנגען אין קיך, כדי זיך צו מאַכן אַ פולשטענדיקע טוא־לעט. די זאַך וואָלט געגנוג געווען אים צו מאַכן אומגעדולדיק, ווען זי וואָלט זיך נישט יעדעסמאָל באַגאָסן מיט אַ ביסל פּערפום אונטער אירע אָרעמס, דאָס וואָס האָט צוגעגעבן איר נאַרוואָס אָנגעזייפטן קערפּער אַן אַנגענעמען אַראָמאַט. און אַז זי האָט זיך דאַן ווידער באַוויזן אין איר נאַכטהעמד, האַלטנדיק דאָס ליכטל גאַנץ ווייט אָפּגערוקט פון אירע האָר, האָט איר קינדישע פרישקייט און פאַר־ווירטקייט פּלוצים באַלויכטן די שטוב מיט אַ וויברירנדיקער העלקייט, אַרומגערינגלט פון שאָטנס, וואָס האָט געמאַכט קלאַפּן דאָס האַרץ פון בנימין לוי.

— פריילין בלומענטאַל — פלעגט ער שמייכלען פון גע־רירטקייט, האָסט געהאַט אַן אָנגענעמען שפּאַציר?

— איך האָב דיר געוואָלט מאַכן אַ סיורפּריז, האָט זי הכנעה־דיק געזאָגט און זעצנדיק זיך אויפן ראַנד פון בעט, האָט זי דער־לאַנגט אין מויל פון איר באַשיידענעם געוועלטיקער אַן עפּל, אַ סאַנדוויטש, אַ צוקערל, כדי מכפר צו זיין אויף איר אַנטלויפן פון בשותפותדיקן בעט.

איינמאָל האָט זי אים איבעראַשט מיטן מאַכן זיך אַליין אַ האָר־אָנדולאַציע אינמיטן שטוב, ווי אַ סירענע אין אַ פריזיר־סאַלאָן. זי האָט איר נאַכטהעמד אַרומגענומען אַרום איר טאַליע, די האָר ווילד צעפלאָסן איבער אירע אַקסלען, וואָס האָט איר צוגע־געבן אַנבליק פון חיהשער תאווהדיקייט, און רייפער געמאַכט איר יונג מיידל־פּנים, אָבער איר קינדיש־קאָקעטישער אויסזען איז געבליבן.

בנימין האָט זיך צעלאַכט — לויט דעם איינציקן ביישפּיל פון זיין פרוי, האָט ער איצט געוווּסט, אַז אַלע פרויען זענען גרויסע מיידלעך וואָס זענען אויסגעוואַקסן ווי קאָרן, און באַזיצן אַ קער־

פער, וואָס איז גרעסער און חשובער פון זייער גייסט, האָבן שטאַרק ליב זיך אַרומצורינגלען מיט נאַרישע סודות. ערשט שפּעטער האָט ער זיך דערוווּסט, אַז פריילין בלומענטאַל האָט זיך איר קליין וועלטל פון פּחד און פון צוויי־דריי געפילן, שרעקלעכע אין זייער פּשטות: די ליבשאַפט צו עטלעכע באַשעפעניש און די איינגע־האַלטענע הנאה פון האָבן אַ גוף.

דער פּחד איז איר געקומען בירושה פון איר מאַמע — אַ דרייסטע פרוי פון איר אויסזען און כאַראַקטער, וואָס איז איי־גאַנצן געווען אונטעריאָכט דעם הער בלומענטאַל. זי האָט געהאַט אויסברוכן פון אכזריות און דערפון זייער הנאה געהאַט. אָבער ווען פרוי בלומענטאַל איז געשטאָרבן פון דער קרענק וואָס האָט זי געמאַכט אַזוי קריגעריש און גרויזאַם, האָט הער בלומענטאַל נישט געפונען קיין בעסערן אויסוועג, ווי באַלד חתונה צו האָבן מיט אַ פרוי, אַזאַ מרשעת ווי זי. די טאָכטער האָט זיך געפּייניקט אונטער דעם שטיפמוטערישן יאָך ביז צו איר חתונה, וואָס איז מיט משוגענער לײדנשאַפט צוגעאײַלט געוואָרן דורך דער שטיפ־מאַמע. אַ ביסל שפּעטער האָט מאַדאַם בלומענטאַל אַנטדעקט, אַז בערלין איז די שטאָט פון דער צוקונפט און זי האָט פאַרלאָזט די שטיפטאָכטער מיט די לוי׳ס. דאָס שיידן זיך פון איר פאָטער האָט פריילין בלומענטאַל אויפגענומען ווי דאָס שיידן זיך מיטן לעבן, אָבער פאַרפאַלן ס׳איז געשען. פאַרשטענדלעך, אַז פון איצט אָן, האָט זי פאַר קיין מענטש נישט אַזוי מורא געהאַט ווי פאַר יהודיתן. אירס אַ באַפעל האָט זי געמאַכט אויפציטערן; און כאָטש די ברוטאַלקייט פון „מאַמע יהודית״ איז געקומען צום אויסדרוק נאָר אין ווערטער, האָט די קליינע פרוי לוי שטענדיק איינגע־בויגן איר רוקן און לייכט אויפגעהויבן אָן עלנבויגן, ווי זי וואָלט זיך געריכט, היינט־מאָרגן, אויף אַן אמתן פּאַטש. דערביי האָט זי אָנגעשטעלט אירע גרויסע אויגן אויף אַזאַ אופן, אַז יהודית איז טיילמאָל פאַרווירט געוואָרן פון דעם סימפּאַטישן קוק, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן קעגן איר געוואַלטזאַמקייט, ווי אַ לייכט־טורעם אויף אַ צעשטורעמטן ים. אָבער ביז צו איר ערשטן קינד איז פריילין בלומענטאַל געווען אונטערטעניק דעם לייכטסטן קנייטש פון איר שוויגערמוטערס ברעמען. מוטער יהודית איז געווען די

איינציקע בעל הביתטע אין הויז. און פון פחד, מען זאָל נישט אַריינדרינגען אין איר רשות, האָט זי באַנוצט צוויי מאָסמיטלען פון פאָרזיכטיקייט, זי האָט נישט אָנפאַרטרויט איר שנור קיין שום זאַך צו טאָן און קיינמאָל האָט זי זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון צו זאָגן איר, אַז זי וואָלט דאָס אָדער יענץ אַליין בעסער געמאַכט. אַזוי איז דאָס געווען ביז צו דער ערשטער קימפעט פון פריילין בלומענטאַל.

שוין בעת איר שוואַנגערשאַפט (וואָס איז באַלד געקומען) האָט די נייע מאַמע לוי זיך זייער געערגערט פון דעם, וואָס מוטער יהודית האָט זיך באַצויגן צו איר, ווי צו אַ פשוטע היטערין פון אַ טייער חפץ וואָס געהערט, אין דער ערשטער ריי, צו די לוי'ס. גענויער געזאָגט — ווי צו אַ פשוט בשמים־געפעס, וואָס זי אַליין וויסט נישט זיין ווערט. מוטער יהודית האָט געהאַפט אויפן קינד, וואָס האָט זיך נאָך דערוויל אויפגעהאַלטן אין דעם בשמים־געפעס און באַפוילן איר: צו ליגן אויסגעשטרעקט, צו טרינקען אַ סך ביר און צו געדענקען יעדע רגע דעם כבוד וואָס זי איז נישט ראוי: צו זיין דער געפעס פון אַ לוי.

— גיב אכטונג אויפן קינד — האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן וואָס האָט באַטייט: געדענק, אַז דו טראָגסט אונזערס אַ יורש.

מיט אַ באַוועגונג פון אינסטיקטיווער קעגנערשאַפט, האָט די קליינע פרוי לוי געצילט אויף מוטער יהודית איר ציטערדיקן אָבער עקשנותדיקן בליק, מיט אויגן פון אַ שטוביקן פויגל. זי האָט זיך איינגעבויגן און אַרומגענומען איר גרויסן בויך מיטביידע אָרעמס, מיט אַ שווערער באַוועגונג פון לידן, צו וועלכע זי איז געוווינט געוואָרן, זינט דאָס קינד האָט גענומען זיך באַוועגן אין איר.

דער קאָנפליקט איז אויסגעבראָכן אין שפּיטאָל. די קליינע, בלאַסע קימפעטאָרין איז געלעגן מיטן קאָפּ אויפן קישן און די ברוסט אַ ביסל אונטערגעהויבן. ביים בעט האָט מאַמע יהודית, האַלטנדיק דאָס איינגעווינדלטע עופעלע אין אירע אָרעמס, אָפּגענומען די גליקווונטשן פון די געסט. מ'האָט באַוואונדערט דאָס נייע נפשל און אויסגעהערט די אַלצווייסנדיקע פירושים פון מאַמע יהודית. פון צייט־צו־צייט האָט זי זיך אויסגעדרייט צו דער

קימפעטאָרן, איר כלומרשט צו זאָגן: אָ, אמת, ס'איז אַ ביסל אויך אַדאַנק איר.

פלוצים האָט זיך פריילין בלומענטאַל האַלב אונטערגעהויבן און דרייסט אויסגעשריגן:

— גיט מיר אים צוריק, ער איז מיינער.

ס'איז אַנשטאַנען אַ מאָמענט פון אַלגעמיינער פאַרלעגנהייט. פון די שכנותדיקע בעטן האָט זיך דערטראָגן אַ שעפּטשעריי. מוטער יהודית איז רויט געוואָרן איבער די אויערן, זי האָט געזען דאָס צאָרנדיקע פּנים פון איר בלייכער שנור, די אָנגעלענטע אויף אירע פאָדערשטע אָרעמס, אַ פאַרהאַרטעוועטע פון איר נייער שנאה און נייער ליבשאַפט. אינצווישן, אַז מען האָט איר צוריקגעלייגט דאָס קינד אויף איר ברוסט, האָט זי זיך אויסגעשטרעקט אויף אַ זייט און איז תיכף אַנטשלאָפן געוואָרן, און דער נישט געווינלעכער אויסברוך פון ענערגיע האָט זיך איינגעשטילט.

בנימין לוי האָט אין געהיים זיך שטאַרק געפרייט און מרדכי האָט מיט אויטאָריטעט זיך אָפּגערופן:

— זאָל אונז גאָט שומר ומציל זיין, מיר האָבן אין שטוב אַן אמתע וואָלפעכע.

מוטער יהודית האָט געשוויגן, און אַזוי לאַנג ווי מ'וועט דאָס קינד נישט אַנטוויינען, וועט פריילין בלומענטאַל בלייבן די מאַמע פון אירע קינדער.

די דראַמע האָט זיך שפּעטער ווידער באַנייט. די קינדער האָבן דרך־ארץ געהאַט נאָר פאַר דער העכערער מאַכט. מרדכי איז תמיד געווען קלוג געווען, כדי זיך צו שטעלן אין דער צווייטער ריי, נאָך בנימין לוי. אָבער נישט אַזוי די מאַמע יהודית, וואָס איז געוואָרן די הויפּט־מאַמע באַלד ווי די קליינע קינדער זענען גע־קומען אין עלטער פון דיסציפּלין. פריילין בלומענטאַל האָט זיך ווידער געפונען איינגעגרענעצט נאָר פאַר זייגקינדער. סוף־כל־סוף האָט זי זיך צוגעוווינט צום כסדרדיקן מוותר זיין און אין דעם געזען אומפאַרמיידלעכן גורל. מוטער יהודית איז אַנדערש נישט געווען אין אירע אויגן, ווי די ערשטע פאַזע פון פולשטענ־דיקן איבעררייסן דעם פּראָצעס פון איר דערוואַקסנקייט, קורץ,

פון איר נישט זיין. איר אויטאָריטעט האָט זי אויסגעבאָרגט ביי מוטער יהודית. און אויב ס'האָט זי ווער נישט גיך געפּאָלגט, איז זי מיט אַ פּאַרקלעמט האַרץ אַוועק צו דער הויפּט־מאַמע גופא. דאָך, האָט זי קיין איין מאָמענט נישט געצווייפלט, אַז נאָר זי איז דער אמתדיקער קוואַל פון מוטערשאַפט, וואָס איז איינגעגראָבן אויף אַ מיסטעריעזן אופן אין האַרץ פון יעדן איינעם פון אירע קינדער.

איר מאַן איז מיט גאָרנישט געווען אַנדערש פון די אַנדערע מענטשן: גאַנץ עפּנטלעך האָט ער זי געהאַלטן פאַר עפּעס אַ נישט־וויכטיקייט, גערעדט צו איר נאָר מיט חוזק און ביטול ווי זי וואָלט געווען אַ מיידעלע. אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען אַ יונג נאַריש מיידל, פלעגט זי חלומען וועגן אַ מאַן, ביי וועמען זי וועט זיין חשוב אין די אויגן, און נעבן אים וועט זי אויך שפּילן אַ געוויסע ראָל.

אָבער אין די אויגן פון בנימין לוי האָט זי געהאַט די זעלבע חשיבות ווי דער שפּיץ פון נאָדל־פאָדעם, און וויפל מאָל האָט זי באַצווינגען איר פאַרלאַנג אים צו פרעגן, אזוי, פלוצים: וואָס פאַר אַ פאַרב ס'האָבן אירע אויגן. זי האָט זיכער געמיינט, אַז ער וועט נישט קאָנען ענטפערן, און זי האָט געדענקט, אין איר יאוש, זיין התנהגות:

— אַהאַ, יאָ, דיינע אויגן, אָבער זיי זענען דאָך... — און דערנאָך — נודע מיך נישט מיט דיינע קינדערשע זאַכן, דו הערסט?

זי איז געווען איבערצייגט, אַז ער האָט זיך קיינמאָל אין אירע אויגן נישט איינגעקוקט.

זי האָט זיך אָבער אין דעם טועה געווען, ווי אין אַנדערע זאַכן, ווייל נישט בלויז וואָס דער אידעלער בנימין האָט נישט פאַרזען די פאַרב פון זיין פרויס אויגן, נאָך מער — ער האָט געוווּסט צו דערציילן אַן אויפהער: וועגן קלענסטן פּרט פון אירע וויעס, וועגן דער ווייסקייט פון איר רעכטן אויג, וואָס איז אַ ביסל ווייסלעכער פון לינקען אויג, וועגן די אומצאָליקע ראָזע פליטער־לעך אין דער גראָער טיפקייט פון אויגן־הייטל, אָן שום ספק איז ער געווען דער איינציקער אין דער וועלט וואָס האָט דאָס באַמערקט.

אָבער צי האָט ער איר דאָס אַלץ געקאָנט זאָגן? פריילין בלומענ־טאַל פלעגט דערשיינען אין זיין בעט צוליב פליכט, און פון פיינ־קייט און דרך־ארץ אַרומצוגיין אַרום איר, איז שוין געווען אַ ביסל צו שפּעט, זי האָט אויך דאָס בכלל נישט געבעטן. און נאָך אַ לאַנגע צייט נאָך דער חתונה האָט בנימין ווייטער גערופן זיין פרוי: פריילין בלומענטאַל, אַ ביסל צוליב ליבלעכן אָפּשפּעטן און אַ ביסל מחמת בושה, וואָס האָט אים צוריקגעהאַלטן פון מודה זיין זיך אין דער טיפער און ממשותדיקער פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער פרוי, וואָס דאָס לעבן אַליין האָט זיי צונויפגעפירט. זייער ליבהאָבן זיך איז געווען ווי ביי טויב־שטומע, אָבער צייטנווייז, אין דער שטילקייט־פאַרבאָרגענישן פון דער נאַכט, האָט אַ פלייץ פון פאַר־געניגנס זיי פאַרשלעפּט אין זייער באַהעפטונג, און ביידע האָבן אויסגעשריגן פון דערהויבנקייט, פון גליק, וואָס קיין העכערס פון אים איז נישטאָ — דאָך האָבן זיי אפילו מיט קיין רמז וועגן דעם נישט דערמאָנט, ווייל געווען איז אין דעם דאָס אַנטפּלעקן אַ זאַך וואָס נישט צו דער וועלט געהערט. נאָך אַ גאַר לאַנגער צייט, האָט די אַלטקייט און באַזונדערס דער נאָענטער שרעקלעכער טויט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער געמוזט זיין דער גורם, אַז בנימין זאָל באַשליסן אויסצודריקן דער פרוי זיין ליבשאַפט צו איר, זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער וויל איר זאָגן.



אונטערן דרוק פון אַלע מיטגלידער פון דער משפחה לוי האָט זי דעם בכור געבוירן פאַר דער צייט. דאָך האָט ער גע־וויגן נין פונט ביי זיין געבוירן ווערן. פון וועמען האָט ער געהאַט אַזאַ וואָג? מען האָט די פראַגע נישט געשטעלט. דאָס איז געווען די טראַדיציאָנעלע פאָרם פון די לוי'ס, וואָס דער פאָטער, דער קליינער לוי, האָט איבערגעגעבן צו זיין זון נאָך אים. מוטער יהודית האָט זיך צוגעאײַלט צו באַטראַכטן די אויגן, די נאָז, דאָס מויל, ווי ס'וואָלט געווען עפּעס אַ מינדעסטער חשש בנוגע דער צוגע־העריקייט פון ניי־געבוירענעם. צום זיידן האָט זי געזאָגט: „ער

איז אונזערער״. פריילין בלומענטאַל האָט דערמאָנט די שטאַרקע נאַטור פון איר פאַרשטאָרבענער מאַמע, זי האָט אויף איין ליפּ געפונען עטלעכע סימפּטאָמאַטישע פינטעלעך, זי האָט זיך פאַרזוימט ביים קורצן נעזל און בפירוש אַנטדעקט די משפחה בלומענטאַל. קיין שום זאַך האָט נישט געהאָלפן, דאָס קינד האָט גאָרנישט פון איר בלוט. און כאָטש די געשיכטע פון די ל״ו צדיקים האָט אין אירע אויגן נישט געהאַט אין זיך קיין געזונטן יסוד, איז מוטער יהודית גרייט געווען צו געבן איבער איר שגורס פנים, כדי איר לחלוטין צו פאַרמאַכן דאָס מויל לגבי אירע טענות צום קינד. און אין איר ווילדן פאַרלאַנג צו דעראָבערן דאָס זייג־קינד פאַר זיך, איז זי דערגאַנגען צו דעם, אַז זי האָט זיך לגמרי אידענטיפיצירט מיט דער מיוחסדיקער דינאַסטיע, און צוגעשריבן זיך אייניקע פרטים פון היימישן משפחה־קולט. זי האָט זיך פון איצט אָן באַמיט אָנצוגייען פאַר אַ בת לוי.

און דאָס לעבעדיקע רעטעניש האָט נישט איבערגעוויגן לטובת קיין שום צד: ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס קינד איז נישט קיין לוי און נישט קיין בלומענטאַל, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מין באַשעפעניש דאָס איז, אָט די גערמאַנישע זרע. דאָס ייִנגל, מאָריץ, איז וויזט אויס נישט גענויגט געווען צו זיין אַנדערש ווי זיינע קליינע חברים אין גאַס, און ער האָט אין דעם זייער מצליח געווען מיט זיין פיזישער אויסערלעכקייט. פון זיין געבוירן אָן, האָט ער אַרויסגעשטעלט אַ קליין בייכל, וואָס האָט אים צוגעגעבן אויסדרוק פון הנאה פון זיין חיהשער עקזיסטענץ. זיין קרעפּטיקער גוף האָט אָנגעזאָגט וועגן מוט און דרייסטקייט, וואָס איז פאַרבאָרגן אונטער דעם פריילעכן אויסזען פון דעם לעבנסגיריקן יאָט. איינדערמיט פון זיין ליאַלקע־פנים, האָט ער געהאַט אַ פירקאַנטיקן צייך־סיסטעם, אַ קורצע נאָז, גראָבע ליפּן, ליכטיקע ברוינע אויגן, גלוסטנדיקע, וואָס קוקן שטענדיק פאָרויס צו זאַכן, ווי אַ האַנט, אָן אויסגעשטרעקטע, מיט הנאה.

פון אָנהייב האָט מרדכי געמיינט, אַז ער האָט אין דעם ייִנגל געפונען דעם קונדס פון זעמיאַק, און אָט די באַציונג האָט זיך געשטאַרקט אין זיין איבערצייגונג, אַז דער קלייִנער שד וועט פריער

צו שפעטער אַליין אָוועקלייגן זיינע הערנער. ער האָט אים אין געהיים געהאָדעוועט מיט מעשהלעך וועגן די צדיקים, רעכענענדיק, אַז זיינע אויסזיכטן זענען, אים אַריינצוברענגען אין אַ דער מדרגה. אָבער ווען מאָריץ איז נאָר געווען אין עלטער פון אַרומלויפעניש, האָט מען אים מער נישט געזען אין שטוב. די גאַס האָט אים געצויגן. דאָרט האָט ער זיך געפונען אַ חברותא מיט גאַסניינגלעך, צווישן וועלכן ס'האָט זיך 2קיין איין יידישע נאָז נישט געזען.

מאָריץ איז געווען דער אָנפירער פון דער כנופיא. ער האָט צוגעטראַכט די שפּילערייען און באַזונדערט ליב געהאַט די מלחמה שפּיל אַרום דער „שלאָססע". ווען ער פלעגט גיין פאָרויס צווישן די געוויקס־שטעקנס מיט זיין געשפּאַנטן בויגן קעגן פוס־מוסקל, האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז לגמרי עפּעס אַנדערש פון דעם וואָס איז אינדערהיים באַשטימט געוואָרן ער זאָל זיין. ווען די יאַטן האָבן זיך אויסגעטאָן כדי אַריינצושפּרינגען אין טייך, זענען פלוצים בעלם געוואָרן די מלבושים פון דעם אַזוי־גערופענעם מאָריץ לוי, און ס'איז אַנטדעקט געוואָרן אַ גוף פון אַן אינדיאַנער אינעם וועלדל פון געוויקס־שטעקנס. מאָריץ האָט זיך געוואָרפן אויפן שונא, ווילד און מוטיק. און ווען ביידע זענען אַריינגעפאַלן אין דער בלאָטע האָט ער ליב געהאַט, אַז די געשרייען זאָלן זיין וואָס העכערע און די מעסערלעך פון עכטן מעטאַל. דאָס פנים צעפלאַמט, די קני און די מלבושים צעפליקט, פלעגט ער אַראָפּלאָזן זיינע שעלקעס און געדולדיק וואַרטן ביז מוטער יהודית וועט אויסגיסן איר גאַנצן צאָרן. ס'איז געווען אַ באַשטימטער אינערלעכער משפט: מ'האָט געשפּילט אין „געבן דעם טויט", ווי מאַמע לוי, די יונגע, האָט דאָס קוים אַרויסגעבראַכט פון איר מויל, דערנאָך האָט ער באַקומען עטלעכע קלעפּ אויפן הינטן, און ער האָט זיך געקאָנט פילן אומשולדיק, לגבי גאָט און מענטשן.

די שולע האָט שוין אינגאַנצן צעטיילט מאָריצנס לעבן אין צוויי קעגנזעצלעכע טיילן; מער האָט מען אים נישט געזען, נאָר אין די שעהן פון די מאָלצייטן. שטענדיק האָט ער פאַרשפּעטיקט און זיך אַוועקגעזעצט מיט אַ מינע פון חרטה, אָפּגעזאָגט „ברכת המוציא"

און זיך אַריבערגעבויגן איבערן טעלער, דאַמאָלס האָט ער פאַרגעסן הימל און ערד ביז דער טעלער איז געוואָרן ליידיק, אויסגע־ווישט מיט אַ שטיקל ברויט. נאָכדעם, האָט ער אויפגעהויבן זײַן צעשויבערטן קאָפּ און איז דערשינען אין דער וועלט פון די לוי׳ס.

— אונזער גוי האָט שוין געענדיקט די זופּ? — האָט מוטער יהודית טרויעריק געפרעגט.

— און ווען וועסטו געפונען צייט, צו לערנען אַ שטיקל גמרא?

— האָט דער זיידע אים געפרעגט מיט אַן איינגעהאַלטן קול — אין דײַנע יאָרן בין איך שוין געשוואומען אין ים־התלמוד, ציביזטו נישט קיין ייד?

מאָריך האָט אַן חשק געשטאַמלט עפּעס אומפאַרשטענדלעכס:

— כ׳בין נישט שולדיק... לעקציעס... שולע...

בנימין, אַ שטוינענדיקער, וואָס ער האָט געבערענגט אויף דער וועלט אַזאַ מין „צדיק", האָט באַלד מלמד־זכות געווען אויף אים:

— דאָך איז עס אמת, אין זעמיאַק איז נישט געווען קיין קריסטלעכע שולע, אָבער דאָ וויאַזוי קאָנען זיי ווערן גוטע יידן?

— אָבער דו האָסט דאָך געוואָלט אָוועקפאָרן — האט דער אַלטער זיך צעבייזערט, טיף געערגעט אויף די האַלבע גויים.

בנימין האָט געלאַכט:

— איך וויס דאָס אַליין זייער גוט. אָבער איצט איז שוין צו שפּעט, און ווי זאָגט די גמרא: „זאָג נישט אין שטוב פון אַ געהאָנגענעם: הענג מיר אויף דעם ראָק" (דזקיף ליה זקיפא בדיוקתיה לא נימא ליה חבריה זקוף ביניתא" *)

— איך — האָט באַמערקט מוטער יהודית — איך זע נישט דאָס קינד זאָל שוויצן, נישט פאַר אונז און נישט פאַר די קריסטן — און זי האָט צוגעגעבן מיט אַ רמז... — גאָט האָט אונז גע־שטראָפט, אונזער קליינוואַרג זענען יידן פון זונטיק.

ס׳האָט געהערשט אַ שטילקייט פון נאָכדענקען. דערנאָך האָט די קליינע מאַדאַם לוי, די מאַמע, דערלאַנגט דאָס וויטערדיקע עסן

*) בבא מציעה נ״ט ע״ב.

און דער שמועס האָט זיך ווייטער געפירט אויף אַן אַנדערע טעמע, אַן ערנסטע אָדער סענטימענטאַלע, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. אַ מאַכטלאָזיקייט האָט אַרומגענומען מאַריצן. ער האָט זיך מיט הנאה אַריינגעוואָרעמט אין דער האַרציקער שטימונג פון דער משפחה־סעודה.

דער מיינונגס־אויסטויש איז אומבאַמערקט אַריבערגעגאַנגען מאַריצן אין אַ הויכער ווייטקייט: ווי די פייגל וואָס צייכענען אויפן הימל סימנים וואָס לאָזן זיך נישט דעשיפרירן; אָבער ער האָט געערן געהאַט זיי נאָכצופאָלגן.

אַ תהום האָט אָפּגעטיילט דאָס קליינע, שיינע וועלטל פון דער וועלט מיט אַ פאַרנעם, וואָס מאַריץ עטעמט אין איר פון דעם טאָג, ווען ער האָט נאָר געשטעלט אַ פוס אין גאַס. צייטנווייז האָט אים דאָ אָנגעכאַפּט אַ קאָפּשווינדל ממש, ווי ער וואָלט זיך געפונען אויפן שפּיץ פון אַקאַציע־בוים פון דער שולע, שטייענדיק צווישן צוויי צווייגן און אינדערמיט איז אַ ליידיקער חלל, אַ שום אָנשפּאַר. פאַר־וואָס זענען נישט אַלע קריסטן קיין יידן? און פאַרוואָס זענען אַלע יידן?.. וואָלטן זיי נישט געקאָנט געניסן פונעם גאַנצן גליק אַלע צוזאַמען? און וואָס וויל דער יידע, וואָס באַהאַלט זיך דאָרט אונטער זיינע שרעקנס־מעשהלעך, אונטער זיין צעוויטיקט פּנים, אונטער זיינע שטענדיקע רמזים וועגן די ל״ו צדיקים?

ווען מאַריץ פלעגט זיך אַריינלאָזן אין די מבולבולדיקע טראַכטע־נישן האָט ער דערשפּירט זיך „צעבראָכענעם קאָפּ״ און צעריסן האַרץ, און נאָר זעלטן האָט ער ריזיקירט אַריינצוקריכן אין די ענינים.

## 7

ערני איז געווען פריילין בלומענטאַלס צווייטע באַשעפעניש. ער איז געקומען צו די ניין חדשים. אָבער ווען זי האָט געזען, אַז ער איז נאָך קאָמישער פון מאַריצן, האָט זי דערשטיקט אין זיך אַן אויסגעשריי פון פרייד: אים וועט מאַמע יהודית זיכער נישט פאָדערן, דאָס קליינע פייגעלע בלייבט אָן ספק ביי איר. מ׳האָט בולט געזען, אַז מאַמע יהודית איז אין אַ פאַרלעגנהייט. עטלעכע

מאַנאַטן נאָך דעם געבורט, האָט פריילין בלומענטאַל זי איבעראַשט ביים אונטערזוכן דאָס קינד:

— אַ משונהדיקע זאַך — האָט פריילין בלומענטאַל געוואָגט צו זאָגן — איך זע נישט צו ווען דאָס קינד איז ענלעך.

מאַמע יהודית האָט געקוקט מיט ביטול אויף די שנור און האָט געזאָגט מיט כיטרעקייט:

— ער האָט באמת דעם גוף פון זיין טאַטן, אָבער דער קאָפּ... דער קאָפּ פּאַסט נישט צום גוף. די זאַך וועט מען שפּעטער אָנט־שיידן — האָט זי געענדיקט כמעט מיט דראָונג.

אינדעראמתן איז אין ערגיס קאָפּ נישט געווען קיין שום באַזונדערס: פון זיין אַרויסגיין פון דער געבערמוטער, האָט זיין שאַרבן געטראָגן אויף זיך אַ צודעק פון שוואַרצן, געלאָקטן פוך, וואָס האָט זיך אויסגעשפרייט ביז צום נאַקן, זייבע אויגן, וואָס זענען דריי וואָכן געווען בלאָ, האָבן פלוצים באַקומען אַ ניואַנס פון נאַכט־בלאָ, פאַרזייעט מיט בלישטשענדיקע פינטעלעך, ווי שטערנ־דלעך, און דער ניואַנס איז אין זיי פאַרבליבן.

מאַמע יהודית האָט נישט פאַרשטאַנען פונהאַנען ס'איז אים געקומען די קליינע, גלייכע נאָז, דער ווייסער און אייפאַרמיקער שטערן און ספּעציעל דער האַלדז, „וואָס איז נישט גרעבער פון אַ פינגער", וואָס האָט אונטערגעהאַלטן דעם גאַנצן געבוי מיט אַן אומפאַרגלייכלעכן פויגל־חן. אָבער אַז זי האָט דאָס ווונדער ארומגענומען מיט אירע אָרעמס, האָט מוטער יהודית אין זיך געלאַכט פון באַגייסטערונג. און איינקוקנדיק זיך מיט אירע גרויסע אויגן האָט זי צו זיך צוגעדריקט דאָס סודותדיקע, לעבעדיקע באַשעפענישל וואָס האָט לפּחות אירס אַ קליינעם טראָפּן בלוט אין זיך, און דאָך ווייזט ער זיך איר אויס אַזוי אַנדערש פון די אַנדערע באַקאַנטע נפשות, זי האָט אים דעריבער אָנגערופן: קליין מלאכ'ל.

נאָכדעם ווי דער נסיון מיט מאַריצן האָט אים קלוגער געמאַכט, האָט דער זיידע גענומען ערגין אין זיינע הענט אַרייַן אין עלטער פון ווייניקער ווי פיר יאָר. מ'האָט געבראַנגט פון פוילן אַ העברעישן אַלף־בית מיט בולטע אותיות און ער האָט געלערנט דאָס מלאכ'ל

מיטן טראַדיציאָנעל־זיסן אופן, לויט אַן אַלטן צוציענדיקן שטייגער, מיטן מויל: איינגעטונקענע אין האָניק, זענען די ראָזע אותיות געווען גוט פאַרגעברייט צום נאָגן פאַרן יונגן תלמיד. שפּעטער, ווען ערני האָט שוין געקאָנט אָנהויבן לייענען פּסוקים, האָט מרדכי געגעבן זיי צו גיסן אויף קיכלעך. ביי דעם האָט יהודית אַרויס־געוויזן איר גאַנצע קענטעניש.

ערני האָט אָנגעהויבן נאָכגיין דעם זיידן, זייערע באַציונגען זע־נען געווען אַזוי האַרציק, אַז פריילין בלומענטאַל איז געוואָרן ממש גערירט. ס'האָבן זיך געפירט וויכוחים אין זיידנס שטוב. ווען די מאַמע האָט צוגעלייגט אַן אויער צו דער טיר האָט זי געהערט נאָר שעפּטשן, אַמאָל ערנסט, אַמאָל לייכט און זיס, אַז ס'איז איר פאַר־גאַנגען אונטערן האַרץ. איינמאָל האָט זי געהערט:

— זיידע, דו באָרגסט מיר אויס דיין באָרד?

דערנאָך איז געקומען אַ לאַנג, געדיכט שושקען זיך.

אָבער מער ווי אַלץ האָט אויף איר געווירקט דאָס האַרציקע זיצן צוזאַמען. פון איר קיך האָט זי טיילמאָל געזען ווי זיי זיצן אין עסצימער, בעת די שווערע לשון־קודשדיקע לעקציעס. דאָס זיצן פון דעם אַלטן, ווי דאָס זיצן פון קינד, האָט אַרויסגערופן יראת הכבוד. אַז ערני האָט געשטעלט אַ פראַגע, האָט דער זיידע געשאָקלט מיטן קאָפּ, פאַרטראַכטנדיק זיך, איידער ער האָט אים געענטפערט, ווי מ'איז זיך נוהג ביים לערנען תורה. צייטנווייז פלעגט ער אַרויפלייגן זיין האַנט אויפן געקרייזלטן קעפּל און צעטיילט זיינע לאָקן.

פריילין בלומענטאַל האָט נישט פאַרשטאַנען. זי האָט געפילט ווי דאָס קינד איז ממש מיטן נאָפּל צוגעבונדן צום זקן, אָבער זי האָט נישט געקאָנט תופס זיין דעם שפּרודלדיקן קוואַל וואָס פאַראייניקט זיי. איינמאָל, אַריינקוקנדיק דורכן קיך־פענצטער, האָט זי געזען ווי דאָס קינד איז אַריבערגעבויגן איבער זיין אלף־בית און גלעט זיך מיט חשיבות זיין מכלומרשטע באָרד. אַ וווּנדערבאַרער אמת האָט זיך איר אַנטפּלעקט: ערני מאַכט נאָך דעם זיידן.

שפּעטער האָט זי באַמערקט אויך אַנדערע פּרטים: דאָס ייִנ־געלע האָט צוזאַמענגעשלאָסן זיינע הענט אויפן רוקן, געבויגן דעם

קאָפּ אויף פּאָרויס און אָנגעשטעלט אָן ערנסטן בליק, גייענדיק אַרום טיש מיט אַ שווערן גאַנג פון אַ זקן וואָס איז פאַרזונקען אין לערנען תורה. אַ צווייט מאָל, זיצנדיק פאַר זיין אלף־בית, האָט ער אָנגעהויבן התלהבותדיק זינגען, ווי די מלאכי־השרת און די פרומע יידן. אַזוי האָט זי אַמאָל געזען ווי ער האָט גענומען אַ שמעקטאַבעק, לייכט אים אַריינגעשטופּט אין זיין נעזל, פאַמעלעך און טיף אַריינגעטעמט און אויפגעהויבן דעם קאָפּ אויפן יידנס שטייגער.

אַמאָל אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָך די זמירות, האָט דער זיידע אַראָפּגעבראַכט פון זיין שטיבל אַ גרויס אַלט ספר געבונדן איך לעדער. פריילין בלומענטאַל האָט דאָס ספר געזען אין די הענט פון איר מאַן, וואָס טיילמאָל פלעגט ער דערין מעיין זיין, מיט געפיל און הרחבת הדעת. מען האָט איר שוין דערציילט וועגן די ל"ו צדיקים, וועגן זעמיאַק. זי האָט געקאָנט נאָך מער וויסן, אָבער זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין נייגעריקייט פאַר דער פאַר־באָרגענער וועלט אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון די לוי'ס. זי האָט איר מאַן וועגן דעם קיינמאָל נישט געגעבן אָנצוזאָגן, און זיך געמאַכט פאַרגעסן וועגן דעם. איבעראַשט איז זי געוואָרן, פונקט ווי יהודית און בנימין, ווען דער זקן האָט פאַמעלעך געעפנט דאָס ספר און אָנגעהויבן לייענען דאָס ערשטע קאַפּיטל. ס'איז אַנטשטאַנען אַ שווערע שטילקייט. די קינדער האָבן באַמערקט, אַז מאַמע יהודית איז געוואָרן בלייך, ווי זי באַהערשט זיך פון כעס און זיפצט פלוצים אַפּ שווער און הייזעריק אויפן הויכן קול. דער זיידע האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן־וויעס און זי געפּלעפּט מיט זיין שאַרפן קוק. ער האָט געזאָגט מיט אַ פאַרגליווערט קול:

— די קינדער וויסן דאָך אפילו נישט, וואָס דאָס אַזוינס איז אַן אמתער ייד...

און אַ באַנומענער האָט ער אַ קלאַפּ געגעבן אין טיש: — און דו, דו ווייסט שוין אפילו נישט, אַז איך בין אויך אַ מענטש. — דערנאָך האָט ער ממשיך געווען דאָס לייענען אין ספר מיט אַ שוואַך קול, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן פון אויפברויז. די זאַך האָט זיך איבערגעחזרט אין קומענדיקן פרייטיק־צונאַכט.

פריילין בלומענטאַל האָט געקענט גענוג העברעיש, כדי צו

פֿאַרשטיין די דערציילונגען פֿון די צדיקים־משפחות, אין המשך פֿון דורות. זי האָט זיך באַמיט צו דערוויטערן די אויפטרייסלונגען פֿון אירע מחשבות. ס'איז איר אויך שווער געווען צו זען ווי דאָס מלאכ'ל, אַ צוגעבויגענער צום זיידן, שלינגט זיינע ווערטער מיט ברייט צעעפֿנטע אויגן, און ער „מאַכט נאָך" מיטן גאַנצן האַרץ די אַלע בלוט־טריפֿנדיקע מענטשן פֿון ספר. נאָכן פֿערטן פֿרייטיק־צו־נאַכט, ווען דער אַלטער האָט פֿאַרענדיקט דאָס לייענען, האָט ערני מיט דרך־ארץ אויפֿגעהויבן אַ פֿינגער און געפֿרעגט דעם אַלטן: „צי זענען דאָס אמתדיקע מעשיות?"

בנימין לוי האָט לייכט געשמייכלט.

מאַמע יהודית האָט געברענט פֿון כּעס, זי האָט אירע תּחנונים־דיקע אויגן געווענדט צום אַלטן, וואָס האָט זיך געוואַקלט, געביסן זיינע וואָנסן. לסוף האָט זי געמורמלט מיט אַ טרוקן און געבראָכן קול:

— אָבער וואָס קלערסטו, מיין פֿייגעלע, קאָנען אַזעלכע געשיכטעס פּאַסירן?...

אַ דינער קנייטש האָט זיך באַוויזן צווישן די ברעמען פֿון קינד.

— ניין, זיכער נישט — האָט ער טרויעריק געענטפֿערט.

ביי די ווערטער האָט דער אַלטער פֿאַרמאַכט דאָס ספר און פֿאַרלאָזט דאָס עס־צימער. שפּעט ביינאַכט האָט פֿריילין בלומענטאַל געהערט דעם אָפּקלאַנג פֿון דער קריגעריי צווישן אַלטן פּאָרפֿאָלק. מער האָט ער דאָס ספר פֿון דער לעגענדאַרער משפּחה לוי נישט אַראָפּגעבראַכט.

מאַמע יהודית האָט קיינמאָל נישט געהאַט גערן געזען ערנים התמדה, ביים זיידנס לעקציעס.

— ער דאַרף נישט קיין האַניק, כּדי אַראָפּצושלינגען דעם אלף־בית, אָבער וואָס פֿאַר אַ גרויס גוטס איז אין דעם פֿאַראַן?

זי האָט מורא געהאַט, אַז כּדי צו פֿאַרטיפֿן דאָס פֿילבאַרע באַוווסטזיין פֿאַר זיינע „אַלטע געשיכטעס" האָט מרדכי מיט פֿאַרויס־קער כּוונה איבערגעטראָגן אַהער דעם ז ע מ י א ָ ק י ז ם, ווי בנימין פֿלעגט עס רופֿן. אָבער די רפֿואה האָט נישט געהאָלפֿן, ווייל דאָס באַזוכן די שולע האָט ערנין באַלד אַריינגעצויגן אין די שפּילע־

רייען פון זיין עלטער. אַזוי האָט יעדנפאַלס די באָבע געהאַפט.

האָט זיך טאַקע באַשטעטיקט, אַז דאָס האָט דער תורה־לימוד געשאַפן דעם מעכאַניזם, וואָס איז נישט ווייניקער פּילבאַר פאַר גוישע לימודים, ווי פאַר תורה און נביאים. מאַמע יהודית האָט געפונען אַ טרייסט אינעם פאַקט, וואָס ערני האָט (אויבנאויפיק...) פאַרלאָזן מרדכיס לימודים, כדי זיך איינגאַנצן אָפּצוגעבן די וועלט־לעכע לימודים.

ער האָט ליב געהאַט צו אַרבעטן אין קיך, אין אַ ווינקל פון טיש וואָס פריילין בלומענטאַל האָט אים צוגעטיילט. מאַמע יהודית האָט תמיד אויסגעפונען עפּעס אַן אויסרייד, כדי זיך דאָרט אַריינצופּאַקן, און בעת דער תלמיד איז געזעסן אַ פאַרזאָרגטער, האָבן ביידע קעגנערינס זיך איבערגעקוקט און ביידע האָבן אים צוגעשיקט זייערע בליקן, פון אומרויקער נייגעריקייט.

אין איינעם אַ נישט מזלדיקן טאָג, איז ער אַהיימגעקומען באַ־לאָדנט מיט באַלוינונגען און שול־פּרעמיעס. נישט מרדכי און נישט מאַמע יהודית האָבן אים דערפאַר צופּיל נישט געוואונטשן, טראָצ־דעם, וואָס צוליב קעגנזעצלעכע מאָטיוון, האָבן ביידע אַרויסגע־זאָגט ערנסטע ספקות, אין אַ געוויסן זין אפילו דראַמאַטישע, אָבער פאַר בנימינען איז עס געווען אַ סיבה פאַר טויזנט קושן. וואָס שייך פריילין בלומענטאַל, האָט זי זיך געפונען צווישן אומרו און פאַר־געטערונג, זי האָט צוזאַמענגעלייגט די הענט און געבעטן:

— גאָט מיינער, ס'זאָל נאָר גוט אויסגיין. ס'זאָל נאָר גוטס פון דעם אַרויסקומען.

ווען ערני איז מיט שווערקייט אַרויפגעגאַנגען מיט די טרעפּ, איז מאַמע יהודית שנעל אים נאָכגעגאַנגען אויף די שפּיצן פינ־גער. און אַז ער איז אַריין סודותדיק אין צימער פון יונגן פאַר־פאָלק, איז זי אין געהיים צוגעגאַנגען נעענטער צו דער טיר און צוגעלייגט אַן אויער צום שלאָס, זי האָט געהערט שטוינענדיקע ווערטער (דאָס מלאכ'ל האָט זיי אַרויסגעזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ בר־סמכא אין זיין משונהדיקן דייטש, וואָס איז געווען מער ענלעך צו יידיש):

— נאָך אַלץ איר? אונזערע גליקוואונטשן, מיין ייִנגל, אונזערע גליקוואונטשן מיין טייערער. ווידער איר?...

דערנאָך האָט זי געהערט אַ געלעכטער, זי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס מלאכ׳ל האָט אַרויסגעפּלאַצט פאַרן שפּיגל מיט אַ חוזק־געלעכטער; זי האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און איז אַליין אויך אַרויס מיט אַ שטאַרק געלעכטער פון גליק. באַלד האָט אַ שטילקייט באַהערשט יענע זייט טיר.

ביז צו דעם טאָג האָבן זיך אין דער שטוב נישט געפונען נאָר סידורים, מסכתות פון תלמוד, אָדער עפּעס אַ שולביכל. לכתחילה, אַז מאַמע יהודית האָט געזען ערנין, ווי ער איז טאָר־זונקען ביז איבער די אויערן אין די ספרים, וואָס ער האָט באַקומען אַלס שול־פּרעמיע, האָט זי גאָרנישט חושד געווען. זי האָט דאָס אויפגענומען, ווי אַ פאַקט, ווי אַ מנהג פון לאַנד. אָבער אַמאָל אין אַן אָוונט, האָט זי געבעטן בנימינען, ער זאָל איר אויפקלערן וואָס זענען דאָס פאַר אַ ביכלעך, וואָס דאָס מלאכ׳ל לייענט. איר זונס תשובה האָט זי איבעראַשט: צוויי זאַמלונגען מיט דערציי־לונגען וועגן שדים, אַ ראָמאַן וועגן אוראַנגוטעס, וואָס האָבן פּאַ־סירט אין כינע, און דריי דערציילונגען פון דייטשע רייטער־קאַ־וואַלעריע. נאָך אַ האַלבע שעה פון אויפקלערונגען האָט זי זיך צעהיצט:

— איך פאַרשטיי גאָרנישט, איך וויל וויסן צי אַלץ וואָס דאָרטן איז אָנגעשריבן אין די ביכער האָט באמת פּאַסירט.

— ניין און ניין — האָט בנימין אַנטשלאָסן געענטפערט.

— אויב אַזוי, זענען דאָך דאָס אַלץ שקרים — האָט מאַמע יהודית רעאַגירט מיט בולטן ווידערווילן.

— דאָס זענען נישט קיין שקרים, דאָס זענען מעשהלעך.

יהודיתס אויגן האָבן געפינקלט און אַ מין פייפן האָט זיך אַרויסגעריסן פון אירע פאַרקלעמטע ליפּן:

— זאָגזשע מיר באַלד, אַז איך בין משוגע, וואָס ניין?

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער שמועס.

אָבער מאַמע יהודיתס אינערלעכע איבערצייגונג איז געווען אַ פאַקט. נאָך דעמזעלבן טאָג האָט זי דאָס ערשטע מאָל באַמערקט, אַז ווען מען שטערט ערנין פּלוצים אין זיין לייענען, הייבט ער קעגן איר אויף אַ וויטן בליק פון אַ בעל־חלומות, פון אַ התלהבות־דיקן טרוימער.

— ווּ ביזטו? — האָט זי אים האַרציק געפֿרעגט.

און אַז דאָס יינגל האָט זי נישט ליבלעך אָנגעקוקט, האָט זי באַדויערט וואָס זי קאָן נישט זיך מיט אים אין זיין קרייז, ווי די נישט געזעענע זאַכן זענען נאָר שיין פֿאַר די, וואָס קאָנען זיי לייענען, אַז מען האָט נישט קיין חשק, פֿון דאָרט צוריק אַראָפּ־צוניהערן אויף דער וועלט.

נאָך אַ צייט, נישט ווייסנדיק וויאַזוי, האָבן זיך נייע ביכער באַ־וויזן אין די הענט פֿון יינגל, אויך זיי האָבן גורם געווען זאָרג. אין איניקע פֿון זיי זענען געווען צייכענונגען, רייטנדיקע אויף פֿערד, פֿרויען אין לאַנגע קליידער, באַצירטע מיט דיאַמענטן, באַשע־פֿענישן, משונהדיקע געוויקסן, וואָס שטאַמען אָן ספק פֿון כינע. אָבער יהודית האָט מער פּחד געהאַט פֿאַר די ביכער, וואָס זי האָט נישט געקאָנט אויפֿדעקן עפּעס פֿון זייער אינהאַלט. נאָכן איבער־לייענען זיי, האָט דאָס יינגעלע שטענדיק געהאַט אַ מבולבולדיקן אויסזען. נאָך עטלעכע וואָכן, האָבן די ווינקלען פֿון זיינע אויגן באַקומען אַ מיאוסע, רויטלעכע קאָליר און קליינע בלאָע אָדערלעך האָבן זיך געצייכנט אויפֿן ווייסל פֿון אויג. אין אָוונט ביים טיש, האָבן ערניס אויגן געטרערט פֿון מידקייט, יהודית האָט זיך אויפֿ־גערעגט אין דער אָנוועזנהייט פֿון דער גאַנצער משפּחה:

— ווייל נייק. בשום אופֿן קאָן זיך די זאַך אַזוי ווייטער נישט ציען, די פֿאַרשאָלטענע ביכער עסן אים אויף די אויגן און ס׳וועט מיך בכלל נישט וווּנדערן, אויב זיי וועלן אים אין אַ פֿרימאָרגן, אינגאַנצן אינעווייניק פֿאַרצערן.

יענעם אָוונט זענען אָנגענומען געוואָרן שטרענגע מאָסמיטלען. באַלד ווי זי האָט פֿאַראייניקט אַלע דעות, האָט מאַמע יהודית אויסגערייניקט די שטיבער פֿון אַלע „ליגנערישע" ביכער, אָן שום אויסנאַם.

אין די קומענדיקע טעג איז דער גראַנגל געוואָרן עקשנות־דיקער. דאָס יינגל האָט אַרומגעטראָגן זיינע ביכער אין די הויזן־קעשן. ער האָט מיט אַזויפֿיל געשיקטקייט איבערגעקליגלט אַלע־מען, אַז מאַמע יהודית האָט אַרויסגעשטרעקט די צונג צו דער־קאָך... ווי זי פֿלעגט דאָס אַלעמאָל זאָגן. נאָכדעם ווי זי איז גע־שלאָגן געוואָרן פֿון דער ווירקלעכקייט, האָט זי נאָכשפּיאָנירט נאָך

די מעשים און באַוועגונגען פון מלאכ׳ל און געהאַט השגחה ער זאָל זיך נישט אַריינלאָזן אין דער תאווה פון לייענען, נישט אויפן בוידעם, נישט אין קעלער און אויך נישט אין בית־הכבוד, וואָס האָט אים איצט געדינט פאַר אַ לייענצימער. ווערנדיק אַרויסגע־שטויסן פון זיינע לעצטע באַהעלטענישן, האָט ערני געפּרוּווט אויס־נוצן די געשפּרעכן פון די דערוואַקסענע, אין אָוונט איך סאַלאָן. ער האָט זיך דורכגעגליטשט אַ באַרוועסער צום קאָרידאָר און באַ־וויזן אויסצונוצן דעם לעצטן ליכטשטראַל, וואָס האָט זיך דורכ־געריסן דורך דער טיר. נאָך חצות האָט מען אים געפונען הינטער דעם וואַנטשענקל אַ דערשראָקענעם, מיט טריבע אויגן, ווי נישט פון דער וועלט.

אָבער פון איצט אָן, ביי דעם קלענסטן סימן, אַז ער דערנענ־טערט זיך, האָט זיך געלאָזט הערן מאַמע יהודיתנס קול:

— ערני, שעפעלע פון מייך צער, גיי לייג זיך שלאָפן.

## 8

דערמוטיקט פון דעם נצחון מיט די ביכער, האָט מאַמע יהודית געפּרוּווט ווייטער גיין: אַז דאָס מלאכ׳ל זאָל זיך נעמען אַלס מוסטער זיין עלטערן גוישן ברודער. אַז אָך און וויי, זי האָט באַלד געמוזט אָנערקענען, אַז ביים פאַרטרייבן איין דיבוק, האָט זי געוואָלט אויף זיין אָרט אַריינברענגען אַ צווייטן דיבוק, אַ נאָך מער געפערלעכן, וואָס ס׳איז בכלל שווער געווען אים צו דערגרייכן. ווען ער פלעגט זיצן ביים טיש און מאַכן זיינע לעקציעס, (און אפילו בעת די שפּילערייען מיט די קליינינקע קינדערלעך) האָט ער פּלוצים איבערגעריסן, זיין פּנים ווערט פאַרגליווערט. די אויגן פאַר־נעפּלט, ווי ער וואָלט זיך געפונען איך דער וועלט פון זיינע ביכלעך, אַ פאַרחלומטער. זי האָט אים חושד געווען, אַז ער דער־ציילט זיך אַליין די ריטערלעכע דערציילונגען. ווייל די זאַך האָט באַמת אויסגעזען משונהדיק: בעת אַט די טרוימערייען האָט ער געהאַט אַן ערנסטע און קריגערישע מינע, אַ פאַרוואָלקנט געמיט פון אַ גבור.

זי האָט באַשלאָסן זיך צו באַנוצן מיט אַ שפּרענג מיטל: ווי

נאָר ס'האָט זיך באַוויזן אַ קאַפּעלע זון, האָט זי דאָס יינגל מיט כוח געשטופּט אין גאַס אַרויס, און לסוף, אין איינעם אַ העלן טאָג האָט מען געזען, ווי דאָס מלאכ'ל באַגעגנט זיך מיט די יאַטן פון די שכנים, זי האָט טריומפירט. די חברותא האָט זיך צונויפ־געטראָפן אין טיפערן טייל פון דער רינגשטראַסע, אין הויף פון אַ פאַרלאָזטן הויז. דאָס גראָז און די חורבה־שטיינער, די מיסט־הויפנס און דער פאַרוואַרלאָזטער ברונעם, האָבן צוזאַמען געשאַפן אַ לאַנדשאַפט וואָס איז געווען רייך אין צויבערהאַפטע מעגלעכ־קייטן. צוויי קלאַס־חברים פון ערני האָבן אויך געהערט צו דער „ברונעם־באַנדע", צווישן זיי, אַ שיינע בלאָנדינקע, עלזע ברוקנער, וואָס ערני האָט נישט געוואַגט צו איר אַ וואָרט אַרויסצורעדן, ווייל אירע אויגן זענען געווען ווי צוויי אָזשערעס, און אירע גאָל־דענע האָר האָבן זיך, דיסציפּלינירט און מאַיעסטעטיש אַראָפּגע־לאָזט אויף אירע אַקסלען, ווי אַ מוסטערהאַפטע, קינסטלערישע פּריזור. זי האָט געטראָגן אַ געשטריקטע בלוזע, מיט ווייס־רויטע קוואַדראַטן, אַן איינציק קיטעלע מיט אַ קרייץ אַרום האַלדז, און אַז מען האָט זי געבעטן, האָט זי אויפגעזונגען אירע קינדערישע שטראָם־גראָם־לידלעך, וואָס האָבן באַצויבערט די צוהערער.

דאָס צולאָזן ערני צו דער באַנדע איז געווען ממש אַ וווּנדער. נאָכדעם ווי מאַמע יהודית האָט אים פון שטוב אַרויסגעיאָגט, האָט ער, לויט זיין שטייגער, שפּאַצירט און געחלומט. אָבער מיט די הענט אין די טאַשן, שטייפן רוקן און דעם גלייכן קאָפּ אויף זיין אויסגעצויגענעם האַלדז, האָט ער אויסגעזען ווי אַ בלומען־שטענגל אין ווייסן העמד מיטן אָפענעם קאָלנער. גייענדיק אַזוי האָט ער נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער באַוועגונג אין גאַס און זיך אָנגעשטויסן אין די פאַרבייגייערס, אין קעסטלעך און אין זאַכן וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט איבער דער ברייט פון טראָטוּ־אַר, אַז ער האָט צוליב פאַרזיכטיקייט זיך אָפּגעטראָגן אויסער דער שטאָט, צו די ברעגעס פון פּעטע לאָנקעס, וואָס האָבן אַרומ־גערינגלט „די שלאָססע". אין אַ געוויסן טאָג איז ער אַריינגע־צויגן געוואָרן פון אַ קול וואָס מען קאָן עס דערקענען צווישן טויזנט — אין איינעם פון די חורבות פון אַ פאַרלאָזטן הויז. אין שאָטן האָט ער געזען, ווי עלזע זינגט אינמיטן דער חברה און אַלע בליקן

זענען געווענדט צו איר מויל, און די זון שיקט איר'ס אַ ליכט־שטראַל אויף דעם בלאָנד־פלאַקסענעם קאָפּ, ווי אויף האָר פון קוקו־רודזע. צומאָרגנס האָט ער זיך פריי אַריינגערוקט אין דער חורבה, פאַרלייגנדיק די הענט בכוונה אויפן רוקן, צו ווייזן מיט זיין אויפ־פירונג, אַז ער איז נישט מער ווי אַן אויג, וואָס איז נהנה פון דער חברה און זייערע שפּילערייען.

זיי האָבן זיך צוגעוווינט צו זיין שטומען ביזיין. ער האָט אויסגעפירט קליינע נעבן־ראָלן. אָפּטמאָל געווען דער היטער פון די קופּעס שטיינער, אַן אַרביטער ביי פאַרמעסטונגען, אַ שטענ־דיקער געפאַנגענער, אַ ריטער־קנעכט פון מלך טריסטאַן; אַלץ ראָלן, וואָס האָבן נישט געפאָדערט דאָס טראָגן אַ שווערד. ווען די שפּיל האָט אָנגעהויבן ווערן ברוטאַלער, האָט ער פאַרזיכטיק פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. דאָס בלויזע צוקוקן זיך צו די קלעפּ, האָט אים דערשלאָגן. און בעת זיינע חברים האָבן נהנה געווען און זיך דערלאַנגט שטאַרקע קלעפּ מיט די הילצערנע שווערדלעך, האָט ערני זיך געפרעגט פאַרוואָס חלומען זיי מיט זייער גאַנצן גוף, ווען ס'איז דאָך אַזוי זיס אַריינצולייגן אין דעם אַ נשמה. איינמאָל האָט ווילהעלם קנעפּפער, אַ קליין פּעט בחורל מיט לאַנג־דיקע אויגן און אַ דאָפּלטער גאָמבע, פאָרגעלייגט, מען זאָל שפּילן יעזוסעס משפּט.

— אָבער ווער וועט שפּילן די ראָל פון די ייִדן? — האָט געפרעגט האַנס שלימאַן, דער אַנערקענטער אָנפירער פון דער חברה.

אַלע האָבן זיך צעשריגן. לסוף האָבן זיי אַנטדעקט ערני לוי, וואָס איז געלעגן צוזאַמענגעקוילערט הינטער אַ שטיק איבער־בלייבעניש פון אַ וואַנט, בלייך פון שרעק. זיי האָבן אין שאַלנ־דיקן געלעכטער אים צוגעשלעפּט צום ברונעם, צו וועלכער אילזע ברוקנער איז געווען צוגעשפּאַרט מיטן רוקן, אירע אָרעמס פאַר־קרייצט צווישן די געוויקס־שטעקנס פון פאַלענדיקן פּלויט. איר קאָפּ געבויגן אין צער, די פיס געשטעלט אויף אַזאַ אופן, זיי זאָלן סימבאָליזירן די צוגענאָגלטע פיס פון קריסטוסן. אויפן אָרט האָט ווילהעלם קנעפּפער צוגעטראַכט די געשטאַלט פון פּעטליי־ביקן פּאָנטיוס פּילאַטוס, לוסטיק געריבן זיך די הענט פון גרויס

חשיבות און איינגעקוקט זיך מיט אַ רשעותדיק אויג אין דער גאַנצער חברותא:

— איר פאַרשטייט, איך וואָס מיר אָפּ פון דעם די הענט.

און האָט באַלד פאַרשטעקט זיינע פינף פינגער אין זיין העמד, אין אַן אויסגעשפּראָכענער נאַפּאָלעאָנישער פּאָזע.

— הער זיך צו — האָט ער זיך צעלאַכט, קוקנדיק צו ערני, — דו ביזט דער איינציקער ייִד, דאַרף מען דאָך דיך נעמען, אויב נישט דיך, וועמען דען?

און ביי דער שטילשווייגעניש, וואָס האָט באהערשט די באַגייסטערטע באַנדע, האָט ער מיט חשיבות געקנייטשט די ברעמען, אויפגעהויבן באַפעלעריש אַ פעטע ליפּ און אויסגערופן:

— העי, יידן, וואָס ווילט איר זאָל איך טאָן אונזער האַר? זאָל איך אים באַפרייען?...

— ס'איז נישט אַזוי — האָט זיך אַריינגעמישט אַ מיידל מיט אַ באַשיידן געפלאָכטן צעפּל, אַ קוק פון אַ געלערנטע מיט אַ באַפעלעריש קול, — אין קאַטעכיזם איז עס דאָך בר־אבא, אים האָט מען דאָך געכאַפּט דעם ערשטן.

ווילהעלם קנעפּפער האָט שאַלנדיק אויסגערופן:

— לאָז אונז צורו מיט דעם קאַטעכיזם דיינעם, דאָ בין איך דער גלח.

אַ ביסל נערוועז צוליב דעם איבערייס, און וועלנדיק צוריק דערגרייכן זיין דערשיטערטן פּרעסטיזש, האָט ער צוגעגעבן:

— ווילסטו איך זאָל אים באַפרייען, יאָ, צו נישט?

די אויגן־אַפּלען פון יינגל ווילהעלם האָבן זיך בריי־טער צעעפנט פון עפּעס אַן אינערלעכער זעונג, אַ באַלאָדנטע מיט זכרונות. ערני האָט אין גרויס צער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער איז צוגעבונדן געוואָרן דורך די פעסטע הענט פון צוויי יינגלעך און איז געווען אויסגעשטעלט אויף די רשעותדיקע בליקן פון דער גאַנצער כנופיא. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז זיין גוף האָט זיך אויסגעדעמפּט אין דער לופט, כדי אויף אַ מיסטעריעזן אופן אויפסניי געבוירן צו ווערן, אין גייסט פון זיינע שפּיל־חברים. ער איז אָבער געווען אין אַ מאַסקע פון פאַרבלוטיקטע גאָלדענע פליטערלעך,

ווי אין יענע שרעקלעכע חלומות, וואָס אין זיי האָט ער זיך געזען, ווי אַ הערנידעריקט און נבזהדיק ווערמל. ער האָט אָנגעקוקט אילזען, וואָס איר גאָלדענער קאָפּ איז אין קאָקעטישן יאוש, געווען געבויגן צו איין זייט אַקסל — האַרצרירנדיק ביז גאָר. בעת דער צלם איז געווען צוגעשלאָגן צו איר בלויזע האָט עס ערנין דער־מאָנט מיט מער קראַפט דעם זכר פון די קריסטלעכע אכזריותן, וואָס זענען מכלומרשט לעגענדאַרע, און ער האָט געפילט אַ טרייסל אין זיינע קני. „אַ, לאָזט זי אָפּ", האָט ער געמורמלט.

— ניין און ניין, נישט אַזוי איז עס געווען, נישט אמת. איר האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף אים קרייציקן, קרייציקט אים, אַזויווי איר האָט געזאָגט. איצט זאָג עס אונז, זאָג, זאָג, זאָג! — האָט די גאַנצע שייקע אין כאָר איבערגעחזרט.

אינדערצייט ווען ערני לוי האָט אַ פּאַרטראַכטער געשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט זיין אונטערשטע ליפּ געבלוטיקט צווישן זיינע ציין, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט עפענען פאַר דעם בלויזן וואָרט: רציחה.

— גיי פייפן — האָט האַנס שלימאַן אויסגעשריגן מיט כעס.

— דו האָסט געזאָגט, אָדער האָסט נישט געזאָגט?

אין דער שטילקייט, וואָס האָט באַהערשט, צוליבן אַריינמישן זיך פון אָנפירער, האָט זיך געהערט די זינגענדיקע שטים פון דעם געקרייציקטן: —

— אַך, די נעגל, זיי פּייניקן מיך, די נעגל...

— אוי, גאָט, אַ רחמנות — האָט אַ מיידל געזאָגט מיט אַ טאָן פון צער, וואָס איז פּלוצים דערגאַנגען צו דער גאַנצער חברותא און האָט פאַרגליווערט דאָס בלוט, פאַרהאַלטן דעם אָטעם, און געקייקלט די אויגן פון די מיידלעך, וואָס זייערע לאַנגע ליכטיקע וויעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט, געצאַפּלט אָדער זיך פאַרמאַכט ווייל זיי האָבן זיך געשעמט מיט זייערע טרערן.

— אָבער ניין, איך האָב עס נישט געזאָגט — האָט ערני גע־טענהט, אַן אויפגעטרייסלטער.

— יאָ, דו האָסט עס געזאָגט — האָט האַנס שלימאַן געדונערט מיט זיין קול פון אַ שופט צדק... און זיין איזנהאַרטע האַנט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט כוח אויף ערנים אַקסל, וועלכער האָט שווער אָפּגעזיפצט.

— דו האָסט אפילו געזאָגט — האָט אונטערגעכאַפּט דאָס גע־לערנטע מיידל מיט די צעפּלעך: — לאָזט אָפּ בר־אבא און קריי־ציקט יעזוסן, אמת, אַז ער האָט עס געזאָגט?

— ער האָט עס געזאָגט! ער האָט עס געזאָגט!

— איך האָב נישט געזאָגט, איך האָב נישט... — האָט דער אנגעקלאָגטער געשטאַמלט, און אַ טרער איז אים אַראָפּגערונען איבער דער באַק.

— דו האָסט עס געזאָגט, דו האָסט עס געזאָגט — האָט די באַנדע איבערגעחזרט מיט אַ פאַרדאָפּלטער העפטיקייט. ערבי לוי האָט פאַרשטעלט זיין פּנים מיט די הענט און שטיל געמורמלט מיט אַן אַלץ מער ציטערנדיקער שטים, ווי ער וואָלט וועלן אויף דעם אופן איבערצייגן די חברותא.

— איך האָב עס נישט געזאָגט, איך האָב נישט, ניין, איך האָב עס נישט...

אַ דין מיידל־קול האָט אים אַריינגעשעפּטשעט אין אויער אַריין:

— שמוציקער ייד.

ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז קלעפּיק שפּייעכץ איז אַריינ־געדרינגען טיף אין זיין געהער־רערל.

ווילהעלם קנעפּפער האָט געבילט מיט פאַרביטערונג:

— מערדער!

ער האָט אַראָפּגענומען איינע פון ערביס הענט און אים גע־פּאַטשט אין פּנים פון אונטן אַרויף, ווי אין די באָקס־פאַרמעסטונגען. אין געטומל פון געוואַלטן, אויפגעהויבענע פויסטן, מצד די יונגען און פון אַריינגעריקטע נעגל אין פלייש פון זיינע אַקסלען, מצד די מיידלעך, האָבן אַלע געזידלט און באַליידיקט:

— „רשע, רשע, דו האָסט דערהרגעט אונזער גאָט!

אַ פויסט איז אים געבליבן פאַר די שווינדלדיקע אויגן, ער האָט געזען פאַר זיך האַנס שלימאַנס פּרצוף, דאָס גראָע, פון קאָנ־צענטרירטן צאָרן, ס'איז אים שווער געווען צו דערקענען:

— זע וואָס דו האָסט געטאָן — האָט האַנס שלימאַן געשריגן, וויינענדיק אויף דער קליינער אילזע, וואָס האָט אין זיך געוויינט, נאָך אַלץ אַ געקרייציקטע, אַ צוגעשפּאַרטע מיטן רוקן צום ראַנד

פון ברונעם, מיטן פאַרמאַטערטן און אַראָפּהענגענדיקן קאָפּ. און פון פרומען אײַמיטירן יעזוס קריסטוסן, האָט זיך איר באַוויזן אַ שוים אין ווינקל פון איר ראָזע מויל, וואָס פּלאָגט זיך אין יסורים. ווען זי האָט געפילט, אַז מען קוקט אויף איר, האָט זי אויסגע־שריגן מיט אַ האַרצרײַסנדיק קול:

— אוי, גאָט, וואָס האָב איך אײַך יידן געטאָן? אָ, גאָט, די נעגל, די נעגל.

אין דער רגע, האָט ווילהעלם קנעפּפּער נישט געקאָנט זיך מער אײַנהאַלטן, ער האָט אויפגעהויבן אַ שטיין און צושאַרנדיק זיך הינטערווײַלעכץ צו ערני, האָט ער אים דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן נאַקן, אויסשרײַענדיק:

— פאַר יעזוסן!

דאָס יידישע ייִנגל איז באַלד געפאַלן אויפן גראָז, מיט אויס־געגלאָצטע אויגן און פאַרלייגטע הענט. אַ רויטע בלום... האָט אַרויס־געשפּראָצט פון די שוואַרצע געקרײַזלטע האָר פון זײַן נאַקן. נאָך אַ פּאָר מינוט צוקוקן זיך, איז די חברותא רויק זיך פאַנאַנדער־געגאַנגען, יעדער אין זײַן היים. פאַרבליבן זענען נאָר ווילהעלם קנעפּפּער און נאָך אַ ייִנגל פון צען יאָר, וואָס האָט געמורמלט, „אָך און וויי", און נישט אַראָפּגעלאָזט זײַן בליק פון דער בלוט־רויטער בלום, וואָס איז אַלץ גרעסער געוואָרן אויפן גניק פון ערני לוי.

— ער איז טויט — האָט געזאָגט ווילהעלם קנעפּפּער, און האָט אַוועקגעוואָרפן דעם פאַרבלוטיקטן שטיין.

— מ׳דאַרף זען — האָט דער אַנדערער געזאָגט אַ דער־שראָקענער.

— איך האָב נישט קיין מוט.

— איך אויך נישט.

— ער האָט דאָך אונז גאָרנישט געטאָן — האָט ווילהעלם געזאָגט נישט מיט זײַן קול.

— אודאי נישט — האָט דער צווייטער באַשטעטיקט.

— ער איז געווען זייער אַנשטענדיק — האָט ווילהעלם פּלו־צים אַרויסגעשטאַמלט, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך אַליין נישט געקאָנט אויסמאָלן דעם גאַנג פון זײַן פינצטערער טאַט.

— זייער אָנשטענדיק — האָט דער צווייטער צוגעשאָקלט.
— מיר וועלן אים אָוועקפירן? — האָט ווילהעלם געפרעגט.
— דאָס מוז מען — האָט דער אַנדערער דעצידירט, און האָט זיך תיכף אַראָפּגעבויגן.

ער האָט אָנגענומען ערנין ביי די אַקסלען, און ווילהעלם ביי די פיס, ער האָט אויפגעהויבן דעם קערפּער ביז צו זיינע קני.
— ער וועגט דאָך נישט מער פון אַ שוואַלב — האָט ווילהעלם גע־זיפצט, און אָפּגעווישט אַ טרער.

דערנאָך האָט ער אַרויסגעהעשעט מיט אַ שטיל געוויין, אַזוי איבער דער גאַנצער „ריגענשטראַסע״, אַריינדרינגנדיק מיט זיינע אויגן אין ערניס פאַרבלוטיקטן קאָרק, בעת אַ קליינע נייגעריקע גרופּע האָט באַגלייט די משונהדיקע פּראָצעסיע. מאַמע יהודית האָט די ערשטע דערפילט די צרה, אַ האַרצרייסנדיק געשריי האָט אַדורכגעשניטן די לופט, זי האָט אַרומגעכאַפּט דאָס מלאכ׳ל, אים אַרויפגעטראָגן אויפן ערשטן שטאָק, בעת ווילהעלם גייט איר נאָך אַ שווייגנדיקער. קיינער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים. ווען דער, אין איילעניש, געברענגטער דאָקטאָר, האָט צוגע־לייגט אַ פלאַקאָן צו די נאָזלעכער פון קליינעם קרבן, האָט וויל־העלם אין פחד זיך איבערגעצלמט, מיינענדיק, אַז ער זעט דעם סימן פון טויט. אָבער דאָס יידישע יינגל האָט פלוצים שווער אָפּ־געזיפצט און געמורמלט:
— כ׳האָב דאָס נישט געזאָגט... כ׳האָב דאָס נישט געזאָגט...
ווילהעלם איז אומבאַמערקט אַנטרונען. אויפן טראָטואַר האָט ער גענומען לויפן מיט אַלע כוחות.

כאָטש דער אָנפאַל אויף ערני איז שטענדיק געבליבן איינ־געהילט אין אַ סוד, האָט ער מיט דער צייט פאַרנומען אַן אָרט אין דער ריי פון אַנטיסעמיטישע אַקציעס, וואָס האָבן מבשר געווען דאָס קומען פון היטלערן צו דער מאַכט. די צאָל קאָמוניסטן אין שטילנשטאָט איז געווען אַ קליינע און די דעמאָקראַטן האָבן זיך בכלל עפּנטלעך נישט געוויזן, האָט דעריבער די אָרטיקע אָפּטיי־לונג פון דער נאַצישער פאַרטיי באַלד געוועגדט אירע פּראָפּאַגאַנדע פיילן קעגן די געציילטע יידישע משפחות אין שטאָט. נאָכדעם ווי אַדאָלף היטלער האָט איבערגענומען דעם העכסטן פּאָסטן פון רייכס־

קאַנצלער, האָבן זיך די דייטשע ייִדן געפילט ווי מײַז אין דער פּאַסטקע, אין דערוואַרטונג פון סאַמע ערגסטן.

— מיר האָבן נישט באַדאַרפט פאַרלאָזן פּוילן — איז מוטער יהודית געקומען צו דער איבערצייגונג — איך בעט דיך איבער, דאָס בין איך שולדיק, איך.

— לאָז געמאַך, — האָט איר דער זיידע מילד געענטפערט — אויב די צרה איז אומעטום, וויאַזוי ווילסטו פון איר אַנטלויפן?

דאָס איז געווען דאָס יאָר 1933, נאָכן געבוירן ווערן פון יעזוסן, דעם געשעצטן בשורה־אָנזאָגער פון אַ מענטשן־ליבע וואָס האָט נישט איר גלייכן.

# דער צדיק פון די פליגן

## 1

געוועזן איז דאָס לוי, דער טאַטע, וואָס האָט געגעבן דעם אַלאַרם־צייכן... ווען זיי האָבן כמעט פאַרלאָזט די ריגענשטראַססע", האָט ערני דערשפּירט, אַז זיין פאָטער שטייט אַ געשפּאַנטער, ווי אויף דער וואַך, אַזוי איז עס געוועזן יעדן שבת, אויפן וועג צו דער גרויסער שול. ווי זיי האָבן נאָר געשטעלט אַ פוס פון דער ריגענשטראַססע, האָט זיך לוי, דער פאָטער, נישט געפילט זיכער, ער פלעגט קערן און ווענדן דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, אויסשטרעקנ־דיק זיין קראַליק־האַלדז, און ערניו האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער באַוועגט מיט זיינע לאַנגע און נאָכהענגענדיקע אויערן. אָבער היינט איז די גאַס געווען שטיל און לוידיק פון מענטשן, די רויטע דאַ־כעוועקס פון די הייזער האָבן פריילעך געגלאַנצט אויף דער זון, אַז דאָס יינגל האָט נישט געקאָנט נישט זען קיין געשמאַקלאָזיקייט אין זיין טאַטנס צעטומלטקייט. ער האָט געזען, אַז זיין טאַטנס דינע ליפּן ציטערן פון אויפרעגונג, זיי עפענען זיך און מאַכן זיך צוריק צו, ווי דאָס מויל פון אַ פיש, וואָס שטיקט זיך. פּלוצים האָט לוי, דער פאָטער, פּחדימדיק אַרויסגעשטיקט פון זיך אַ פייפנדיק קול:

— שאַ.

און איז געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך אינמיטן גאַס.

— וואָס איז דיר? — האָט מרדכי געפרעגט.

ווידער איז ערני געווען דערשטוינט פון זיידנס רויקייט, ווי ער וואָלט זיך נישט באַומרויקט מיט קיין זאַך, וואָס איז נישט נוגע דעם קיום המצוות פון דער תורה. דער אַלטער איז צוריקגעטרעטן צוויי טריט און האָט געלאָזן אַרויסגעצויגן מיט דער האַנט אַ האָר פון זיין באָרד.

— נו, וואָס איז דאָרטן? — האָט ער איבערגעחזרט מיט אַ לייכטן ניואַנס פון אומגעדולד, אָבער זיינע שווערע, גראָע אויגן זענען געבליבן שטאַנדהאַפטיק און האָבן בכלל נישט אַנטפּלעקט אין דער צערודערטקייט פון פאָטער לוי, וואָס האָט צוגעלייגט זיינע בײדע הענט צום רעכטן אויער און אַ זאָג געטאָן:

— איר הערט?

— איך הער גאָרנישט — האָט געזאָגט מאַמע יהודית, וואָס איז צוגעקומען אַ פּאַרסאָפּעטע, שײַנענדיק אין איר אײביקן קלייד פון שוואַרצן טאַפט.

— איך הער — האָט פריילין בלומענטאַל געזאָגט מיט אַ שוואַך קול.

— איך אויך — האָט מאַריץ זיך אָנגערופן.

— זיי קומען מיט דער רונדגאַס —האָט באַמערקט לוי, דער טאַטע, ווען ענס אויפגעשפּיצטע רעכטע אויער האָט אויפגענומען די כוואַליעס פון מוזיק, וואָס האָבן זיך דערנענטערט מיט יעדער רגע.

די גאַנצע משפּחה לוי איז געבליבן שטיין אַ דערשראָקענע קעגנאיבער דער זון, אַרומגערינגלט פון געלן ליכט, וואָס איז פלוצים געוואָרן אכזריותדיק און זיי אויסגעשטעלט צו עפנטלעכער אויפמערקזאַמקייט.

— האַפּליאַ — האָט מאַמע יהודית געטומלט — די גאַנצע וועלט געפינט זיך ביי מאַדאַם בראַונבערגער, קומט.

ביי די ווערטער, האָט זי אַ נעם געטאָן אונטער די אָרעמס די יינגלעך און איז אַריבערגעלאָפן, ווי פייל פון בויגן, די גאַס און דעם טראָטואַר. באַלד איז זי אייַנגעשלונגען געוואָרן אין שכנותדיקן הויז און הינטער איר די גאַנצע משפּחה. דער זיידע איז געבליבן אין עק פון קרענצל. זיין גוף האָט זיך שווער גערוקט פאָרויס, אין זיין מחשבה איז אויפגעגאַנגען אַן אַנטלויפן פון אַמאָל.

ערני איז אַריין אין קאָרידאָר, ווען מאַמע יהודית איז שוין אַראָפּגעגאַנגען פון ערשטן שטאָק און האָט מיט אַ דערשראָקן פּנים מודיע געווען, אַז פרוי בראַונבערגערס טיר איז פאַרשלאָסן.

— זי איז שוין אַוועקגעגאַנגען אין שול — האָט געזאָגט דער זיידע, אַנשפּאַרנדיק זיך שטיל אין פאַרענטש.

— וואָס וועט מיט אונז זיין? — האָט מאַמע יהודית זיך צעשריגן, און דער זיידע האָט אַריינגעשמייכלט אין דער טונקלקייט.

— מאַך זיך נישט אַליין אַ צווייט גהינום. זיי זיכער, אויב זיי וועלן דיך כאַפּן אין גאַס, וועלן זיי דיך שלאָגן. אָבער זיי גייען דאָך נישט זוכן אין די הייזער, זיי וועלן אויך ספּעציעל נישט קומען אַהער צוליב דיר, נישט אַזוי?

— הערט נאָר! — האָט מאַמע יהודית זיך צעיאָכמערט, און האָט באַלד באַשלאָסן:

— האָפּ, אַרויף אויף די העכערע שטאָקן.

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן און נאָך איר, שווייגענדיק, די גאַנצע גרופּע. נאָר דער זיידע, באַמערקט ערני, האָט משגיח געווען אויף יעדן טריט און שריט.

אין קליינעם קאָרידאָר פון דריטן שטאָק איז געווען אַ פאַרמאַכט פענצטער צו דער גאַס. ערני האָט דורך דעם זיידנס איינגעבויגענע פּיס געזען אַ קאָמפּאַניע פון ס.א.־נאַציסטן אין ראָג פון פּלאַץ, זייער געזאַנג האָט געפּלאַצט אין די פענצטער־שויבן, און זייער טופּען מיט די שטיוול האָט אָפּגעהילכט אין דער פּאָדלאָגע פון קאָרידאָר. פון דער הויך האָבן זיך געוען די גלאַנציקע לעדער־פּאַסן מיט די שווערד־שיידן און די קליינע מיליטאַריזירטע, גוט־געשוירענע שאַרבנס, ווי אַ מין קלינגענדיק־קריכנדיקער וואָרעם. נאָענט צום בניך, איז דאָס געזאַנג אָפּגעהאַקט געוואָרן און אַ נייער מאַרש האָט זיך צעשאַלט, וואָס איז די לוי׳ס געווען גוט באַקאַנט, אָבער דאָסמאָל האָט עס זיי טיף אויפגעטרייסלט:

— ווען דאָס יודן־בלוט פון מעסער שפּריצט.

— איינס, צוויי, דריי — האָט געדונערט דער גרופּן־פירער.

— האָבן מיר דאַן טאָפּלט גליק.

— איינס, צוויי, דריי.

די אָפּטיילונג האָט פֿאַרקערעוועט אין דער ריכטער־גאַס און ס'איז פֿאַרבליבן נאָר אַ ווייטלעך געבריל, ווי נישט פֿון דער וועלט.

— וואָס פֿאַר אַ רשעותדיקע פּנימער דאָס האָט — האָט פּריילין בלומענטאַל געיאָכצט — ווי און ווינד.

— לאָמיר גיין — האָט מאַמע יהודית איבערגעריסן — בעסער וועגן דעם נישט רעדן. מ'דאַרף זיך צואײַלן, מיר האָבן זיך שוין אַ ביסל פֿאַרשפּעטיקט.

דער קליינער יעקב האָט געמרוקעט:

— איך וויל נישט גיין אַהין.

—וווּהין דאָס? — פֿרעגט יהודית.

— אין דער גרויסער שול.

אַנשטאָט אַ תשובה, האָט די אַלטע אַרויפֿגעלייגט איין האַנט אויף זײַן אַקסל און מיט דער צווייטער אים געגעבן אַ באַלעבאַטיש פּעטשל.

אַז זי האָט זיך באַרויִקט, האָט זי געפּסקנט:

— הײַנט מאַכן זיי דעם רושם, אַז זיי ווילן עסן ייִדן, וועלן מיר דעריבער אין דער גרויסער שול נישט גיין צוזאַמען. יעדער וועט זיך פֿאַרנעמען מיט אַן אַנדערן וועג. שבת דאַרף מען נישט זײַן צופֿיל אָנזעעוודיק. דו, ערני, נעם יעקבן און גייט ביידע מיט דעם הינטער־וועג פֿון דער גימנאַזיע. טאַקע באַלד, אײַלט זיך צו.

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו די ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך שוין געהאַלטן בײַ די הענט, און האָט ווײַטער אָרגאַניזירט דאָס גיין אין שול אַרײַן.

ערני האָט געהאַלטן די האַנט פֿון „קליינעם" יעקב, באַמערקנדיק, אַז זי איז ברייטער פֿון זײַנער, האָט ער פֿעסט צוזאַמענגעדריקט זײַנע פֿינגער. מיט יעדן טריט איז יעקבס עטעמען געוואָרן שווערער. אַראָפּקומענדיק אונטן, איז יעקב לגמרי אַנטשוויגן געוואָרן.

— צ'גייט? — האָט מאַמע יהודית געשריגן פֿון טרעפּן־הויז.

— מ'גייט — האָט ערני געענטפֿערט, ווי מעגלעך שטיל.

אָבער ווײַבאַלד די דריי פֿינצטערע שטאָקן האָבן אים אָפּגעזונדערט פֿון די זייניקע, האָט ער פֿלוצים דערפֿילט זײַן איינזאַמקייט. און ווען ער האָט געשטעלט אַן אומזיכערן טריט אין

בלענדנדיקן ליכט פון דער גאַס, ציִענדיק יעקבס ציטערנדיקע רעכטע האַנט (ביי וועמען דאָס גוטמוטיקע, רונדיקע פּנים האָט אויסגעדריקט פּחד און זיין בלאָער שבת־קאַשקעט האָט זיך כסדר משונהדיק אַראָפּגערוקט נידעריקער אויפן שטערן, ווי ביי אַ פערד שמייסער), האָט ערני אָנגעכאַפּט אַזאַ שטאַרקע מורא, אַז ער האָט חשק געהאַט זיך אומצוקערן צום טרעפּן־קאָרידאָר פון ערשטן שטאָק, צום כלומרשטן באַהעלטעניש, אין שאָטן פון מוטער יהודית.

— דאָך, וועל איך דיך קאָנען מיטציִען — האָט ער צערטלעך געמורמלט.

יעקב האָט אים אָנגעקוקט און אים נישט פאַרשטאַנען. ער האָט פאַרויסגעשטופּט זיין בייכל און צוגעאײַלט זיינע שריט, כדי זיך צו צופּאַסן צום עלטערן ברודערס גאַנג. און באַלד האָט ער זיך געקלאָגט:

— דו גייסט צו גיך.

ערני איז געוואָרן אומגעדולדיק:

— דו ביזט דאָך גרעסער פון מיר.

— יאָ, אָבער איך בין יונגער פון דיר, — האָט יעקב אָפּגע־ענטפערט.

די צוויי קינדער האָבן געשלעפּט איינער דעם אַנדערן און זענען פאַרקראָכן אין שמאָלע, טונקעלע געסלעך. ביז צו דער שוואַלבן־גאַס איז אַלץ צוגעגאַנגען רויִק, גלאַטיק. ערני האָט אַראָפּגע־נומען פון זיך דאָס גראָ־בלאָע טיכל, דער מאַמע יהודיתס אַ מתנה, דאָס טיכל האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט ביי די פאַרביי־גייער. ביסלעכווייז זענען זיי אַריבער צו מער ברייטערע גאַסן, ווי די זון האָט נאָך העלער באַלויכטן די הייזער־פראַנטן. זיי האָבן דער־גרייכט די שיינע שטאָט־קוואַרטאַלן און זיך אַ ביסל אויפגעהייטערט. ס'האָט אויסגעזען, אַז קיין שום מענטש האָט נישט קיין שום שלעכטע כוונות לגבי זיי. אָבער ערני האָט זיך אַלץ וויניקער אָריענטירט צווישן די שיינע הייזער, וואָס אַלע זענען געווען ענלעך צו זיך און דאָך זייער פאַרשידן, בעת אין דער סביבה פון דער „ריגענשטראַססע“, האָבן אַלע הייף געהאַט אייגן פּנים, אָבער יעדעס הויז האָט געהאַט איר פּרצוף, וואָס איז געווען ליכט צו דערקענען מיטן ערשטן

בליק. ערני האָט געטראַכט, אַז די הייזער פון די שיינע קוואַרטאַלן האָבן עפּעס נישט קיין ריח, פּונקט ווי וואַסער.

יעקב האָט געכליפּעט: — ס׳איז נאָך ווייט?

— מען דאַרף נאָר צוקומען ביז צו דער גימנאַזיע — האָט ערני געזאָגט — דאָרט וועל איך זיך בעסער אויסגעפינען.

— איך קען נישט די גאַסן, כ׳האָב זיי קיינמאָל נישט געזען, בעסער מען זאָל עמיצן פרעגן.

— מען קאָן נישט פרעגן — האָט ערני געענטפערט, נאָכדענקענדיק.

— פאַרוואָס?

— צוליב אונזער אויסשפּראַך — האָט ערני געזאָגט מיט זאָרג — אונזערע איז ענלעך צו יידיש.

— און דו מיינס — האָט יעקב באַמערקט — אַז די מענטשן זעען נישט, אַז מיר זענען יידן? אפילו דו וועסט נישט עפענען דאָס מויל, וועלן זיי אונז אויך דערקענען.

ערני האָט געכאַפּט אַ בליק אַרום זיך און פאַרגלייכט די בלאָנדע קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין זייערע וואַכעדיקע מלבושים אויף די טראָטואַרן, מיט יעקבס שבתדיקן אויסזען, מיט זיינע גלאַנציק־געפּוצטע שיך, גוט געפּרעסטע בגדים, מיט דער ריינער הויט און די געדיכטע, שוואַרצע האָר, וואָס שיינען בולט אַרויס פון אונטער זיין בלאָ־געקעסטלטן קאַשקעט. זיין יידיש אויג און דאָס קרומלעך־יידישע נעזל זיינס, האָבן זיך, פון פּחד, אַראָפּגעלאָזט צו זיין אויבערשטער ליפּ:

— אמת — האָט ער געזאָגט — ס׳איז דאָך היינט שבת, און מיר זענען אָנגעטאָן ווי זיי זונטיק, און דערצו נאָך אונזערע היטעלעך.

— ריכטיק — באַמערקט ערני — זומער טראָגן זיי דאָך נישט קיין היטלען.

— נו, ווילסט אפשר?...

ערני האָט נישט געענטפערט, ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געפּרוּווט אָפּשאַצן די קריסטלעכע וועלט. לסוף, נאָך אַ ישוב הדעת, זעענדיק אַ פרייַ וואָס קערט אַוועק פון דער שוועל ביי איר טיר, האָט ער אַראָפּגענומען זיין היטל, שטופּנדיק יעקבן

הינטער זיך, און געפרעגט מיט זיין שענסטן דייטשן אַקצענט:

— ווו געפינט זיך דאָ די גימנאַזיע?

— אָט דאָ, גלייך אויף רעכטס — האָט די איבעראַשטע פרוי געענטפערט.

זי האָט גוט אָנגעקוקט ערנין און אָנגעשפּאַרט איר גאָמבע אויפן הענטל פון בעזעם, לאַכנדיק:

— איר האָט רעכט, קינדער, בעסער ס׳זאָלט גיין מיט דעם וועג, ווייל די גרויסע גאַס איז געוואָרן שלעכט צו „אייערע מענטשן", „זיי" מאַרשירן דאָרטן אָן אויפהער. אָבער נאָך קלוגער און פאַר־זיכטיקער וואָלט געווען, אינגאַנצן נישט צו גיין אַהין אין אייער סינאַגאָגע.

פּלוצים איז פון פאָדערהויז אַרויסגעקראָכן אַ צווייטע בעל־הבית׳טע:

— אָ, די דאַזיקע — האָט זי אויסגערופן — איר דערקענט זיי שטענדיק אין זייער דיבור.

דערנאָך צו די צוויי קינדער:

— קוקוריקו, יידעלעך, ס׳איז געקומען אייער שעה.

זי האָט זיך צוריק אויסגעדרייט, פאַרלייגט אירע הענט אויפן בייכיקן פאַרטוך און זיך הנאהדיק צעכיכיקעט.

באַלד האָבן זיך געוויזן נייגעריקע, יינגלערישע פּרצופים און זיי אַרומגערינגלט. ערני און יעקב האָבן באַוויזן זיך גיך אָפּצו־טראָגן. מ׳האָט זיי נאָכגעשריגן און באַשאָטן מיט אַ מבול פון קללות. ערני האָט מיט אַלע כוחות געהאַלטן יעקבס האַנט און צוגעאיילט זיינע שריט. ער האָט געשטוינט, אומקוקנדיק זיך, וואָס מ׳יאָגט זיך נישט נאָך זיי. פונדערווייטנס האָט ער געזען ווי די גרופּע יאָטן האָבן מיט חוזק־הועיות זיי נאָכגעלאַכט. אַ קליינע געשטאַלט האָט אַריבערגעשפּרייזט די גאַס, געהאַלטן אַ בעזעם אין איין האַנט און אַ קינד אין דער צווייטער. אויפן טראָטואַר, האָט די געשטאַלט אויסגעפּעטשלט דעם קינדס פּנים און איז אַריין אין שטוב. ערני און יעקב האָבן פאַרשנעלערט זייערע שריט. יעקב האָט שווער געעטעמט, געזיפצט און געזאָגט מיט אַ דיק, פּייפּנדיק קול:

— אַז כ׳וועל זיין גרויס, וועל איך מער נישט גיין אין שול.

— אַז דו וועסט זיין גרויס — האָט ערני געזאָגט — וועלן אַלע זיין טויט.

נאָך עטלעכע מינוט, האָט יעקב תמימותדיק באַמערקט:

— אויב כ׳וועל אַראָפּנעמען מיין היטל, וועט מען דען נישט זען, אַז איך בין אַ ייד?

און אַ דערשראָקענער האָט ער צוגעגעבן:

— ערני, כ׳וועל דאָך קאָנען ווידער אָנטאָן דאָס היטל, ווען מיר וועלן אָנקומען אין דער שול, נישט אַזוי?

ערני האָט זיך אָפּגעשטעלט. יעקבס פּנים האָט זיך צוגע־שלייכט צו זיינעם, די שוואַרצע גרויסע אויגן האָבן געלויכטן אין תחנונים, און זיין לאַשטשענדיקע ליפּ האָט זיך אויסגעקרימט פון יאוש, אַז ס׳האָט אַזש ערני אָנגעכאַפּט אַ ווייטיק. ער האָט צוגעטאָן זיין לינקע האַנט אויפן ברודערס באַק:

— אין מיר זעט מען גוט, אַז איך בין אַ ייד — האָט ער אים געזאָגט מיט ליבשאַפט.

— יאָ — האָט יעקב באַשטעטיקט — דו האָסט מער אַ ידישע צורה פון מיר. אָבער...

ערני האָט, קנייטשנדיק די ברעמען, אים איבערגעריסן:

— אַזוי צי אַזוי, אפילו דו וועסט אַראָפּנעמען דאָס היטל, וועסטו שטאַרבן, נו?

— ס׳איז נישט אמת — ענטפערט יעקב — כ׳האָב דאָך שוין אַ פּאָר מאָל אַזוי געטאָן.

ערני באַמערקט ווייטער:

— גאָט וויל דאָס נישט, אָבער ער קאָן דאָס טאָן.

— דו גלויבסט אַזוי? — האָט יעקב אויסגעשריגן מיט פּחד.

— אודאי — זאָגט ערני ווי אין חלום — אָבער האָסט דאָך געזאָגט... ווייל דו האָסט אַזוי מורא... מעגסטו אפשר... רבונו של עולם, פאַרוואָס האָסטו אַזוי מורא? צי האָב איך אויך מורא?

— דאָס הייסט, אַז דו פילסט קיינמאָל גאָרנישט — האָט יעקב אָפּגעפּסקנט.

אין דעם מאָמענט האָט ערני געפילט, אַז דער רוקן זיינער קרומט זיך אויס און דער האַלדז ציט צום רעכטן אַקסל, און בעת

זיינע אויגן פאַרדעקן זיך מיט אַ מין טונקעלן נעפּל פון אומעט, מורמלט זיין נאָך יונגינקע און גלייכגילטיקע שטים:

— גוט, גיב מיר דיין היטל, איך וועל גיין פאַרויס און דו וועסט פונדערווייטנס מיר נאָכגיין. אַזוי וועט מען נישט וויסן אַז דו ביסט מיט מיר.

ווען יעקב האָט גיך אַראָפּגענומען זיין היטל, האָט עס ערני אים אַרויסגעכאַפּט פון די הענט און זיך געוואָנדן מיט זיינע אויגן צום הימל, ווי דער הימל וואָלט אים געוואָרן נאָענט, ווי ער וואָלט זיך צו אים צוגעהערט, אין דערהויבענער טוונה:

— רבון כל העולמים, זאָל זיין חטא פאַלן אויף מיר, אויף מיין נשמה.

פּלוצים האָט ער זיך געווענדט צו יעקבן:

— וואָס איז מיט דיר, דו קומסט דאָך אום פון פּחד.

— און דו?

ערני האָט אַ פאַרווירטער געשמייכלט:

— איך?... איך?... מיר וועט גאָט גאָרנישט טאָן, ווייל איך האָב נישט אויסגעטאָן מיין היטל, פאַרשטייסט?

און ער האָט אַרונטערגענומען יעקבס היטל אונטערן אָרעם, ווי דאָס וואָלט געווען אַ שול־העפט און אָנגעהויבן מעכאַניש שטעלן אַ פוס נאָך אַ פוס, אין שוואַכער, שרעקעוודיקער באַוועגונג, ווי ער וואָלט לגמרי נישט געגאַנגען. נאָכן אָפּציילן פונקט צוואַנציק טריט, האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז דערשטוינט געוואָרן צו זען יעקבן שפּאַנען, פון אַ געוויסער דיסטאַנס הינטער אים, דער אָפּגעדעקטער קאָפּ זיצט פעסט צווישן זיינע רונדע אַקסלען, דער קוק איז מונטער, דאָס מויל צעשמייכלט. ערני האָט צו אים צוגעווונקען מיט אַן אויג און ווייטער ממשיך געווען דעם וועג, מיט אַן איינגעבויגענעם און צוזאַמענגענומענעם רוקן פון דאגה.

אַז ער האָט געזען אַרום זיך די אומבאַקאַנטע הייזער־פראַנטן אין דעם הימל, וואָס האָבן זיך ווי אַ ריזיקער בלאָער פעלז געצויגן אין עק פון דער גאַס, האָט ערני פּלוצים דערשפּירט אַ פּחד אין זיך, אַ פּחד אין בויך וואָס רוקט זיך העכער צו זיין ברוסט און דערגרייכט זיין האַרץ, ווי אַ ווערמל. ער איז געווען

אַזוי איינזאַם און קליין, אַזוי שוואַך און נישטיק, אַז ס׳וואָלט אים נישט געאַרט, ווען אַן ס.א.־קאָמאַנדע וואָלט אים געשלאָגן מכות־רצח, ווי ס׳איז געשען יענע־וואָך מיטן אָרעמען הער קאַצמאַן, זיי האָבן אים כמעט צעקוועטשט דעם קאָפּ.

גייענדיק אַזוי, האָט זיין געהער עפּעס אויפגענומען. דאָס רעכטע אויער גאָרנישט, נאָר דאָס לינקע געהער־פּיקל האָט אויפגעציי־טערט און ס׳האָט קולט געוועזן אַ כוואַליע פון מוזיק, צום טאַקט פון אַן אומצאָליקן פוס־קלאַפּן. באַלד האָט עס אויך דאָס רעכטע אויער אויפגעכאַפּט. ער האָט געפּרוווט לאָקאַליזירן די ריכטונג פון דעם געזאַנג, אָבער אָן דערפאָלג, ווייל אַמאָל האָבן זיך די קלאַנגען קאָנצענטרירט הינטער אים און אַמאָל גאַנץ ווייט פון אים, און צייטנווייז האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די מוזיק־כוואַליעס קומען פון דער הויך, פון הימל.

אַז ער איז געקומען צו אַ גאַסן־קרייצונג, האָט ער זיך געע־שאַרט לענגאויס אַ מויער, ביז צום עק פון בנין און פון דאָרט דורכגעפאָרשט די גאַס, זי איז געווען שטיל און כמעט פוסט.

— פונוואַנענזשע קומט דאָס געוויש?... האָט זיך דאָס ייִנגל געפרעגט, איידער ר׳איז איבערגעגאַנגען אויף דער אַנדערער זייט. און ווען ר׳איז אַריבערגעגאַנגען, האָט אַ האַנט אָנגעכאַפּט זיין האַנט. ער האָט אויסגעשריגן, יעקב איז געשטאַנען נעבן אים אַ בלייכער פון שרעק.

— איך וויל בעסער בלייבן מיט דיר — האָט יעקב זיך צעוויינט.

יעקבס האַנט האָט זיך געקלאַמערט אין ערניס האַנט. אָבער דער האַנט־באַריר איז געווען אַ פייכטער.

ערני האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס, אָבער די פייכקייט צווישן זייערע הענט האָט אים שטאַרק איבערגעשראָקן. און בעת יעקב האָט געכליפּעט נעבן אים, האָט ער געפּרוווט נישט רעאַגירן אויף דעם דאָזיקן מאָמענט, ווי ער פלעגט זיך נוהג זיין, בעת ס׳האָט זיך אים פאַרוואָלט שפּילן מיט זיין נשמה. ער האָט שטאַרק אויפ־געהויבן זיינע וויעס און אויסגעגלאָצט די אויגן ווי־ווייט ער האָט נאָר געקאָנט אין דער האָפענונג, אַז ווי אַלע מאָל, וועלן די הייזער, דער הימל, די פאַרבייגייערס, יעקב און ער אַליין אויך,

זיך אָנהויבן דרייען און וועלן אַריינגייען אין די שוואַרצאַפּלען פֿון זיינע אויגן, ביז אין דער טיפֿקייט פֿון זיין גאַרגל. אָבער דאָסמאָל זענען נישט מטושטש געוואָרן אין זיינע ברייטע אויגן, נישט די הייזער, נישט דער הימל, נישט די מענטשן. אַלץ איז פֿאַרבליבן ריין, ליכטיק און לויטער, ביז צו אכזריותדיקער זעעוודיקייט. און ער האָט אַלץ געשפּירט די קלעפּיקע שמירעכץ אין יעקבס האַנט.

— דו שוויצט — האָט ערני געזאָגט.

— דו שוויצט — האָט יעקב זיך געעקשנט.

ערני האָט אים אומגעדולדיק אָנגעקוקט:

— איך שוויץ נישט — האָט ער מיט תקיפֿות געזאָגט, און פֿונדעסטוועגן געשפּירט, אַז זיין פּנים איז באַגאָסן מיט שווייס.

ער האָט באַמערקט אין דעם אויסגעשפּרייטן געלן ליכט אויף דער גאַס, אַ מאָטאָציקליסט, צוויי איילנדיקע באַבעס מיט קיישלעך אין די הענט, אַ יונגערמאַן, מיט אַ רויטלעך פּרצוף און אָפֿענעם העמד־קאָלנער. איבער דעם טאַנצנדיקן ליכט־געווירבל, איבער די הייזער, איז אויפֿגעגאַנגען אַ דינער, בלאָער נעפּל. ער האָט געזאָגט צו יעקבן:

— ס׳איז מיר געוואָרן הייס.

יעקב האָט געשוויגן און דערנאָך געענטפֿערט מיט זיין פּייפּנדיקן קול:

— דו שוויצסט, ווייל דו האָסט מורא.

אַז ערני האָט זיך צו אים אויסגעדרייט מיט כעס, האָט ער געזען יעקבס צוזאַמענגעפּאַלענע פּנים.

ביידע קינדער זענען געבליבן שטיין אויפֿן טראָטואַר.

יעקבס פֿאַרווײנטע אויגן, זיין איינגעפֿאַלן מויל, דאָס פּויסטל וואָס ר׳האָט דערמיט געריבן דאָס אויג, זיין עטוואָס קאָמישער קאָפּ אונטער דעם משונהדיקן קוואַדראַטן־קאַשקעט, די צעשפּרייטע פּיס און אַראָפּהענגענדיקע הענט, דער גאַנצער שלאַבריקער אויסזען זיינער — דאָס אַלץ איז אַריינגעדרינגען אין ערני לוי׳ס גרויסע אויגן־אַפּלען, און באַלד איז פֿון אים אַוועקגענומען געוואָרן זיין מורא און זיין שווייס. אַ גרופּע יונגע היטלעריסטן איז גראָד אַרויס פֿון זיין מוח... זיי זענען באַשטיוולט, באַהיטלט, באַוואָפֿנט מיט קינזשאַלן אין שוואַרצע ביינערנע הענטלעך, און זיי יאָגן זיך אין טומלדיקן געשריי

נאָכן קליינעם יעקב, וואָס ווייסט נישט ווי זיך אויסצובאַהאַלטן, ווי אַהינצוטאָן דאָס רונדיקע, שוואַכינקע פלייש פון זיין לייב. און אָט זעט ער זיך אַליין, דעם העלד ערני לוי אין אַנגריף קעגן די רשעים. ער צעשפּאַלט זייערע שאַרבנס, בעת דער קליינער יעקב אַנטלויפט מיט אַ שמייכל, אַן אומבאַשעדיקטער. און פון זיין מוח איז אַרויס אַ מימרא, שאַרף ווי אַ שווערד: „אויב זיי וועלן קומען, וועל איך זיי ענטגילטיק צום טויט שלאָגן". ער האָט אַרויפגעלייגט זיין ציטערנדיקע האַנט אויף יעקבס נאַסע באַק, און זיינע צע־קרומטע ליפּן האָבן געמורמלט:

— מיין ברודער יעקב, אויב זיי קומען, וועלן זיי ליידן פון מיר אַ פולשטענדיקע מפּלה.

יעקב, אַ געפּלעפטער, באַטראַכט זיין עלטערן ברודער, מעסט אים אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס און צעלאַכט זיך:

— אפילו איך, אַז כ'וועל דיר געבן אַ שטופּ, פליסטו ווי אַ פעדער...

און ער גיט ערנין אַ לייכטן שטופּ אין דער ריפּ אַריין.

ערני האָט זיך אָנגעבלאָזן און געשריגן, שטשירנדיק מיט די ציין.

— און איך זאָג דיר, אַז איך וועל זיי דערהרגענען...

אָבער יעקב האָט געלאַכט, ווען ער האָט מיט אַ חוזק־מינע אַריינגערוקט זיין האַנט אין דער האַנט פון ערני. ער האָט זיך איצט באַרויִקט, זיין פּנים האָט געלויכטן פון הנאה, ער איז געגאַנגען מיט אַן עלאַסטישן טריט ביי דער זייט פון ברודער. די פרייע האַנט האָט זיך אים געוויגט ממש מיט פרייד, פון צייט־צו־צייט איז ער אַרויס מיט אַ לייכט געלעכטער.

ערני האָט זיך אָנגעבלאָזן און געשריגן, שטשירנדיק מיט די ציין. פאַרגליווערט אין יעקבס האַנט האָט ער געפּרוווט זיך איבער־חזרן: „כ'וועל זיי געבן דעם געהעריקן קלאַפּ, כ'וועל זיי נידער־שלאָגן", אָבער די ווערטער האָבן אים מער נישט איבערצייגט. שפּעטער, ווען ער איז געקומען צו אַ מער אָביעקטיווע אָפּשאַצונג, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז אויב ער וועט זיך וואַרפן ווי אַ הונט צווישן די פיס פון די היטלעריסטן, וועט ער געבן יעקבן צייט צו אַנטלויפן.

צום סוף האָט ער זיך, קעגן זיין ווילן, מיאש געווען. מודה זייענדיק, אַז ער קאָן גאָרנישט טאָן, ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און רויק באַטראַכט דעם הימל, באַטראַכט ווי קליין ער איז אונטער אים. אַמאָל, פלעגט ער זיך זייער גרינג זען אין דער ראָל פון אַ גיבור, מיט אַן אויסגעשטרעקטער שווערד אין האַנט, זיין אָפּגעדעקטע ברוסט, און זיין מויל איז פול מיט שיינע, לשון־קודש־דיקע און גאָטספאָרכטיקע מליצה. אָבער דאָס אַלץ איז שוין לאַנג אַוועק, און ער האָט מיט ווייטיק געפילט, אַז ווען אפילו ס'וועט זיך נאָך אַמאָל מאַכן אַן אמתדיקע געלעגנהייט, וועט אים דאָן זיין קליינער גוף נישט נאָר פאַרזאָגן וועלכע־עס־איז באַוועגונג. נאָך מער, זיין געוואַגטקייט וועט זיך אין דער פינקטלעכער פאַרהעלטעניש צו זיין קערפּער. וואָס קאָן ער אַלזאָ טאָן? ער איז גאָרנישט, אַ קליינער טייל, ווער ווייסט פון וואָס. מסתמא, עקזיס־טירט ער בכלל נישט.

יעקבס פייפנדיקע קולכל, האָט אים איבערגעריסן זיינע רעיונות: — נו, וועסט זיי טאַקע בידערשלאָגן? — אין אַן שוב איבערגאַנג — האָט ער געשריגן פון פולן האַלדז:

— שוטה, מיר זענען דאָך שוין דאָ.

ער האָט אָפּגעלאָזט די האַנט פון זיין באַשיצער און זיך אַ לאָז געטאָן לענג־אויס אַ וואַנט, ווי אַ קליין קוילעכל פון פרייד.

ערגיי האָט צו זיין איבעראַשונג דערקענט דעם גראָען, אָפּגע־נוצטן בלאָק פון דער גרויסער שול, אין אַ מרחק פון פופציק מעטער פון קרייץ־וועג, איבער די אַלע פריילעך־רויטע, דייטשע דעכער, אַרום דעם געפלאַסטערטן הויף. נאָך אַ סעקונדע האָט ער דער־קענט די שוואַרצע און פולע געשטאַלט פון מאַמע יהודית, בראש פון אַ געזעמל מענטשן, וואָס איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון אַ בלינד געסל. די שמחה איז געווען אין לשער, דאָס קליינע יעקבל האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין דעם געזינדל. ערגיי האָט כמעט באַוועלטיקט עפּעס אַ ווילדער חשק צו לויפן, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות, אויסגעגלייכט זיין רוקן און גע־שאָקלט מיטן קאָפּ מתוך חשיבות, אויפן זיידנס שטייגער. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די וויעס איבער זיינע אומרויקע אויגן און זיך גענומען גיין פּאַמעלעך, מיט ישוב־הדעת, ערנסט און פאַרטראַכט.

ווי ס׳פּאַסט פאַר אַן אמתדיקן ייד, וואָס איז גלייכגילטיק לגבי דעם טויט.

מאַמע יהודית האָט אים אויפגענומען נישט באַזונדערס גע־רירט, ווי ער וואָלט צוריקגעקומען פון עפּעס אַ שפּאַציר.

— דו האָסט געפּטרט צייט — האָט זי געמרוקעט — נו, קום שוין צו נענטער, פאַרוואָס טריטלסטו ווי אַ גלח?

ערני האָט זיך צערויטלט און צוגעבויגן דעם קאָפּ צום אַקסל.

— ער האָט דאָך פאַרלוירן מיין טיכל, — האָט מאַמע יהודית אויסגערופן.

— לאָמיר זיך צוזיילן, לאָמיר גיין — האָט דער זיידע גע־זאָגט געלאַסן ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פּאַסירט — באַלד הויבט מען אָן דאַווענען.

— אָבער איך קאָן נישט — האָט מאַריץ אַ געשריי געטאָן מיט אַ מינע פון חשיבות.

און ער האָט מיט דער גאַמבע אָנגעמערקט אויף דער סכנה פון דער גאַס:

— היינט שטיי איך אויף דער וואַך.

אינצווישן זענען די מתפללים אַריין אין שול־הויף און זיך דאָרט צעטיילט, מענער אין שול און פרויען אין עזרת־נשים. ערני איז נאָכגעגאַנגען הינטערן זיידן. ווי אַ גרויסער, גלעטנדיקער קאָלנער האָט דעם זיידנס האַנט צערטלעך אַרומגענומען ערניס האַלדז. אויף אַן אויגנבליק האָט ערני פאַרמאַכט זיינע אויגן פון הנאה. אָבער די וווּנדערלעכע האַנט איז אַוועק, האָט אים פאַר־לאָזט און דער מאַסיווער גוף פון „העלפאַנט״ האָט אַריבערגע־שפּאַנט דאָס הויפּט־טויער. ערני האָט זיך צוריקגעצויגן און איז אַריין אין בלינדן געסל, וווּ ס׳זענען געשטאַנען די דריי שומרים פון דער וואַך, די הענט אויפן פּנים ווי אַ שוץ קעגן דער זון, זיי האָבן געוואַכט איבער דער גאַס מיט פאַרשנדיקע אויגן. ער האָט אַ צופּ געטאָן מאַריצן פאַרן עלנבויגן.

— איך בין מיט דיר — האָט אים מאַריץ געזאָגט מיט אַ געפיל פון חרטה.

## 2

— „זיי" וועלן מער היינט נישט קומען — האָט פּלוצים געזאָגט פּאַולוס ווישניאַק.

— ס'קאָן זיין, אַז די וועלן זיך צוריקהאַלטן — באַשטעטיקט מאַריץ — אמת, כ'האָב פאַרגעסן, מ'האָט דאָך זיי נישט איינגע־לאַדנט...

ער האָט געבן דעם שטיין וואָס ער איז געזעסן אויף אים, געצייכנט מיטן שפּיץ פון שוך אַ זיבנשפּיציקן שטערן. די אַנדערע דריי יינגלעך זענען פאַרבליבן אין שאָטן, הינטער צוויי שטיינער, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן ביי די זייטן פון געסל. קלאַנגען פון תפילות־ניגונים האָבן זיך דורכגעריסן דורך די הויכע ווענט און אַראָפּגענידערט אין געסל. די אויערן פון די שומרים זענען באַנומען געוואָרן פון דעם ניגונים־געזאַנג. אין ערניס מחשבות האָט זיך דאָס געזאַנג, אויף אַ מיסטעריעזן אופן, צוזאַמענגעגאָסן מיטן בלאָ פון הימל, מיטן געלן אָפּשיין פון די היזער און מיט דער טונקעלער גרינקייט פון דעם געסל — ווי קיין שום זאַך וואָלט נישט געקאָנט דערשיטערן דעם חלום פון די זאַכן אונטערן הימל, ווי גאָט אַליין וואָלט געווען דער שומר איבער די תפילות אין שול און נישט די פיר בורטשנדיקע און נערוועזע יינגלעך, וואָס עטעמען שווער, אומהיימלעך.

פּאַולוס ווישניאַק האָט זיך געווישט דעם שטערן און צוריק־געקערט צום ענין:

— ווען די מנוולים וואָלטן געוואָלט קומען, וואָלטן זיי שוין געווען דאָ. דאָס איז נישט זייער וועג. כ'באַנעם עס נישט, פאַר־וואָס וואַרטן זיי, אויב זייער פּלאַן איז היינט צו קומען...

ער ווענדט זיך צו מאַריצן, וואָס האָט נאָך אַלץ געצייכנט מיט פעדאַנטישקייט זיינע שטערנס אין זאַמד: — זיץ כאָטש נישט אַזוי, דו ווייסט דאָך, אַז מען זעט דיך פון דער גאַס.

דאָס פלייִשיקע, פּירקאַנטיקע פּנים פון מאַריצן האָט זיך גע־קאַרטשעט, ער מורמלט קאַלט:

— וואָס האָט דאָס פאַר אַ באַדייטונג? זיי זעען אונז, מיר זעען

זיי. מיר לויפן אַרום אין הויף ווי די מייז. איך מוז אײַך זאָגן אַז דאָס אַלץ איז נאַריש, באַזונדערס מיטן ערשטן קלאַפּ אין הויפּט־טויער...

פּלוצים האָט ער דערזען ערניק, וואָס איז געשטאַנען הינטערן שטיק, ווי פאַרשטיינערט.

— דו ביזט דאָ די גאַנצע צייט, גרינע פּאַסאָלע?

מאַריצנס גראָבע ליפּן, האָבן אַרויסגעבערענגט אַ שאָטן פון אַ שמייכל: — ערנוואַרט, אַט איז נאָך אַ גיבור.

ערני האָט באַטראַכט דאָס באַשפּרענקלטע פּנים פון זיין ברודער.

— דו ווייסט גוט — האָט פּאַולוס פּאַטעטיש געזאָגט — אַז היינט זענען אַלע גיבורים, גאָט איז אונז אַ שוץ, ס'איז אַ זיכערע זאַך, דער רב האָט דאָס הייליק פאַרזיכערט.

— כ'האָב שוין געזאָגט — טענהט מאַריץ, מיט קענטיקער מידקייט — דאָס אַלץ איז נאַריש, אידיאָטיש. צוואָס זיך איינ־עקשנען, ביז מיר וועלן האָבן דאָס רעכט אַליין צו פאַרמאַכן דאָס הויפּט־טויער? לאָמיר אַוועק, לאָמיר איבערלאָזן די שול און מתפּלל זיין אין אונזערע הייזער. אָבער ניין, ס'איז דאָך צו לייכט, ס'פּאַסט נישט פאַר ייִדן... וואָס?

ער האָט אָנגעבלאָזן די באַקן, כדי נאָכצומאַכן דאָס פּעטי־אָרן שטייפע פּנים פון רב, ער האָט אונטערגעברומט:

— מיינע טייערע ברידער, די גזירות ווערן אַלץ שווערער, אָבער אונזער האַרץ ווערט נישט צוזאַמענגעבראָכן, אַז זיי וועלן קומען אונז טרייבן פון גאָטס הויז, וועלן מיר עס נישט פאַרלאָזן.

דער דריטער שומר, כמעט אַ דערוואַקסענער בחור, האָט נישט אויפגעהערט צו קרייזלען זיינע וואָנסן, די באַגאָסענע מיט שוויס. ער האָט מאַריצן איבערגעריסן:

— ס'איז באמת נישטאָ פון וואָס צו לאַכן. מיטן קליינוואַרג און וויבער קאָן זיך דאָס ענדיקן, ווי אין בערלין.

— אין בערלין? — האָט ערני געשריגן, מיט אַן אויפגעע־רעגטן און זויערלעכן טאָן, און זיינע אויגן לויפן פון איינעם צום צווייטן פון די צעטומלטע יונגעלייט, — וואָס איז געשען אין בערלין?

— גאַרנישט, גאַרנישט — האָט מאַריץ געמיטלעך געענטפערט.

אָבער צו ערניס איבעראַשונג, איז זיין ברודער אַראָפּגעשפּרונ־ גען פון שטיין, און ווי דער כעס וואָלט אים גרעסער געמאַכט, האָט ער זיך אויסגעגלייכט אין זיינע פּרעכטיקע ים־בלאָע הויזן און דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער פויסט אויף זיין אָפענער האַנט־פלאַך:

— אַ, — האָט ער געשריגן מיט שוימיקן כעס — הלואי באַקום איך אַ רעוואָלווער...

— און איך — זאָגט פּאָולוס ווישניאַק, און זיינע אויגן פאַר־ מאַכן זיך פון איינגעהאַלטענער ביטערקייט — זאָל מען נאָר מיר געבן אַ מיליאַרד, אַ קליין מיליאַרדל, פאַרשטייסט מיך?

ער האָט אונטערגעהויבן זיינע ברילן און הנאה געהאַט פון דער שטומער אויפמערקזאַמקייט פון די דריי צוהערער. באַלד האָט ער זיך צוגעבויגן צו זיי, דאָס בלוט קומט אים אַזש אין פּנים אַריין:

— דאַן קויף איך זיי אַלע, אַלע וועל איך זיי קויפן.

— אַ גרויסע חכמה — האָט דער דריטער געזאָגט און בכוונה זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער „אומבאַוווסטזיניקער יוגנט".

מאַריץ האָט זיך ווידער אַרויפגעכאַפּט אויפן שטיין, האַלטנ־ דיק זיינע קורצע הענט אויף די פיין געפּרעסטע הויזן. צוויי מאָ־ טאָציקליסטן זענען אַדורכגעפאָרן די גאַס, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף דער זינגענדיקער שול. די פליענדיקע ווערבעס אין דער לופט, האָבן נישט פאַרדעקט דעם גלאַנץ פון דורכפאָרענדיקע מע־ טאַלענע מאַשינען. אין די הויכקייטן פון הימל האָבן אַרומגע־ געשוועבט קראָען, וואָס זעען אויס צו וואַרטן מיט פרייד אויף דעם קומענדיקן שפּיל. פּלוצים האָט ערנין אַרומגענומען אַ פּחד. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געטראַכט אין יאוש:

— גאָט איז דאָ נישטאָ, ער האָט אונז פאַרגעסן, די זאַך איז קלאָר.

מאַריצנס היינעריקע שטים האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון פּחד:

— און דו — האָט ער צו אים געזאָגט מיט גוטמוטיקייט — וואָס ווילסטו מ׳זאָל דיר געבן? וואָס? אַ שערל, כדי זאָלסט זיי אַלע צעשניידן אין צווייען און זיי דיר צולייגן, לויט דיין שניט?...

— בר־מזל וואָס דו ביזט — האָט מאָריץ פאַרגעזעצט — דו האָסט דאָס גליק צו זיין קליין איך, איך מוז מיך שלאָגן און נאָכאַמאָל שלאָגן. אוי, ס׳זענען פאַראַן שעהן, יוען ס׳ווילט זיך מיט זיי חתמענען אַ שלום־אַפּמאַך, כאַ. כאַ.

— זיי ווילן דאָך נישט חתמענען — האָט געזאָגט פּאַולוס ווישניאַק, און גוטברודעריש געקלאַפּט מאָריצן אויפן אקסל.

— אָ, ניין, זיי ווילן נישט און דאָך — האָט מאָריץ מוסיף געווען: — בין איך שוין איבערגעזעטיקט מיט די גרעאַנגלעניש באמת.

— דו לערנסט דאָך נאָך אין שול — האָט דער דריטער שומר רעאַגירט. מאָריץ האָט זיך תמימותדיק באַרימט:

— ס׳איז דאָס לעצטע יאָר, איך לויף אַרום מיט מיינע פּערצן יאָר. קאָן מען מיר אפשר מער געבן? אגב, ביים אַנהויב האָב איך זייער ליב געהאַט זיך צו באָקסן.

דער דריטער שומר האָט זיך איבער אים ז׳ערבאַרעמט:

— און דיינע חברים פון דער כיתה האָבן ד׳יך געלאָזט פאַלן, וואָס?

און אַז מאָריץ האָט אויסגעדרייט זיין צעשניטן־שראַמיק פּנים צו אים, האָט יענער ממשיך געווען:

— אָ, איך דערמאָן זיך, אויך איך ביים אָנהויב, געווען אין דעם עפּעס אַ מין גלאַנץ, כ׳האָב עס ליב געהאַט. ערשט צוריק מיט צוויי יאָר, האָבן מיר געהאַט פויסט־געשלעגן, דאָ, אָ, ממש נאָכן פאַרענדיקן די תפילות. איך האָב געהערט צו אַרנאָלדס גרופּע, ווייסטו? דער וואָס איז עולה געווען קיין ארץ ישראל. אָבער איך שווער דיר, כאָטש איך בין פאַרזוונדעט געוואָרן, האָט מען געקאָנט נאָך מער אויסהאַלטן. זיי פלעגן ברענגען מיט זיך אַכצן־יעריקע, דערנאָך זענען געווען די שטאַל־העלמען, און אין אַ שיינעם טאָג, האָט מען דערזען די ס.ס.־לייט, פאַרשטייסטו?

— יענע — האָט פּאַולוס ווישניאַק געזאָגט — וועלן היינט מער נישט קומען.

— דו ביזט גערעכט, איז מאָריץ מסכים — אָבער כאַפּ נאָר אַ קוק אַהין צום קרייצוועג, ביים ראָג, מיין פריינט.

פונקט אין דער רגע איז דער חלום צערונען.

ערני האָט געזען, ווי פּאַולוס ווישניאַק בויגט זיך צו צו מאָריצנס אַקסלען, ציט זיך הינטערווייַלעכץ צוריק, ווי אַ צע־גליטע זון וואָלט אים געבריט. און באַלד זענען צו אים דערגאַנגען די ערשטע קלאַנגען פון אַ נאַצישער מעלאָדיע, וואָס האָט זיך פאַר־פלאָכטן מיט די לעצטע תחנונים־נגינה פון תפילת־שבת בציבור — דאָס בענקענדיקע העברעישע לשון און די ראַציקע דייטשע שפּראַך האָבן זיך ווי באַהאָפטן איבערן בלינדן געסל, וואָס האָט אויפ־געציטערט אונטער דער אויפטרייסלונג.

— און אָט זענען די מייז אין דער פולאַפּקע — האָט מאָריץ אויסגעשריגן. ער האָט אָנגעכאַפּט זיין יונגערן ברודער פאַרן אַקסל און מיט איין שלעפּ אים אַוועקגעשטעלט אין שאָטן פון געסל.

פּאַולוס ווישניאַק און דער דריטער שומר האָבן איצט אויס־געזען ווי גרויסע קראָען, וואָס זייערע פליגל זענען געלײמט גע־וואָרן צווישן די ענגע מויערן פון געסל. מאָריץ און זיינע שיינע הויזן מיטן פּערל־גראָען רעקל איז געפלויגן שווער, ווי אַ באַרג־האָן, רייבנדיק ביי יעדן טריט די שטיינער פון געסל וואָס האָבן זיך ווי אויסגעקרומט אונטער ערניס לאַקירטע שיך. און די מויערן, ווי זיי וואָלטן זיך געוואַקלט, אַמאָל אויף דער זייט און אַמאָל אויף דער אַנדערער זייט, ווי אויך זיי וואָלטן געשלאָגן געוואָרן פון פּחד וואָס האָט אָנגעכאַפּט ערנין, ווי אויך זייער קאָפּ וואָלט באַקומען קאָפּשווינדל.

מיט איין שפּרונג האָט מאָריץ דערגרייכט די טויער־טירן, ערני האָט איצט געזאַפּלט אין שול־הויף צווישן די מתפּללים וואָס האָבן אַרומגעפּלאָנטערט און זיך בהדרגה צוריקגעצויגן צו דער הינטערשטער וואַנט, ווו די גרויסע משפּחות האָבן זיך צו־נויפגעפּרעסט, פאַרשטיינערטע פון שרעק.

— נייִן, נייִן, נישט אַריינגיין אין דער שול, אַלץ מוז פּאַסירן אין ליכטיקן שייַן פון טאָג — האָט זיך דערהערט די הויכע, הייזע־ריקע שטים פון רב, וואָס האָט מיט אויסגעשטרעקטע גרויסע הענט אויסגעמיטן דעם צוטריט פון עטלעכע דיקע פרויען — פלוי־דערקעס, באַצירטע אין רייכן שמוק — צו דער קליינער פורטקע.

דער רב האָט מיט התלהבות גערופן: — צו דער ליכטיקער שייך, צו דער ליכטיקער שייך אַרויס!

ס'איז אַנטשטאַנען אַ שטילשוויגעניש. די זאַכן האָבן ווידער באַקומען זייערע געווינלעכע פאַרבן, דער שטיינערנער הויף האָט זיך נאָך אַ ביסל געוואַקלט — דער אָפּקלאַנג פון לעצטן חוזק, און איז לסוף שטיל געוואָרן.

אַלץ איז געוואָרן משונהדיק קלאָר. דריי טריט פון דער ערשטער מתפּללים־ריי, איז געשטאַנען פּרוי לוי, די מאַמע, אַ בלייכע און אויפגעציטערטע פון פּחד, איר באַק צוגעבויגן צו רחלן, די איינגעוויקלטע אין ראָזע ווינדעלעך, און זי כליפּעט מורמלענדיק: ערני, ערני, ערני.

ער איז אַריבער די דריי טריט וואָס האָבן אים אָפּגעטיילט פון איר און האָט איינגעטוליעט זיין קאָפּ אין דער זיידענער וואַ־רעמקייט פון אַ בויך, וואָס צאַפּלט מיט אינעדרלעכן שלוקערץ.

ער האָט דער מאַמעס האַנט צוגעלייגט צו זיין נאַסער באַק. נאָכן באַרויקן זיך אַ ביסל האָט ער שוין אָפּגעזיפצט, וואָס האָט מיטגעריסן אַלע מתפּללים און איז באַגלייט געוואָרן מיט אַן אַלגעמיין קרעכצן פון פּחד. קיין שום גערויש איז נישט געקו־מען פון המון, קיין שום אָטעם און אפילו נישט קיין קינדס געוויין. ערני האָט זיך אויסגעדרייט און געזען, אַז די נאַציס זענען דאָ. זיי האָבן פאַרהאַקט דאָס הויפּט־טויער, און פאַרבאָטן דאָס אַרויסגיין.

ערנין האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער דערקענט דעם שפּיז־קרעמער פון דער פרידריכשטראַסע אין ס.א.־אוניפאָרם און גלאַנ־ציקע שטיוול. הינטער אים זיינע מענטשן ווי אַ מויער איבער דער גאַנצער ברייט פון הויפּט־טויער. איבער דעם אַלעם, האָט זיך אויפגעהויבן אַ רייך בלאָער הימל, אָן קראָען. ערנין האָט באַהערשט אַן איבעראַשנדיקע אינטואיציע, אַז גאָט רוט איבערן הויף פון דער שול, וואַכט איבער אים און איז גרייט זיך אַריינ־צומישן. צוויי־דריי יינגלעך האָבן זיך געשאַרט צווישן די שטיוול פון די נאַציס, וואָס זענען געווען באַוואָפנט מיט שטיינער, אַנט־קעגן דעם ייִדישן המון. פריילין בלומענטאַל איז דערשיטערט גע־וואָרן, איר שלאַנקע טאַליע איז צוגעפאַלן צו ערניס באַק. דאָס

יינגל האָט זיך געשטעלט אויף די פּיס־שפּיצן, האָט צוגענענט זיין מויל צו די אויערן פון זיין קליינער מאַמע און מיט אַ שאָטן פון אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן האָט ער געזאָגט ווייענדיק:

— האָב נישט קיין מורא, מאַמע, גאָט האַלט ביים אַראָפּנידערן. יעדן אויגנבליק.



די פענצטערס האָבן זיך געעפנט, און געשרייען פון שפּאָט און חוזק האָבן זיך אַריינגעריסן פון דער הויכער אָפּגעשיילטער פאַ־סאַדע, איבערן שולהויף.

ערני האָט געשפּירט, אַז די ברענענדיקע צוואַנציק מעטער, וואָס טיילן אָפּ די יידן־רייען פון דער נאַצישער מויער איבער דער ברייט פון שול־טויער, — וואָס איז אַ ביסל אומזיכער אין אַנבליק פון דעם שווייגן פון די קרבנות — זענען איינגעשרומפּן געוואָרן, ביז דער דינקייט פון אַ פאָדעם.

דערנאָך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די חוזק־געשרייען זענען געווענדט געווען צו די ס.א.־לייט, וואָס האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע מאָרדעס, אין געוויסער פאַרלעגנהייט, בעת זייערע לאַפּעס שטינ־קען איבער די נאַהייקעס. און אין ערניס מוח האָט זיך דער שייד־פאָדעם, קאָפּשווינדלדיק פאַרגרעבערט ווי אַ שטריק, וואָס וועט אויפהאַלטן די נאַצישע כוואַליע ביים טויער.

„די פענצטערס שטערן זיי", האָט ער אין האָפענונגס־התלהבות פאַרשטאַנען, ביז ער האָט אויפגעהויבן זיין נאָז צום שכנותדיקן בניק, וואָס איז אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט קעפּ פון מענער, פרויען און אפילו קינדער, און זייערע וואַכזאַמע אויגן האָבן אַריינ־געדרינגען פון אונטער דעם צווייגן־צוים, אין שיין פון דעם ווייסן און זיסן ליכט פון דער זון.

— „וויאַזוי קומט דאָס פאַר? — האָט ער זיך געפרעגט, — ביז איצט זענען די פענצטערס קיינמאָל נישט געווען אָפן, סיידן, צום וואַרפן מיסט אויף יידן אין שולהויף. פונוואַנען די גרויסע ענדערונג".

און אָט זעט ער אין פראָנט פון דעם הויז, ווי אַ טויב אויפן

ראַנד פון טויבנשלאַק, דעם היימישן קאָפּ פון הער יוליוס קרעמער, זיין לערער פון דער שטאָטישער שולע.

ס'האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק געשריי:

— איר האָט גאָרנישט קיין בושה?! — האָט הער קרעמער געזידלט די פאַרשטומטע באַציס און זיין פינגער (ערני האָט עס באַמערקט מיט אַ מין חוזק־פרייד) האָט זיך אויפגעהויבן צום בלאָען הימל, ווי צום באַשטראָפן ווידערשפעניקע תלמידים.

אין די יידישע רייען, אַרום ערני, האָט זיך נישט געהערט קיין מורמל. די מאַמע לוי האָט איינגעהאַלטן איר שלוכצן אין זיך, איר מויל איז געבליבן שטום. ערני האָט געפילט, אַז גאָט געפינט זיך דאָ אַזוי נאָענט, אַז מיט אַ קאָפּ העזה, וואָלט מען אים געקאָנט כמעט אָנרירן מיטן פינגער.

— בלייבט שטיין, רירט זיך נישט צו צו מיין פאָלק — האָט ער געמורמלט, ווי די געטלעכע שטים וואָלט גערעדט פון זיין האַלדז. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַ באַפרייטער פון קערפּערלעכן דאָזיין, זעט ער אין דמיון, ווי דער המון מתפללים הויבט זיך פּלוצים גיך אַרויף צום בלאָען הימל און די הויף־באַלאָטן גיבן דעם אויפפלי אַ פאַרכאַפּנדיקע שנעלקייט פון אַ געשליידערטע פייל אין חלל אַריין, מעשה פּאַראַדאָקס: דער ישראל־רייטוואָגן, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן צו אַ פאַנטאַסטישע הויך, איז געוואָרן אַ פינטל אין דער אויסגעוועלבטער בלאָקייט, ווו ערני האָט נאָר דערקענט דעם גוף פון זיין מאַמע, וואָס האָט זיך דייטלעך געזען, אין דער אומענדלעכער קליינקייט, ווי דער מיניאַטור־שנאָבל פון אַ מאָסקיט. און אפשר, האָט ער צו זיך געשמייכלט, האַלטנדיק פאַר־מאַכט די אויגן, שוועבט טאַקע איצט דער ישראל־וואָגן איבער דער וווּנדערלעכער ערד פון ארץ־ישראל, דאָס לאַנד פון זבת חלב ודבש.

— איר דאַרט אויבן!

ערני האָט דערזען דעם נאַצישן אָפיציר, דעם ווולגאַר'ן, דעם גראָבהויטיקן מיט די ברייט צעעפנטע אויגן, ווי ער מאַרשירט צום הויז־פראָנט, אין ווילדן כעס.

— מאַכט דאַרט צו די פענצטער! — האָט ער מוסיף געווען און געהויבן זיינע קנאָכיקע פויסטן איבער זיין געגאָלטן גרויסן קאָפּ. מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס צו די פענצטערס, האָט ער

זיך די גאַנצע צייט געדרייט אין שווערער באַוועגונג, ווי אַ שיכור.

אָבער דער דערשראָקענער ערני האָט בולט געזען, אַז דער נאַצי ווערט פאַרשיכורט פון זיין אייגענעם צאָרן, פון זיין בלוט וואָס האָט רויט געמאַכט דאָס פּרצוף זיינס, בעת דאָס מויל עפנט זיך און מאַכט זיך צו, שלינגענדיק די שוים פון זיינע ליפּן, ער געפינט קוים די פּאַסיקע ווערטער:

— איר דאָרטן אויבן — האָט ער אַרויסגעוואָרפן פון מויל און האָט מיטן אָרעם געצייכנט אַ מין רונד־בויגן אין דער לופט.

— זאָגט נאָר, איר קאָנט נאָך אַלץ נישט די ידישע חזרים? איר ווייסט נאָך נישט וויפיל שלעכטס זיי האָבן אונז אָנגעטאָן? חברים, צי האָבן זיי נישט געוואָלט חרוב מאַכן אונזער לאַנד?

— דאָס לאַנד, די ערד פון אונזערע עלטערזיידעס? — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ וויינענדיקער שטים, וואָס האָט איבעראַשט דעם יונגענקען ערני, מער ווי אַלץ.

אויף אַ ווײַלע האָט זיך דאָס נאַצישע מויל באַוויזן, אָן אַרויס־צוגעבן דעם מינדעסטן קלאַנג. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיין האָריקע האַנט אין דער ריכטונג פון דער איבערגעשראָקענער עדה פרומע יידן, אַ רויטער פינגער האָט אַרויסגעשטאַרצט פון זיין פויסט:

— העי, איר דאָרטן אויבן — האָט ער זיך צעשריגן מיט אַ קול וואָס ערני האָט עס נישט דערקענט, אַ קויטיק קול, וואָס האָט ווי געשטראָמט פון זיין בויך: — מיינע דאַמען און הערן, אויב איר האָט אַ גוט האַרץ פאַר די פאַרדרעקטע חזרים, פאַר דעם חלאת פון גיהנום; אויב איר ווילט, אַז די דאָזיקע וויסטע נפשות זאָלן אייך נאָס מאַכן די קעפּ, איז וואָס וואַרט איר? גייט אַראָפּ אַהער, און אויב דאָס איז אייך נישט גענוג, קאָנט איר תמיד אַריינקריכן אין זייער הינטער־חלק און זיך בוקן צו זייער הייליקן מזבח, כאַ, כאַ, כאַ.

אין דער היץ פון די אַרויסגעוואָרפענע שמוציקע רייד, האָט ער, ווי דערלאַנגט קלעפּ מיט דער פויסט אַנטקעגן די פענצטערס, וואָס האָבן זיך כמעט אַלע פאַרמאַכט פון חרפּה, און די יידן זענען געבליבן אַליין אויפן פּראַנט.

אָבער דאָך זענען פאַרבליבן אַ צען דייטשע עדות, אָנגעשפּאַרטע

אויף די פענצטער־פּאַראַפּעטן, נישט אַרויסרעדנדיק אַ וואָרט, און ווי געפּאַרשט די תחנונים־בליקן פון די יידן, וואָס אַלע האָבן, באַזונדערס פרויען און קינדער, אויסגעשטרעקט זייערע ציטער־דיקע הענט צו די פענצטער, צו די מיטפּילנדיקע. ערגי האָט מיט דבקות מתפּלל געווען, מיט אַן אָפּן האַרץ ווי אַ בעכער:

— האַר פון דער וועלט, ווענד דיין אויג אַהער צו אונז, איך בעט דיך.

אין דעם מאָמענט האָט זיך פרוי טושינסקי אַרויסגעריסן פון די רייען, אַ צעקאָכטע פון צאָרן, האָבן אירע לאַנגע אויסגעדאַרטע הענט געצאַפּלט ווי שלאַנגען אַרום איר קאָפּ, און זי האָט באַשאָטן דעם פאַרשטיינערטן נאַצי מיט קללות:

— וואָס ווילט איר פון אונדז? — האָט זי געשריגן אין אַ פאַרייִדישטן דייטש, — זאָגט, וואָס האָבן מיר אייך געטאָן? צי פירט איר אייך נישט אויף ווי ווילדע חיות? זייט וויסן, גאָטס יום־הדין וועט קומען, ער וועט אייך נעמען אין זיינע הענט, ער וועט אייך צעשמעטערן, אָט אַזוי — האָט זי פאַרענדיקט, באַוועגנדיק האַסטיק מיט אירע לאַנגע הענט אינדערלופטן. ערגי האָט זיך, אין זיין שרעק אַ ביסל געשטאַרקט, אַפילו דאָס רעליגיעזע געפיל אין אים, האָט זיך ווי אויסגעדעמפּט, און רק ער קוקט מיט זיינע אַרויסגעזעצטע אויגן אויף דער אַלטער פרוי, וואָס האָט זיך דערנענטערט, אַ טריט נאָך אַ טריט, מיט קללות און חרמות צו דער דראָענדיקער וואַנט פון די ברוינע העמדער און גלאַנציקע שטיוול.

זי האָט כמעט אָנגערירט מיט אַ פינגער אַ נאַצי־אוניפאָרם און אים, איצט אין אַ ריינעם דייטש, אַריינגעזאָגט אין פּנים, אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט:

— פאַרלוירן זענט איר אויף אייביק, יאָ, יאָ, איר זענט פאַרלוירן!

אַן אָנסופיקע רגע האָט זיך געצויגן, ביז דער נאַצישער קאָמענדאַנט האָט געמאַכט אַ טריט פאָרויס, האָט מיט אַ רמז שטיל געמאַכט זיינע מענטשן און אין שמייכל זיך געווענדט צו פרוי טושינסקי: — אָבער דו, דו וועסט באַלד זיין פאַרלוירן!

און מיטן גאַנצן כוח איר געגעבן אַ פּאַטש אין פּנים, אַז דאָס שייטל פון דער זקנה איז געפלויגן אין שייַן פון דער זון. פּרוי טושינסקי איז געפאַלן אויף איר רוקן, זי האָט צוגעדעקט מיט אירע קנאָכיקע הענט די חרפּה פון איר אָפּגעדעקטן נאַקעטן שאַרבן. ערני האָט. אין קאָפּשווינדל, געשפּאַנט צוויי שריט פאַרויס.

— נייך, נייך — האָט ער געזאָגט צו זיך, און זיינע אויגן זעען ווי פּרוי טושינסקי ליגט פאַר די פיס פון נאַצי מיטן פּנים צו דער ערד, פאַרדעקנדיק מיטביידע הענט איר קאָפּ וואָס איז ענלעך צו אַ שאָל פון אַן איי. ער האָט דערפילט, אַז זיין מויל איז אָפן און ער וויינט. פּריילין בלומענטאַל האָט זיך אַ ביסל אַרויסגערוקט און אַרויפגעלייגט איר האַנט אויפן וויינענדיקן מויל פון יינגל, אָבער ער האָט אָפּגעשטופּט איר האַנט און זיך געריסן פאַרויס אין געדעמפטן געוויין און געשריי. דאָס איז געמאַכט געוואָרן אַזוי ראַש און גיך, אַז קיין מענטש האָט נישט באַוויזן צו רעאַגירן. ווען דאָס יינגל האָט זיך געפונען צוויי מעטער פון נאַצישן אָפיציר, האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן אַ מוראדיק געשריי.



אַרויסגייענדיק פון דער שול איז מרדכי ממש געטראָגן געוואָרן פון די כוואַליעס פון המון, אָפּגעזונדערט פון זיין משפּחה, וערט ער אַריינגעדרענגט אין אַ ווינקל, צווישן דער מויער און קליינעם שחיטה־שטיבל פאַר עופות, אונטער אַ נידעריק דעכל, וואָס האָט דערגרייכט זיין קאָפּ. דער גאַנצער אויפברויז פון קהל איז צו אים דערגאַנגען מיט אַ מענטשן־כוואַליע, אַ שוואַכע, וואָס ווערט צעשפּרונגען אין אַ פעלז... זיינע אויגן האָבן אַרומגעשוועבט איבער אַ ים פון קאָפּעלושן, קאָפּעלעך, קאָפּטיכלעך און צעלאָזענע צעפּ, כדי צו דערקענען וועמען פון זיין משפּחה. אָבער נאָר יהודיתס פּנים אין אירע צעפלאָכטענע צעפּ, האָט זיך געזען אינמיטן שטראָם, ווי זי ווערט געטראָגן און געוויקלט אין געדראַנג.

מרדכי האָט שלום געמאַכט מיטן מצב און איז געווען גרייט אויפן ערגסטן. אַן אור־קול איז אין אים אויפגעגאַנגען און האָט אים דערמאָנט די פּורעניותן פון דעמאָלט, גאָטס שטראָף פון

איביק אָן ביז די טעג אין זעמיאַק, אַחוץ ספּעציעל פון לעצטן יאָר, ווען דער קריסטלעכער באַרבאַריזם האָט אַריינגעשטאָכן זיינע נעגל אין לייב פון דייטשן יידנטום. אָבער אַזאַ שגעון און אונזין פון פרויען און קינדער, זיך קעגנצושטעלן די נאַציס, דאָס איז געווען קעגן זיין ווילן. ער האָט זיך אפילו געשטעלט אַקעגן דעם גיין אין שול, נאָר די נאַרישע עקשנות פון די פרומע שטילנשטאָ־טער יידן האָט אַהערגעבראַכט אים און זיין פאַמיליע. וואָס איז דאָס פאַר אַ מיסטעריעזער אינסטינקט וואָס שטויסט זיי צו דעם? האָט ער זיך געפרעגט, ווען זיינע דערשטוינטע אויגן האָבן געזען דעם ווירדיקן אָנבליק פון די יידישע פּנימער בעתן אָנקימען פון די ס.א.־גרופּן, איינשליסלעך די קלאָג־ווייבער און די קליינע קינדער, וואָס אויך זיי האָבן אַרויסגעוויזן גרויסמוטיקייט. וואָס איז דאָס פאַר אַן אור־אַלט, טראַציק פייער, וואָס האָט זיך איצט אָנגעצונדן אין די פשרה׳דיקע נשמות פון די שטילנשטאָטער יידן, וואָס דרימלען שוין זייט הונדערטער יאָרן אין דער שטילער ריינלענדישער פּראָווינץ, און האָבן פּלוצים, אין אָנבליק פון די רדיפות, אַנטפּלעקט אין זיך דעם וווּנדערלעכן חוש פון יידישן קיום? זיי, וואָס זענען פאַרווירט געוואָרן פון בלויזן דערמאָנען די קדושים פון אַמאָל, זיי, וואָס האָבן אויסגעזען הילפלאָז און נאַקעט אַנטקעגן זייערע יסורים, זיי, האָבן די איצטיקע געשעענישן געטראָפן גרייטע, ווידערשטאַנדפעיקע און געשטאַרקטע.

רעדנדיק אַזוי מיט זיך, האָט מרדכי געזען דאָס פּלוצימדיקע ספּאָנטאַנישע אויפרייסן זיך פון די פענצטערס, און בעת דער שטור־רעם איז אַ ביסל שוואַכער געוואָרן האָט ער זיך געפרעגט:

— וואָס וועט פּאַסירן, רבונו של עולם, אין דעם טאָג ווען די דייטשע פענצטערס וועלן זיך מער נישט עפענען ביים אָנבליק פון יידישן צער?

ער האָט מיט עצבות נאָכגעפאָלגט, ווי די פענצטערס פאַר־מאַכן זיך איינציקווייז און יידישע הענט הויבן זיך צום הימל, ווי זיי וואָלטן פּלוצים אַנטפּלעקט זייער שוואַכקייט.

מרדכי האָט געפּרוּווט זיך מאַכן אַ דורכגאַנג צווישן די קעפּ וואָס גרייכן נאָר זיינע אַקסלען, צווישן די פאַרשוויצטע פרויען־פּנימער, די געבויגענע שטערנס פון די מענער און די פאַרווײנטע

אויגן פון די קינדער. אַ תפילה איז איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל:

— רבונו של עולם, זאָל כאַטש דאָס משוגעת פון פרוי טושינסקי זיך נישט נוקם זיין אין די קליינע קינדער.

ערניס געשריי איז צו אים דערגאַנגען פון אַ מרחק איבער עטלעכע מענטשלעכע קעפּ אין ברענענדיקן שטח, וואָס האָט פאַנאַנדערגעטיילט די בײדע וועלטן.

דאָס ייִנגל, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם „ברוינעם העמד" איז געווען אַזוי קליין, שוואַך און נעבעכדיק, אַז ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער קניט פאַר זיינע פיס און ווערט צוגעדעקט פון דעם מענטש־שטן אויף דער שטיינערנע פּאָדלאָגע, וואָס האָט צוריקגעגעבן דעם אָפּשיין פון בלענדנדיקן ליכט פון דער זון.

און פּלוצים, ווען מרדכי האָט דערקענט בולט די ציטערדיקע קליינע געשטאַלט מיט דער צאַפּלדיקער ייִדישער נשמה, זיינע דאַרע, וואַקלדיקע פיס און די שוואַרצע לאָקן. וואָס אַ קאָמישדייטשער בערעט האָט זיי קוים צוגעדעקט, ווען ער האָט געזען דעם פּחד, וואָס האָט באַנומען ערנין, האָט דער זקן געהאַט אַ מין וויזיע: „ווי דאָס שעפּסל, וואָס ווערט געפירט צו דער שחיטה, דער שעיר לעזאזל."

טרערן האָבן געריסן פון זיינע אויגן.

די קומענדיקע פּרשה האָט זיך אָפּגעשפּילט ערגעץ ווייט, אין איינעם פון די וועלטן פון חלום און לעגענדע, ווען דאָס שיינענדיקע ליכט פון דער זון, וואָס גיט צו מיסטעריע צו דער זעאונג, האָט צוגעגעבן די לעבעדיקע פאַרב פון אַ בילד. דער נאַצי האָט אַרויסגעזעצט מיט אַ געלעכטער און געוויזן מיט אַ פינגער אויפן ייִנגל, הינטער אים האָבן זיך אַנדערע אוניפאָרמען צעהירזשעט און זיך קעגנזייטיק דערלאַנגט קלעפּ אויף קוראַזש.

— זעט נאָר דעם באַשיצער פון די ייִדן — האָבן זיי געשריגן.

דער הימל, וואָס האָט געפלאַקערט איבער זייערע קעפּ, האָט פאַרפּילפּאַכט ביז אַן שיעור זייער געלעכטער. מרדכי האָט פאַרשטאַנען, אַז אָט די כוואַליע פון פריילעכקייט האָט אַרומגערינגלט דאָס ייִנגל מיט אַ מאַנטל פון שוץ. ערני, ווייזט אויס, האָט דאָס

דערפילט, ווייל ר׳האָט זיך פּלוצים אַראָפּגעבויגן און צוריק אַרויפ־געלייגט דאָס אַראָפּגעפאַלענע שייטל אויף פרוי טושינסקיס קאָפּ, זי האָט עס צוגעכאַפּט און איז ווידער געבליבן ליגן אויף אַ זייט, אירע צוזאַמענגענומענע קני האָבן אָנגערירט די עלנבויגנס און איר גרויסער ביינערדיקער גוף איז געזונקען אין די שוואַרצע טרויער־קליידער, זי האָט אויסגעזען ווי אַ טויטע קראָ. אָבער ווען דאָס יינגל איז אויפגעשטאַנען, האָט דער נאַצי אויפגעהערט צו לאַכן און אים צוריק אַ שליידער געטאָן צום קערפּער פון פרוי טושינסקי, אַז איר קלייד האָט זיך אויפגעהויבן און אָפּגעדעקט איר ווייס, אַלט שענקל. דעם נאַצים אויגן האָבן זיך צע־פינטלט, ער האָט זיך צוריקגעצויגן אין פאַרלעגנהייט און זיינע מענטשן הינטער אים, צום קליינעם געסל.

אַזוי האָט זיך עס דעם טאָג געענדיקט. קהל האָט פריי אָפּגעעטעמט.

# 3

ביי פרוי טושינסקי איז בעתן פאַלן צעבראָכן געוואָרן דער שליסלביין, אָבער דאָס יינגל איז נישט געווען באַשעדיקט, דאָך האָט מרדכי אַ הייב אויף געגעבן ערנין, אַרונטערגענומען אונטער זיין אָרעם די דינע, צעקראַצטע קני און אים אַוועקגעטראָגן אין בלינדן געסל, נישט צוהערנדיק זיך צו קיין שום עצות פון די פאַרבליבענע יידן אין שולהויף. פריילין בלומענטאַל איז געגאַנגען הינטער אים אַ פאַרמרהשחורהטע, געגאַנגען און געשעפּטשעט צו זיך, אַ באַנומענע פון גאָטספאַרכטיקייט. ערני האָט פּראָטעסטירט און געטענהט, אַז ער קאָן אַליין גיין, אָבער דער זיידע איז שווייגנ־דיק געגאַנגען פאַרויס איבער די זון־באַלויכטענע גאַסן, דייטשן האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפן אָנבליק פון פאַרבייגייענדיקן הויכן זקן מיטן יינגעלע אויף זיך, וואָס איז מן־הסתם פאַרוווּנדעט גע־וואָרן אין שול.

די איינציקע שלעכטע באַגעגעניש איז געווען מיט קליינע יאַטן, וואָס זענען די נאָכגעגאַנגען איבער דער גאַנצער לענג פון

דער גאַס, זינגענדיק אַ לידל. זייערע לויטערע העלדזער האָבן דעם לידל צוגעגעבן חן וואָס איז נישט געווען אין איינקלאַנג מיט דעם אינהאַלט:

יידן, יידן, צו די מצות,
מאָרגן קומט דאָס מעסער,
איבערמאָרגן — דער שייטערהויפן,
און דערנאָך גייט צום טיוול.

אָבער מרדכי, וועמענס אויגן זענען געווען פאַרזונקען אין חלום, אין די גרענעצן פון דער „אַנטפּלעקונג", צו איִם זענען די קולות פון די יאָטן בכלל נישט דערגאַנגען, לסוף זענען זיי מיד געוואָרן צוליבן זקנס גלייכגילטיקייט. נאָר פון צייט־צו־צייט, ווען ער איז ווידער געקומען צו זיין פיזישן באַוווסטזיין און ד׳ערפילט דאָס דרימלדיקע יינגל אין זיינע אָרעמס, האָט זיך צום עק פון זיינע צעשויבערטע וואָנסן אַראָפּגעקייקלט אַ טראָפּן שווייס. אָנקומענדיק אויף דער ריגענשטראַסע נומער 8, האָט ער דאָס יינגל אַרויפגעטראָגן צו זיך אין שטיבל, אומגעלומפּערט אים געננומען אויסטאָן, דאָס יינגל האָט געעפנט אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן.

— האָב נישט קיין מורא, מיין קינד, האָב נישט קיין מורא.

— שעפּטשעט דער אַלטער.

דאָס יינגל איז געלעגן איינגעדעקט ביז צום האַלדז, ווי אַ זייגקינד. מרדכי האָט פאַריגלט די טיר און זיך אָוועקגעשטעלט ביים צוקאָפּנס פון יינגלס בעט. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן מיט אַ הייזעריקער שטים, — ווי ס׳וואָלטן אים געשטיקט די אַלע יאָרן פון שווייגן — די ווונדערלעכע געשיכטע פון די לוי׳ס, פון אָנהויב ביזן סוף.

ער האָט אָפּט אַליין איבערגעריסן, פרווונדיק אַראָפּלייענען פון יינגלס פּנים סימנים פון פאַרשטיין. דערנאָך האָט ער צוגעפּאַסט זיינע רייד צו דער באַקן־רויטקייט פון דעם איבערגענומענעם יינגל און געזעדט מיט אַ שפּראַך וואָס דרינגט אַרייך צווישן די מילכציין, קעגנאיבער דעם שימער פון נאַטלעכער בלאָקייט אין זיין האַלב אָפּענע אויגן. ער איז אַראָפּ נאָך אַ שטאַפּל, כדי צו זיין מער פאַרשטענדלעך און אויפהויבן צו זיך די מאָס פון ערניס פאַרשטאַנד. אָבער ביי אַלע זיינע נסיונות פון דעם לאַנגן

איינגנאַרטיקן דערציילן האָט ער איינגעזען, אַז ער האָט אין דער טונקלקייט פון בין־השמשות, נישט דערוועקט אין דעם פאַרוויקלטן בחורל, נאָר קוים אַ זכר פון די טויזנט לעגענדעס וועגן די ל״ו־ניקעס. און ווען ער האָט געזאָגט, אַז דער לעצטער צדיק פון זעמיאָק איז געשטאָרבן צוריק מיט דריי יאָר, נישט באַשטימענדיק קיין יורש (און די משפחה לוי איז פאַרזונקען אינעם טונקעלן שלייער פון פאַרבאָרגענע ל״ו־ניקעס) האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער זעט אין דעם יינגלס בלאָע אויגן אַ קליינעם בליץ פון דאגה, וואָס האָט זיך באַלד פאַרלאָשן.

— און פאַרוואָס — האָט דער זיידע אומגעריכט געפרעגט — האָסטו געטאָן דאָס וואָס דו האָסט געטאָן, פריער מיט אַ שעה, אין דער גרויסער שול?

דאָס יינגל האָט זיך פאַרויטלט:

— כ׳ווייס נישט, טייערער זיידע, דאָס... דאָס האָט מיר ווי געטאָן, האָב איך...

ער האָט זיך ווידער אָנגעקלייגט, זיך צעשמייכלט און אַריינגעטאָן צוויי פינגער אין מויל:

— איך האָב זיי אָנגעגריפן, דו פאַרשטייסט, זיידע?

— לאָך נישט, לאָך נאָר נישט — האָט מרדכי פאַרצווייפלט געשעפּטשעט. ער האָט באַדויערט אויף זיינע נאַרישע פאַרטרויליכע רייד, געהאַט געוויסנביסן — אַ געפיל פון עפּעס אַ פאַרבאָרגענער זינד, וואָס איז אויף איר נישטאָ קיין תיקון.

דער אַלטער „העלפאַנט" האָט זיך איבערגעבויגן איבערן בעט און שטיל געקושט דעם שטערן פון דערשטוינטן ערני, ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, זי געעפנט פּאַמעלעך ווי אַ שולדיקער. אַ שטילער רוף האָט אים אומגעקערט:

— זאָג מיר נאָר, זיידע.

מרדכי איז אַ מידער פּאַמעלעך צוריקגעגאַנגען צום בעטל.

— וואָס ווילסטו, נשמה מיינע?

ערני האָט צוערשט געשמייכלט, כדי זיך אויפצוהייטערן, דערנאָך האָט אַ רויטקייט באַדעקט זיינע באַקן:

— זאָג מיר, זיידע טייערער — האָט ער געשעפּטשעט, אַז

מ׳האָט קוים געהערט — וואָס באַדאַרף אַ צדיק, אַ ל״ו׳ניק טאָן אין זיין לעבן, וואָס?

אַ ציטערניש האָט אַרומגענומען דעם ייִדן, ער האָט נישט געוווּסט וואָס אים צו ענטפערן, די רויטקייט פון ייִנגלס פּנים איז פּאַמעלעך אָפּגעטרעטן, ער איז געוואָרן בלייך אין דער טונקלקייט, אָבער די גרויסע נאַכט־אויגן זיינע, פאַרזייט מיט שטערנדלעך, האָבן געלויכטן מיט רירנדיקער פּראַכט אויפן קישן, ווי אַמאָל די יידישע התלהבותדיקע אויגן פון זעמיאַק. מרדכי האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן ייִנגלס קאָפּ און געקרייזלט זיינע יונגע לאָקן:

— טייער קינד — האָט ער געשעפּטשעט אין קווענקלניש — צי פרעגט די זון ביי דיר וואָס זי זאָל טאָן? זי גייט אויף, זי גייט אונטער, זי דערפרייט דיר די נשמה.

— אָבער די צדיקים — האָט ערני זיך איינגעעקשנט.

די דאָזיקע עקשנות האָט דעם אַלטן ווייכער געמאַכט, ער האָט געזיפצט:

— ס׳איז די זעלבע זאַך, די צדיקים דערהויבן זיך אויך נידערן אַראָפּ, און גוט אַז עס איז אַזוי.

אָבער ווען ער האָט געזען, אַז דעם ייִנגלס אויגן זענען ווייטער באַהאָפטן צו זיינע, האָט ער ממשיך געווען מיט געפיל:

— ערני, מיין קליין רבילע, מיך פרעגסטו? איך ווייס נישט קיין סך, די חכמה איז וויט פון מיר. הער זיך צו: אויב דו ביזט אַ צדיק, וועט קומען אַ טאָג און דו וועסט אַליין אָנהויבן לייכטן, האָסט פאַרשטאַנען?

דאָס ייִנגל האָט געשטוינט.

— און ביז דעמאָלט?

— ביז דעמאָלט, זיי נאָר קלוג — האָט דער אַלטער איינגעהאַלטן אַ שמייכל.



אַז דער ייִדער איז נאָר אַוועקגעגאַנגען און ס׳האָבן זיך נאָך געהערט אויף די טרעפּ די מיושבדיקע, פּאַמעלעכע טריט זיינע, האָט ערני אָנגעהויבן ערנסט חלומען וועגן זיין הייליקער מיסיע.

אַ בין־השמשותדיקער שאָטן האָט פאַרוויכט די זונשטראַלן,

וואָס האָבן געצייכנט אומבאַשטימטע סתם־פּאַרמען אַרום בעט, בענקל און אַרום די פלעכטלעך פון די פאָרהאַנגען. אַ געוועב־לעכער פּינטל מיטן אויג האָט אַלץ אַרומגענומען און זיך ניט אָפּגעהאַלטן, נאָר אויף איין געלן שטראַל, וואָס האָט געטאַנצט נעבן בענקל און באַלד איז ער אויך פאַרזונקען אין דער נאַכט, וואָס האָט אַרומגעהילט אַלץ. פון גרויסן צימער איז דערגאַנגען אַ געמורמל צו ערניס אויערן, און באַלד זענען פאַנטאַסטישע געשטאַלטן דערשינען פאַר זיין בעטל. ער האָט געעפנט אַ נייעם סטימול אין זיין מוח און די אַרויסגערופענע געשטאַלט וואָס האָט זיך באַוויזן אין לונאַטישער העלקייט, האָט לויטערער געמאַכט זיינע אויגן.

ערני האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן קישן און צו זיין צופרידנקייט, האָט ער דערקענט די טייערע פרוי טושינסקי, איר דינינקע פינגער האָבן צוגעהאַלטן דאָס שייטל אויף איר גלאַנציקן שאַרבן.

ווען די נאַצישע מחנה איז זיך פאַנאַנדערגעלאָפן, האָט ערני אַנטפּלעקט דעם פאַרוווּנדעטן שאַרבן פון פרוי טושינסקי, וואָס איז ווי אַן אייער־שאָל געלעגן אונטער איר צעקנייטשט פּנים און אָפענעם צאָרנדיקן מויל.

— גייט — האָט ער געזאָגט צו דער געשטאַלט — איר האָט דאָס אייעריקע געטאָן, פאַרהאַלט זיך שטענדיק רויִק, פרוי טושינסקי. ווייל איך בין אַ צדיק, אַ ל״וניק, איר פאַרשטייט?

— דאָס איז אומגלויבלעך — האָט זי געשמייכלט.

— די זאַך איז אַזוי, ווי כ׳האָב איך געזאָגט — האָט ערני דערקלערט.

און נישט וואַרטנדיק מער, האָט ער באַפעלעריש פאַרצויגן שטרענג די ברעמען און אַרויסגערופן אַ גרופּע רייטערס, וואָס האָבן זיך ביז איצט אויסבאַהאַלטן אין דער שאָפע. די אין פעדערן אויסגעפּוצטע רייטערס, האָבן זיך אויסגעשטעלט ביי דער טיר און הילכיק געטרעטן אויפן פּלאַץ.

— און איצט — האָט געזאָגט דער קרעמער פון דער פרידריך־שטראַסע, אַ גוט געשיצטער אין אַ פאַנצער־מאַסקע — זאָלן מיר נקמה נעמען פאַר קריסטוסן?

פון ביידע זייטן פון זיין פֿאַנצער האָבן זיך געזען די מער־דערישע נעגל פון האָקנקרייץ.

ערני האָט אָנגעבלאָזן זיינע לונגען און זיך באַמיט אויפֿ־צודעקן זיין פֿאַרבאָרגן קול, ער זאָגט צום קרעמער:

— מיין הער, באַלד קום איך צו אייך.

און מיט אַ האַרצרייסנדיקן זיפֿץ, האָט ער אונטערגעהויבן די קאָלדרע, גדלותדיק זיך אַראָפּגעשטעלט אויף דער פֿאָדלאָגע און געלאָזט זיך גיין צו דער טיר, צו זיין טויט אויף קידוש־השם.

די יידן האָבן זיך אָפּגעשטעלט מיט גרויס דרך־ארץ.

אָבער דער מאַסיווער אָרעם פֿון מאַמע יהודית האָט זיך אויסגעצויגן איבער די קעפּ, כדי מיט דער אויסגעקרומטער האַנט צו דערגרייכן ערנין. פֿרוי לוי, די מאַמע, האָט זיך אויסגעשפּרייט מיט איר קערפּער איבער די פֿאָדלאָגע, בעת דער צדיק איז פֿאַרבייגעגאַנגען. ערני האָט אָפּגעשטופּט מיט אידלקייט מוטער יהודיתס האַנט און צוגעטאָן דעם שפּיץ פון זיין נאַקעטן פוס צו פרוי לוי׳ס בויך און לייכט איבערגעהיפּערט די באַדויערלעכע שטערונג.

— דו ביזט דער צדיק? — האָט דער קרעמער געפרעגט מיט ביטול. — דו ביזט דאָס דער באַשיצער פון די יידן?

— איך בין עס — האָט ערני געענטפערט און צוגעגעבן מיט אַ שטיקנדיק קול: — קום אַהער, צעווילדעטע חיה, הרגע מיך.

דער קרעמער האָט מיט זיין פֿאַנצער־הענטשקע געטראָפֿן אין האַלדז פון ערני לוי, וואָס האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אונ־טער דעם געוועלבטן בלאָען הימל פון דער שול. און אין דער טונקלקייט האָבן זיינע אויגן געזען, צוזאַמען מיט דער חלום־וויזיע און די צעשאָטענע חפצים איבערן שלאָפצימער, ווי עס האָט אַרומגעוואַנדערט, אַ קליינע, ווייסע געשטאַלט אין אַ נאַכט־העמד, ווי אַ קליין ווייס געשפּענסט. ער האָט באַשלאָסן צו שטאַרבן און זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ ראָמאַנטישן אופן נעבן דער שאַפע, די אויגן האַלב פֿאַרמאַכט, זיין פּנים געווענדט צום סופיט, פונוואַנען ס׳איז פּלוצים נעלם געוואָרן די געשטאַלט פון זיין תליון, און אויף דעם אָרט איז געקומען אַ שיינענדיק ליכט.

— גאָט אין הימל — האָט פֿריילין בלומענטאַל אויסגעשריגן

מיט ציטערניש — וואָס טוסטו דאָ אין דער פינצטער ביזט אפשר קראַנק?



ערני, וואָס האָט געקענט מאַמע יהודיתס וואַכזאַמקייט, האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ שלאָפנדיקן און געוואָגט אויך צו לאָזן הערן אַ לייכט פייפנדיק שנאָרכן פון זיינע ליפּן.

— דו שלאָפסט — האָט מאַמע יהודית שעפּטשנדיק גע־פרעגט. בזוז... האָט ערניס מויל געענטפערט. די זקנה האָט זיך באַלד אויפגעהויבן, אָפּזיפּצנדיק שווער, דורך זיינע וויעס־שפּעלט־לעך האָט ער זי געזען גיין צו דער טיר אויף די שפּיצן פון אירע הויזשיך, מיט הועיות פון אַ מענטש אין קאָנספּיראַציע. דאָס שוואַכע ליכט האָט זיך פאַרלאָשן, די טריט אויף די טרעפּ זענען שטיל געוואָרן, די טיר אויפן צווייטן שטאָק האָט זיך פאַרמאַכט און אַ שטילקייט האָט באַהערשט דאָס הויז. אַלע זענען געשלאָפן, אויסער אים.

פון חשש, האָט ער געוואַרט בערך אַ שעה, אין דער פינצ־טערניש און אין שטיקעניש פון זיין ערשטער ל"ו־נאַכט. זיינע מחשבות האָבן ווייטער געשפּאַנט מיט קראַפט אינעם אויסגעפּאַנטאַזירטן וועג פון זיין דערקענונג, אַז ער איז אַ צדיק, אַ ל"ו־ניק, און מיט אָפענע אויגן אין דער נאַכט אַריין, אַ צעוואָרעמטער פון אַרויפ־געבערענגטע זכרונות, האָט ער זיך באַמיט פעסטצושטעלן די אונטערשידן צווישן די כלערליי מיתות פון זיינע אבות אבותיו. למשל, ער האָט זיך דערמאָנט אין אומקום פון רבי יונתן, וואָס איז צוגעבונדן געוואָרן צום ווידל פון אַ מאַנגאַליש פערד, דער טויט איז ביי אים געווען פון קלענערער חשיבות ווי פון די ל"ו־ניי־קעס, וואָס האָבן זוכה געווען אריינגעוואָרפן צו ווערן נאַקע־טערהייט אין די פלאַמען פון שייטערהויפנס. — רבונו של עולם, ווי ווייט ער האָט זיך אַלץ נישט אָנגעשטרענגט, האָט ער זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן די פּיין פון דעם מאַרטירער־טויט, ווען זייער פליש און פעטן האָבן זיך געבראָטן אַרום די ביינער און טראָפּנווייז, אין דינע פלעמלעך, פאַרלענדט געוואָרן. פלוצים

באַשליסט ער זיך אַ ביסל איבערצוצייגן און ער גליטשט זיך לייכט אַראָפּ פון בעט.

ער האָט געפּרוּווט איינהאַלטן דעם אָטעם. מתחילת האָט זיך אים די פּייניקונג אויסגעוויזן פאַר לעכערלעך, אָבער ווען זיינע אויערן האָבן אָנגעהויבן קלינגען און ער האָט געשפּירט, עפּעס אַ גערודער אין זיין ברוסט, האָט ער זיך, אין מאָמענט פון נצחון־געפיל, אַליין געפרעגט, צי מען קאָן נישט די זאַך פאַרגלייכן צו די עינויים, די טויט־יסורים פון אַ צדיק. לסוף איז ער אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד, ס׳האָט אים פאַרפעלט לופט אין די לונגען.

— געווג דיר אַזוי — האָט אַ בת־קול אין אים גערופן.

— רבון העולמים — האָט ער זיך אַליין געענטפערט — ליג נישט קיין אַכט אויף דעם וואָס איך האָב געזאָגט, ס׳איז דאָך לעכערלעך.

ער האָט געטאַפּט אין דער פינצטער און איז באַלד צוגעקומען צו אַ ווינקל, ווו ער האָט געהאַפט צו געפונען דאָס קעסטל מיט מאַריצנס אוצר.

ווי אַ פּרוּוו, האָט ער מיט איין האַנט אונטערגעהויבן זיין לאַנג נאַכטהעמד, ווען די צווייטע האַנט האָט געשנאַפּט אין דער פינצ־טערניש, ווי די אויסשפּיר־הערנדלעך פון אַ פליג. ער האָט אַנידערגעקניט נעבן טיש און אַראָפּגענומען דעם צודעק פון קאַרטאָן, פאַרנומען זיך מיט שנירלעך, בלייענע סאָלדאַטלעך, מיטן נייעם זעקס קלינגלדיקן מעסערל, און צום סוף אַנטדעקט דאָס שאַכטל שוועבעלעך מיט די בלאָע שוועבל־שפּיצן.

— אַנו, ווייז נאַר ווער דו ביזט — האָט ער געמורמלט, כדי זיך אויפצוהייטערן, און זיפצנדיק, האָט ער צוגעפּירט דאָס שוועבעלע אונטער זיין לינקער האַנט. ער איז איבערראַשט, ווי ווייט נישט וועזנטלעך ס׳איז דער גאַנצער ווייטיק. דאָס שווע־בעלע האָט זיך אויסגעברענט ביי די שפּיצן פון זיינע פינגער, און אין דער אַנטשטאַנענער פינצטערקייט, האָבן זיך ווידער געגאָסן טרערן פון זיינע אויגן. אָבער דאָס זענען געווען טראָפּנס פרייד, לעבעדיקע, שיינענדיקע, האָניק־זיסע.

— ס׳איז אוממעגלעך — האָט ער נישט פֿאַרשטאַנען — כ׳האָב דאָך נישט געגנוג צוגעגעגנט דאָס שוועבעלע.

און ווען ער האָט געוואָלט אָנצינדן אַ צווייט שוועבעלע, האָט ער דערפֿילט, אַז דער פֿינגער־גלעגק פֿון זיין לינקער האַנט געהערכט אים נישט מער, זיי זענען פֿאַרשטייפֿט געוואָרן און האָבן זיך קעגן זיין ווילן, צעעפֿנט, ווי אַ פֿעכער אַרום זייך צעגליטער האַנט.

ער האָט אויפֿגעהויבן די אויגנלעפֿלעך, אַרום איז געווען פֿינצטער. האָט בניחותא צוזאַמענגעלייגט מאַריצנס חפצים און איז צוריק אַרייַן אין בעט.

מיט פֿאַרזיכטיקייט האָט ער געלייגט זיין לינקע האַנט אויף דער קאָלדרע, ווייל דער באַשעדיקטער האַנטפֿלאַך האָט אַרויפֿגעגעבן פֿון זיך אַ היץ, ווי פֿון אַ קאַלכאויוון, אַנטקעגן זייך דין נאַכטהעמדל. אַ שמחה האָט אים אַרומגענומען. אויב ער וועט זיך אַזוי כסדר איינגעוויינען, וועט אפֿשר מיט אַ צייט שפּעטער, אין אַ מאָמענט פֿון קידוש־השם, אים גאָט שענקען דעם כוח צו ליידן ממשותדיקע יסורים. יאָ, אויב ער וועט קרעפֿטיקן זיין גוף, וועט ער אפֿשר גרייט זיין, ווען דער טאָג וועט קומען, איבערצוגעבן זיין נשמה, אין ריינקייט, מיט גבורה. כדי גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען זיין אויף מאַמע יהודית, אויפֿן זיידן, אויף טאַטע־מאַמע מיט מאַריצן און די קליינע קינדער, מיט אַלע יידן פֿון שטילנשטאָט; און ווער ווייסט — אפֿשר אויך אויף אַלע יידן, וואָס זענען אויסגעליפֿערט דער בייזער וועלט. און ווי ער איז אַזוי דערשטוינט איבער דער לייכטקייט פֿון זיין אויפֿטו, האָט ער פּלוצים דערפֿילט אַ מין טרוקנקייט אין שפּיץ פֿון זיין לינקער האַנט, זי האָט זיך געקאַרטשעט און אויפֿגעריסן, וואַסערן האָבן פֿון איר געפּלאָסקן.

— און דאָך — זאָגט ער צו זיך מיט התפּעלות — וויין איך נישט.

ערשט איצט האָט ער געשפּירט דעם פֿאַרגעפּלטן ווייטיק.

## 4

צומאַרגנס האָט זיך אויף דער האַנט געזען אַן אָפענע בראַנד־וווּנד, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט ביז צום געלענק. ס'איז אוממעגלעך געווען עפּעס אַרויסצובאַקומען פון מויל פון קליינעם צדיק. ער האָט געפיבערט און האַלוצינירט, מכלומרשט פון נישט שלאָפן. די בראַנד־וווּנד פון אַ גליענדיק אייזן, ביינאַכט, איז צוגעשריבן געוואָרן צו אַ מעשה־כישוף. מאַמע יהודית האָט געמאַכט אַן אָפּ־שפּרעכעניש און געאיילט אַרונטערצולייגן אונטער דעם חולהס קישן: אַ רויט זעקל מיט זיבן קערנדלעך אַש פון זיבן אויוונס, זיבן ברעקלעך שטויב פון זיבן זאַוויאַסעס־לעכער, זיבן אַרבעס־לעך, זיבן קימל־בלעטלעך און לסוף אַן איינציקע האָר. זי איז מבולבל געוואָרן איך אַ ים פון אויסדאַכטענישן.

— איך פאַרשטיי נישט — האָט זי דערנאָך געזאָגט אין קיך פאַר דער גאַנצער משפחה לוי. — נעכטן, איז דאָס מלאכ'ל געשפּרונגען ווי אַ פלוי, אַ גיבור, אויפן קאָפּ פון די נאַציס און איינס אינדערפרי איז ער גאָר צעמזיקט. נאָך ווייניק וואָס מיר לײַדן צוליב זײַן בראַנד־וווּנד, פּיעשטשעט ער זיך נאָך אונזער בעל־הביתל אין זײַן בעט און גרויסט זיך מעשה גענע־ראַל, וואָס האָט נאַרוואָס געוווּנען אַ שלאַכט. און ווען איך, אָרעמע באַבע, פרעג אים: מלאכ'ל מיינס, וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט די נאַכט? צעשמייכלט ער זיך אונטער דער נאָז, הילט זיך איין אין אַ שטילשווייגעניש, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זײַן, אסור, צי כ'פאַר־שטיי עפּעס. הערט זיך צו, כ'האָב דעם רושם, אַז ער קוקט עפּעס אויף אונז, ווי פון אויבן אַראָפּ.

— אוממעגלעך — האָט בנימין געזאָגט.

— יאָ, פון אויבן אַראָפּ — האָט מאַמע יהודית איבערגע־חזרט אין פאַרצווייפלונג, ברעכנדיק זיך די הענט:

— האַרצעדיקער, דערבאַרעמדיקער, ווער האָט עס אונז גורם געווען אַזאַ צרה?

— אפשר — האָט פריילין בלומענטאַל זיך אַרײַנגעמישט — וויל ער איז נעכטן געפאַלן אַ ביסל אויפן קאָפּ?

און באַלד האָט זי זיך איבערגעשראָקן און נישט געוואָגט

צו ברענגען פאַרן מויל דעם געדאַנק, אַז דאָס יינגל מאַכט עמיצן נאָך, „אימיטירט" עפּעס וואָס.

דער זיידע האָט געשוויגן, געליטן עינויים. ער האָט זיך אַריינגעגנבעט אין שטוב פון „קראַנקען", ערני האָט אים אויפגענומען מיט אַ שמייכל פון אַ זיגער און אים אָפן אַנטפּלעקט מיט גאווה, אַז ער וויל זיך „קרעפּטיקן", די בלאָע רינגען אַרום זיינע אויגן, זיינע פלאַמענדיקע באַקן פון היץ און דער גרויסער באַנדאַזש, וואָס ער האָט געטראָגן ווי אַ פּאַן, דאָס אַלץ האָט געלייגט דעם בולטן צייכן פון משוגעת.

אָבער צוואָס דאָס „קרעפּטיקן" זיך? — האָט מרדכי געפרעגט מיט שרעק.

טראָץ די פרימאָרגן־שעהן, האָבן די פאָרהאַנגען אויפגעהאַלטן די טונקלקייט אין שטוב און אין איר, האָבן זיך געשפּילט די זון־שטראַלן. איין שטראַל איז זיך אַדורך איבער דער לענג פון זיידנס נאָז און צוויי־דריי גאָלדפעדעם האָבן געטענצלט אויף זיין באָרד. ערני האָט געשמייכלט, כדי זיך אַ ביסל אויפצוהייטערן.

— ...צו שטאַרבן — האָט ער פריידיק געענטפערט.

און ער האָט פאַרשטאַרקט דאָס לאַכן, כדי צו באַווייזן דעם זיידן, אַז מער איז אוממעגלעך געווען.

דער אַלטער האָט פּראָטעסטירט:

— ייד, וואָס דערציילסטו מיר מעשיות? — האָט ער זיך צעשריגן, און ערני האָט תיכף תופס געווען, אַז ער האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן טעות, איינבויגנדיק זיך אין צווייען, איז ער אויגנבליקלעך פאַרשוווּנדן געוואָרן אונטער דער קאָלדרע און זיך איינגעדעקט אינגאַנצן ווי אַ דערשראָקן חיהלע. אָבער פּלוצים האָט ער דערפילט אַ צערטלעך־זיסן גלעט אויף זיינע אַקסלען. געווען איז דאָס דעם זיידנס האַנט.

— גאָט איז מיט דיר, כ'גלויב נישט מיינע אייגענע אויערן. אָבער דאָך, אפשר וועסטו מיר פאָרט דערקלערן, פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן? צי האָב איך דען גערעדט וועגן שטאַרבן?

ערני האָט זיך געקווענקלט אין פאַרווירונג:

— ניין.

— כ'באַשווער דיך ביי דער אמונה פון אונזער תורה —

האָט דער זיידע געברומט און זיינע וווּנדערלעכע פינגער זענען געוואָרן נאָך מער ווייכער און ליבלעכער — וואָס איז דאָס פאַר אַ מין „קרעפּטיקן זיך״. תמיד האָסטו זיך אויסגעטיילט פון די אַנ־דערע קינדער.

דאָס שוואַכע קול פון אונטער דער קאָלדרע האָט זיך איינ־געבראָכן:

— איך האָב געמיינט, טייערער זיידע... אַז אויב איך וועל שטאַרבן, וועט איר אַלע בלייבן לעבן.

— אויב דו וועסט שטאַרבן, וועלן מיר לעבן?

— יאָ — האָט ערני איך איין אָטעם געענטפערט.

מרדכי איז פאַרזונקען אין מחשבות. זיין האַנט־פלאַך איז געבליבן אונטער ערניס צוגעדעקטן קאָפּ, אַזוי וואַרעם און לעבהאַפ־טיק, אַז זי האָט אָפּגעלייקנט די נאַרחלומקייט פון זיינע אויגן.

— אָבער — האָט ער געלאָסן ממשיך געווען — ווען איך האָב דיר נעכטן מסביר געווען, אַז דער טויט פון אַ צדיק ענדערט מיט גאָרנישט דעם סדר פון דער וועלט, האָסטו נישט פאַרשטאַ־נען מיין כוונה?

— ניין, כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען.

— און ווען כ׳האָב דיר געזאָגט, אַז קיין שום מענטש אויף דער וועלט, ווען ער איז אפילו אַ צדיק, איז נישט מחויב, צו יאָגן זיך נאָך יסורים, ווייל זיי קומען במילא?

— אויך דאָס האָב איך נישט פאַרשטאַנען.

— און אַז דער צדיק איז דאָס האַרץ פון דער וועלט?

— ניין, ניין — האָט דאָס יינגל איבערגעחזרט.

— וואָסזשע האָסטו יאָ פאַרשטאַנען?

— אַז איך וועל שטאַרבן.

— דאָס איז אַלץ?

ערני האָט ממש געקלאָגט:

— איך גלויב אין דעם.

— בכן, הער זיך צו — האָט מרדכי נאָכטראַכטנדיק געזאָגט — נייג צו דיינע בידע אויערן: אויב אַ מענטש ליידט פאַר זיך אַליין, איז דאָך קלאָר, אַז זיינע ליידן פאַרבלייבן מיט אים אַליין... האָסטו תופס געווען?

— כ'האָב תּופס געווען — ענטפערט ערני.

— אָבער אויב אַן אַנדערער זעט אים און זאָגט אים: „אוי, ווי שלעכט דו זעסט אויס, מיין ברודער, ייד" וואָס געשעט?

די קאַלדרע האָט זיך אַ ריר געטאָן און ס'האָט זיך באַוויזן דער שפּיץ נאָז פון ערני לוי.

— דאָס פאַרשטיי איך אויך — האָט ער געזאָגט מיט הנאה — ער נעמט אַוועק דעם צער פון זיין חבר, מיט זיין בליק.

מרדכי האָט געזיפצט און געשמייכלט:

— און אויב ער איז בלינד, גלויבסטו, אַז ער וועט קאָנען צונעמען דעם צער?

— זיכער, — מיט דעם באַנעמען פון זיינע אויערן.

— און אויב ער איז טויב?

— קאָן ער נאָך צונעמען מיט זיינע הענט — ענטפערט ערני.

— און ווען דער אַנדערער איז ווייט, און ער קען אים נישט דערגרייכן, נישט מיטן אויג, און אפילו נישט מיט אַ באַריר, מיינסטו, אַז ער וועט קאָנען צונעמען ביי אים דעם צער?

— ער וועט אים אפשר קאָנען אויספילן — האָט ערני קלוג געזאָגט.

מרדכי איז נתפעל געוואָרן.

— מיין ליב קינד, דו האָסט געבנוי געזאָגט, וואָס דער צדיק טוט. ער פילט דעם גאַנצן צער, וואָס איז דאָ אויף דער וועלט און ער נעמט אים אַריין צו זיך אין האַרץ.

ערני האָט נאָכגעדענקט, האַלטנדיק אַ פינגער אויף די ליפּן און טרויעריק געמורמלט:

— אָבער וואָס טויג דאָס פאַרויספילן, אַז דאָס ענדערט גאָרנישט?

— דאָס ענדערט כלפּי דעם רבונו של עולם, אָט וואָס.

און ווען דאָס ייִנגל האָט סקעפּטיש געקנייטשט אַ ברעם, האָט מרדכי ווידער אָנגעהויבן חלומען:

— ווייט, טיף, גאָר טיף, ווער קאָן אים משיג זיין?...

און ערני איז פאַרטראַכט, פאַרכישופט פון זיין אַנטדעקונג:

— אויב דאָס איז נאָר פּאַר גאָט אַליין, פאַרשטיי איך דאָן ווייטער גאָרנישט צי פאָדערט דען גאָט אויף די דייטשן, זיי זאָלן אונז רודפן? טייערער זיידע, מיר זענען דאָך נישט ווי אַלע מענטשן, מסתמא האָבן מיר עפּעס געטאָן קעגן גאָט, ווייל אַנדערש וואָלטן מיר דאָך זיכער אין אַזאַ לאַגע נישט געווען, מיר יידן, נישט אַזוי? אין זיין התלהבות, האָט ער אויפגעהויבן זיין פּאָר באַנדאַזשירטע האַנט און זיך אָפּגערופן מיט מוט:

— זיידעשי, זאָג מיר דעם אמת, איך בעט דיך, צי זענען מיר ווי אַלע אַנדערע מענטשן, אָדער נישט?

— צי מיר זענען מענטשן? — האָט מרדכי איבערגעחזרט.

ער איז געשטאַנען ביים בעט און זיך איינגעקוקט אינעם יינגל מיט מרה־שחורה. די אַקסלען אַראָפּגעלאָזן, דאָס קאָפּ פאַרוקט אויף אַ זייט, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ משונהדיקע צורה פון אַ תלמיד. און אַ שמייכל האָט זיך אויסגעשפּרייט פון זיינע וואָנסן ביז צו די אויגן, אַ שמייכל פון עצבות.

— אַזוי איז עס — האָט דער זיידע לסוף געזאָגט. ער האָט זיך צוגעבויגן און דאָס יינגל צוגעדריקט צו זיך, האָט אים אָפּ־געשטופּט, ווידער אים געקושט, און איז אַנטלאָפן. ערני האָט געהערט ווי דעם זיידנס שיך האָבן זיך אויף אַן אויגנבליק פאַר־האַלטן אויף די טרעפּ. די טיר פון גרויסן צימער האָט זיך פאַר־מאַכט. אָרעמער זיידע, האָט ערני געזאָגט צו זיך, אָרעמער זיידע.

— ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט. פאַר זיינע זעלישע אויגן האָט געציטערט דעם זיידנס שמייכל. מיליאָנען ווערטער האָט אַנטהאַלטן דער שמייכל, אָבער ערני האָט זיי נישט געקאָנט דעשיפרירן, ווערטער, אין אַ פּאַר אים, נישט פאַרשטענד־לעכע שפּראַך.

און זיין צעטומלעניש, האָט ער ווידער באַקוקט זיין באַנדאַזש, האָט אים גרינטלעך באַטראַכט, אין דער האָפענונג צו געפונען אין אים באַרעכטיקטע באַפרידיקונג. אָבער דעם זיידנס שמייכל האָט דאָס צונישט געמאַכט, ס׳האָט זיך אים איצט אויסגעדוכט, אַז אַלע זיינע יסורים־איבונגען זענען נישט מער, ווי אַ קינדער־שפּיל. וויאַזוי האָט ער געוואָגט צו מאַכן אַזאַ רעש ארום זיין קליינע

פערזאָן און גורב זײַן אָזױפּיל דאגות? צװײ טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט פֿון זײַנע אױגן.

— װער בין איך דען, אַ מוראַשקע — האָט ער שטיל געזאָגט.

צוערשט איז דערשינען דעם זײדנס נאָז. ס׳האָט אױסגעזען, אַז זי איז פֿאַרװעבט איבער ערניס שװאַרצאַפּל פֿון אױג, און איר בײַנערדיקע קרומקײט דריקט אױס צער. דערנאָך איז געקומען דער פּרעכטיקער און מלכותדיקער שטערן פֿון זײדן אין אַ שװאַרצן זײדענער יאַרמלקע. צום סוף זײַן װוּנדערלעכער שמײכל פֿון זײַנע אַלטע אױגן, פֿון זײַן גראָער באָרד:

— װײַט, טיף, גאָר טיף, װער קאָן אים משיג זײַן?...

— װײַסטו — האָט ערני געזאָגט — כ׳װעל קײנמאָל מער נישט אָנרירן די שװעבעלעך. מאָרגן גײ איך װידער אין שולע. אָן עק אױך מיטן אײַנהאַלטן דעם אָטעם — גענוג!

אָבער דער זײדע האָט זיך דערמיט נישט געטרײסט, און די טרױעריקײט פֿון זײַן שמײכל האָט זיך אױסגעשפּרײט ביז די גרעד־נעצן פֿון ערניס װעלט, װאָס האָט זיך איצט געפּילט קלענער, לע־כערלעכער, נישטיקער, װי פֿאַר דער „אַנטדעקונג״, אײַנגעשרומפּן ביז נול, אפֿילו נישט קײן מוראַשקע.

אין דעם מאָמענט, װען ער האָט זיך צוגעװױנט צום געדאַנק, אַז ערני לױ עקזיסטירט נישט מער, האָט זיך דער זײדע פּלוצים באַװיזן פֿאַר זײַנע דערשטױנטע אױגן אין זײַן גאַנצקײט, אין דער צורה פֿון סתם אַ זקן, װאָס אַלע סימנים פֿון זיקנה האָבן צע־אַקערט זײַן פּנים, ער האָט געזען בולטער די קנײטשן פֿון זײַן גרױסן העלפֿאַנט־גוף.

— ביזט אַן אַלטער העלפֿאַנט? — האָט ערני געזאָגט מיט רחמנות.

דער זײדע האָט געענטפֿערט ערנסט: — דאָס בין איך.

— כ׳װיל צונעמען פֿון דיר דײַן צער — האָט ערני זיך געבעטן.

ער האָט פֿאַרמאַכט די אױגן, זײ װידער געעפֿנט, און פֿאַר זײַנע זעלישע אױגן איז דערשינען די געשטאַלט פֿון מאַמע יהודית. אין זײַן מוח איז אױפֿגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז זי איז אַ פּשוטע זקנה. ס׳זענען דערשינען די געשטאַלטן פֿון פֿאָטער און פֿון דער

מוטער, איר דערשראָקן מויל האָט צו אים געשמייכלט. אָבער אַז ער האָט געוואָלט אַרויסרופן דאָס פּנים פון מאַריצן, איז זיין דמיון־זעונג מבולבל געוואָרן אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך ווידער געזען ביים ראַנד פון בעט, פאַר אַן אָפן פענצטער קעגנאיבער דער זון.

— כ'בין גאָרנישט אַזוי קליין לגבי מאַריצן.

— אָבער דאָך ביזטו נישט מער ווי אַ מוראַשקע.

ער האָט אָנגעהויבן אַדורכפירן אין זיין דמיון די רעשט געשטאַלטן פון די לוי'ס, ס'האָט זיך באַוויזן אַ קיילעכדיק פעט יינגעלע מיט קורץ־געשניטענע האָר אויף אַ באַחנט ליאַלקע־פּנים, זיינע קאַשטן־ברוינע אויגן זענען אַריינגעפּאַסט פוןביידע זייטן נאָז און פאַרשפּרייטן אַ מין פריילעכן, עלעקטרישן שטראָם. ערני האָט פּלוצים דערקענט זיין ברודער מאַריק, אָבער פריינדליך זיך אים צו זען אַזאַ לעבעדיקן, אין זיינע ים־בלאָע הויזן, אין גראָען רעקל, מיט זיין באַלעבאַטיש בייכל און זיין גרויס, אָפן מויל אויף די שיינע קוואַדראַט־ציין, האָט ער פּלוצים דערקענט די שראַמען אויף מאַריצנס באַק, זיינע צעדראַפּעטע קניען און די צעפּליקטע הויזן. מאַריק האָט זיך דערנענטערט צו אים:

— דו זעסט, איך בין נישט מער דער קאָמענדאַנט פון דער באַנדע. ס'איז זיי נישט ניחא, וואָס אַ ייד קאָמאַנדירט מיט זיי. זאָג נאָר מיר, ערני, פאַרוואָס רודפן אונז אַזוי די דייטשן? צי זענען מיר נישט ווי אַלע אַנדערע מענטשן?

ערני איז נידערגעשלאָגן:

— איך ווייס נישט — און ער האָט צוגעגעבן:

— מאַריק, מאַריק! „ווייט, טיף, גאָר טיף, ווער קאָן אים משיג זיין"?...

— אַ צו קליין פישל — האָט מאַריק געזאָגט.

ערני האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין נשמה אַנטהאַלט אין זיך די געשטאַלטן פון זיידן און פון מאַמע יהודית, פון פאָטער און מוטער, פון מאַריצן און אפשר אויך די געשטאַלטן פון אַלע שטילנשטאַטער יידן. אין התלהבות האָט ער געאיילט צום פענצטער, רחבותדיק אים צעעפנט צו דער ברייט פון קאַשטן־בוים אין הויף, קעגנ־איבער די שכנותדיקע דעכער. צו די שוועלבעלעך, וואָס פליען

ווי פלעדערמיה. דער בלאָער הימל איז געווען נאָענט צו אים. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז צו דער זון:

— כ'זאָל תמיד בלייבן אַזוי קליין — האָט ער תפילה געטאָן

— גאָטעניו, די גוט צו מיר, טו אַז איך זאָל תמיד זיין קליין...

ווי יענער נאַר אין דער פאָלקס־מעשה, וואָס האָט אין אַ העלן טאָג אַנטדעקט אויפן ראַנד פון וועג די שליסלען פון גן־עדן, אַזוי האָט ערני לוי צוריק דערזען די געשטאַלטן אויף ז'ער באַנאַלער ערד, די נשמות און זייערע פאַרבאָרגענע יסורים, און ער האָט זיך בלינד אָנגעלענט אויף דעם לעכערלעך־קליינעם שליסל, וואָס ער האָט באַקומען פון זיידן: דאָס מיטפּילן מיט יענעמס צער.

דאָס האַרץ קרעמפּט זיך אין שמחה, טראַכטנדיק וועגן זיין חלום און זיין „אַנטדעקונג". ווען זיינע באַקן גלאַנצן נאָך פון טרערן, טוט ער זיך אָן און גייט מיט אַ שמייכל אַראָפּ, כדי צו באַגעגענען די געשטאַלטן וואָס ער האָט געאָנט, אַז זיי עקזיסטירן.

די ערשטע האָט ער באַגעגנט די מאַמע יהודית. זי איז געזעסן טיף אין פאָטעל, אין סאַלאָן, זי האָט אים נישט באַמערקט. ער איז געבליבן שטיין אויף די לעצטע טרעפּ און זיך איינגעהערט. אַנשטרענגענדיק זיך צו זיין „וואָס קלענער", האָבן זיך זיינע ברייט צעעפנטע אויגן אַנטציקט מיטן אָנבליק פון דער יידישער אַלטער פרוי, וואָס אירע קנייטשן אויפן פנים האָבן אויסגעזען ווי שראַמען פון אייביקן וויטיק. אין זיין מוח האָט אַ בליץ געטאָן אַ רעיון, קעגן יעדער לאָגישער סברה, אַז מאַמע יהודית איז אַמאָל געווען אַ נשמה און אַ קערפּער פון אַ יונג מיידל. וואָס איז די צרה וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף איר? די אומגע־וויינלעכע יסורים? — האָט ער זיך געפרעגט, און מיט קליינע טריטלעך צוגעקייקלט זיך צום פאָטעל.

אַז ער איז צוגעקומען נאָענט צו איר, איז זי אויפגעשפרונגען פון איבעראַשונג, ער האָט געכאַפּט איר בלייכע שווערע האַנט און זי געקושט אין פחד און פאַרערונג, ווי ער וואָלט אָנגערירט אַ כלי־קודש.

— וואָס איז געשען? — האָט די זקנה אויסגעשריגן — וואָס טוסטו דאָ?

און באַלד האָט זיך אַ צערטלעכער און וואַרעמער שטראָם צעגאָסן אין איר פאַרמרחשחורהט בלוט און זי האָט צוגעגעבן, מער פון איבעראַשונג, ווי פון כעס:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין נייע פאַנטאַזיע? ביזט אַראָפּ פון בעט, כדי מיר צו לעקן די האַנט? ס'איז דאָך פשוט משוגע צו ווערן אין דער שטוב, ווייט נעכטן. נו, האָפּ, גלייך אין בעט אַריין!. אירע געשרייען האָבן צוגעצויגן מרדכין. מיט גוטן און מיט בייזן האָט ער זי אָפּגעשטופּט פון קליינעם פאַרשטאַרטן קרבן. ער האָט די זקנה צוריקגעהאַלטן מיט זיינע אויסגעשפּרייטע אָרעמס, און פאַרצוימט פאַר איר דעם דורכגאַנג:

— איך בעט דיך, זיי נישט קיין שטיין אויפן קינדס האַרץ, דו ווייסט דאָך, אַז פון נעכטן אָן איז ער אינגאַנצן צערודערט.

דערנאָך, אויסדרייענדיק זיך צו ערנין, וואָס האָט געכליפּעט איבער זיין שויס, האָט ער מיט התפּעלות אויסגערופן:

— מאַמע יהודיתנס כעס איז ווי דאָס געבריל פון אַ לייב, אָבער איר גנאָד איז ווי דער טוי אויפן גראָז ציטער נישט, קוק, דער לייב לאַכט.

—איך לאַך נישט.

— און איך קאָן דיר נישט גלויבן — האָט מרדכי געזאָגט, דרייענדיק געמיטלעך זיינע וואָנסן — אָבער דו, קליינער לץ, אפשר וועסטו מיר זאָגן, פאַרוואָס לעקסטו עפּעס די הענט?

— איך ווייס נישט — האָט ערני געשטאַמלט, ווערנדיק רויט פון צעטומלטקייט.

מרדכי האָט זיך געצופּט די באָרד, און האַרציק זיך צעלאַכט, ווי אַמאָל. יהודית האָט פריידיק מיטגעלאַכט.

ערני האָט אַ פאַרשעמטער זיך דורכגעשליכט צווישן זיידנס פיס און זיך אָפּגעטראָגן אין קיך אַריין. זיין מאַמע האָט אים אויפגענומען מיט אויסגעשרייען פון התפּעלות.

ער האָט זי געמוזט באַרויקן:

— איך האָב זיך געלאַנגווייליקט אין מיין בעט — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק און זיינע אויגן פאַרשן דעם אויסדרוק פון דער מאַמעס פּנים; זי האָט עס אַרויסגעפּילט פון אונטער זיינע פחדימדיקע בליקן.

— פאַרוואָס באַקוקסטו מיך אַזוי? — האָט זי אים געפרעגט — האָב איך דיר עפּעס געטאָן?

רעדנדיק צו אים, האָט זי מיט איין האַנט געמישט די זופּ אין דעם דעמפּנדיקן טעפּל און מיט דער פרייער האַנט האָט זי אָן אויפהער געוויגט דאָס הענגענדיקע וויגל מיט דער נאַר־וואָס געבוירענער רחלע. ערני איז געווען שווער אַריינצודרינגען אין זיין מאַמעס פּנים, ער האָט נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ רושם עס מאַכט אויף איר זיין איצטיקער מצב. אָבער אינסטינקטיוו האָט ער געפילט, אַז איר נשמה איז ווי אַ שיינער, דערשראָקענער פיש, וואָס פאַרשווינדט שטענדיק אונטער די גראָע און פלאַכע וואַסער־כוואַליעס.

פון גרויס דאגה, האָט זי איבערגעחזרט:

— האָב איך דיר דען עפּעס געטאָן?

— ניין, ניין — האָט ערני געענטפערט אין פאַרווירונג. — דו האָסט מיר גאָרנישט געטאָן.

— נאָר וואָס, די האַנט טוט דיר וויי?

ער האָט נישט אַוועקגענומען זיינע אויגן פון דער מוטערס פאַרדאגהטן פּנים און האָט ביי איר געפונען טיפע קוואַלן פון ערלעכקייט און צניעות וואָס פּאַסט פאַר אַ צדקת. ער האָט זי באַוווּנדערט בעת זי האָט אַריינגעלייגט דעם הילצערנעם לעפל אין טאָפּ און האָט מיט עפּעס אַ וויינענדיקן אויסרוף געפּרוּווט מאַסקירן איר אומרו וואָס זי האָט געפילט, אַנטקעגן די צוויי צע־שראָקענע, גרויסע אויגן פון איר זון, פּלוצים האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— ווייסטו, ס׳פעלט אויס ברויט אין שטוב, כ׳וועל דיך זייער ליב האָבן, אויב דו וועסט גיין ברענגען אַ ברויטל. אפשר גלוסט זיך דיר נישט?

— יאָ, איך וועל גערן גיין.

אַז זי האָט אים דערלאַנגט דאָס געלט, האָט זי מיט שטוינונג דערפילט, אַז דאָס ייִנגל האַלט אירע פינגער און גלעט זיי מיט איבערפליסיקער ליבשאַפט. דערנאָך, נעמענדיק דאָס געלט, האָט

ער זיך געשטעלט אויף די שפּיצן־פּיס און צוגעטאָן די ליפּן און דעם שפּיץ־נאָז צו איר ווייסער האַנט.

ער איז פלינק פאַרשוואונדן, פון צערודערונג האָט ער צו־זאַמענגעצויגן זיינע אַקסלען.



די גאַס איז געווען אַזוי לעבעדיק אין פּריש, אַז ערני האָט זיך געפרעגט, צי האָט זי נישט אין זיך אויך עפּעס אַ שטיקל נשמה, ערגעץ אונטער אירע קלאַסנישע, געפלאַסטערטע שטיינער, וואָס בלאָזן זיך ווי באַקן. דער געדאַנק האָט אים פאַרשאַפט תענוג: „און דאָס אַלץ, ווייל איך ווייס איצט דעם סוד: קליין, גאָר קליין. כי, כי", נאָכדעם, ווי ער האָט זיך באַצוווּנגען צו זיין מער ערנסטער, איז ער אַרויס מיט שווערע און גדלותדיקע טריט־און האָט צוגעשפּאַנט צו פּרוי האַרטמאַנס בעקעריי, אויף יענער זייט הינדענבורג־פּלאַץ, ווו יידן פון דער ריגענשטראַסע פלעגן איינקויפן נאָכדעם, ווי הער קראוס האָט אויך אַרויסגעהאַנגען אין זיין שויפענצטער די אייגנאַרטיקע מעלדונג: „פאַר יידן און הינט אַריינגאַנג פאַרבאָטן."

— אַז ער איז אָנגעקומען אַ פריילעכער אין ווינקל פון הינ־דענבורג־פּלאַץ, איז דערשינען, הער מויטיע, אין געשטאַלט פון אַ געשפּענסט: דער אויבערשטער טייל־קערפּער אויף אַ קעסטל, ווי אַ סקולפּטור אויף אַ פּאָסטומענט, ער איז פאַרויסגעגאַנגען מיטן כוח פון זיינע פויסטן, וואָס זייערע פינגער זענען געווען שטייף ווי זוילן; זיין משונהדיקער שאַרבן האָט געגרייכט די הויך פון ערני. אַ מעטאַל־העלם מיט אַ שפּיץ, פאַרזעצט אינמיטן פון געשפּאַן, האָט אים געדינט פאַר אַן עמער, זיינע מלבושים־טראַנטעס זענען געווען באַקריינט מיט פּילפאַרביקע בענדער און מעדאַלן.

— האָט רחמנות אויף אַן אָרעמען העלד — האָט הער מויטיע זיך אונטערגעזונגען און אַ דורכגעטריבענער מויל־גרי־מאַס האָט מרמז געווען אויף אַ באַדייט, וואָס ער האָט נישט באַוויזן אויסצודריקן אין זיין פּזמון.

פּלוצים איז אַ רעיון אויפגעגאַנגען אין ערניס מוח און ער האָט זיך, אָן צערמאָניעס, אָוועקגעשטעלט אַנטקעגן דעם פאַר־בייפאַרנדיקן קריפּל. האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ טריבער מינע.

אַזוי האָט ער אָפּגעשאַצט זיין מיטלייד־אַנטייל אין אומגליק פון הער מויטיע.

און ווען ער האָט דערפילט, אַז ער ווערט „קלײן, גאָר קלײן" ביז אין־סוף, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס קויטיקע פּרצוף פון הער מויטיע ווערט אומגעהויער אָנגעבלאָזן. זיינע שוואַרצע צײן־לעכער האָבן זיך דערנענטערט צו ערני. בלאָע קײלעכלעך אין קעסטלעך פון רויטן פליש זענען אַרויסגעשפּרונגען פון מויטיעס פּרצוף מיט אַ ווייטיקלעכן, דאָפּלטן שפּרונג. אין ערניס אויגן־לעכער אַריין, און פון זיי האָבן אַרויסגעטריפט צווייי ריטשקעלעך פלאַמיק, רויט בלוט, אַז אַ פּחד האָט ממש פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

— האָסט נאָכנישט געענדיקט מיך צו בודקן?!

ערני איז צוריקגעשפּרונגען. די קלײנע בלאָע קײלעכלעך האָבן אַרויסגעברענגט פון זיך שנאה; צווישן קורצע בליצן איז געקומען אויסדרוק פון אומעט און קאַלטקייט. דאָס געפּלעפּטע יינגל האָט דערזען, אַז די פויסט פון בעל־מום איז געווענדט קעגן אים. ער האָט זיך נאָך מער צוריקגעצויגן און מיט צער אים דערקלערט:

— כ׳האָב עס נישט געטאָן בכוונה, הער מויטיע, כ׳האָב איך נאָר געוואָלט וויזן... כ׳האָב איך נאָר געוואָלט זאָגן... אַז כ׳האָב איך זייער ליב, הער מויטיע.

דער אינוואַליד האָט זיך גערוקט אין זיין קעסטל. זיין שלאָבע־ריקער קאָפּ האָט זיך געבויגן פון איין זייט אויף דער צווייטער און לסוף אַראָפּגענידערט צו דער ברוסט. דער אויסדרוק פון זיין פּנים האָט זיך געוואַקלט צווישן רוגז און איבערבעטן זיך. ערני האָט געזען, אַז די נשמה פון מויטיע איז אַ מין לבנה, וואָס שיינט יאושדיק אין חצות פון דער נאַכט.

פּלוצים, מיט איין אימפּעט, איז דער מענטש אויסגעבראָכן אין אַ גרויסן גרימצאָרן:

— דו ווייסט, איך האָב נאָך אַלץ מיינע פויסטן!...

און ווען ערני האָט זיך מעשה־גנב צוריקגעצויגן אין פּחד מיטן באַנדאַזש אונטערן עלנבויגן, האָט די קאַליקע פּלוצים זיך אַ דרייי געטאָן אויף זיין קעסטל, פון פאַרויס הנאה געהאַט פון זיין אויסגעקליבענעם וואָרט:

— „יידישע זרע" — האָט ער אַרויסגעשליידערט תּאווהדיק, באַרימעריש, מיט אַ טאָן פון קאַטוילישער פאַראַכטונג.

ערני האָט שנעל אויסגעמיטן דאָס ווינקל פון הינדענבורג־פּלאַץ און זיך אָנגעשפּאַרט נעבן אַ וואַנט, דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געקלאַפּט. געדוכט האָט זיך אים, אַז אויך זיינע פיס, ביז די קני, טרייסלען זיך מיטן ריטם פון אַ שניידנדיקער זעג. טראָץ דעם רשעותדיקן כאַראַקטער פון מויטיע, איז זייער שווער געווען זיך נישט משער צו זיין, ווי דער פראַנצויזישער גראַנאַט האָט אים אָפּגעריסן די לענדן — אָט דער ריזיקער שראַם, וואָס האָט געטראָגן די גאַנצע משא פון קערפּער. וויאַזוי זענען מעגלעך אַזעלכע גרויסע וווּנדן? אָבער דער הימל איז בלאָ ווי געוויינלעך, וועגענער באַוועגן זיך ביי די זייטן פון טראָטואַרן, דאָ און דאָרט איילן מענטשן מיט גאַנצע אברים און די פאָנטאַנע פון הינדענבורג־פּלאַץ איז באַדעקט פון אַ כמאַרע טויבן. איינצלנע זיצן אויף די ברעגן פון די טראָטואַרן און זיפּן וואַסער. און וואָס איז דען אייגנטלעך געשען:

ערני האָט געמורמלט אין דערשלאָגנקייט:

— אפשר האָב איך זיך צופיל איינגעקוקט אין אים. מען דאַרף זיך באַציִען צו צרות פון מענטשן, ווי מ׳וואָלט זיי בכלל נישט געפילט. יאָ, אַזוי דאַרף מען זיך באַציִען.

אָבער נאָכדעם, ווי ער האָט זיך צוגעאייגנט אָט די נייע אַנטדעקונג, האָט ער מיט שטוינונג פעסטגעשטעלט, אַז אַנשטאָט צו בלייבן „גאָר קליין", איז ער פּלוצים אויסגעוואַקסן אַזויפיל, אַז די גאַנצע וועלט גרייכט אפילו נישט זיין קנעכל און פון: אָט דער הויך האָבן זיך אַלע זאַכן דערוויטערט ביז גאָר. „בין איך טאַקע מער נישט קיין צדיק", האָט ער געזאָגט אין פּחד.

## 5

און דאָס וואָס איז נאָך פאַרגעקומען אין משך פון דעם טאָג, ווען ערני איז געווען פאַרזונקען ווי אין אַ ווונדער־באָד אין דער וועלט פון נשמות, וואָס ער האָט פריער נישט געאַנט וועגן איר; די

פאַרשידענע דערשיינונגען, וואָס זיין האַרץ איז באַאיינדרוקט געוואָרן פון זיי, אַט דאָס כישוף־שליסעלע וואָס דער זיידע האָט פאַר אים אַנטפּלעקט, צו עפענען דערמיט אַלע טויערן און דערגרייכן אַלע געשטאַלטן וואָס רינגלען אים אַרום; זיינע באַמיונגען צו באַנעמען מיטן זעלבן צער: הינער, קאַטשקעס, קעלבער, קי, קראַליקעס, שעפּסן, ים־פיש אין טייך, עופות און בתוכם סאָלאַ־ווייען מיט אַלע גן־עדן־פייגל, וואָס זיין געהער האָט זיי דערקענט וואָס זענען טאָג־טעגלעך געשאָכטן געוואָרן צום עסן: זיין עלאָס־טיש וויגן זיך צווישן די קרישטאָלמעסיקע קליינלעכקייטן, דאָס פאַרערן זיין ווייניקייט און איר דערהויבן צו אַ פאַרנעפּלטן הויכ־פּונקט, און דאָס נישט געצוימטע ציען צו טונקעלע אָפּגרונטן פון גאווה; די שפע פון היימישע פּאַסירונגען, וואָס זענען אַנטשטאַנען פון זיין ווילן אויפצונעמען דאָס שלעכטע מיט זיינע אויגן, מיט זיינע אויערן, און זיין נישט דערקלערלעכער געברויך אַנצוטאַפּן דאָס בייזע מיט זיינע ליפּן און זיינע פינגער — די אַלע זאַכן, אויב מען וואָלט זיי דערציילט אין פּרטים, וואָלטן זיי אויסגע־זען נאַריש, לייכטזיניק. דאָך וועלן מיר דערציילן, אַז אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג האָט ערניס אויסטערלישקייט אַריבערגעשטיגן יעדער גרענעץ. ווערנדיק אָפּגעשטויסן פון אַלע, ווען אויך דער זיידע האָט אים געדראָט, האָט ערני געמאַכט אַ סטראַטעגישע ווענדונג אין דער ריכטונג פון זיין טאַטנס געוועלב, וועלכער האָט אים אויפגענומען מיט אָפענעם חשד:

— וואָס האָסטו דאָ בדעה צו טאָן — האָט ער געזאָגט מיט פאַרביטערונג — ווילסט זען צי איך בין נישט צופיל גאווהדיק?

פון משונהדיקער בהלה, האָט דאָס יינגל געכאַפּט דעם גרויסן שניידער־מאַגנעט און מיט געבויגענע פּלייצעס אַרומגעטומלט אין שטיבל, אַ שוואַרצער קנייטש צווישן די ברעמען און זיין מבולבל־דיק אויג, נישטערן אונטערן צושנייד־טיש, זוכנדיק עפּעס אַ צויבער־שפּילקעלע. און אַז ער האָט מיטן מאַגנעט דורכגענישטערט אַלע ברעטער פון דער פּאָדלאָגע, האָט ער אַוועקגעלייגט אַ גאַנצע סטערטע מיט שפּילקעלעך צו די פיס פון זיין פאָטער און זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער מיט אַן אויסגעשטרעקטער גאָמבע, מיט שטוינענדיקע אויגן, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז ער קוקט

זיך צו צו דער באַוועגונג אין גאַס. אַ מאָדנע מידקייט האָט זיך אים געלייגט שווער אויפן האַרץ. זיין פאַרבאַנדאַזשירטע האַנט האָט אָנגעהויבן אינעווייניק אַלץ שטאַרקער קלאַפּן און פולסירן. וויאַזוי ער האָט זיך אַלץ נישט אָנגעשטרענגט נישט צו פאַרגיסן קיין טרערן, האָבן שוין געדאַנקען זיך געריסן צו זיינע שלעפן און אים געשלאָגן ווי מיט בייטשן. אָבער יעדעסמאָל, ווען ער האָט געמיינט, אַז ער איז דערגאַנגען צו עפּעס אַ פשוטן אמת, האָבן די מחשבות גאַלאָפּירט ווי צעבריקעטע פערד, קעגנאיבער אַ צעעפנטן, שוואַרצן אָפּגרונט אין זיין מוח. אַ פאַרדאַגהטער, וואָס ער האָט גאַרנישט פאַרשטאַנען פון די געשעענישן פון טאָג, האָט דאָס גוטע מענטשעלע בגניבה זיך איינגעקוקט אין דער געשטאַלט פון זיין פאָטער, אין זיין קיניגל־פּנים און אין זיינע ליפּן וואָס האָבן ווי געזויגן אַ נאָדל. נישט בלויז, כדי צו אַנטדעקן בנימינס רצון, מיטצופילן אין זיין צער, נאָר פון פאַרנעפּלטן פאַרלאַנג, דאָרט איינצוטוליען זיין אייגענע בלאַנדזשנדיקע נשמה, צו באַרויקן זיין אומדערקלערלעכן צער, אין זיין נייעם באַוווסטזיין אַלס צדיק.

בנימין האָט געשפּירט, אַז זיין זון קוקט אויף אים און ער האָט דערויף רעאַגירט מיט אַ בליק, שטעכיקער פון אַ גאַנץ בינטל שפּילקעס, וואָס איז טיף אַריינגעדרונגען אין ערניס פאַרטרערטע אויגן. דערנאָך האָט זיך אים אַ טיפער זיפץ אַרויסגעריסן — אַ זיפץ פון פאַרוווּרף און צער, און ערני איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן.

אַזוי איז פאַרגאַנגען אַ שעה־צייט. די סקריפּנדיקע טיר האָט אַריינגעבראַכט אַ קונה, אַ באַשיידענעם אַרבעטער, וואָס האָט געבעטן מ׳זאָל אים פאַרלאַטן די הויזן. נאָך טויזנט העפלעכקייט־מאַניערן, האָט בנימין אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער מוז די הויזן אויסטאָן. דער קונה האָט מסכים געווען, וויצלענדיק זיך האָט ער צוגעריקט זיינע האַריקע פיס צום צושנייד־טיש.

נאָכן לייגן די לאַטע זענען דעם קונהס פיס שווער אַריין אין די שיך. בנימין האָט געאיילט מיט אַ לעפל, ער האָט אים נישט גענומען. דער „אומגליקלעכער" אָטעמט שווער, מאַטערט זיך, קלאַפּט מיט די קנאַפל אויף דער פאַדלאָגע.

— סוף־כל־סוף — זאָגט אים בנימין — זייט איך באַנוץ

זיך מיט שיך־לעפּל, וואָלט שוין באַדאַרפט זיין ביי מיר אַ גאַנצע זאַמלונג. אָבער גיי פאַרלאָז זיך אויף פּרויען. הער, ערני, אַנשטאָט מיך צו באַקוקן ווי אַ פאַרצעלאָנען הינטל, נעם געלט און גיי קויף אַ שיך־לעפּל. אָבער גיב אַכטונג, מאַך נישט דיינע פּוילע שטיק, ווייל די גאַל וועט אונז אַמאָל פּלאַצן, וועסטו דאַן בלייבן איינציק־אַליין אויף דער וועלט, גיי.

— באַמיט זיך נישט, הער לוי — האָט זיך דער אַרבעטער אַריינגעמישט — כ'האָב שוין אַריינגעקוועטשט איין פוס אין מיינע שמאָטע־שיך, באַלד וועל איך אויך דעם אַנדערן אַריינשטופּן.

— דאַך, גיי — האָט בנימין מיט אַ האַסטיקער האַנט־באַוועגונג אים געוויזן די טיר — על־כל־פּנים וועל איך זיך אַ ביסל באַפרייען פון דיר.

ערני האָט געפילט אין זיך עפּעס אַ מאָדנע פּוסקייט. ער איז אַרויס אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט און האָט געפונען די רינגשטראַסע איינגעטונקען אין אוונט־דעמער: בלאָ, מיט אַ פיאָלעטן אָפּשיין אויף די דעכער און געלע ליכט־פּאַסן שוועבן אַרום צווישן די הייזער. פונקען האָבן זיך איינגעזאַמלט אין ליכטקרענץ אַרום די גאַסן־לאַמטערן און אַרום די פענצטער־ראַמען. איבער דעם פאַרביקן ליכט־טאַנץ האָט זיך געקריזלט אַ פּאַפּיר־בלעטל אין ווינט, און איבער אים האָט געשוועבט אַ מין פאַרקויטיקטע זייד: דער הימל.

צוקומענדיק צום שויפענצטער פון דער שפּיזקראָם, האָט ער מיט הנאה באַקוקט אַ קאָנסערוון־שאַכטל אויפן גרונט פון פּאַלמען־ביימער און טאַנצנדיקע מאַלפּעס. אויפן שאַכטל איז געווען אָנגעשריבן דאָס צויבער־וואָרט: אַנאַנאַס.

ווי אין חלום, האָט ערני געעפנט די טיר און דאָרט געטראָפן דעם קרעמערס קליינע טעכטערל, אַ נייניעריק, דאַר מיידעלע, וואָס פלעגט אָפט בלייבן אין קראָם, אין די עלטערנס אָפּוועזנהייט, וועלכע האָבן ליב געהאַט נעלם צו ווערן. ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַ שיך־לעפל קריגט מען ביים אייזנקרעמער, האָט ער איבערגעבעטן: „אַנטשולדיקט“ אָן דערזען, ווי דאָס צעשראָקענע מיידעלע באַהאַלט זיך הינטערן פאַרקויף־טיש. מיט אַ געפיל פון חרטה האָט ער פאַרמאַכט געלאָזן די טיר.

די שפּייז־קראָם האָט זיך געגרענעצט מיט הער לוי׳ס געוועלב, פלעגט מען אָפטמאָל אין די אוונטן הערן דעם מיידלס איינגע־האַלטענע געשרייען, אונטער די פויסטן פון קרעמער, איר פאָטער, אַ גראָבהויטיקער פאַרשוין, וואָס האָט אין שכרות הנאה געהאַט פון אָט דער מוזיק; און געשרייען דינערע, מיט לענגערע הפסקות, ווען ס׳האָט זי געשלאָגן די אויערן־עמפּינדלעכע מוטער. פאַרן דער־וויטערן זיך האָט ערני נאָך געוואָרפן אַ בליק אינעם שפּייז־געוועלב.

דער מיידל־קאָפּ האָט אַרויסגעשטאַרצט פון אונטער דעם מאַר־מאָרענעם געוועלב־טיש, ווי אַן איבערגעשניטענער פון האַלדז. דאָס קליינע מויל האָט אַרויסגעשטעלט אַ פעטע צונג, און באַ־מערקנדיק, אַז מען קוקט אויף איר, האָט זי אין בהלה אָנגעהויבן קייקלען מיט אירע שיקלדיקע אויגן, ווי די זשאַבעס פון דער „שלאָססע“.

— לאָמיר איר דערקלערן — זאָגט צו זיך ערני — כ׳וועל איר זאָגן אַלץ: דער שיך־לעפל, דאָס קאָנסערוון־שאַכטל, די טיר־קלאַמ־קע. זי וועט פאַרשטיין.

ער האָט ווידער געעפנט די טיר מיט דרך־ארץ און איז מיט געמאָסטענע טריט אַריין אין קראָם, האַלטנדיק די באַנדאַ־זשירטע האַנט הינטערן רוקן.

— ס׳איז גאַרנישט געווען, כ׳האָב נאָר געוואָלט קויפן אַ שיך־לעפל.

— וואָס ?

ער האָט דאָס מיידעלע אָנגעקוקט מיט צער, זי איז איבּ געווען נאָענט צו זיין נשמה. אַ צעשראָקענע איז זי כסדר איבער־געשפּרינגען פון איין סחורה, צו דער צווייטער, פון אונטער אַ קעסטל אַרויף אויף דער לייטער, כמעט ביז צום סופיט. מיט איין בליק פון אויג האָט ער זיך אויסגעמאָלן איר הויט, די צע־שניטענע אין פאַסן פון קלעפּ, ער האָט ממש געפילט אירע ווייטיקן; אַ העכער קול, אַ שאַרפער בליק און אפילו אַ פּשוטער באַריר פון דער לופט, קען איר פאַרשאַפן צער.

— ס׳איז דריי מאָל גאַרנישט — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט מיט איידלקייט — כ׳האָב פּשוט געוואָלט קויפן אַ שיך־לעפל.

— מיר האָבן דאָס נישט — האָט זי אַנטשלאָסן געענטפערט.

— איך וויס עס — האָט ערני מילד געשמייכלט — טאַקע דערפאַר.

— גוט אַלזאָ.

— די שיך־לעפל זענען דאָך ביים אייזנקרעמער. — האָט ער צוגעגעבן.

ס׳קאָן זיין, מיר האָבן נישט.

און זי האָט צו אים געווענדט אַ שליאַבעריקן שמייכל וואָס דער פחד האָט אים אַזוי פאַרמינערט, אַז ערני איז אינגאַנצן מבולבל געוואָרן, און ער האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— ס׳איז פאַר אַ קונה, ער האָט געוואָלט אַ פּאָר הויזן, האָב איך בכן געעפנט די טיר.

זיין קול האָט זיך זינגענדיק צעצויגן:

— איך שווער דיר — האָט ער געלאַכט מיט טרערן.

זיין ווילן איז געווען צו באַרויקן דאָס מיידעלע, האָט ער זי נאָך מער איבערגעשראָקן: „זי ווייסט גאָרנישט וועגן שיך־לעפל, קיינמאָל האָט זי וועגן דעם נישט געהערט רעדן", זי איז ווידער אַרונטערגעלאָפן הינטערן פאַרקויף־טיש און אין שאָטן פון די קעסטלעך איז זי געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. צי האַלט זי מיך פאַר אַ משוגענעם? פאַר אַ פאַרברעכער? די אַלע פיינלעכע השערות זענען אַדורכגעלאָפן דעם אײדעלן מוח פון צדיק, וואָס האָט זיך צוריקגעצויגן.

צוריקציענדיק זיך, האָט ער נאָך געפּרוווט איר אויפצוקלערן דעם צוועק פון אַ שיך־לעפל. אָבער כדי איר צו אילוסטרירן דאָס באַנוצן זיך מיט אים, האָט דאָס מלאכ׳ל אַראָפּגעצויגן איינעם פון זיינע סאַנדאַלן און האָט פאַר די אויגן פון „קהל" אַריינגעפירט אין אים צוויי פינגער.

— אָט אַזוי — האָט ער אויסגעפירט — אַ שיך־לעפל, קיין שום אנדערע זאַך.

דער אופן פון מיידלס רעאַגירן האָט אים ממש פאַרגליווערט. אַ צעטומלטע פון זיין אומגעווינלעכער התנהגות, איז זי ביז אין דער העלפט איינגעזונקען אין אַ קעסטל צוקער און מיט די שפיצן פון אירע פינגער האָט זי נערוועז געקניפּן אירע באַקן.

מיט אַ סאַנדאַל אין איין האַנט און דער באַנדאַזש אין דער

צווייטער, איז ער צוגעגאַנגען צום טיש־קאַסטן מיט דער כוונה, אויפצוקלערן דער אומגליקלעכער, אַז ער קלויבט זיך וואָס שנעלער אַוועקצוגיין. אָבער וואָס מער ער האָט זיך דערנענטערט צו דער קליינער דערשראָקענער בריאה, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער: זיינע הענט און פיס שפרייטן זיך אויס איבער אַלע פיר עקן פון דער קראָח און דער קאָפּ גרייכט דעם סופיט.

— אָ נייך — האָט ער תחנונימדיק געזאָגט — דאָס וואָס כ׳האָב געוואָלט...

אין דעם מאָמענט האָט דאָס מיידעלע צוגעטאָן די הענט צו אירע באַקן, האָט אויפגעריסן דאָס מויל און יאָמערלעך זיך צעשריגן.

פון דער הינטערשטער געוועלב־טיר איז אַרויסגעקומען אַ שרעקלעך באַשעפעניש. צוויי רויטע פלעקן האָבן אַרויסגעשפּראָצט נעבן איר מויל, צעיאַכמערטע ברעמען איבער אירע שלייפן, די אויגן פאַרשפּרייטן אימה, אַ מענגע שלייפלעך און צענדליקער רויטע טעשלעך האָבן צעטיילט אירע האָר אין לאָקן, וואָס זענען שווער געפאַלן אויף איר פאַרשוויצטע באַקן, אָדער פאַרשמירטע מיט הויט־קרעם. זי איז באַזמרויקט געוואָרן בעתן מאַכן די פאַרשענער־רונגס־טואַלעט, מיט איין צאָרנדיקן בליק האָט זי דורכגעזען די גאַנצע פאָרשטעלונג און האָט זיך געווענדט צו ערני, וואָס האָט אין טראַכטעניש געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן.

— וואָס האָסטו דאָ געטאָן — האָט זי געשריגן.

פון איר באַהעלטעניש, הינטערן טיש־קאַסטן, האָט דאָס מיידעלע לאַנג באַטראַכט דאָס קלאָגעדיקע פּנים פון דעם קליינעם ייד, אָבער אומזיסט, זי האָט נאָר געזען, אַז ער איז מוראדיק דערשראָקן. אויפהויבנדיק די אויגן צו איר צעצאָרנטער מאַמע, איז זי ווידער באַנומען געוואָרן פון באַרעכטיקטן פּחד, זי האָט אָנגע־הויבן שטאַרק צו וויינען.

— איך זע — איז די קרעמערקע אַרויס מיט האַרבע רייד, זי האָט אָנגעכאַפּט ערנין פאַרן קאַרק און נצחונדיק געקוויטשעט: — שמוציקער קליינער בעל־עבירהניק! — מיט לייכטקייט האָט זי אים אַרויסגעשמיסן אויף דער גאַס, ווי מען שמייסט אַרויס אַ קאַץ ביי איר קאַצן־הויט.

ערני, זייענדיק פאַרזונקען אין אַ ווייטיקדיקן חלום, איז זייַן איינציקע דאגה געווען נישט צו פאַרלירן דעם סאַנדאַל. וואָס אַנבעלאַנגט אַלע אַנדערע זאַכן, האָט ער זיך פון איצט אָן סומך געווען אויף די דערוואַקסענע: ער האָט זיך געפילט „קלענער" ווי ווען־עס־איז אַמאָל.



פריילין בלומענטאַל האָט זיך אַרויסגעבויגן פון פענצטער אויפן ערשטן שטאָק. אויפן טראָטואַר, אין ליכט־קרייַז ארום לאַמטערן, האָט אַ גרופּע פרויען געווילדעוועט. איינע פון זיי, מיט לאָקן־שלייפלעך אין אַ געבלימטן באָדמאַנטל, האָט געשטורעמט ביז צום פּלאַצן: — דער ייד, דער ייד, דער יידן!... דאָס האָט די שפּייזקרעמערקע, מיט כוח אַרויסגעשלידערט עפּעס אַ טויטע זאַך אויפן טראָטואַר. פריילין בלומענטאַל האָט דערקענט אַ פּאָר היימישע לאָקן. תמיד האָט זי זיך געהאַלטן פאַר אַ נישטיק ווייבל; דאָסמאָל איז אַוועק פון איר דער פּחד, זי איז אַרויס תיכף אויף דער גאַס און האָט מיט אירע שפּיציקע עלנבויגנס דורכגעשניטן מיט כוח די שרייענדיקע און ברויזנדיקע כוואַליע.

אַז זי איז דערגאַנגען צו ערני, האָט זי גאַנץ ענערגיש מסלק געווען פון אים דער שפּייזקרעמערקעס הענט און האָט דאָס ייִנגל צוגעדריקט צו איר מאָגערער ברוסט. איר גאַנצער הילוך איז געווען יאושדיק, און גלייכצייטיק אַנטשלאָסן. קיין שום פרוי האָט נישט געוואַגט זי צו פאַרהאַלטן בעת איר צוריקציִען זיך.

מיט אַ מינוט שפּעטער האָט זיך באַוויזן מאַמע יהודית. די מענטשן האָבן איר אָפּגעטרעטן דעם וועג. מחמת איר פאַרנעם האָט זי אַרויסגערופן דרך־ארץ, די ווייבער פון ריגענשטראַסע פלעגן נישט שטענדיק זיין צוריקגעהאַלטן מיט זייערע צונגען. דער שמועס איז אָנגעגאַנגען וועגן דער פיזישער גרייס פון דער פעטער, וועגן איר כוח און גבורה, אָדער וועגן דער העזה פון דער שלאַנקער פרוי. די שפּייזקרעמערקע האָט זיך פאַרעכנט צווישן די סאַמע בעסטע שלעגעריַנס פון דער גאַס. מאַמע יהודית האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ רעטעניש, אָבער איר קערפּערלעכע

פולקייט, איר מוראדיק־פאַרגליווערטער קוק, וואָס זי האָט צוזאַמען מיט שליידערט דער קרעמערקע, האָבן געשטאַרקט אירע אויסזיכטן אויף נצחון.

דער קרייז האָט זיך ווידער פאַרמאַכט אַרום די צעשטורעמטע צווי קעגנערינס.

— וואָס, וואָס, וואָס? — האָט יהודית געשריגן אין איר קנאַפּן דייטשישן לשון.

זי האָט פאַרלייגט גדלותדיקביידע אָרעמס און געוואַרט.

— יעזוס מאַריאַ, מיין זופּ איז אויפן פייער, מיינע דאַמען, כ׳בלייבט אויף היינט, אָדער אויף מאָרגן?

איינע האָט גאַנץ אַנטוישט אויסגערופן:

— וואָס ווילט איר, די כוחות זענען גלייכע.

די קרעמערקע האָט געציטערט פון קאָפּ ביז די פיס, אירע אַקסלען האָבן זיך אַזש געשאָקלט. זי איז געווען פאַרכישופט פון די צוויי נאָז־פליגלען פון דער גרויסער ידישער פרוי, וואָס האָבן רעגלמעסיק געצאַפּלט.

— הערט זיך צו — האָט יהודית געזאָגט מיט קאַלטקייט.

— מיין קליין מיידעלע — האָט די קרעמערקע געשטאַמלט אין צעטומלונג. זי האָט זיך צוריקגעצויגען און פאַרמאַכט די טיר פון איר געוועלב הינטער זיך. אָבער נאָך צען סעקונדן איז זי ווידער אַרויסגעקומען אין אַ נייער צורה, האַלטנדיק איר טעכטערל ביי דער האַנט.

— וואָס, וואָס, וואָס — האָט מאַמע יהודית איבערגעחזרט, דאָסמאָל אין געוויסער אומזיכערקייט.

— נו זאָג, וואָס האָט ער דיר דאָרט געטאָן?

דער המון האָט זיך צוזאַמענגערוקט. דאָס מיידעלע איז דערשראָקן געוואָרן פון דעם פייערלעכן אָפּוואַרטן אויף איר תשובה, זי האָט אָפּגעזיפצט, געכאַפּט דעם אָטעם — און געשוויגן.

— הינטעכע וואָס דו ביזט, דו זאָגסט, אָדער איך צעקלאַפּ דיר די ביינער.

און קאָרטשענדיק זיך פון אומגעדולד, האָט זי אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש אויף דער מיידלס באַק. זי האָט צונויפגעלייגט

די הענט און אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ אויף דער ברוסט אין דער־וואַרטונג פון באַקומען קלעפּ.

— ער האָט זיך מיט מיר דאָרטן געוויצלט.

— דערציייל, דערצייל, ווי אַזוי איז די זאַך געשען!

— איך קאָן נישט.

— ס'איז געווען פרעך, וואָס?

— יאָ.

— ס'איז נישט מעגלעך — האָט מאַמע יהודית געטענהט — ער איז נישט פאַרדאָרבן.

אָבער אין איר רחמנותדיקן בליק, געווענדט צום דאָרן, ווייי־נענדיקן קרבן, האָבן די ווײַבער בולט געזען איר אמתן געדאַנק און ווען זי האָט זיך צוריקגעצויגן אַ פאַרטראַכטע, אַ דערנידעריקטע, פאַרזונקען אין עצבות, האָט זי געפליסטערט:

ער איז פאָרט נישט אַט אַזוי פאַרדאָרבן...

זי האָט געפונען ערנין אין קיך אין די אָרעמס פון פריילין בלומענטאַל. די אויספאָרשונג האָט זיך געענדיקט מיט צוויי פּעטש אין די הענט פון דעם באַשעפעניש. ער איז דאָך אויך פון איר בלוט און פליש, און רופט איצט ביי איר אַרויס ווידערווילן, זי האָט זיך אין אים נישט דערקענט.

ערני האָט אָנגעשפאַרט זיין קאָפּ אויף זיין מאַמעס אַקסל. ר'איז געווען בלייך. זיינע אויגן, וואָס האָבן זיך פאַרלוירן אונטער זיינע לאַנגע שוואַרצע לאָקן אויפן שטערן, זענען געווען האַלב צוגעמאַכט. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. אויף רעכטס און אויף לינקס, דערנאָך איז ער מיט זיין דערהויבענעם טריט געלאָפן אַרויסגעגאַנגען פון קיך.

די טיר האָט זיך פאַרמאַכט. בידע פרויען האָבן אויפמערק־זאַם זיך איינגעהערט. און ווען זיי האָבן געשטוינט, נישט אויפ־געמענדיק קיין שום טריט פון גרויסן צימער, האָט זיך די מיר געדרייט שטיל אויף אירע אַקסן און ערנים קליינע פּנימל האָט זיך אַריינגעגליטשט דורך דער שפּאַרע. זיין בליק האָט גע־פירט צו דער מאַמע, די צוויי אויגן זיינע ווי צוויי סאַזשעלקעס מיט שוואַרץ, בלישטשנדיקן וואַסער. פּלוצים זענען זיך די צוויי

סאַזשעלקעס צעשווומען און ס'איז נישט געבליבן נאָר אַ שמאָל יינגל־פּנים, וואָס זיינע באַקן וואַשן זיך אין טרערן.

— איך גיי אויף אייביק אַוועק — האָט ער געזאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענער שטים.

— טאַקע אַזוי, פאַרשווינד — האָט מאַמע יהודית געחוזקט — פונדעסטוועגן, גיב אַכטונג זאָלסט נישט פאַרפעלן די שעה פון מאַלצייט.

דער קאָפּ איז ווידער נעלם געוואָרן, די טיר האָט זיך פאַר־מאַכט, דאָסמאָל לחלוטין.

— שנור מיינע, דאָס קינד האָט נישט קיין האַרץ — האָט מאַמע יהודית אָפּגעפּסקנט.

— דאָך — האָט בלומענטאַל נאָכגעטראַכט — ער איז דאָך אַזוי חנוודיק.

# 6

אַז ערני איז אַריבער די „שלאָססע״־בריק האָט ער זיך אָנ־געשלאָגן אין אַ שטיק, ר'האָט אויסגעשפּרייט די הענט, פאַרמאַכט די אויגן און דערפילט, אַז זיין קערפּער ליגט ביי דער זייט פון וועג, אין גראָז. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די נאַכט איז־דרויסן און דער חושך אין אים, זענען איינס און דאָסזעלבע. ליגנדיק אויפן בויך, האָט ער צעעפנט זיין מויל און געלאָזט פריי גיין זיינע לעצטע טרערן, ווייל ס'איז אים געווען קלאָר, אַז קיינמאָל וועט זיך אים נישט צוריקקערן זיין גייסט. אַזוי וועט אויך קיינמאָל נישט אויפהערן דאָס באַוועגן זיך פון הימל און ערד, און אומזיסט פּרוּוון זיינע אויסגעשפּרייטע הענט ווי זעגל־רודערער, די באַוועגונג אַ ביסל צו מעסיקן, ער לויפט צו גיך, אפשר גייט ער שטאַרבן.

— נו, ערני, איז גוט אַזוי? איצט איז דיר גוט? — האָט ער געזאָגט צו זיך.

איין זיין גומען האָט ער געפילט אַ פייכט געברום. דערנאָך

זענען די ווערטער אַרויס פון זיין מויל, גרינגע און רונדיקע, דורכזיכטיקע ווי בלעזלעך און זענען אַוועקגעפלויגן צו דער לבנה און האָבן נישט דערוועקט אין אים נאָר אַ געפיל פון פאַרבלענד־טער איבעראַשונג.

ער האָט קאָנצענטרירט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און גע־פרווט אַן אַנדערן נוסח:

— העפּ, ערני — האָט ער געמורמלט מיט הנאה.

און באַלד האָט זיך דער מענטש, וועמען ער האָט גערופן, אים געענטפערט מיט העפלעכער באַגריסונג: יאָ, וואָס איז דיין פאַרלאַנג?

ער האָט זיך אָנגעלענט אויף זיינע עלנבויגנס, געקניט, אַוועק־געזעצט זיך און אויפגעהויבן די קני, אַרומגענומען זיי מיטביידע הענט. דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן, ווי ס׳וואָלטן צוויי יינגלעך געפּלאַפּלט אין זיין קאָפּ, אָדער ווי צוויי ווייבער ביי אַ גלעזל טיי. ער האָט ווידער געטראַכט: — העפּ, ערני, אָבער אַ דריטער ערני האָט זיך געיאָוועט, שפּרינגט אויף איין פינגער און אַלץ איז, ווי אין נעפּל.

פון ווייט איז געקומען אַ ווינט און האָט שטורמיש געשמיסן איבער די ביימער־שפּיצן, ווי מיט אַ וואָיענדיקער בייטש. אויף דער ערד האָבן זיך געוואַלגערט טויטע בלעטער פון אָרט צו אָרט. פון יענער זייט גראָזן האָבן געררישט די וואַסערן פון דער „שלאָססע״־אַזשערע און געפּאַטשט דאָס קליינע שטיינבריקל.

דער ווינט האָט זיך גיך באַרויקט און דאָס פעלד איז ווידער געוואָרן שטיל. די לבנה איז געשטאַנען אַן אומבאַוועגלעכע. אויף דער גאַנצער לענג פון וועג, האָבן זיך געזען קליינע ליכט־פּונקטן, וואָס האָבן מיט זיך נישט פאַרגעשטעלט קיין שום סכנה, אדרבא, די האָבן שעמעוודיק צוגעוווּנקען אויפן ראַנד פון האָריזאָנט, ווי זיי וואָלטן געשעפּטשעט: דאָס איז געווען שטילנשטאָט..

אַזאַ נמאסדיק יינגל.

מאַמע יהודיתנס פּנים איז ענלעך צום פּנים פון אַן אַלטער קאַץ. אירע פינגער געבויגן ווי פּאַדקאָוועס, און איר מוראַדי־קער קערפּער אַ ביסל געבייגט אויף פאָרויס ווי זי וואָלט זיך געגרייט צו אַ שפּרונג.

ערני שטיקט זיך אין טרערן. זיין רוקן געווענדט צו דער שטאָט הויבט ער אָן פּאַמעלעך גייך. נאָך יאָרן וועט ער נאָך צוריקקומען קיין שטילנשטאָט. ער וועט וויסן אַ מענגע מיט ווער־טער און די גאַנצע וועלט וועט וועלן הערן דעם צדיק רעדן. מאַמע יהודיתנס האָרץ וועט זיך עפענען מיט וואַרעמקייט. ס'וועט דאָרט זיין דאָס געלע טישטעך און די גרויסע מנורה מיט די זיבן רערן, און דערנאָך איז ער געווען דאָ...

לויט דער צייט, וואָס ער איז שוין אָפּגעגאַנגען, האָט ערני שוין באַדאַרפט זיין נישט ווייט פון אַ גרויסער שטאָט. די גרינע תבואה, וואָס ער האָט געקייעט צוליב הונגער, איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. ווען דער שווייס האָט אָנגעהויבן אַראָפּ־טריפן אויף זיין רוקן, האָט ער זיין קראַנקע האַנט אַריינגערוקט אין אָפּענעם העמדל. אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס דער דורשט איז מיט יעדער רגע געשטיגן, האָט דער קליינער פּליט עקשנותדיק זיך צוריקגעהאַלטן פון גיין איבער די דערפער, וואָס זענען פיל געווען מקט הינט, און קיין שום זאַך איז נישט אַזוי פיינלעך ווי דאָס הינטישע בילן ביינאַכט, און זיי צילן דאָך צו אים...

דערווייל האָט אים דער דורשט געדריקט ווי אַ קאָשמאַר און דאָס יינגל האָט זיך, מעטערווייז, אַריינגעשליכט, אין אַ פּערמע־הויף, ווו ער איז אָן שטערונג צוגעקומען צו דער טרינק־קאָריטע פאַר בהמות. פון אַ לאַנגער רער האָט געפלאָסן אַ דינער וואַסער־שטראָם. ערני האָט זיך צוגעבויגן צו דער קאָריטע און צוגע־טראָגן זיין צונג צום וואַסער־שטראָם.

— נישט אַזוי טרינקט מען, לאָז צו, איך וועל דיר ווייזן.

אַ יינגל אין זיין עלטער, איז ביים לבנה־שיין געשטאַנען אין הויף, אין טיראָלישע הייזלעך, אַ באָרוועסער. זיין פּנים איז גע־ווען האַלב־צוגעדעקט מיט אַ גרויסן קאַשקעט, וואָס האָט אים געגרייכט ביז איבער די אויערן, אָבער זיין האַלב איינגעבויגענע פּאָזיציע, האָט אויסגעדריקט פרידלעכע כוונות. ער איז שטיל געבליבן קעגנאיבער דעם פאַרשטיינערטן ערני, און האָט אים גע־וויזן וויאַזוי מען טרינקט פון דער פּולער זשמעניע.

— איך טרינק שטענדיק פון אַ גלאָז — האָט ערני געזאָגט, ווישנדיק זיך דאָס מויל.

דאָס ייִנגל האָט פון אונטערן היטל אים ערנסט געענטפערט:

כ׳האָב פאַרשטאַנען וואָס דו האָסט געזאָגט.

ער איז בכלל נישט נתפעל געוואָרן פון די משונהדיקע „אַוואַנ־טורעס" פון אַנטלאָפענעם. פון אָנהויב האָט זיך דער שמועס געפירט ווי צווישן גלייכע, אָבער ביסלעכווייז האָט ערני דער־פילט זיין כוח. ער האָט באַלד תופס געווען, וויאַזוי יענער איז זיך נוהג מיט די הינט פון דער פערמע.

— וואַרט אַ ביסל — האָט דאָס קאַשקעט־ייִנגל אויסגערופן.

— ווילסט עפּעס זען?

ער האָט מכלומרשט געהאַלטן אַ שטעקן און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער קעמפט מיט דעם אַנגרייפנדיקן הונט. מיט איין קלאַפּ האָט ער געצוווּנגען דעם הונט ער זאָל זיך שטעלן אויף זיינע פאָדערשטע לאַפּעס, און באַלד איז ער אַריינגעלאָפן אין באַלויכ־טענעם בניין, און איז פון דאָרט נאָך אַ ווײַלע צוריקגעקומען מיט פולע הענט מיט מייערן, אַ לעבל שוואַרץ ברויט און אַ צווייגל מיט ניסן.

ער האָט זיך עטוואָס געקווענקלט און אַרויסגעצויגן פון קע־שענע אַ פאַרזשאַווערט מעסערל.

— טאָמער וועט דיך אַמאָל באַפאַלן אַ וואָלף.

ערני האָט געלאַכט:

וואָס דאַרף מען צו דעם טאָן?

— אַ וואָלף איז דאָס אייגענע, ווי אַ לעמפּערט.

ער האָט אַ וואָרף געטאָן זיין לייבל אויפן פאָדערשטן אָרעם — פאַר די קאַפּיטעס,ווי ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין — און האָט פונסניי אָנגעהויבן אַ מין קריגערישן טאַנץ, ווו דאָס מעסערל האָט איצט פאַרנומען דאָס אָרט פון שטעקן.

און כאָטש דער „וואָלף" האָט אים נישט געשראָקן, האָט ערני זיך צוגעקוקט מיט אינטערעס צו דעם באַטירלעכן שפּרינגען פון דעם פויערן־ייִנגלס באָרוועסע פיס אויף די שטיינער, וואָס האָבן געבלישטשעט אין לבנה־שיין.

דאָס ייִנגל האָט אים אַרויסבאַגלייט ביזן סוף פון דאָרף. ביים

הילצערנעם צלם האָט ער פאַרלאַנגזאַמערט זיינע טריט און גע־מורמלט שעמעוודיק:

— איצט מוז איך צוריקגיין, צוליב די אַלטע לייט, האָסט פאַרשטאַנען?

— האָסט זיך אויפגעפירט זייער שיין — האָט ערני געזאָגט. דאָס יינגל איז געוואָרן טרויעריק:

— אויך איך וועל אַמאָל פונדאַנען אַוועקגיין.

דער דאַשעק פון קאַשקעטע האָט זיך נאָך מער אַראָפּגערוקט.

מ'האָט דיך אינדערהיים נישט ליב? — האָט אים ערני גע־פרעגט מיט רחמנות.

— דו ווייסט דאָך, ווי זיי זענען, אַלע האָבן איין פּנים.

און האָט טרויעריק צוגעגעבן:

— זיי ווייסן נאָך נישט...

דאָס יינגל האָט אויפגעהויבן די האַנט און מיט אומעט איינ־געבויגן די פינגער, אַלס צייכן פון אָפּשיד. ערני האָט נאָכגע־מאַכט די זעלבע באַוועגונג, אויפּוויפל די פאַרלייגטע הענט מיט שפּיץ האָבן דאָס דערלזיבט, די צערמאַניע איז געווען רירנ־דיק. אויגנבליקלעך האָבן די יינגלעך געווענדט זייערע רוקנס איינער קעגן צווייטן. ערני האָט אַוועקגעשפּאַנט אַ הונדערט מעטער, דאָס פּויערן־יינגל איז באַלד נעלם געוואָרן, און דאָס דאָרף איז אינגאַנצן פאַרזונקען אין חשכות פון דער נאַכט.

מ'האָט מער נישט געזען, אַז דאָ איז פאַראַן אַ מענטשלעכער ישוב. אפילו דאָס פעלד האָט זיך אויפגעלעזט אין האַריזאָנט, די ביימער זענען פאַרשווימען אין דער מילדער לופט. ערני האָט געפילט, אַז ער געפינט זיך אין אַ מרחק פון אַ סך קילאָמעטערס פון שטילנשטאָט.

אַ שכנותדיק פעלד פון קאַניטשינע האָט אים אויפגענומען אין זיין ערשטער וואַגלער־נאַכט. אַז ער האָט זיך סוף־סוף דאָ אויסגעקליבן זיין געלעגער, האָט זיך אין רעש אַ מיק צעזשומעט אַרום זיין אויער און לסוף זיך אַראָפּגעלאָזט און גערוט אויף אַ מאַרגאַריטקע, נעבן זיינע פיס. פּלוצים האָט זיך אַ לבנה־שטראַל צעשיינט אַרום דער מאַרגאַריטקע און האָט אויפגעדעקט אַ קליינע

פליג אין געלן צענטר פון דער בלום. ערני האָט איינגעהאַלטן זיין אָטעם, זיך אַראָפּגעבויגן און אָנגענומען, אַז ס'איז אַ יונגע פליג פון ווייבלעכן מין, דאָס האָט ער תופס געווען לויט דעם דינעם שניט פון קערפּער, לויט די סאַמע אײדלסטע פעדעם פון די פליגל און לויט דער באַזונדערער חנוודיקייט ביים רייבן אירע לאַפּקעלעך, איינע אין דער אַנדערער, ווי זי וואָלט התלהבותדיק געטאַנצט אויף איין אָרט, כמעט אָן באַוועגונג.

די פליג האָט זיך נישט געאײלט, נאָר מיט אַ בכבודיקן, מיושבדיקן טריט איז זי זיך געקראָכן איבער די בלעטעלעך פון דער בלום.

ערני האָט געשפּירט עפּעס אַ לייכט שטעכעניש ביים האַרץ. אַ וואָלקנדל איז אַדורך פאַר זיינע אויגן און די מיידל־פליג איז זיך תמימותדיק אַרויפגעקראָכן אויף זיין האַנט־פלאַך, וואָס ער האָט גיך פאַרמאַכט.

— אָט איז זי דאָ, איך האָב זי — האָט ער געזאָגט מיט אַ ביסל געוויסנסביסן.

דאָס זשומען פון די פליגל האָט צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט; משוגע ווילד האָט עס געשטאָכן זיין שפּיץ־פינגער ווי מיט אַ שאַרפע נאָדל. ער האָט געפילט די צאַפּלעניש פון דעם קליינעם שטיקעלע לעבן. צווי בלויע פונקעלעך אויף די פליגל האָבן גע־פינקלט אין לבנה־שיין. ווען ער האָט דערנענטערט דאָס תכשיטל צו די אויגן, איז ער נתפעל געוואָרן פון פינקטלעכן געבוי פון אירע שפּיר־הערנדלעך, וואָס ער האָט איצט געזען צום ערשטן מאָל. אָט די דינינקע צווייגלעך האָבן געווירקט לויט אַן אינער־לעכער וויבראַציע. ערני האָט אויפגעציטערט פון צער. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די שפּיר־הערנדלעך שלאָגן די לופט, פון גרויס פחד. ער האָט זיך געפרעגט מיט, זאָרג, צי דאָס געפיל וואָס באַוועגט אירע פליגעלעך צווישן זיינע פינגער, איז אַזוי חשוב ווי דאָס געפיל פון דער שפּייז־קרעמערקעס טעכטערל. אין דעם מאָמענט האָט אַ טייל פון זיין וועזן אַריינגעשוועבט מיט חכמה אין דער פליג און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אָט די קליינע בריאה, זאָל זי אפילו קלענער ווערן ביז אָן סוף, וועט דאָך איר פחד־געפיל פאַרן טויט קלענער נישט זיין. ער האָט געעפנט

זיינע פינגער ווי אַ פּעכער און אַ סעקונדע זיך צוגעקוקט צום אויפפלי פון דער פליג. אינעם פלי איז געווען עפּעס פון ערני לוי, עפּעס פון קרעמערס טעכטערל און עפּעס אַזוינס, וואָר ווייסט וואָס. — אַ מידל־פליג. זי האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט. באַלד איז זי פאַרשוווּנדן — האָט ער צו זיך געזאָגט מיט הנאה. ער האָט אָבער באַדויערט, וואָס זי איז מער נישט מיט אים. ערשט איצט האָט ער דערפילט, ווי איינזאַם ער איז אינמיטן פעלד.

ערני האָט זיך אַראָפּגעבויגן אויף די קני צו דער ערד און איינגעאָטעמט די ריחות פון דעם אַרום. נאָכדעם האָט ער זיך געלייגט אויפן רוקן און שטאַרק צוגעדריקט די פאַרמאַכטע אויגן־לעפלעך ביז צום ווייטאָן די שוואַרצאַפּלען, כדי איינצושלאָפן וואָס פריער און זיך אַרויסרייסן פון די פּחדים, וואָס האָבן אַלץ ענגער אַרומגענומען זיין נשמה. אָבער אַ מאָדנע זאַך, ס'האָט אויסגעזען, אַז די שוואַרצאַפּלען טיילן זיך בכלל נישט אָפּ פון דער לבנה, נישט פון די שטערן, נישט פון וועג און דעם נאָענטן קאַרנפעלד. און אויך נישט פון דער דופּטיקער קאָניטשינע, נישט פון דער זי־פליג און נישט פון די קליינע ווינט־כוואַליעס וואָס פלאַטערן איבער זיינע באַקן.

זיינע אויגן־לעפלעך, וואָס זענען געוואָרן צוויי דינע און דורכזיכטיקע פאָרהענגלעך, האָבן נישט אָנגעהאַלטן נאָר דעם ליידיקן חלל. דאָס יינגל, אַ דערשראָקענער, האָט אויסגערופן אַ פאַרצויגענעם, לאַנגען רוף אין די מרחקים: ערני לעעעע־ווי, ערני לעעווי. אָבער קיין שום אָפּקלאַנג אין זיין שאַרבן, די פּוסטקייט איז פאַרבליבן טונקל, ווי דער הימל. דאָס מויל האָט געשעפּטשעט גיך:

— ערני, ערני.

ער האָט געוואַרט אַ ווילע און דערנאָך פּלוצים דערפילט, ווי ער שפּאַנט אויף אַ וועג פון שטאַרקער ליכטיקייט, און בעת זיינע אברים רוען אין דער קאָניטשינע, גייט אין אים אויף אַ ווונדערלעך פּשוטער געדאַנק: ווייל אַלע האָבן אים פאַרשטויסן, וועט ער זיין דער צדיק פון די פליגן. אַ שפּיץ פון אַ קאָניטשינע־בלעטל האָט אַנגערירט ליבלעך זיין נאָז. די ערד איז איצט געוואָרן אַנגענעמער. באַלד האָבן זיך זיינע נאָזלעכער צעשפּאַנט פון הנאה און האָבן איינגעאָטעמט די נאַכט. ווען די נאַכט איז אים

אַרײַנגעדרונגען אין זײַן ברוסט, האָט ער מיט דערלײַכטערונג איבערגעחזרט:

— יאָ, דער צדיק פֿון די פֿליגן.

און ער איז אײַנגעשלאָפֿן.

*

— העי, יאָט אײנער, צי ביזטו טויט?

ערני האָט דערזען פֿאַר זײַן נאָז אַ געלן האַלצשיך, דערנאָך זענען דערשינען אַ פּאָר גרויע הויזן און אַ שוואַרצער קאַפּעלוש, אַ רונדיק קופּער־רויט פּרצוף ווי אַן עפּל. אינעם קול איז גאָר־נישט געווען קיין דראָענדיקס.

מיט אַ לײַכטן שלעפּ האָט דער פּויער אויפֿגעהויבן ערנין און אים אַוועקגעשטעלט אינמיטן דער קאָניטשינע. ער האָט אים אָנגעקוקט, שווער אָפּגעעטעמט און אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער. אַז ערני האָט אויפֿגעציטערט, האָט דער פּויער איבער־געריסן מיטן געלעכטער און געזאָגט:

— זעסט אויס ווי אַ פֿיש, וואָס איז געפֿאַנגען געוואָרן ביים עק.

ער האָט אײַנגעבויגן די קני, זיך אַוועקגעלייגט אויפֿן רוקן און זיך צעכיכאָטשעט קעגנאיבער דעם הימל, האַלטנדיק זיך ביי די באַקעס פֿון לאַכן.

— וואָס פֿאַר אַ פֿיש — האָט ערני געפֿרעגט, אַ פֿאַראינ־טערעסירטער.

— וואָס זאָגסטו?

— וואָס פֿאַר אַ פֿיש?

די גרין־בלאָע אויגן האָבן אַרומגעהילט ערניו מיט חשד.

— זאָגשע מיר, וואָס טוסטו דאָ?

אין אַ מרחק פֿון צען מעטער האָט געוואַרט אַ געשפּאַן פֿון צווײ פֿערד. דער פּויער האָט נאָכגעפֿאָלגט ערניס בליק.

— דאָס געהערט מיר — האָט ער געזאָגט מיט וויכטיקייט.
— איך פֿאַר אין שטאָט אַרײַן, דו וועסט במחילה מיטפֿאָרן מיט מיר. דו מאַכסט דעם רושם, אַז ביזט געקומען אויף די קני, זיי זענען אָפּגעעטעסעט ווי מיט אַ הובל. און דײַך אָרעם... צי האָט נישט

דייך משפחה דיר גוט אריינגעשמיסן? אָרעמער, ביזט אודאי אַ סך ארומגעלאָפן.

ערני האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשמייכלט:

— ניין מיין הער, נישט דאָס איז עס.

— נאָר צוליב וואָס דען? האָסטו נישט אָפּגעטאָן עפּעס אַ מיאוס שטיקל אַרבעט? געלט געגנבעט, אַ טייערע כלי צעבראָכן?

— ניין, — האָט ערני געלאַכט.

איך בין מסופק, צי דו האָסט געוואָלט זען די נאַטור־לאַנד־שאַפט, זאָג מיר נאָר, שוין לאַנג וואָס דו ביזט אַנטלאָפן?

— נעכטן ביינאַכט — האָט דאָס יינגל נאָכגעטראַכט און גע־ענטפערט.

דער פויער איז נישט געווען דעצידירט, ער האָט געגלעט ערניס געלאָקטע קעפּל.

— ווייסטו, מיין פריינט, שווער מיט דיר, קאָנסט מיר אפשר זאָגן, וווהין דו דאַרפסט?

עפּעס האָט זיך גערירט אין ערני. דעם פויערס האַנט ליגט אויף זיין קאָפּ, זיין באַרג פלייש שפּרייט אויף אים אויס זיין שאָטן.

— דאָך, זעסטו אויס צו זיין נישט קיין שלעכטער בחור — האָט דער פויער גוטמוטיק געזאָגט.

— שטי...לענ...שטאָט — האָט דער פליט געשטאַמלט.

אין דעם מאָמענט האָט ער באַגריפן דעם פאַרנעם פון זיין שולד, ער האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן.



דער וואָגן איז געפאָרן לעבעדיק. ערני, אין זיין רייכער פאַנטאַזיע, האָט אויפגענומען די אָפּוועקסלונג און די ענדערונגען אין דער לאַנדשאַפט. ווען זיינע אויגן זענען מיד געוואָרן איז ער ווידער צוריקגעקומען צום פייערלעכן געלויף פון די צוויי אָקער־פערד, צו זייערע גריוועס, וואָס האָבן געפלאַטערט אין ווייסע כוואַליעס אויף זייערע העלדזער, אַרויף און אַראָפּ, אָן סוף.

— נישט ווייל מיינע אַרבעטויטן זענען שווער צום שלעפּן — האָט דער פויער געזאָגט — אָבער איך שפּאַן די פערד צוזאַמען, ווייל זיי האָבן דאָס ליב, ווייל זיי צעשיידן זיך נישט

גערן, אפשר וועסטו עסן מיינעם אַן עפּל? ווי געפעלט דיר עפּעס מיין עפּל? סאַמעט, אמת? העי, וואָס פאַר פיינע גרינסן איך פיר היינט אויפן מאַרק.

פון צייט־צו־צייט האָט דער פויער געצייכנט מיט זיין בייטש פאַנטאַסטישע פיגורן אויף די פערדישע הינטערטיילן, און אַז אַ שמיץ איז טיילמאָל נישט געראָטן, האָט ער צוגעקנאַקט מיט דער צונג אויפן גומען צום טאַקט. די ברייטע, מאַלערישע לאַנדשאַפט האָט געצויגן ערניס אויפמערקזאַמקייט, מער ווי אַלץ. אומזיסט האָט ער געזוכט אויף די האָריזאָנטן, עפּעס אַ שפּאָר פון די זע־אונגען אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט. מיטן אויפכאַפּן זיך אין קאַ־ניטשינע־פעלד, זענען פאַרשוונדן די אַלע אויסטערלישע פאַר־לויפעניִשן פון נעכטן. דער הימל, די ביימער און דער וועג, ביז צום קלענסטן גרעזל, אַלע האָבן זיך אויסגעדוכט צו זיין קלענער, אָרעמער, לגבי דער העלער ליכטיקייט פון טאָג. די דערפער, וואָס ער איז איצט פאַרביי געפאָרן, האָבן מיט גאָרנישט דערמאָנט די מאַ־סיווע שאָטנס אונטער דער לבנה. די הייזער האָבן איצט רויטלעכע דעכער, ווו מען קאָן ציילן יעדע דאַכעווקע.

— אויב אַזוי — זאָגט דער פויער — ביזטו הייסט עס לוי׳ס אַ זון פון דער ריגענשטראַסע?

ערני האָט אומעטיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך בין דווקא נישט מקפּיד — האָט דער פויער ממשיך געווען — איבעראַל זענען דאָ גוטע און שלעכטע מענטשן... אָבער מען מוז מודה זיין, אַז ס׳איז עפּעס אַ מאָדנע זאַך... מנע... אויך מיינע פריינט...

ער האָט געכאַפּט אַ בליק אויף זיין פּאַסאַזשיר און האָט סתם, אַזוי זיך, אַ זאָג געטאָן, אַוועקדרייענדיק, אַ ביסעלע פאַרשעמט, זיין פּרצוף:

— איך מעג מיר האָבן מיינע ספקות, ווייל אַזעלכע קליינע און שוואַרצע קעפּלעך וואַקסן נישט אין אונזער לאַנד.

— אויף ערניס ליפּן האָט געברענט אַ פראַגע. זשמורענדיק זיינע ברעמען, האָט ער געוואָגט צו פרעגן, מיט דרך־ארץ, מיט אַ ניואַנס פון העפלעכן באַדויערן:

— זענט איר קעגן אונז?

דעם פויערס קינביינער האָבן זיך געביטן פון קופּער־רויט אויף בלאָ. פון זיין מויל איז אַרויס אַ געהירזשעריי און זיין מגושמדיקער גוף האָט אַזוי אויפגעציטערט אויפן געזעס, אַז ס'איז געווען אַ מורא, אַז ער וועט אַרויספאַלן פון וואָגן.

— כאַ, כאַ, וואָס פאַר אַ שטיק הינטערחלק.

דער צונאָמען „שטיק הינטערחלק" האָט ערנין זייער געערגערט ער האָט באַשלאָסן נישט צו לייגן קיין אַכט דערויף, און זיך טיף אַראָפּגערוקט צום דנאָ פון וואָגן, געבנדיק אַ פּיף, ווי נישט אים מיינט מען. אָבער אַ מינוט שפּעטער, האָט דעם פויערס רעכטע האַנט אַרויסגעלאָזט די לייצן און זיך צו אים דערנענטערט ווי אַ בלינדער און האַריקער פויגל און אים גוטמוטיק געגלעט איבערן קאָפּ. אינעם פויערס קול האָט זיך געהערט אַ טאָן פון חוזק:

— האָב נישט קיין מורא, שטיק הינטערהלק, לוי, אָדער נישט לוי, אין פינף מינוט אַרום קומען מיר אָן. און וואָס טראַכסטו איינגנטלעך, כ'וועל דיך אַראָפּוואַרפן? אַזוי שלעכט בין איך נאָכ־נישט. כ'בין עפּעס דאָרט אַ כיטרע־שלעכטס, אַזאַ איינער וועט קיינמאָל נישט זיין קיין ליטישער יאָט.

מער האָט ער נישט געעפנט דאָס מויל, ביז צו דער ריגענ־שטראָסע. די פערד האָבן געסאָפּעט און אריינגעצויגן לופט פאַר לוי'ס געוועלב, און ערני האָט תיכף אַ פאַרוווּנדערטער דערזען, אַז דאָס קליינע שוי־פענצטער איז פאַרביטן געוואָרן מיט שלעכט געהובלטע ברעטער. אָבער ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין צייט עפּעס צו באַמערקן: דער פויער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן אַקסל און נישט רירנדיק זיך פון געפּעלצטן־געזעס, האָט ער אים מיט אַ שטאַרקער האַנט אויפגעהויבן און אים פלינק אַראָפּגעלאָזט ביים ראַנד פון טראָטואַר, ער האָט אים צוגעוואָרפן אַ פריילעכן: „אַדיע, שטיק הינטערחלק", און מיט אַ קנאַק פון בייטש האָט ער אונ־טערגעטריבן זיין געשפּאַן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט זיך צו פאַרזוימען אין דער מחיצה פון די לוי'ס.

*

פאַריקע נאַכט, בעתן נאַכטמאָל, ווען מאַמע יהודית האָט באַ־מערקט ערנים לידיקן פּלאַץ, האָט זי אונטער די אויגן, אַרויסגעטראָגן קעגן אים איר פּסק־דין. צוויי שעה שפּעטער האָט זי אים

באַפרייט פון יעדער שולד און געשליידערט שווערע באַשולדיקונגען קעגן דער גאַנצער וועלט.

באַלד האָט זי אַרויפגעוואָרפן אויף זיך איר יאָלענע פאַטשיילע און אָנגעהויבן וואַנדערן איבער די שטילנשטאַטער גאַסן, פרעגנ־דיק זיך אויף אים ביי ייִדן און נישט־ייִדן. נאָכן איבערצייגן זיך, אַז דאָס מלאכ׳ל געפינט זיך נישט אין שטאָט, האָט זי זיך גע־נומען דורכנישטערן די אַרומיקע פעלדער. דריי טעג שפּעטער האָט מען זי געפונען אין אַ וויטער פּויערישער פערמע, אַ קראַנקע, אַ באָרוועסע און אין אַ צעריסן קלייד.

מרדכי פון זיין זייט, האָט פאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט אויף אַ שטול. אין די באַגינען־שעהן, האָט אַ שטיין צעבראָכן די שויב פון שוי־פענצטער: דאָס האָט די שפּייז־קרעמערקע אויף אַזאַ אופן פרייגעלאָזט די ווילדע ראַסן־שנאה פון איר מאַן. מרדכי האָט באַלד צונויפגעקליבן עטלעכע ברעטער, אַלס אַ שוץ קעגן גנבים. טיף אָפּגעזיפצט, אָנגעצונדן דעם נאַפטלאָמפּ און געוואַרט ביז דאָס טאָגליכט וועט אַריינשיינען פון צווישן די ברע־טער־שפּאַלטן. פאַרוואָס איז דאָ נישטאָ קיין געטאָ — האָט ער געחלומט אין געהיים. אגב, צוליב טויזנט טעמים, וואָס איינער פון זיי איז גענוג געווען, און דאָס איז געלט, זענען די ברעטער צוגעקלאַפּט צום געוועלב־פענצטער, אַ גרענעץ פאַר די דייטשן און אַ סימבאָלישער אַרעסט פאַר דער משפּחה לוי.

הערנדיק דעם רעש פון וואָגן, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט אינדרויסן, די פערד האָבן זיך דערווייטערט אין גאַלאָפּ, אָבער אויפן טראָטואַר איז געשטאַנען אַ פאַרחלומט וווּנדערקינד, די הענט באַלייגט מיט מייערן, דער באַנדאַזש פאַרבלוטיקט, פאַר־שמוציקט פון ערד און גראָז, וואַלגערט זיך נעבן זיינע פיס. ער האָט נישט גערירט מיט קיין אבר, ביז דער אַלטער האָט אויסגע־שפּרייט איבער אים זיין צעקאָכטן גוף, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער וועט ווייטער פאַרשווינדן ווערן פון זיינע אויגן.

— רעד נישט, האָב נישט קיין מורא — האָט מרדכי גע־שטאַמלט — דו פאַרשטייסט מיך? ס׳איז גאָרנישט געשען, הודו לד׳ כי טוב, ווי אַ גוטער גאָט דאָס איז — האָט ער מיט התלהבות איבערגעחזרט, צודריקנדיק דאָס ייִנגעלע צו זיך.

ערני האָט אָפּגעהיטן זיין אויבנאויפיקע רו. ווען ער האָט שוין געקאָנט אָפּעטעמען, האָט ער נייגעריק געפרעגט:

— פאַרוואָס איז די שויב פון האַלץ?

דעם מילכיקערס דריי־רעדלדיק וועגעלע איז נאָרוואָס אַרויס־געקראָכן ווי אַ וואָרעם פון עק הינדענבורג־פּלאַץ. די ריגענשטראַ־סע איז נאָך געשטאַנען אַ ליידיקע אין פרימאָרגן־נעפּל. מרדכי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום טראָטואַר און מיט דער באַק געמאָסטן די היץ פון ייִנגלס שטערן. דערנאָך אים מכבד געווען מיט אַ האַרציקן בליק און האָט אים מיט פאַרזיכטיקייט איבערגעגעבן אַלץ וואָס האָט פּאַסירט זינט נעכטן אָוונט.

— דו פאַרשטייסט — האָט ער ליבלעך געזאָגט — ווען דו וואָלסט געווען אַן אמתער צדיק, וואָלטן זיך די אַלע זאַכן נישט אַזוי אָפּגעשפּילט.

— איך פאַרשטיי אַלצדינג — האָט ערני געזאָגט.

— נו איצט, באַדאַרפסטו צוריק ווערן וואָס דו ביזט געווען פריער — האָט געזאָגט דער זיידע מיט געוויסער חניפה — מען דאַרף אַלץ טאָן, ווי פריער.

די טונקעלע גרויסע אויגן האָבן נאָכדענקט און אַנגעפילט זיך מיט טרערן.

— פאַרוואָס וויינסטו?

— ווייל איך האַלט, אַז איך וועל שטענדיק האָבן נאָר צער, אַפילו אַז כ׳וועל נישט זיין קיין צדיק.

— שמע ישראל.

צוציענדיק דאָס ייִנגעלע צו זיך שויס, האָט מרדכי זיך אויפ־געשטעלט, אין זיין גאַנצער הויך, זיין קאָפּ באַלויכטן פון דער זון איז געווען פאַרזונקען אין מחשבות:

— רבונו של עולם — „די הימלען און אירע הויכקייטן, די ערד און אירע טיפענישן, און דאָס האַרץ פון קינדער — זענען נישט צום אויספאָרשן“.

## הער קרעמער און פריילין אילזע

# 1

נאָך צוויי און דרייסיק יאָר דינסט, האָט די פּערזענלעכקייט פון לערער קרעמער באַקומען דעם חותם פון געזעצטקייט. אויף זיין געזיכט אַ פאַרטראַכטקייט, אַ כאַראַקטעריסטישע פאַר דעמאָקראַטישע שול־טוערס. זיין הויכער וווקס, אַ געשטאַלט פון אַ פּראָפעסאָר. יעדע באַוועגונג זיינע, שפּרודלדיק און דערהויבן. געוועזן אין אים אַ מין ערנסטע, כמעט סודותדיקע האַרמאָניע. דאָס קאַנטיקע פּנים זיינס האָט זיך אַרויסגעהויבן פון קאָלנער, ווי אַ משונהדיקע בלום פון אַ בלומענטאָפּ — מעשה פּראָפעסאָר.

זיין שמייכל האָט געגעבן די מעגלעכקייט פון פאַרשידענע אויסטייטש־ניואַנסן: אַ האַלבער שמייכל, אַ פערטל שמייכל, אַן אַכטל שמייכל אד״גל. אין צייט־אָפּשניט פון שטילשטאַנד אין שולע האָט ער בדרך־כלל געהאַט אַ פאַרזיכטיקן האַלב־שמייכל, אַ קלוגן, עפּעס־וואָס צווישן דער גליקזעליקייט פון לעבן און דער האַרבקייט פון פליכט.

אין אָנהייב פון זיין לערערישער קאַריערע, האָבן זיינע חברים געפונען אין אים נאַטירלעכע גוטמוטיקייט, אָבער פאַרעלטערטע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן. דער געשעצטער דירעקטאָר, האָט זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון צו זאָגן אים אויף אַ זיצונג פון פּראָפעסאָרן־ראָט:

— בויגט איך נישט צופיל אַריבער צו אייערע תלמידים, דאָס איז די פּאַסיקסטע פּאָזיציע צו כאַפּן מיט פיס אויפן הינטן.

ווערנדיק פּורפּור־רויט, האָט דער יונגער לערער געטראַכט אַ האַלבע מינוט און געענטפערט מיט חשיבות:

— טראַץ דער לגמרי נישט העפלעכער פאָרם, מוז איך מודה זיין, אַז די באַמערקונג פון הערן שולדירעקטאָר וויזט מיר אויס צו זיין באַרעכטיקט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט פון דעמאָלט אָן גע־טראָגן מיט זיך אַ שטעקעלע, האָט ער פאָרט אין געהיים ווייטער געגלויבט אין דער ריינקייט פון דער קינדהייט, וואָס ער האָט געשטעלט אין קעגנזאַץ צו דער נישט־שלימותדיקייט פון דער מענטשהייט.

—דאָס קינד — פלעגט ער זאָגן צו זיין פריינט, הער האַרטונג — שטאַמט טאַקע פון מענטש, ממש ווי דער מענטש שטאַמט פון דער מאַלפּע.

ער האָט געהאַלטן, אַז די שול־אינסטרוקציעס צו לערנען פּאָ־עזיע, וואָס דאַרפן פאַרפליכטן אַלע מענטשן, אַנטהאַלטן אין זיך אַ באַשטענדיקן טאַרמאַז קעגן באַרבאַריזם. פון דעם שטאַנד־פּונקט, האָבן די דייטשע ראָמאַנטישע דיכטער, געבילדעט — אין זיינע אויגן — דאָס סאַמע דערהויבנסטע פון גייסטיקן אידע־אַל, און באַזונדערס שילער, וואָס יעדער פערז פון זיינע לידער שפּיגלט אָפּ די דערקענונג פון דער קולטור. דער טאָג, ווען אַלע איינוווינער פון ערדקיילעך וועלן קענען זיינע לידער, וועט זיין אַ יום־טוב. מען וועט דאַן נישט לייגן קיין אַכט אויף קיין פּאָ־ליטיק, נישט אויף קיין געלט און נישט אויף קיין פרויען פון שלעכטע געוווינהייטן. אין יענעם געבענטשטן טאָג, האָט הער קרעמער געחלומט, וועט די קינדהייט נישט זיין מער קיין מינ־דערהייט אויף דער וועלט. אַלע דערוואַקסענע וועלן זיין ווי קינדער, אַלע קינדער וועלן זיין אמתדיקע מענטשן א. א. וו.

אָט די רעפלעקסן האָבן אים אָנגערעגט גרינגצושעצן פּאָלי־טישע אַקטואַליען אַזוי ווייט, אַז ער האָט נישט געדענקט צי דייטשלאַנד איז אַ רעפּובליק, אָדער זי איז נאָך דאָס קעניגרייך פון דער האָהענצאָלערן־דינאַסטיע. ער האָט געקענט עטלעכע מיניסטר רע־זשימען וואָס קיין איינער פון זיי איז נישט באַווירקט געוואָרן פון שילערס טיפע לערן. אַלע חילוקי־דעות וועגן רעזשימס זענען נישט מער געווען ווי אַ ווערטער־געפּעכט: רעפּובליק, קייסערטום, ביז אָן סוף. קיינמאָל איז אים נישט געקומען אויפן געדאַנק, זיך

אַריינצומישן, ער איז געווען איבערצייגט, אַז אַלע ווערטער וועלן אַמאָל ענטווערט ווערן לגבי דער פּאָעזיע.

זיכער האָט ער אויך געהאַט זיינע ליבעס־מעשהלעך, ווי יעדער אַנדערער, און ער געדענקט זיי מיט בושה, ווי זיינע ווונדן, באַקומענע אין דער מלחמה, דווקא אין אונטערשטן טייל פון בויך.

— מיין טייערע הילדעגראַד — פלעגט ער זאָגן און רויט ווערן — איך פאַרזיכער דיר, אַז דאָס מאַכט מיך נישט אומפעיק חתונה צו האָבן. און אָט איז דער באַווייז.

און אַזוי־ווי די יאָרן האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אויך צייטס־ציניזם, האָט הער קרעמער זיך געפרעגט, צי וואָלט ניעט כדאי געווען צו געבן זיין כלה אַ מער איבערצייגנדיקן באַווייז, ווי דעם לעכערלעכן דאָקטאָר־שיין. די באַציִונגען צווישן זיי האָבן זיך נישט פאַרשטאַרקט. הער קרעמער איז געוואָרן אומגעדולדיק דערפון, וואָס דאָס יונגע מיידל באַטראַכט זיין שוואַכקייט: „טיילוויז, מיין טייערער חתן, טיילווייז", ווי אַ רעזולטאַט פון אַ זינדיקער טאַט. מיט דער הילף פון „אייזערנעם קרייץ" האָט ער געקאָנט פאַרענדיקן די מלחמה אויף דער שטול פון אַ שול־דירעקטאָר. אָבער דער אָנדענק פון אַ צווייטן קרייץ, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיין געזעס, האָט צו זיין אומגליק, אָפּגעקילט זיין פּאַטריאָטישע התלהבות. מען האָט אים חושד געווען אין דעפעטיזם. און אָט די „ווייכקייט" לגבי זיין דייטשמעריזם, האָט לסוף איבערצייגט דאָס פריילין, אַז זיין גאַנצער יחוס איז גאָר קיין יחוס נישט. ווי אַן „אשת־חיל" האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ העלד, אַן אייגנטימער פון איין פוס, אָבער מיט אַ קאָמפּלעט־גאַנצן פּאַטריאָטיזם.

אַזוי האָבן זיך, מיט דער צייט, זיינע מלחמה־זכרונות אינטים צונויפגעגאָסן מיט זיינע ליבעס־זכרונות. זיין הויכע מיינונג וועגן ליבע, איז צעשטערט געוואָרן אין אָנבליק פון זיין צעשעדיקטן געזעס, און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די זעלבע מכה האָט אים געשלאָגן — אַזוי אין האַרץ, ווי אין לינקען געשלעכטס־דריז.

✶

דער פּאָשיזם — האָט ער ביים אָנהייב געמיינט — איז ווי

אַ קרעטשמע אין דער גאַס און אין דער רעגירונג. טראָצדעם וואָס אַלע ליגן איז די ביר־קעלערן, אָדער אין די תּפיסות, וועט דאָך דאָס אַלטע, דערוואַקסענע דייטשלאַנד צוריקקערן אירע זין צום גוטן.

די אַלע ערשטע מעשים האָט ער אויפגענומען מיט פילאָזאָפיע, מיט חכמה און מיט דרך־ארץ, לויט אַלע אָפּשאַצונגען פון אַן אַלטן הומאַניסט. דער דעקרעט וועגן קערפּערלעכע שטראָף האָט ביי אים געוועקט געלעכטער, ער האָט אָבער געזען, אַז זיינע פֿאָלקס־גענאָסן ווענדן אָן דעם דעקרעט אויפן רוקן פון יידישע קינדער, האָט זיך אויף זיין שטערן באַוויזן אַ בולטער קנייטש — דאָס אונטערצונדן די סינאַגאָגע האָט געמאַכט דאָס איבעריקע.

די דאָזיקע אונטערצינדונג האָט זיך צעפּלאָקערט שפּעט אין אָוונט. ס'זענען מער נישט געבליבן ווי אָפּגעסמאַליעטע, שוואַרצע ווענט. די הרוב־געוואָרענע גרויסע שול האָט געדויכערט צוויי טעג איבער די היחער פון שטילנשטאָט. פון זיין זעקסטן שטאָק איבערן הויף, האָט הער קרעמער געזען, ווי אַ לאַנגע בעלקע צווישן ציגל און פאַרשאָטענע חורבות, שטרעקט זיך אויס קעגנאיבער אַ קריסטלעך פּראָנט־הויז, ווי אַ האַנט וואָס באַשולדיקט. צום גליק, זענען די יידן, זינט דעם אַריינרייסן זיך פון די ברוינע העמדער, זעלטן זיך צוזאַמענגעקומען אין זייער שול, דעריבער איז דאָסמאָל געווען נאָר איין קרבן, אַ פרומער ייד, וואָס איז געקומען דאַווענען און איז פאַרברענט געוואָרן. אָבער אַ גאַנצע וואָך האָבן זיך שכנים געקלאָגט אויף אַ דינעם ריח, וואָס גייט אויף פון די חורבות און זיי מיינען, אַז דאָס איז דער ריח פון אַלטן ייד, וואָס איז אויפגעגאַנגען מיטן רויך צו די שטילע הימלען פון שטילנשטאָט.

אָט דער טויט־ווייררויך האָט נישט געשמעקט הער קרעמערס נאָזלעכער. זיין חבר און פריינט, הער האַרטונג, וואָס האָט מיט אים כסדר אַרומגערעדט דאָס קאַפּיטל יידן, האָט ער באַמערקט, איז פול מיט ווט און פייערדיקער שנאה. יענער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט גאָרנישט, אָבער זייער פריינטשאַפט איז איבערגעריסן געוואָרן. און אַרויסגייענדיק פון די קלאַסן־צמערן, האָט אַ פופצן־מעטערדיקע דיסטאַנס זיי צע־

שיידט אויפן וועג, מיט וועלכן זיי זענען, זינט דעם ערשטן אָקטאָ־בער 1919, אינדערפרי און אין אָונט, געגאַנגען צוזאַמען.

דער מעכאַניזם, וואָס האָט שפּעטער אָוועקגעשיקט אונזער אײדעלן הומאַניסט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָט נאָכנישט פונקציאָנירט. און ווען דאָס ראָד פון טויט האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען, איז זיין אָנהייב־באַוועגונג געווען אַזאַ לאַנגזאַמע, אַז הער קרעמער האָט זי בכלל נישט געשפּירט.



אין שולע האָבן זיך געציילט פופצן „יידישע געסט״, ווי מען האָט זיך איצט נוהג געווען די אָנצורופן, און אַן ענלעכע צאָל פון „פימפפן״ — פּיאָנערן פון דער היטלעריסטישער יוגט. אָבער לויט דער נייער ווענדונג פון מענטשלעכן־גייסט, ווען די לעצטע האָבן געעפנט אַן אָנגריף קעגן דעם יידישן־קרייז, אין הויף נעבן דעם קאַשטן־בוים, האָבן זיך אַ סך „אַפּאָליטישע״ אָנגעשלאָסן צו די היטלער־יינגלעך, אין דער קליינער, פריילעכער מלחמה.

אַז די קייט פון יידישע קינדער איז דורכגעריסן געוואָרן, זענען די קריגסגעפאַנגענע אַריינגעשלעפּט געוואָרן אינמיטן הויף אַריין, ווו מ׳האָט פון זיי געחוזקט — פאַר די אויגן פון די גלייכגילטיקע לערערס.

אָט די רוימישע שפּילן האָבן געוועקט מחשבות ביים לערער קרעמער, אָבער צוליבן חשש פון ציען אויף זיך דעם צאָרן פון דער מאַכט, האָט ער זיך באַגנוגנט מיטן גיין הונדערט טריט לענגאויס דער וואַנט, אַנטקעגן דעם קאַשטן־בוים פון די יידישע קינדער. צייטנווייז, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרשטאָפּן די אויערן, איז ער אַריין אין לערער־קאַבינעט און זיך דאָרט, אויפן קול, גוט אויסגעשנייצט די נאָז. יעדעס מאָל, ווען עס האָט אים געשטיקט אַ געוויין, האָט ער פעסט אַריינגעבלאָזן אין זיין נאָזטיכל, אַז די נאָז איז געווען רויט פון ווייטיק. דער מאַנעוור זיינער איז אָבער נישט געבליבן אומבאַמערקט.

אין אַ געווויסן טאָג, אינמיטן דער גרויסער פּויזע, האָט זיך ערגי לוי פּלוצים צוגעשלייכט צו די פּיס פון לערער קרעמער.

ס׳האָבן אים נאָכגעיאָגט צווייִ פּימפּפּן. האַנס שלימאַן האָט אַרויפ־געלייגט אַ קני אויף די נירן פון יידישן יינגל, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויף דער ערד, זיינע הענט האָבן געבלוטיקט און זיינע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט. נאָכדעם האָט האַנס אָנגע־כאַפּט ערגיץ פאַר די האָר און אויסגעדרייט זיין דאַר פּנים אַנט־קעגן דעם הימל, אין אַ פּאָזע פון אַ בעטנדיקן ייד.

— אָט האָסטו, האָסט נישט געוואָלט שפּילן?

האַנס שלימאַנס מויל איז געווען ברייט צעעפנט, זיינע ציין האָבן געבלישטשעט. ער איז געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק לגבי דער אָנוועזנהייט פון לערער קרעמער, וואָס האָט פון צעטומלונג אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין פליכעוואַטן קאָפּ און שווער אָפּגעזיפצט, מורמלענדיק צווישן זיינע גרויסע געלע ציין:

— קוקט און זעט קינדער.

און פּלוצים האָט ער אָנגעכאַפּט דעם פּימפּף ביים קאָלנער און אים אַוועקגעשלידערט וויט פון זיך.

ביים אָנבליק פון דעם לעסטערנדיקן פאַל, זענען אַלע אין הויף געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט.

הער קרעמער האָט גענומען גיין מיט אַ נאָכשלעפּנדיקן און פאַרמאַטערטן טריט, שטעלנדיק אומגעלומפּערט זיינע פיס, ווי אַן אַלטע שקאַפּע, וואָס באַטראַכט צוערשט גוט איר ערשטע פּאָד־קאָווע, איידער זי שטעלט אַראָפּ די צווייטע, אָבער אַז ער איז צוגעקומען צו דער אויסערלעכער וואַנט, האָט ער דערפילט הינ־טער זיך אַ לייכט טרעטן: דאָס יידישע יינגל איז אים נאָכגעגאַנגען, מיט פאַרלייגטע הענט און רויט־צעפלאַמטן פּנים, זוכנדיק שוץ אונטער דעם לערערס פליגל. וואָס טוט מען? הער קרעמער האָט שלום געמאַכט מיט דער לאַגע, און ביים סוף פון דער גרויסער פּויזע זענען שוין צוויי יינגלעך און אַ מיידעלע, מיט דרך־ארץ געשפּאַנט הינטער אים, אַ זייער קאָמפּראָמיטירנדיקע סוויטע. צומאָרגנס זענען זיי שוין געווען פופצן, און נאָך דריי טעג, האָט זיך אויך מאַרקוס ראָזנבערג, דער גרויסער מאַרקוס, דער לעצ־טער באַשיצער פון דער יידישער מחנה, געשטעלט אונטער דער פאָן פון לערער קרעמער, האַלטנדיק אַ שטאָלענע ליניע אונטערן אָרעם. אַלץ איז פאַרלוירן.

דעמזעלבן טאָג, ווען הער קרעמער איז דערשינען אין זיין קלאַס, האָט געפּלאַטערט אַ ברייטער אויפשריפט, מיט קינדישן כּתב געשריבן איבערן גאַנצן שוואַרצן טאָוול:

— טרייבט אַרויס דעם ייִדן־פּריינט!

ער איז צוגעגאַנגען צום שוואַרצן טאָוול, האָט אַ נעם געטאָן די קרייד־שמאַטע, זיך מיישב געווען און זי צוריק געלייגט אין קעסטל. אַ ווײַלע איז ער געבליבן אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו די קינדער. ווען ער האָט ווידער געווענדט זיין פּנים אַנט־קעגן די פערציק בליקן, איז עס דאַן געווען אָנגעצויגן און קאַלט. פּלוצים איז ער צוגעגאַנגען פּייערלעך צו דער קאַטעדרע, גע־שטיצט און געשיצט פון די צוויי און דרייסיק יאָר טאָג־טעג־לעכער און בכבודיקער אַרבעט, שטייף, די קינבאַקן און די פּאַר־צווייפלטע נאַזדרעס, ווי ביי אַן אַלט פערד פון אַ בריטשקע (וואָס די דישלעס און די פּרעכטיק פאַרוואַרפענע דעק אויף זיין רוקן, גיבן אים אַ געוויסע אילוזיע פון כּוח). און ווען ס'איז אַנטשטאַנען אין קלאַס אַ מהומה, האָט דער לערער פאַרלייגט זיין שטעקעלע צווישן צוויי פינגער, האָט עס אויפגעהויבן עלאַסטיש אין דער הויך, לייכט באַרירנדיק דאָס אויער, און זיין פּנים האָט אָפּגע־היטן דעם אויסדרוק פון העכסטער קאַלטבלוטיקייט. אַ טויט־שטילקייט האָט באַהערשט די קלאַס.

— זייער גוט — האָט ער געזאָגט מיט אַ ביטערן שמייכל — און אויף צו פאַרענדיקן דעם היינטיקן טאָג, גיב איך אייך אויף...

ער האָט צוגעלייגט די האַנט צו די ברילן, כּדי זיי אַ ביסל אָפּצושטויבן. אונטער דעם מעטאַלענעם ראַמל האָבן געפינטלט זיינע גרויסע, בלויע אויגן.

— אַ קליינעם, שיינעם דיקטאַט — האָט ער ממשיך געווען. — נעמט אייערע פעדערס און העפטן, איך דו, פריילין לויכנער. הערט אויפמערקזאַם, איך הויב אָן: איינס, צוויי, דריי, ווי זיס, קאַמאַ, איז דאָס געזאַנג פון מיינע מלאכים, קאַמאַ.

די תּלמידים זיצן איבערגעבויגן איבער דער דיקטאַט־איבונג. אין דער ערשטער שורה האָט ער באַמערקט דאָס פּנים פון דער אויסגעצייכנטער שילערין, אילזע ברוקנער, אירע גרינע אויג־

אַפֿלען האָבן זיך געווענדט צו דער קאַטעדרע, יעדעס מאָל, ווען ער האָט אָנגעהויבן אַ נייעם זאַץ. וואָס אַמבעלאַנגט ערני לוי, האָט ער מער נישט געזען ווי זיינס אַ לאָק און אַ שפּיץ־נאָז. אַ פאַרטועטעם אין רעיונות.

די אַלע קעפּ זענען פֿול מיט לעבן — האָט געטראַכט דער אַלטער — אָבער „עפּעס אַ מורא דריקט אויף די פיר קליינע יידישע קעפּ".

און ווען ער האָט פאַרגליכן דעם גורל פון די פיר, מיטן גורל פון די רעשט שילערס, האָט הער קרעמער פּלוצים דערפילט, אַז אַ מאָנסטער־חיה, אַ מין אַקטאָפּיסיק ים־באַשעפעניש, האָט זיך דאָ אַריינגעריסן, וואָס פרעסט אַלעמען אין קלאַס.



אין אָוונט, נאָכן לעצטן דורכפאַל, האָט זיך דעם לערער קרעמער פאַרוואָלט מאַכן אַ פּרווו מיט די צוויי אויסדערוויילטע שילערס פון דעם לערניאָר: ערני לוי, דער ערשטן שילער פון דייטשע לימודים און אילזע ברוקנער, די ערשטע אין זינגען. מיט עפּעס אַ לערערישן אויסרייד, האָט ער זיי פאַרבעטן צו זיך אויף אַ טיי: „מאָרגן דאָנערשטיק, דריי נאָכמיטאָג פּינקטלעך", האָט ער זיי דערקלערט, כדי צו צוגעבן, מיט קינסטלעכער פעדאַנטישקייט, אַן אָפיציעלן כאַראַקטער דער איינלאַדונג.

— פאַרגעסט נישט — האָט ער זיך מיט זיי געזעגנט — פּינקטלעך אַ זייגער דריי.

און צו זיי אָהינגעבליקט מיט אַ לייכטן שמייכל, כדי צו פאַרייניקן גאַסטגעבערישע גוטמוטיקייט, מיט לערערישער דיסטאַנס.

אַז די צוויי תלמידים האָבן זיך דערוויטערט, האָט הער קרעמער פּלוצים אַנטדעקט, אַז זיי, די צוויי שילערס, פאַרמאַכן דעם קרייז פון זיינע פריינטשאַפט־באַציונגען. אַ מינוט שפעטער האָט אים דער געדאַנק וועגן מאָרגנדיקן טאָג באַגייסטערט: פון שטענדיק אַז האָט ער זיינע תלמידים געקענט נאָר פונווייטנס, אָפּגעטיילט פון זיי דורך דער מחיצה, צווישן לערער און תלמידים,

אָבער ער וועט נישט קאָנען שטאַרבן, אַז ער וועט זיי נישט זען פון דער נאָענט, רעדן מיט זיי, לאַכן צו זיי, ווי זיי וואָלטן געווען פון זייַן בלוט און פליש. ער האָט זיי בײדע געזען, דיזעלבע דינע פיס און לאַנגן האַלדז, מיט דעמזעלבן צאַרטן און קליינעם קערפּער־געבוי. דורכן אָפענעם פענצטער, האָט ער דערזען דעם הימל־בלאָ, ווי אַ גוטע בשורה. דער שפּיץ פון קאַשטן־בוים אין הויף האָט געגרייכט צום פענצטער, איז ער צוגעגאַנגען און אָפּ־געריסן אַ בלעטל, וואָס האָט געשיינט אויף זייַן האַנט, מיט גרינער פרישקייט. ער האָט זיך אַרויסגעבויגן און אויפגענומען די וווּנדערלעכע דערשיינונג פון קאַשטן־בוים, מיט זיינע טויזנ־טער רוישנדיקע בלעטער אין ווינט, ווי ווילד צעשויבערטע האָר. ער איז געווען מבולבל, די אַלע זאַכן געפונען זיך אין אים: דער הימל, די ערד, די ביימער, די קינדער. ער האָט ווי פונסניי אַנטדעקט די וועלט און געפילט זיך גליקלעך.

# 2

דאָס הויז פון לערער קרעמער איז נישט געווען קיין אַזיל פאַר פּאָעזיע. ס'איז געווען ענלעך צו אַלע אַלטע בנינים, אין שכנות פון דער אַלטער סינאַגאָגע, וואָס מאַמע יהודית פלעגט וועגן זיי זאָגן מיט ביטול: „מע זעט באַלד, אַז דאָרטן ווױנען בעסערע מענטשן".

אָבער די דירה האָט זיך געפונען אויפן זעקסטן שטאָק, וואָס האָט געוועקט ערגיס דמיון; (קיין מענטש אין דער ריגענשטראַסע האָט נישט געוווינט אַזוי הויך) פאַר ערני האָבן די הויכע שטאָקן באַדייט דערהויבונג פון דער נשמה. זייַן הנאה איז נאָך געשטיגן צוליבן פּלאַטפאָרם אויפן פינפטן שטאָק, וואָס האָט געהאַט אַ שמאָלן, ספּיראַלן טרעפּן־אַרויפגאַנג. פינצטער און פאַרגילדט מיט עפּעס אַ שטויב פון מיסטעריעזע פּאַסירונגען, ווי די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צום דאַך־בוידעם פון די לוי״ס. דער געדאַנק, וואָס

הער קרעמער האָט זיך איינגעאָרדנט זיין דירה אויף אַ פּאַציאַטע, האָט צוגעגעבן דער דירה אַ סך פון פּאָעזיע. בעתן אָנקליגנגען אין דער טיר, איז אים אויפגעשווומען אויפן געדאַנק אילזע ברוקנער. שוין אַ יאָר, ווי ער האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט צום מיידל. אין קוואַרטאַל פון דער ריגענשטראַסע האָבן בייזע צונגען געפּלאַפּלט, אַז דאָס „יידעלע“ האָט אַרויסגעשלעפּט זיין זכר־אבר פון דער הויזן־עפענונג, דערין האָבן זיי געזען די בולטע באַשטעטיקונג אויף דער טייוולאָנישער־געשלעכטלעכקייט און געלט־גייציקייט פון די יידן. די נאַציס האָבן געפּאָדערט אַן אויס־פאָרשונג, אָבער מ׳האָט נישט געקאָנט געפונען דאָס מיידעלע, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דער הויזן־עפענונג פון ערני לוי.

— נו, ביזט טאַקע געקומען? — האָט אַ געדעמפּט קול אים געפרעגט.

הער קרעמער, אין אַ יום־טובדיקן רעקל, האָט זיך האַלב געבייגט פאַר דעם גאַסט ביים אַריינגאַנג. זיין גראָע האַנט האָט געפּרוּווט אַ גלעט טאָן ערניס באַק, ערני האָט דאָס אויסגעמיטן. דער אַלטער לערער האָט דערפילט, אַז עפּעס אַ קאַרטאָן־שאַכטל איז פאַראַן ביי ערני אויף דער ברוסט:

— אָבער וואָס איז דאָס? איך פאַרהאָף, אַז דו האָסט מיר נישט געבראַכט קיין באָמבע.

— מיין באָבע מאַכט נישט קיין באָמבעס.

אין פאָדערצימער האָט ער זיך נישט געפילט שלעכט, אָבער דער סאַלאָן האָט אים פאַרוואונדערט. פיר קליינע זעגנצטערלעך האָבן פאַרשפּרייט אַ בלאַסן ליכט אויף די אויסגעבעטע פאָ־טעלן און אויף די באַגילדטע ראַמען פון די וואַנט־טעפּיכער.

— ביטע זער — האָט געזאָגט הער קרעמער.

איצט האָט ערני דערזען די שיין פאַרקעמטע בלאָנדע האָר פון אילזע, וואָס איז, ווי אַ שמעטערלינג געזעסן אויפן ווייכן פלושענעם פאָטעל. שמייכלדיק, האָט זי געמאַכט דריי שריט פאָרויס, אויסשטרעקנדיק איר גלאַט־ווייסע האַנט ביזן סוף פון אָרעם, ווי ס׳וואָלט נאַרוואַס אַרויסגעוואַקסן פון איר קורצן בופן־אַרבל אַ לאַנג בלומען־שטענגל.

— איך פריי זיך דיך צו קענען, ערשטער שילער פון דייטש.

ערני האָט גענומען איר האַנט מיט דרך־ארץ, זיך פּאַרויטלט און ערנסט געזאָגט:

— איך בין זייער גליקלעך, ערשטע פריילין אין זינגען.

ער האָט געגוי נישט געוווּסט, וואָס ס׳האָט אים געשטערט ביי די „גרויסאַרטיקע" רייד־וואַריאַנטן, צי דאָס, וואָס די זענען אין זיינע אויגן נישט געווען צוגעפּאַסט צו זיין „פּערזענלעכקייט", און אפשר דאָס, וואָס זיי האָבן פרעמד געקלונגען אין מויל פון מיידל און האָבן צוגענומען פון דער תמימותדיקייט פון אילזעס בלאָע אויגן. דאָך איז ער צופרידן געווען פון דעם אַריינגיין אין דעם אידעלן און איבעראַשנדיקן טראַקט.

— האָסט מיך פיין אויפגענומען — האָט ערני געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— צי איז דאָס מעגלעך, באמת?

און אַז ערניס אויגנאַפּלען האָבן געשמייכלט צו אילזעס אויגנאַפּלען, האָט זי זיך פּאַרויטלט, געדרייט דעם עלאַסטישן שיד־שפּיץ און לויפנדיק, זיך אַריינגעוואָרפן אין פלושענעם־פּאָטעל, וואָס זי האָט אויסגעפילט מיט אירע אויסגעשפּרייטע אָרעמס אויף דעם אָנלען.

— דאָ איז געשמאַק, ניין? — האָט זי געזאָגט. אין דעם מאָמענט איז דערשינען הער קרעמער, ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן רונדן טישל אַ טאַץ מיט קליינע פּאָרצעלאַנענע טעפּעלעך, אַ צוקער־פּושקע, אַ טשייניק א. א. וו. עפנענדיק דאָס קאַרטאָן־שאַכטל, האָט ער צו זיין איבעראַשונג געפונען דאָרט אַ האָניק־קוכן, וואָס מאַמע יהודית האָט בייגאַכט געבאַקן. דאָס צוזאַמענציען זיינע ברעמען, האָט געשאַפן דעם רושם, אַז ער איז פון דער אויפמערקזאַמקייט נישט געווען זייער אַנטציקט.

— וואָס איז דאָס? אָבער ניין, ס׳איז דאָך ממש אַ שגעון, אַן אמתע משוגעת, מיין גאָט.

ער האָט „דאָס משוגעת" צעשניטן אויף שטיקלעך, און דער־לאַנגט טיי.

— וווּנדערבאַר — האָט אילזע ברוקנער זיך געחנדלט. מיט אַ פול מויל מיט קוכן.

זי האָט געהאַלטן איר טיי־שאָל מיט צוויי פינגער, דעם

רינג־פינגער אויסגעשטרעקט און זיך צעצוויטשערט מיט אירע פאַרונדיקטע ליפּעלעך.

— ווי רופט מען דאָס בײַ אײַך? — האָט דער קרעמער געפרעגט.

ערני האָט געשטראַלט: — דאָס איז לעקעך.

דער קרעמער האָט ווידער איבערגעחזרט, אַז ס׳איז סתּם אַ משוגעת, אָבער ס׳איז גאַנץ געשמאַק.

פּלוצים האָט ער אַוועקגעשטעלט זײַן טעפּעלע אויף דער טאַץ און אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע אַ פאַרביק נאָזטיכל, האָט אײַן אים אַרײַנגענומען דאָס גאַנצע פּנים זײַנס און דערין אַרײַנגעבלאָזן מיט גאַנצן כּוח. בײדע געסט האָבן זיך דערשראָקן. פון דער קרעמערס נאָזלעכער איז אַרויס אַזאַ האַרצרײַסנדיקע מעלאָדיע, אַז זײַנע פאַרלאָפענע אויגן האָבן זיך באַדעקט מיט טרערן.

— גאַרנישט, גאַרנישט, האָט ער געשטאַמלט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן מיטן נאָזטיכל אויף דער נאָז.

— קאַמיש — האָט אילזע ברוקנער געזאָגט און איז געזונקען טיפער אין פאָטעל.

— יאָ, קאָמיש — האָט ערני צוגעשטימט.

— אָבער ער איז זייער איידל.

— פײַן און איידל — האָט ערני פאַרזיכטיק באַשטעטיקט.

זײַן שלימזלדיקע פּאַסירונג פון פאַראַיאָר האָט זיך אײַליק געדרייט פאַר זײַנע אויגן.

— זאָג נאָר מיר, ערני — האָט אילזע פּלוצים אַ פרעג געטון — אמת, אַז קיין סך סימפּאַטיע האָסטו נישט פאַר מיר?

דאָס ייִנגל האָט זיך דערשראָקן: — פאַרוואָס עפּעס?

צוליבן קריסטוס־משפּט, וואָס מיר האָבן פאַרגעשטעלט מיט דרײַ יאָר צוריק.

— ניין, ניין — האָט ערני געזאָגט מיט געפיל.

— און זיכער אויך צוליב מײַן קוזין האַנס, ווילסטו זיך מיט מיר נישט חברן?

— אַ קוזין, וואָס פאַר אַ קוזין? כ׳פאַרשטיי נישט.

— דו ביזט באמת נישט קיין שמועס־חבר — האָט דאָס מיידל אויסגעפירט.

אַ שטיל געלעכטערל האָט זיך איר אַרויסגעקייקלט פון האַלדז, זי האָט זיך איינגעוויקלט אין זיך און איז ממש פאַרשווּונדן אין דער טיפקייט פון פאָטעל. אילוזעס פאָטעל האָט געסקריפּעט, ווידער אַן אָפּקלאַנג פון אַ דערשטיקט געלעכטערל, ס׳האָט אויסגעזען, אַז דאָס מיידל באַמיט זיך אַרויסצורופן ביי אים חשק, אַנטייל־צונעמען אין איר שפּילעוודיקער לוסטיקייט און אין דערזעלבער צייט אים צוגענומען יעדע רעאַלע מעגלעכקייט צו דעם, ווייל אילוזע איז נישט געווען עפּעס אַ חיהלע, אָדער אַ זונשטראַל, וואָס מען גנבעט זיך אַין זיי אַריין אַן דערלויבעניש, און דערביי איז זי אויך נישט געווען דער מענטש, וואָס איז מסוגל צו פאַר־ווערן דאָס אַריינגיין אין איר נשמה. פון שטאַנדפּונקט פון פּנים און הענט, איז זי געווען, ווי אַ חיה אָדער ווי אַ מין פויגל. אָבער מצד דעם קול און בליק, אַ מין פערזענלעכקייט. מען קאָן זיך פון אילוזען אַלץ דערוואַרטן, האָט ערני צו זיך געזאָגט. ווייל זי איז אַזוי און אַזוי, קיינמאָל קאָן מען זי נישט דערגיין.

— וואָס קוקסטו? — האָט זי געפרעגט.

— איך קוק וויאַזוי דו באַהאַלטסט זיך.

ער האָט זיך קרעפטיק צעלאַכט, ווי אַ קוועלנדיקער שטראָם. אויף די מויל־שטיינער, ער האָט אַליין נישט געוווּסט פונוואַנען ער קומט: פון אילוזעס אויסטערלישע שפּיל?

— דו הירזשעסט ווי אַ צעדולטער — האָט אילוזע נאָך טיפער זיך איינגעגראָבן אין פאָטעל.

און אַן שום איבערגאַנג האָט זי אָנגעהויבן אונטערזינגען מיט זיסע קלאַנגען, ווי איר געלעכטער וואָלט זיך אין איר האַלדז איבערגעפורמעט אין אַ פאַמעלעכן, מער פינקטלעכן, דינעם שטראָם. ערני האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און העפלעך אַרויס־געמורמלט:

— דו זינגסט שיין.

ווען ער האָט ווידער געעפנט די אויגן, איז איר קאָפּ געלעגן איבערן אָנלען, איר פּנימל איז געווען געווענדט צו אים. אָבער אין די ווינקלען פון אירע וויעס, האָט ערני באַמערקט שטריכן פון איראָניע און איידלקייט, וואָס זענען צעטיילט אין אַ שפּרודלדיק

שטענגל, אַ באַגילדס, אַ פאַרשטויבטס, דער אויסדרוק פון תמימות־דיקייט פון אַ בלום.

— וואָס וועסטו דערציילן? — האָט אילזע געפרעגט מיט ווייכקייט.

— איך ווייס נישט — האָט ערני געענטפערט.

דער קלאַנג פון זיין קול האָט אילזען צערודערט, די אויגן פון יידישן יינגעלע, זענען געווען ווי צוויי שוואַרצע קאַרשן, פאַרזונקענע אין ווייסן פלייש פון די באַקן. געטראַכט האָט זי, אַז מיט אַ לייכטן ציין־ביס, וואָלט מען טראָפנווייז אַרויסגעצויגן דעם איידעלען רויטן זאַפט, דאָס געשמאַקע בלוט פון קאַרשן־פלייש.

— דו ווייסט — האָט זי אים אָנפאַרטרויט — איך וויל זיין אַ זינגערין.



צומאָרגנס, האָט הער קרעמער אַוועקגעזעצט ערני לוי אין דער ערשטער ריי, נעבן אילזען.

דער אויסדערוויילטער שילער האָט זיך מאָדנע אויפגעפירט, ער איז געזעסן אומבאַוועגלעך, זי האָט כמעט געהערט זיין גיכן און ריטמישן אָטעם. הנדלענדיק זיך האָט זי זיך צו אים צוגע־בויגן און באַמערקט, אַז דער שטערן פון איר האַרציק נאַרעלע איז באַדעקט מיט שוויס. איר פאַרוווּנדערונג איז געווען גרויס: „אָ, יעזוס, ווי ער האָט דאָס מורא, דאָך, געפעלט ער מיר, יאָ, יאָ, ער געפעלט מיר“.

אָבער אין דער פויזע, האָט זי נישט געקענט פאַרמיידן האַנס שלימאַנס אויספאָרשונג:

— הייסט עס, אַז דו טרעפסט זיך מיט אַ ייד?

אַנגעשפאַרט אָן דער טיר, האָט ער נאַכלעסיק פאַרקרייצט די פיס. די בלאָנדע האָר זיינע צעשאָטן אויף ביידע זייטן שטערן. ער האָט איז כעס געשאָקלט מיטן קאָפּ, ר'איז געווען אַ שיינער.

אילזע האָט מיט ביטול געלאַכט:

— וואָס איז דיר אייגנטלעך? וויל דער לערער קרעמער

האָט אונז אַוועקגעזעצט אויף דער זעלבער באַנק? ביזט אים אפשר מקנא?

זי האָט אָן כוונה אָפּגעווישט אַ שטויבל פון דעם יינגלס האָר, ער האָט אויפגעציטערט.

— וואָס ווילסטו, זאָל איך טאָן מיט דעם קליינעם ייִדישן גולם? צי איז ער אפשר נישט אַזאַ מענטש ווי דו? האַנסי — האָט זי זיך צעצוויטשערט, צוזאַמענציִענדיק איר קליין מײַלעכל, ווי ער האָט עס ליב געהאַט און געהאַלטן די אונטערשטע ליפּ אָפּן, פּיכט פון שפּייעכץ.

— זײַ פּאַרזיכטיק — האָט האַנסי געזאָגט — איך בין אַ פּימפּף, כ'וועל אײַך ביידע צעהאַקן די מאָרדעס.

— פּרוּוו נאָר, מירן זען — האָט אילזע געזאָגט.

זי האָט צו אים אויסגעשטרעקט די באַק.

— נו, אַלזאָ?

האַנס האָט געיאָמערט:

— דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז נישט...

— גוט — האָט זי אים קאַלט געענטפערט — געדענק אָבער, אַז איך הייס נישט סאָפיע, איך בין אילזע, איך טו דאָס, וואָס מיר געפעלט. און דער ייִד, דאָס איז דער סאַמע נאַרישסטער פון אַלע נאַראָנים, אויב רירסטו אים אָן, וועסטו מיך קיינמאָל מער נישט אָנרירן, האָסט פאַרשטאַנען?... און איצט אײַל זיך צו, דער גלאָק קלינגט שוין.

דאָס מיידעלע האָט זיך געבויגן פאָראויס מיט העזה, האַנס שלימאַן האָט מיט זיינע פינגער געזוכט בײַ איר די מער בולטע טיילן פון אונטער איר שירצל, און מיט פאַרמאַכטע אויגן גע־קניפּן אילזעס שפּראָצנדיקע ברוסט־וואָרצלען.

היינט מעגסטו — האָט זי געזאָגט, אָפּשטויסנדיק אים — אָבער געדענק נאָר גוט.

אַהיימגייענדיק פון דער שולע, האָט אילזע גענומען ערגיץ אונטערן אָרעם. האַנס שלימאַן האָט נישט קיין שליטה איבער איר. זיי זענען שווייגנדיק פאַרבייגעגאַנגען עטלעכע הייזער־בלאָקן, דערנאָך שעמעוודיק זיך דערלאַנגט די הענט און זיך צעשיידט.

אילזע האָט געקעמפט מיט זיך: „וואָס געפינסטו אין דעם

טיפשז — האָט זי צו זיך געזאָגט אין יאוש. אָבער באַלד האָט זי זיך דערמאָנט אין אַ פּרט: — יעזוס מיינער, ער לאָזט מיט זיך פירן ווי מיט אַ קינד. האָט ער כאָטש איין פראַגע געשטעלט? ער איז דאָך בכלל נישט נייגעריק, אפילו פאַר קיין גראָשן נישט. אָבער וועגן וואָס טראַכט ער די גאַנצע צייט?

דאָס שפּאַצירן ביים ברעג פון דער „שלאָססע" איז איר גע־פעלן, יעדן טאָג אַלץ מער, אָבער ס'האָט זי געערגערט דאָס שכנות פון דער שולע, וואָס האָט זי עפנטלעך אָנגערופן: „קייפּס־ווייב" פון אַ ייד, ווי האַנס פלעגט זיך אויסדרוקן, זי איז גע־שטאַנען אויף דער גרענעץ פון חרפה.

די באַזוכן פון יעדן דאָנערשטיק, זענען געווען דער האָניק פון דער וואָך. דאָס צערמאָניעלע אָונטברויט, די קליינע געזאַנג־קאָנצערטן, מיט וועלכע זי האָט מהנה געווען די געסט, דער שפּיגלדיקער פּאַרקעט, די פּאָרצעלאַן־פיגורן, די רייך־געבעטע פּאָטעלן, דאָס אַלץ האָט צוגעגעבן די אַטמאָספער פון אַ וועלט, וואָס שוועבט מיט הונדערט שפּאַן העכער פון די פאַרחושכטע משפּחה־נעסטן.

הער קרעמער האָט אָפּטמאָל געביטן זיינע מלבושים, ערני האָט אויסגעזען קאָמיש אין זיינע גרויסע מאַרין־הויזן, ער פלעגט זיי אַלעמאָל אַרויפּרוקן אונ זיי זענען אַלץ צוריק אַראָפּגעשווימען צו דער ערד, וואָס האָט אַרויסגערופן הייטערקייט אין זאַל. צייטנ־וויז איז הער קרעמער אַרויסגעגאַנגען, כדי צו מאַכן זיין נאָז־רייניקונג. נאָך פיר שעה, (פון וועלכע אילזע האָט אַממערסטן נהנה געווען) — האָט דער אַלטער אויבנאויפיק אָנגעטאָן אַ פּנים פון גלייכגילטיקייט.

— הערט אויס — האָט ער געזאָגט — אויב איר זענט היינט נישט גרייט, וועלן מיר די זאַך אָפּלייגן אויפן קומענדיקן דאָנערשטיק. פון מיין זייט, איז מיר דער גאַנצער ענין גלייכגילטיק.

— הייסט עס, אַז איר האָט נישט קיין חשק — האָט אילזע געפרעגט, כדי אים אָנצוציען.

— אָבער, טאָכטער מיינע — האָט ער מיט אַ שאַרפן טאָן אַ זאָג געטון — איך בין דאָך נאָר אַ פריינד, אַ סימפּאַטיקער.

— הויבן מיר אָן? — האָט דאָס מיידל געמיטלעך געפרעגט.

ערני האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף הסכמה:

— לאָמיר אָנהויבן.

זיי האָבן געשפּילט אין דאָמינאָ.

אין אַ געוויסן דאָנערשטיק, האָט ערני אַריינגעטראָגן די זיל־בערנע טאַץ אין דער קיך אַריין, אַז ער איז באַלד נישט צוריקגעקומען, איז אילזע אַריין אין קאָרידאָר, אים איבעראַשן, אויפהויבנדיק אַ שפּיץ פון פאָרהאַנג, האָט זי געזען ערנין אָן איינגעבויגענעם איבערן טיש, פאַרזונקען אין פאָרשן אַ שוואַרץ פּינטעלע אין אַ ביסל פאַרגאָסענער מילך. ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס שוואַרצע פּינטעלע, אַ פליג, און איז מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צוגעגאַנגען צום ברענענדיקן אויוון. אילזע האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ערני איז איצט מקיים איינע פון די רשעותדיקע יידישע מנהגים, און זי האָט פלוצים פיינט באַקומען אַלץ, וואָס איז אין אים: זיינע דינע, וויסע אברים, די קרומקייט פון זיין האַלדז און אפילו זיינע חנוודיקע באַוועגונגען אַרום דעם פייער. אָבער צו איר שטוינונג האָט זי געזען, ווי די פליג צאַפּלט אויף ערניס פינגער־שפּיץ, דערנאָך שפּאַנט זי זיך געמיטלעך ווייטער אויף זיין האַנט־פלאַך און לסוף, מיט לייכטקייט אַרויפגעפלויגן צום סופיט.

ערניס ערנסטע נאָכפאָלגן דער פליג אין איר פלי, האָט אילזען אַנגענעם איבעראַשט, און ווען נישט די מורא צו באַקומען פרישטשעקלעך אויפן פּנים, וואָלט זי אים גערן געקושט. זיין פּנים האָט געהאַט דעמזעלבן גליקלעכן און נאָכדענקענדיקן אויסדרוק, ווי בעתן צוהערן זיך צו אילזעס געזאַנג.

אין אָוונט, ווען זי האָט געזען איר מאַמע, האָט אילזע דערפילט, אַז איר שיינער קוזין האָט זי פאַרמסרט. אַ פּרינציפּ האָט פרוי ברוקנער געהאַט, אַז פאַר דער היראַט, דאַרף זי זיך נישט רעכענען מיט איר טאָכטערס געפילן און זי האָט אין איר אַריינגעשמיסן ווי ס'דאַרף צו זיין. בשעת־מעשה האָט זי זיך צעשריגן:

— פון היינט אָן און ווייטער, איז קיין שום דאָנערשטיק מער נישטאָ, אויס לערער און אויס ייִד. אויב ער וועט קומען זיך פרעגן אויף דיר, וועל איך אים שוין אויפנעמען. קוק זיך נאָר אָן, ווי האַלט עס מיט דיינע פרישטשעקלעך?

— מיר קושן זיך נישט — האָט אילזע געכליפּעט, ליגנדיק אויפן בויך.

— ס׳אַ ליגנט — האָט פרוי ברוקנער געענטפערט — דו שפּירסט דאָס יידישע טינופת מיט דער פולער נאָז דיינער! אַך, אַך, יעזוס מאַריאַ, דווקא מיט אים האָסטו געמוזט גיין? איך ווייס אַלץ, האַנס האָט מיר אַלץ דערציילט. דאָס האָט דאָך יענער אָנגעגריפן דאָס קליינע מיידעלע פון דער ריגענשטראַסע, אַלע צייטונגען האָבן דאָך וועגן דעם געשריבן, האָסט דאָס אפשר נישט געוווּסט? — אויסגעלאַסענע, וואָס דו ביזט.

— יאָ, איך האָב געוווּסט — האָט אילזע געיאָמערט — אָבער מיך האָט ער קיינמאָל נישט אָנגערירט.

און זי האָט שטיל צוגעגעבן:

— ער האָט מיך ליב.



הער קרעמער האָט זי אויסגעהערט אין אַ מרהשחורהדיקער שטימונג און געזאָגט, אַז ס׳האָט קיין באַדייטונג נישט — ווייל אמתע פריינט קען קיין שום כוח נישט צעטיילן — האָט ער דערגאַנצט אַ ביסל איראָניש, — און אונזער קליינע חבריא וועט ווייטער לעבן אין דער שולע, נישט אמת?

אָבער צומאָרגנס איז יוליוס קרעמער געקומען אין שולע אַ נישט ראַזירטער, דעם אַנדערן טאָג איז ער געווען שיכור.

דאָס האָט האַנס שלימאַן געגעבן דעם צייכן. די אויפשריפטן אויפן שוואַרצן טאָוול האָבן זיך פאַרמערט, באַקריינט מיט מיאוסע צייכענונגען. זיי האָבן געוווּסט, אַז דער לערער־אַנסאַמבל צוזאַמען מיטן שולדירעקטאָר רעדן שוין לאַנג נישט מיטן לערער קרעמער. קרעמער איז פאַרווירט, ער קאָן זיך אַליין קיין אָרט נישט געפונען. איינמאָל האָט ער געהאַלטן אַ קורצע רעדע וועגן רעזשים, צומאָרגנס, האָט האַנס שלימאַן אַוועקגעלייגט אַ קאַלטע לאַטקע אויפן ווייכן אַנלען פון לערערס פאַטעל.

אָבער נישט די כיטרע חוזק־שפּיצלעך, נישט די איבערגעטריבענע רכילותן און אויך נישט די פאַרשידענע געהיימע

רדיפות, האָבן אָפּגעהאַלטן דעם לערער קרעמער פון פּאַרטיידיקן די יידישע שילערס אין הויף. אדרבא, פון איצט אָן האָט ער אַליין לויט דער ווקס, אויסגעשטעלט זיי אין רייען, און זיי אַרויסבאַגלייט, צוואַרפנדיק צאָרנדיקע און אַרויספאָדערנדיקע בליקן צו אַלע אַנדערע אין הויף. ווען האַנס שלימאַן האָט דערציילט אילזען, אַז אויפן אָרט פון לערער קרעמער קומט אַ צווייטער, האָט זי אים ווידער אָפּגעגעבן איר בוזעם. דאָך, האָט ער נישט תמיד געקאָנט אויף איר משפּיע זיין, אַז זי זאָל מיט זיי איבעררייסן, און ער האָט צוגעזאָגט, אַז פאַרן פּרייז פון גרייכן מיט זיין האַנט אונטער אילזעס קליידל, וועט ער טאָן אַלץ, כדי אַ ביסל צו צוימען די פאַרביסנקייט פון זיינע מענטשן.

— אָבער באַלד וועט דאָס זיין אוממעגלעך — האָט ער צוגעגעבן — און פאַר דיר, וועט שוין זיין צו שפּעט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, האָבן די שילערס געטראָפן דעם דירעקטאָר אויפן אָרט פון לערער קרעמער. ער האָט דערקלערט, אַז קרעמער איז מער נישט ראוי צו זיין לערער און דערציער, און ער האָט געמוזט, מיטן באַגינען פון טאָג, פאַרלאָזן די שטאָט. ער האָט אויך אָנגעזאָגט דאָס קומען פון אַ פאַרטרעטער, מאָרגן פרי, דירעקט פון בערלין.

— אַלע ענינים וועלן צוריק אַריין אין זייער נאָרמאַלן סדר — האָט ער צווידייטיק געשמייכלט.

אילזע האָט ווי אַ באַשיצערין אַרומגערינגלט ערניז, פאַרשטענדלעך, אַז דערנאָך האָבן זיי אָוועקגעשפּאַנט צו די ברעגעס פון דער „שלאָססע", ווו אילזע האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן גראָז און איז אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין. וויינענדיק, האָט זי געפּרוווט שמייכלען, כדי צו דערמוטיקן דאָס פאַרדאגהטע יידישע יינגל, אילזע האָט אָפּגעריסן אַ מאַרגעריטקע און אָפּגעצופּט אירע בלעטעלעך.

— איך רייס דיר אַרויס אָן אויג — האָט זי געזאָגט, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף אירע רייד.

דאָס ווייסע מאַרגאַריטקע־צינגעלע האָט זיך אַ דריי געטון און ס'איז אַריינגעפאַלן אין די באַהעלטענישן פון אילזעס שויס.

— איך רייס דיר אַרויס ביידע אויגן — האָט זי שלווהדיק

ממשיך געווען און אירע לאַכנדיקע אויגן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרינגעם ליכט־פאָדעם.

דאָס צעשטיקלען דאָס בלימל איז געוואָרן ווילדער, איר קול אַלץ קרעפטיקער:

— איך האַק דיר אָפּ איין לאַפּקע, בײדע לאַפּקעס.

— איך רייס דיר אָפּ אַ הענטל, בײדע!

— שטעכן וועל איך, אויסשטעכן דײַנע אויגן — האָט זי געפּלוידערט, ווי אין קדחת. אָבער דאָסמאָל האָבן דער גראָבער פינגער און דער וויזפינגער זיך באַהאַפטן אין אַ ליידיקן חלל, ס'איז מער נישט געבליבן קיין שום בלעטעלע אַרום דעם געלן, צעשניטענעם האַרץ פון דער מאַרגאַריטקע.

אַ צעטומלטע האָט אילזע אויפגעהויבן דעם קאָפּ, צו זען דעם רושם פון אירע רייד אויף ערני. אָבער ס'האָט אויסגעזען, אַז ער האָט גאָרנישט באַנומען. צובויגנדיק זיך צו איר, האָבן זײַנע שוואַרצע אויגן געשײַנט פון רחמנות. ער האָט שעמעוודיק אַרויפגעלייגט זײַנע שפּיצן־פינגער אויף אילזעס האַנט־פלאַך, אויף דער מאַרגאַריטקע.

— וואָס פאַרשאַפט דיר אַזויפיל צער? — האָט דאָס זיסע טיפּשל זיך געפרעגט.

אילזע האָט זיך געפילט אינגאַנצן פאַרצווייפלט און אים האָט זי געענטפערט:

— ס'איז גאָרנישט, כ'האָב עס כמעט פאַרגעסן.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קלײנעם פינגער פון דער רעכ־טער האַנט און אים געמאַכט טאַנצן אין דער לופט, מיטן פינקט־לעכן טאַקט פון אַ ווינער וואַלס, און זיך צוגעפּיפן בשעת־מעשה. פון ערני׳ האָט אַרויסגעלאַכט אַ רויק געלעכטערל און זײַנע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט דעם טאַנץ פון אילזעס פינגער. — ער האָט בכלל נישט קיין זכרון — האָט זי צו זיך גערעדט, דאָס האַרץ איז איר פאַרקלעמט געוואָרן. ניין, ניין, זי קאָן אים נישט דער־ציילן, אַז אַלץ איז געענדיקט, זי האָט נישט גענוג מוט צו דעם. זי וועט וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט. יאָ, אין אַ נויטפאַל וועט זיך שוין אַזאַ געלעגנהייט שאַפן. די זאַך קאָן זיך ווייטער אַזוי נישט פאַרציען, יעזוס, מאַריאַ, אינדערעמתן, לעבט זי דאָך שוין

אַ לאַנגען צייט נישט. און אַנטקעגן ערניס נאַיווע דערשטוינטע אויגן, איז זי ווידער אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין, אינמיטן פון איר האַר־ציקן זינגען, וואָס האָט זיך נאָך אַ ווײַלע פאַרצויגן און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

# 3

דער נייער לערער האָט נישט מודיע געווען וועגן זיין קומען. פינף מינוט נאָך אַכט, האָט זיך די טיר געעפנט און אַ נידעריי־קער מאַן איז דערשינען, ווי אַ שד פון אַ פלאַש אַרויס. נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די תלמידים, האָט ער גיך פאַרנומען פלאַץ ביים אַרבעטסטיש און איז געבליבן שטיין שטייף, אויס־געצויגן, כדי נישט צו פאַרלירן פון זיין הויך. דאָס פלוצימדיקע דערשיינען זיינס, האָט געקאָנט אַרויסרופן אַ געלעכטער, אָבער ערני האָט זיך איינגעהאַלטן, ווייל אַלע אין קלאַס זענען געזעסן זייער ערנסט. דאָס פרצוף פון הער גייק איז געווען ווי פון טרוקענעם ליים, שפאַלטן פון אַלע זייטן. די שיטערע הויט פון האַלדז האָט זיך לייכט אַראָפגעלאָזט איבערן שטייפן קאָלנער. משונהדיק צעשויבערטע וואָנסן האָבן זיך פאַרצויגן ביז אין די נאָזלעכער. ס'איז דאָך אַ פויער אין זונטיקדיקע מלבושים, האָט ערני געחוזקט. אָבער זיין אָפלאַכן האָט נישט געדויערט מער ווי איין רגע, ווייל באַלד האָט הער גייק אָפגעשטופט זיך שטול הינטער זיך און האָט הילכיק אויסגערופן:

— אַכטונג, איינס, צוויי, דריי, אויפשטיין!

דער טאָן איז געווען אַזוי אַנגרייפעריש, זיין שטים אַזאַ שטרענגע, אַז ערני האָט דערשפירט אַ מין שמייסן פון אונטער זיינע נירן. ער האָט זיך ראַש אויפגעשטעלט, וואָס האָט אים אַליין איבעראַשט, און ווען ער האָט אַ ביסל אַרויסגעבויגן זיין אויבער־קערפער, האָט ער דערפילט, אַז די אויגן פון הער גייק בלישטשען מיט אומגעוויינלעכער בלאַסקייט אינמיטן פון שוואַרצע

וויעס, וואָס האָבן זיי אַרומגעהילט ווי מיט עפּעס אַ פאַרטרוקנטע פּסולת.

אין דעם מאָמענט, האָט הער גייק אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיינע ריטמיש־באַהאָפטענע קנאַפּל, זיין אָרעם האָט זיך אויפגעהויבן משופּעדיק אינדערלופטן, איז אַ באַוועגונג פון אַ מאַסיווער האָלץ־בעלקע:

— הייל היטלער! — האָט ער אויסגעשריגן מיט התלהבות.

די פּלוצימדיקייט פון גייקס זשעסט האָט אָנגערעגט אַלע שילער צו באַגריסן אין כאָר מיטן היטלעריסטישן גרוס. ערני אַליין האָט אין זיך געפונען דעם אינערלעכן איינפלוס און די געהעריקע טעכניק פון צוקלאַפּן די קנאַפּל. אין דעמזעלבן מאָמענט האָט ער דערפילט ווי ער שרייט פון פולן האַלדז:

— הייל היטלער!, הייל היטלער!

זיין שטים איז פאַרשלונגען געוואָרן אין אַלגעמיינעם געבריל פון דער גאַנצער קלאַס. ער האָט געשטוינט, וויאַזוי זיין אָרעם איז געווענדט צום סופיט, פאַמעלעך, האָט ער אים שטיל אַראָפּגע־לאָזט צו זיינע לענדן, ווי אַ פרעמדע צוויג פון זיין גוף.

— ס'איז באמת אומגלויבלעך — האָט הער גייק אויסגערופן.

זיין דאָרפישע אויסשפּראַך האָט ערנין ווידער איבעראַשט. די דינע, אויסגעצויגענע ליפּן ווי לעדערפאַסן האָבן זיך צעעפנט איבער אַ שוואַרצלעך מויל, און די אַרויסגעפאַלענע ווערטער פון דאָרט, זענען געווען געשניטן פון עפּעס אַ מאַטעריע, האַרטער פון האָלץ, און מיט אכזריות פון אַ סערפּן־שניט. ערני האָט געטראַכט, אַז נישט מיט זיינע ליפּן, נישט מיט זיינע ציין, נישט מיט די אַראָפּהענגנדיקע טראָמבע־ברעמען, נישט מיט די משונהדיקע בייטן־וואָנסן, נישט מיט די צעאַקערטע קנייטשן און אפילו נישט מיט די אויגן, וואָס זענען איינגעזונקען ווי צוויי מיזערע קאַלו־זשעס פון מוטנע פלאַך־וואַסער — קיין שום זאַך אין הער גייק האָט נישט דערמאָנט, אַז ער איז אַ לערער. מ'האָט געקאָנט גיכער אָננעמען, אַז ס'איז איינער פון די פּויערים אויפן פּלעצל פאַר דער קירכע, וואָס קריכן אַריין, לויט זייער שטימונג, מיט זייער וואַסערדיקן בליק אין אַלע זאַכן, אפילו מיט אַ קאַלטן און נאַקעט־פעלזיקן בליק.

פלוצים האָט זיך הער גייקס פּנים אינגאַנצן געקאָרטשעט. אַ געווירבל האָט פאַרטונקלט זיין בליק, בעת זיין מויל האָט זיך געדרייט, כדי צו מאַכן אַ לאַך אונטערן לינקען נאָזפליגל. פון לאַך האָט זיך געהערט אַ דין ציטערדיק קול.

— איך מיין, יאָ, מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳זענען דאָ יידן אין קלאַס.

און ער האָט מיט אַ קורצן זשעסט באַפוילן, אַז אַלע אָרעמס זאָלן זיך אויסשטרעקן צום היטלער־גרוס:

— אָבער איך זע דאָך בלויז געטרייע דייטשן, וואָס פאַרגעטערן זייער פירער, נישט אַזוי, קינדער?

אַ נצחון־געלעכטער איז אויסגעבראָכן אין דער ברוין־העמדיקער פּימפּפן־שורה. האַנס שלימאַן האָט אַפּלאָדירט ביז צום פּלאַצן. הער גייק האָט עפּעס געשטאַמלט פון צופרידנ־קייט, געווענדט זיין בליק צו האַנס שלימאַן און געפּרוווט טראַכטן אַ רגע. זיין שוואַרצלעך־שווערע האַנט האָט גערוט אויפן ברעג פון טיש, ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער עסטראַדע. ביי יעדן טריט האָט זיך אַ העלפט פון זיין גוף אומגעלומפּערט גענייגט אויף אַ זייט. זיין גאַנג האָט אויסגעזען פון אַ מענטש, וואָס שלעפּט אַ משא. ערני האָט באַמערקט, אַז ער באַטאַפּט פריער מיטן פיס די ערד, כדי זיך אָנצושפּאַרן מיט דער גאַנצער וואָג פון זיין גוף, איידער ער רוקט פאָרויס זיין צווייטן פוס און דער לינקער אַקסל פאַלט נידעריקער פון רעכטן.

אַז הער גייק איז געשטאַנען פאַר האַנס שלימאַן, האָט ער מיט סימפּאַטיע באַטראַכט דעם יינגלס אוניפאָרם.

— צי איז אין דער קלאַס נישט פאַראַן מער ווי דריי פון דער היטלער־יוגנט? — האָט ער געפרעגט מיט אַ פאַרדריסלעכער פאַרוווּנדערונג.

— אַז האַנס שלימאַן האָט זיך אויפגעשטעלט אין דער „אַכטונג“־פּאָזע, האָט ער געזאָגט מיט אַ פעסט־זיכער קול:

— די היטלער־יוגנט דאַרף געבן אַ ביישפּיל פון דיסציפּלין.

און אין אויסדרוק פון באַפרידיקונג, האָט ער צוויי מאָל גע־פּאַטשט האַנס שלימאַנען אין פּנים. ביים צווייטן פּאַטש האָט זיך דעם יינגלס קאָפּ אָהינגעבויגן צום לערערס טיש און ער איז

געפאַלן אויף דער באַנק. ערני איז געווען איבעראַשט פון הערן האַנסנס שרייען מיט באַגייסטערונג:

— יאַ, הער לערער, יאַ, הער לערער.

— דאָס האָב איך ליב — האָט דערקלערט הער גייק.

און מיט זיין שווערן, נאַכלעסיקן טריט, וויגנדיק מיט די לאַנגע קעמל־הענט, איז ער רויק צוריקגעגאַנגען אויף זיין אָרט. אַז ער איז ווידער געשטאַנען אויף דער עסטראַדע, האָט ער אויסגעצויגן זיין האַלדז און אויסגעבויגן דאָס שטעקעלע, מיט אַ מין הערשערישער באַוועגונג פון אַ קאָמאַנדיר:

— און יעצט — האָט ער אַ געשריי געטון מיט צאָרן — הונדע, נעגער אונד יודען — אַוסטרעטן!



אין ערשטן מאָמענט, האָט ערני לוי צוגעשריבן די דאַזיקע רייד דעם משונהדיקן הומאָר פון הער גייק. אָבער אַז די תלמידים האָבן נישט געלאַכט, און נאָכדעם ווי הער גייק האָט מיט אַ צאָרנדיקן בליק באַטראַכט ערניס שוואַרצע אויגן, האָט ערני פאַרשטאַנען, אַז דער באַפעל איז נוגע נאָר די יידן. ער איז אַרויסגעגאַנגען, כדי צו פאַרנעמען זיין אָרט אַלס ייד אין צענטער פון די יידן־שורה, הינטער אים האָט שווער געעטעמט דער גרויסער שמעון קאַטקאָווסקי.

— יידן — האָט הער גייק אויסגערופן — אַז איך גיב אַן אַלגעמיינעם באַפעל, באַדייט דאָס, אַז איך ווענד זיך צו די דייטשע שילערס און נישט צו זייערע געסט.

ער האָט אָנגענומען אַ מיליטערישע פאָזע און בעת זיין אונטערשטער קינביין אַליין האָט זיך באַוויגן, האָט ער גייק אָנגעהויבן אַ צעטומלט געשפרעך, וואָס איז געווען פיל מיט דראָונגען קעגן די „יידישע געסט". זיי באַדאַרפן וויסן, אַז הער גייק געפינט זיך שטענדיק זיין וועג. זיי דאַרפן פאַרשטיין, אַז ער ווענדט זיך צו זיי למשל דורך דעם, וואָס ער וועט אָנהייבן אַ זאַץ מיטן נאָמען פון אַ חיה.

נאָכדעם, ווי די „געסט" האָבן זיך, לויט די אָנווייזונגען פון

איצטיקן באַלעבאָס פון קלאַס, צוריקגעצויגן צו דער לעצטער באַנק, (איזאַלירט פון די ריינע אַריער דורך עטלעכע ליידיקע בענק) איז הער גייק ווידער אַרויס פון זיין שטייפקייט און האָט טיף אָפּגעזיפצט פון דערלייכטערונג, וואָס איז באַגלייט געוואָרן דורך די „פּימפּפן" מיט אַ הילכיק געלעכטער. ער האָט ווידער אָנגעטאָן אַ צורה פון ערנסטקייט און דערציילט פאַר די דייטשע שילערס, מיט דער שווערער שפּראַך פון אמת: „אַלע דאָ זענען פאַרייִדישט געוואָרן דורכן פריערדיקן לערער, זענען טאַקע דאָ אַלע אַ ביסל אונטערן חשד אין זייער אויגן. ער איז ביי דער מיינונג, אַז הער קרעמער האָט אין זיינע אָדערן אַ טראָפּן יידיש בלוט אָדער פון אַן אַנדער מין בלוט. ווייל אַ דייטש פון ראַסע וואָלט נישט אָפּגעטאָן אַזעלכע אָפּשטויסנדיקע זאַכן. ס'איז געקומען די שעה פון די יידן. דאָס קול פון טויט רופט צו זיי, און די שעה פון די עכטע און ריינע גערמאַנען הייבט אָן קלינגען אין האַריזאָנט, דאָס איז די בשורה פון נצחון, וואָס איז אויפגעהויבן געוואָרן דורך איינעם, וועמען מיר פאַרדאַנקען אַלץ: אַדאָלף היטלער. סוף־סוף זיצן נישט די שילערס דאָ, כדי זיך צו פאַרווילן, אָדער צוליב לימודים, נאָר פאַרן רום פון פאָטערלאַנד, ווייל ס'וועט קומען דער טאָג, ווען מ'וועט איבערשמידן די שרייב־פעדער אויף אַ שווערד".

דאָ האָט זיך הער גייק אַליין איבערגעהאַקט. די ערשטע שורה האָט גלייך באַמערקט, אַז אַ בלייכקייט פאַרשפּרייט זיך איבערן פּנים פון נייעם לערער.

— אין יענעם טאָג — האָט ער וויטער געצויגן מיט פּאַטאָס — וועט איר זיין מענער!

רעדנדיק אַזוי, האָט זיך אַ שמייכל באַוויזן אויף זיינע ליפּן און אין זיינע ווייסע אויגן אַ פלוצימדיק ליכט:

— העי, דו הויכער, דאָרטן אונטן — האָט ער ברוטאַל געשריגן און אויסגעשטרעקט זיין אָרעם צו די הינטערשטע בענק — יאָ, דו, וויאַזוי הייסטו?

— שמעון קאַטקאָווסקי, לערער — האָט אַ דערשראָקן קול געענטפערט.

די בלישטשענדיקע שול־ליניע פון לערער, הער גייק האָט גע־

צייכנט אין חלל אַ פּינקטלעכן קרייז, וואָס האָט זיך געענדיקט געגוי דאָרט, וווּ ער האָט געוואָלט זען דאָס ייִדישע ייִנגל, אויף זיין שטיי־פּונקט.

— דער ייִד שמעון קאַטקאָווסקי דאָ אַהער!

דער סימפּאַטישער שמעון קאַטקאָווסקי, גרייט אויף אַלץ, האָט זיך רויק דערנענטערט צום טאָוול. די ספּעציפיש ייִדישע צורה, זיין נאָז, האָבן איבעראַשט דעם הער גייק און זי איז געוואָרן דער קעגנשטאַנד פון זיין ערשטער לעקציע. אָבער די אַפּשפּע־טעריי און פאַרגלייכענישן, אַלע אַנאַליזן וועגן מענטשן־טיפּן און אַלע ביאָ־פּאָליטישע פּירושים זענען אָפּגעשפּרונגען און האָבן נישט געטראָפן אין שמעון קאַטקאָווסקיס עלאַסטישער הויט.

— ייִד — האָט געמורמלט הער גייק — דו און די דייניקע, איר קעמפט דאָך פאַר דער וועלטהערשאַפט, נישט אַזוי?

— איך ווייס נישט, לערער — האָט דער באַשולדיקטער געלאַסן געענטפערט.

מיט זיינע לאַנגע פאַרלייגטע הענט, פולן בויך און מיט דער גריווע, דער געקריזלטער, ביז איבערן שמאָלן שטערן, האָט ער געמאַכט דעם רושם פון אַן „אינו יודע" פון אַ גאַרנישט וויסנדיקן. זיין פאַרקרומטע נאָז, (ווי דער שנאָבל פון אַ שפּאַר־בער, האָט געזאָגט הער גייק) האָט זיך, נישט דעצידירט, געהויבן און אַראָפּגעלאָזט. ער האָט אויסגעזען צו זיין זייער פאַראינ־טריגירט.

— איר הערט — האָט הער גייק געיובלט — ער זאָגט, אַז ער ווייסט נישט.

צובייגנדיק זיך צום ייִנגל, כדי אונטערצושטרייכן דעם סודותדיקן כאַראַקטער פון שמועס, האָט ער אויסגערופן:

— ייִד, ייִד, צי איז נישט דייטשלאַנד, אייער טויט־שונא?

— ניין, ניין.

— ייִד, מיין קליינער ייִד, וויאַזוי זאָל איך דיר גלויבן? זאָג מיר.

— ס'איז דער ריינער אמת, לערער — האָט שמעון גע־ענטפערט, אַ דערשראָקענער.

— צי שטעקט נישט דער כוח פון די ייִדן, אין דער עלאַס־טישקייט פון זייער חוט־השדרה?

שמעון קאַטקאָווסקי האָט געשטויסט און געשוויגן. גייק האָט גענומען אַ פייערלעכן טאָן:

— ייד, קליין ידעלע, דו, וואָס ביזט נאָך אַ קינד, זאָג אונז נאָר, וואָס פאַר אַ גורל דערוואַרט אונז. אויב (דאָ איז גייקס קול געוואָרן שפּלדיק פון פּחד) אָך, מיין גאָט, אויב מיר וועלן באַזיגט ווערן אין דער מלחמה פון טויט און לעבן?...

„פּאָן דער טאָטענשלאַכט, וואָס וועט איר טאָן, האַ?"

דאָס יידישע יינגל האָט נהנה געווען דערפון, וואָס אַלעמענס פּחד דרייט זיך אַרום זיין פּערזאָן — דער גיגאַנטישער קאַמף צווישן די מעכטיקע יידן און די נעבעכדיקע דייטשן, האָט זיך געצייכנט אין זיינע אויגנאַפּלען — און שמעון האָט פון פּחד געענטפערט אין דער געוווּנטשטער כוונה:

— מיר וועלן אייך גאָרנישט טאָן, לערער, מיר וועלן אייך גאָרנישט טאָן.

גייק האָט ליב געהאַט אָפּצוחוזקן פון אומפאַרבעסערלעכן לערער, קרעמער. אַלס אונטעראָפיציר פון דער קייזערלעכער אַרמיי, איז ער נאָרוואָס באַשטעטיקט געוואָרן אַלס אַוואַנגאַרד־לערער, און דאָס „רייניקן" די קלאַס איז געווען פאַר אים אָן ערן־אויפגאַבע, ווי פון אַ סטאַזשירטן רייניקער פון די שוץ־גרובנס. פון אַכט אַ זייגער ביז צען, האָט ער געלייזט אַלע פּראָבלעמען, אָבער די פראַגע פון זינגען איז געווען פיל דעליקאַטער. ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די יידן וועלן זיכער זינגען פאַלש. איז זיין באַשלוס געווען, די יידן זאָלן בכלל נישט זינגען.

— סיידן אַליין, אויב זיי ווילן דווקא. אין דעם פאַל, אויב די קעץ מיאַוקן, די הינט בילן און די חזירים כראָפּען, פאַרוואָס זאָלן נישט זינגען אויך די יידן?

די דאָזיקע ווערטער האָבן צעטיילט די קלאַס, ווי מיט אַ ראַזירמעסער, אין צוויי לאַגערן: אין די וואָס לאַכן און... די יידן.

די שילער האָבן אָנגעהויבן זינגען דעם מאַרש פון די פּימפּפּן: „שלאָג, שטעך און הרגע". די מיידלעך סאָפּראַן און די יינגלעך טענאָר, כדי צו פאַרגיכערן דאָס בייטן די קולות, לויט

דעם ווילן פון הערן גייק. פלוצים האָט אין הערן גייקס מוח איפגעבליצט אַ שפּאָגל־נייער געדאַנק — פשוט קלאָר און נאַטירלעך:

— שטיין בלייבן! — האָט ער באַפוילן און זיינע הענט האָבן אַדורכגעשניטן די לופט. דער כאָר האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט. און גייק האָט געזאָגט לאַכנדיק:

— עפּעס דוכט זיך מיר, מיינע פריינט, אַז אונזערע געסט מאַכן זיך דאָ זייער באַקוועם, איר זינגט, וואָס טועז זיי? זיי הערן זיך שטיל צו. ס'דוכט זיך זיי, אַז זיי זיצן אויף אַ קאָנצערט.

דאָ האָט הער גייק נישט געקאָנט מער פאַרהאַלטן דאָס איינ־שרומפּן זיך פון זיין מויל, און עטלעכע שילערס האָבן זיך שטור־מיש צעלאַכט.

מ'האָט געמוזט ממשיך זיין דעם דאָזיקן גליקלעכן אויפטו. גייק האָט זיך געלאָזן אויסגעווישט די אויגן, אַריינגעשנייצט אין נאָזטיכל, טיף אָפּגעעטעמט און האָט צו זיין באַדויערן באַמערקט, אַז מען וואַרט אויף דער פאָרזעצונג פון זיין געשפּרעך.

אַ שטילקייט האָט באַהערשט די קלאַס.

די פיר יידישע קינדער זענען געווען דערשלאָגן פון דער שטילקייט, וואָס האָט געשלאָגן פון די האַלב אָפענע ליפּן פון הער גייק, ווי לאַווע פאַרגליווערטע, אין מאַסיוו־שווערע שיכטן אויף זיין פּנים.

פלוצים האָט ער געעפנט מיט אַן אָנגריף:

— אויפשטיין! זאָלן די יידן זינגען — האָט ער געדונערט, רויט פון כעס — זאָלן זיי אונז זינגען אַ סערענאַדע!

*

שמעון קאַטקאָווסקי איז אויפגעשטאַנען, האָט איבערגערוקט דעם פאַרשלאָפענעם פּוס און איז מיט אַ פאַרשעמט פּנים צוגעגאַנגען צום לערער־טיש. באַלד ווי ער האָט באַקומען דעם באַפעל, האָט ער איינגעצויגן דאָס מויל אין פאָרם פון אַ האַרץ און בנעימותדיק אָנגעהויבן זינגען דאָס באַקאַנטע טרויעריקע ליד: „ס'איז נישטאָ קיין שענערער טויט אויף דער וועלט", וואָס איז געווידמעט דעם אָנ־דענק פון העלד האָרסט וועסעל. מיט די אויגן צום הימל אוןביידע הענט אויפן בויך, האָט ער קוים געמורמלט: „וויקלט פונאַנ־

דער די פּאַן, וואָס איז באַפּלעקט מיט בלוט". אַ שרעקלעך געּ־לעכטער האָט פּאַרפּלייצט די גאַנצע קלאַס, די אַנדערע דריי יידישע קינדער, וואָס האָבן געקניט אויף די פּיס, האָבן אויך מיטגעלאַכט.

דער זינגער וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן, האָט זיך געלאָזן אָנגעהויבן אַ צווייטן סטראָף. „שטייט אויף, איר אַלע, וואָס זענען פון גאָט באַשאַפן געוואָרן אַלס דייטשן", אָבער הער גייק האָט זיך פּלוצים איבערגעבויגן איבערן שרייבטיש, אַריינשרייענדיק אים אין אויער ער זאָל אויפהערן, האָט ער אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיטן שטעקעלע.

שמעון קאַטקאָווסקי האָט געזוכט אַ באַקוועמערע פּאָזיציע און זיך צוריקגעצויגן מיט פאַרפלאָכטענע הענט אַרום זיין רונדן בויך, ווי דאָס וואָלט אים געדינט פּאַר אַ שוץ קעגן גייקס בייטש.

לויט אַ פּשוטן צייכן, איז אויפגעשטאַנען הכנעהדיק משה פינ־קעלשטיין, דערנענטערנדיק זיך צום לערער־טיש, איז אַ טרער אַראָפּ־געגרונען פון אונטער זיינע ברילן, פון פּחד און בושה, צוליב דער דויערנדיקער פּריילעכקייט אין דער קלאַס. משה פינקעלשטיין איז געווען אינגאַנצן צעטומלט. ער האָט צוגעלייגט זיינע הענט צו דער ברוסט, אין אַ נעבעכדיקער באַוועגונג פון פּאַרטיידיקונג, געזיפצט, געשעפּטשעט און אונטערגעזונגען מיט אַ פּאַנפנדיק קול. ער איז באַפוילן געוואָרן זיך צו שטעלן אויף די קני, אַן איינגע־בראָכענער, אַ פּאַרוויינטער, שלינגט ער זיינע טרערן און זיין בושה.

— איך וויל נישט זינגען — האָט געזאָגט מאַרקוס ראָזענ־בערג, שטייענדיק אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צום שוואַרצן טאָוול, אין אַ פּראָוואָצירנדיקער פּאָזיציע.

— ווער צווינגט דיך צו זינגען? — האָט גייק געענטפערט, נישט אויפרעגנדיק זיך.

מאַרקוס ראָזענבערג איז געשטאַנען ווי אַ יונגער הירש מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, ער האָט נישט פּאַרטראָגן קיין שום דערנידערונג. אָפּטמאָל אין אָוונט, האָבן זיך די פּימפּפן אויסגע־שטעלט אין אַ קייט, כדי אים אַנידערצוליגן. די סימנים אויפן גאַנצן פּנים זיינעם, האָבן געצייכנט די מאַפּע פון די באַקומענע קלעפּ.

— ניין, איך וועל נישט זינגען — האָט ער ווידער געזאָגט מיט אַ פּאַרשטיקט קול.

און ווען גייק איז, עטעמענדיק שווער, צו אים צוגעהינקען און געבויגן זיין אַלטן רוקן, כדי מיט מער קראַפט איינ־צוגראָבן זיין באַצווינגנדיקן קוק אין די אויגן פון מאַרקוס ראָזענבערג, האָט זיך דער תלמיד צוריקגעצויגן נענטער צום שוואַרצן טאָוול, און זיך פאַרהאַלטן.

— ווער צווינגט דיך זאָלסט זינגען, מיין פריינט — האָט גייק איבערגעחזרט מיט אַ גלעטנדיקער שטים: — ביי מיר זינגט מען נאָר פון פאַרגעניגען און פון גוטן ווילן, פרעג משה פינקעל־שטיין.

דאַן האָט ער דאָס יידישע ייִנגל אַ וואָרף געטאָן אויף די קני, פאַרדרייענדיק אים די הענט ביז צום אַקסל.

דער „געֶרעכטער" איינפאַל און דער „גוטער" טעם פון אויס־פירן די שטראָף, האָבן ממש גערירט די „פּימפּפן", זיי האָבן געיובלט, געפּאַטשט בראַוואָ.

— אַלזאָ, דאָס איז דער פּרייז פאַר פאַריסנקייט — האָט גייק געברומט. ער האָט פאַרשטאַרקט דעם דרוק אויפן ייִנגל, כדי צו דערפירן, ער זאָל קרעכצן. — די יידישע גאווה מוז געבראָכן ווערן. — מאַרקוס ראָזענבערג האָט אָפּגעזיפצט טיף אין זיך, נישט עפענדיק זיינע צונויפגעפּרעסטע ליפּן.

גייקס קול איז געוואָרן לאַקריץ־זיס:

— נו, ווייטער, „ווען יודנבלוט", „ווען יודנבלוט"...

נאָך פינף מינוט האָט זיך מאַרקוסנס מויל ברייט פונאַנדער־געעפנט און אַ שטיקנדיק קלאַנגען־געבריל האָט פון דאָרט פלוצים אַרויסגעזעצט — דער באַווייז פון יידישער נידערטרעכטי־קייט. הער גייק האָט אָפּגעעטעמט און אַוועקגעשליידערט דאָס ייִנגל צו דער ערד:

— טינופת!

און אָנווייזנדיק אויפן בלייכן ערני לוי, האָט ער צוגעגעבן:

— אָ, אים האָב איך דאָך כמעט פאַרגעסן.

מאַרקוס ראָזענבערג איז פאַרבליבן אין זיין פּאָזיציע, דאָס פּנים צו דער ערד, די הענט אויפן קאָפּ, שטום. די „פּימפּפן" האָבן זיך אַנטציקט, זיין גאווה איז געבראָכן געוואָרן.

צוויי טרערן האָבן געהאָנגען אויף ערנים אויגן־ווייעס. דאָך

האָט ער נאָך באַוויזן צו זען אין דער ערשטער ריי, זיין חברטע אילזעס פאַרשטיינערטע פּנים.

— און ווען וועט דער תּם באַווילן אָנצוהויבן?

דאָס ייִנגל איז צוגעגאַנגען צום לערערס שרייבטיש און אַ דינער קנייטש פון צער האָט זיך געזען ביי זיין נאָז.

— אַנטשולדיקט, מיין הער — האָט ער געשטאַמלט און גע־קייקלט זיינע האַלב פאַרבלאָנדזשעטע אויגן — איך ווייס נאָכ־ניש, צי איך דאַרף זינגען...

דערנאָך האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דער פּלייצע און זיך איבערגעגעבן אָן ווידערשטאַנד דעם לערערס רשעות. די קלאַס איז אַנטשוויגן געוואָרן... די שילער פון דער ערשטער באַנק האָבן גיריק אויפגעכאַפּט די ברעקלעך פון ערניס ווערטער: „א־י־ך וו־יי־ס נ־י־שט... א־י־ך וו־יי־ס נ־י־שט".

גייק האָט פאַרדעכטיקט אַ שטרויכלונג.

מיט פאַרזיכטיקייט האָט ער אַרויסגערוקט איין האַנט, שיצנ־דיק זיך דאָס פּנים מיט דער אַנדערער. אָבער ווען דאָס ייִנגל האָט זיך נישט גערירט, האָט גייק באַלד אָנגעכאַפּט זיין האַנט און זי מיט כּוח אַרונטערגעדרייט. ערני האָט פון ווייטיק אויפגע־צאַפּלט ווי אַ קאַרפּ. ער איז אַנידערגעפאַלן אויף די קני ווי אַ געפאַנגענער.

— דו ווייסט נאָך אַלץ נישט?

אָבער ערני איז געווען אין אַ גאַנץ אַנדערער וועלט. בעת גייק האָט ממשיך געווען זיין לעקציע, וואָס די אַריער האָבן אין איר אָפּגעשאַצט די קאָנקרעטע זאַכלעכקייט און די יידן דאָס אכזריות, האָט ערני געשוועבט אין דער הויך פון אַ שוועלבל, אַרומגערינגלט מיט די געשטאַלטן, וואָס ער האָט זיי נישט גע־וואָלט דערהרגענען מיטן טמאדיקן געזאַנג: די מאַמע יהודית, דער זיידע, דער טאַטע, די מאַמע, מאָריץ און די קליינע פּנימלעך.

## 4

גייק האָט אין זיין שמועס פעסטגעשטעלט, אַז ערני האָט נישט געזונגען.

אָבער ווען דאָס „התלהבות" האָט זיך איינגעשטילט, האָט די מערהייט שילערס, אין געהיים, נישט געוואָלט אָנערקענען, אַז ערני האָט נישט געוואָלט זינגען, און זיי האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געוואָלט זען אין ערניס שווייגעניש קיין באַליידיקונג, און נאָך ווייניקער פון דעם, זיין פערזענלעכן נצחון — אָדער ווי גייק האָט זיך באַקלאָגט — דער נצחון פון די יידן בכלל. לויט דער דאָזיקער געהיימער מערהייט האָט דער תם נישט געקאָנט האָבן, נישט קיין מפלה און נישט קיין נצחון, ווייל זיי האָבן געפילט, אַז ער פאַרלאַנגט נישט קיין פערזענלעכן נצחון און צוליבן בלויזן פאַקט וואָס ער איז נישט אַריינגעטאָן אין קייק שום געראַנגל, האָט ער במילא אויך נישט געקאָנט האָבן אַזאַ מפלה ווי מאַרקוס ראָזענבערג. אינעווייניק, פאַר זיך, האָבן די תלמידים פון דעם געהיימען רוב, געפילט אַ שאַרפע שנאה צום „תם", ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט תופס זיין די סיבה פון זיין עקשנותדיקן שווייגן. די שנאה צו מאַרקוסן, איז געווען אָן ענטפער אויף זיין שטענדיקער טראַציקייט, און דער באַזיגטער מאַרקוס, האָט נאָר ביי זיי אַרויסגערופן גרינגשעצונג, פון וועלכער ער האָט גערן געוואָלט אַנטרונען. אָבער אין ערניס שווייגן איז גאָרנישט געווען פון די מאָטיוון, אַ סך תלמידים האָבן געהאַלטן, אַז ער וואָלט געזינגען, ווען ער וואָלט נאָר געקענט. איז אָבער די שנאה צו ערני לוי געוואַקסן אָן גרענעץ אויך דאָס צוליב דער דינער פיינקייט פון זיין פערזענלעכקייט און יעדער האָט געפילט אין זיך, אַז אַ מין איידלקייט איז אין אים פאַרוואָרצלט.

די יידישע תלמידים זענען געבליבן אויף זייערע קני, ביז דער לעצטער אַריער איז אַרויסגעגאַנגען, כדי יעדער פון זיי זאָל, פאַרבייגייענדיק, קאָנען זיי אָנקוקן און אויסדרוקן מיט העויות און קולות זיין „התפעלות". אָבער קיין איין בליק איז נישט געפאַלן אויף ערני, די תלמידים האָבן אַוועקגענייגט פון אים

זייערע קעפּ, ווי כדי אויסצומיידן עפּעס אַ סכנה. אילזע האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון צוצוואַרפן אים אַ קרומען בליק, און צו איר איבעראַשונג האָט זי נישט געזען נאָר אַ בינטל צע־שויבערטע האָר ביז איבערן קאַרק, ווייל ערני האָט אַראָפּגעקוקט צו דער ערד, נישט פון פּחד, נאָר פון חרפּה און ווייטיק, וואָס ער איז אויף אַן אומפאַרבעסערלעכן אופן איזאָלירט, סיי פון די אַרישע און סיי פון די יידישע תלמידים.



די שילערס זענען זיך פונאַנדערגעלאָפן מיט רעש, ווי אַ כוואַליע שוואַלבן. ס׳האָט זיך נישט קאָנצענטרירט קיין שום גרופּע, וואָס זאָל „באַגריסן" די אַוועקגייענדיקע יידישע תלמידים. די „פּימ־פּפן" אַליין האָבן אָנגעקוקט די געשלאָגענע אָן שאָדן־פרייד. שמעון קאַטקאָווסקי האָט געשוווירן, אַז ער וועט מער נישט צו־ריקגיין אין קלאַס, אפילו ווען זיין פאָטער וועט ליידן צוליב דעם אַרויסטרעטן קעגן געזעץ. מאַרקוס ראָזענבערג האָט זיך געגרייט צו נעמען נקמה. משה פינקעלשטיין איז געלאָפן אַהיים. ערני איז געגאַנגען טריט נאָך טריט, פאַרשיכורט פון דער מי־טאָג־זון, צו דער באַגעגעניש מיט זיין חברטע אילזע, וואָס האָט אים אָפּגעוואַרט, ווי יעדן טאָג, ביים ברעג פון דער „שלאָססע", אויף דער אַנדערער זייט פון געדיכטן הייזערבלאָק. אילזעס בלאָנדע האָר האָבן געשיינט ווי די זון.

ווען זי איז דערשינען, די געליבטע געשטאַלט זיינע, האָט ער דערפילט אַ ווייטיק אין זיין אַקסל און טרערן האָבן זיך גע־גאָסן פון זיינע אויגן. אילזע איז געשטאַנען אינמיטן גאַס, נישט ווייט פון די קוסטעס, אומבאַוועגלעך. דאָס פּנים אַראָפּגעלאָזט צום שוואַרצן שירצל. ווען נישט דער ווייטיק אין אַקסל, די טרערן און אַט דאָס לויפן אַן סוף, וואָס יעדער טריט פאַרשטאַרקט דאָס געפיל פון איינזאַמקייט אונטער דער זון, וואָלט ערני אָן ספק נישט געחלומט אפילו אַ קוש צו טאָן די באַק פון אילזע ברוקנער. ער וואָלט נישט געוואַגט. אָבער צי האָט ער געחלומט, ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו איר? אים האָט זיך געדוכט, אַז

אילזע נעמט אַנטייל אין זיין איינזאַמקייט און זי שטרעקט אים אויס די באַק, און ס'איז שווער געווען צו וויסן, צי ער וואָלט דער ערשטער געקושט, ווען זי שטרעקט אים נישט אויס די באַק, אָדער גאָר פאַרקערט, אילזע האָט די ערשטע זיך געגעבן צום קושן — אַלץ איז אַדורך אַזוי, ווי די ביידע זאַכן וואָלטן געווען איין זאַך.

— מנוול — איז געווען דער ערשטער אויסגעשריי פון האַנס שלימאַן וואָס האָט זיך פאַרשטעקט אין די קוסטעס ביים ברעג. ביי דעם סיגנאַל זענען האַנסנס יינגלעך אַרויס פון זייערע לויער־באַהעלטענישן — די שכנותדיקע הייזער, פון צווישן די געוויקס־שטעקענס.

די בלאָ־גרין־געלע פונקען אין אילזעס אויגן האָבן איינגע־האַלטן זייער שלווהדיקן גלאַנץ.

— ראַטעווע זיך — האָט ערני אַ געשריי געטאָן, און ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון דער „פימפפן"־באַנדע, זיי האָבן אים צעקלאַפּט דאָס פנים און פאַרשלעפּט צום פראָנט פון נאַנטסטן־בניק.

באַומרויקט צוליב אילזען, האָט ער זי אויף אַן אויגנבליק באַמערקט אינמיטן גאַס, אויף דער זון, ווי זי וויגט אירע הענט איבערן קורצן פאַלדן־קליידל און קוקט זיך צו מיט נייגעריקייט צו דער גאַנצער סצענע.

פּלוצים האָט ער דערפילט אַ סאַפּענדיקע שטים הינטער זיין קאַרק:

— שוין דאָס צווייטע מאָל, וואָס ער באַפלעקט דעם דייטשן כבוד — האָט דאָס קול פייערלעך אויסגערופן.

ערני האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז האַנס שלימאַנס קול איז געווען הויל און ער האָט געלאַכט אין זיך.

— מנוול — האָט אַ פּימפּף אַריינגעפּרעסט אין ערניס פנים — איך וועט זיך, אַז דו האָסט זי שוין געקושט אין מויל.

— גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט זיך שוין מתעסק געווען מיט זיינע הענט אַרום איר.

ציטערנדיק פון כעס, האָט האַנס שלימאַנס פאַרבאָרגענע קול געקלונגען הינטער ערניס קאַרק:

— און אפשר האָט דאָס חזיר שוין עפּעס אָפּגעטאָן.

ערני איז געפאַלן אויף די קני און דערשפּירט אַ שאַרפן

ווייטיק אין זיין אַקסל. ער איז באַזיגט געוואָרן אָן געראַנגל דורך האַנס שלימאַנס אַרומפּלעכטן אים. ווען האַנס איז דערגאַנגען צום צעוויטיקטן אַקסל, זענען טרערן געראונען פון ערניס אויגן, אויך זיין שטערן איז פייכט געוואָרן. דעם יינגל האָט זיך אויסגעדוכט, (לויט דעם ברענענדיקן ווייטיק פון זיין אַקסל) אַז די שפע פון וואַסער, וואָס גיסט זיך פון זיינע אויגן און קאָפּ, פון זיין האַלדז און קערפּער. זי פאַרפליצט זיין גאָרגל און זיינע אויפגעריסענע ליפּן און די מענגעס פליסיקייטן פון זיין גוף, אַנטלויפן ווי אַ שווימענדיקע שיף פון דעם העלרויטן שניט אויף זיין רעכטן אַקסל...

— חזירישער הונט — האָט האַנס שלימאַן געשריגן אַ פאַרסאַפּעטער — סוף־סוף וועסטו באַשליסן צו זינגען?...

פון פאַרביטערונג, האָט האַנס שלימאַן איבערגעחזרט אָן אויפהער: „הונט, הונט, הונט", ווען אַנדערע פּימפּפן האָבן געשפּיגן אין ערניס פּנים, איינער נאָכן צווייטן לויט דער ריי, האָבן זיי צוגעענעט זייערע מיילער ביז צוויי סענטימעטער און אויסגעליידיקט זייער גומען פון אָנגעזאַמלטן שפּייעכץ. דאָס יינגל, האַלטנדיק זיינע אויגנלעפּלעך פאַרמאַכט, האָט געטראַכט, אַז דער שוויס, דאָס שפּייעכץ און די טרערן, אין וועלכע ער האָט זיך איצט געבאָדן, זענען אַלע איין־און־דיזעלבע זאַך, וואָס קומט פון איין טיפן פאַרבאָרגענעם מקור אין אים, און איצט וועט אויפגעריסן ווערן זיין לבוש און ער וועט אַרויספּקוועלן צו דער זון. די אַלע פליסיקייטן פליסן אַרויס פון אינערלעכער קוטיקייט, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין קלעפּיקייט און איז נישט צונויפגעשטעלט ווי געווינלעך פון פלייש און ביינער, ווי ער האָט אַמאָל געטראַכט.

די צייט זעט זיך אים אויס ווי אַ ים אָן אַ דנאָ. משונהדיק: ווי די שוץ־דאַמבעס וואָלטן זיך צעעפנט און אַלע וואַסערן זענען פאַרשוווּנדן.

עפנענדיק די וויעס, האָט ערני זיך געפונען קניענדיק אויפן טראָטואַר, אַ טרוקענער. פון אַ געוויסער דיסטאַנס זענען די „פּימפּפן" געשטאַנען אין אַ קרייז. זיי האָבן ווייזט אויס, אַרומ־גערעדט אַ שווער פּראָבלעם, ערני האָט עס אַראָפּגעלייענט פון זייערע דערשלאָגענע און פאַרצווייפלטע פּנימער, לויט זייערע סודותדיקע רייד. צוואַרפנדיק אים יעדעס מאָל שפּיזיק־שטעכיקע

בליקן פונדערזייט. ערני לוי האָט אין התפעלות אַנטפּלעקט, דורך די ברייט־געשפּאַנטע, מאַסיווע פּיס פון וואָלפגאַנג אַלענדאָרף, די שלווהדיקע געשטאַלט פון זיין חברטע אילזע ברוקנער, וואָס איז זעט אויס, געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך אויפן זעלבן אָרט, מיט דעמזעלבן גרין־בלאָען בליק, זי האָט געמאַכט דעם רושם, אַז זי באַמערקט נישט ערניקן, טראָצדעם וואָס ער האָט אירע איי־דעלע געזיכטס־שטריכן געזען נאָר אַ ווײַלע, האָבן זיך דאָך זייערע בליקן דורכגעקרייצט.

— אָט דער ייד, האָט געזאָגט דער רויטער — זעט אויס צו זיין מער ייד, ווי אַלע אַנדערע.

— אָבער איך זאָג, אַז מ׳דאַרף אים אויסטאָן אין די אויגן פון דער ברוקנער — האָט געזאָגט וואָלפגאַנג אַלענדאָרף — כדי צו וויזן איר דעם באַשניטענעם עק.

— ניין, ניין, דאָס נישט — האָט דער רויטער אויסגעשריגן מיט פּחד.

— פאַרוואָס נישט? — האָט זיך האַנס שלימאַן קאַלטבלוטיק אָנגערופן — מ׳ציט דעם שד ביים עק.

ס׳האָט זיך געהערט אַ געצוווּנגען געלעכטער, די קעפּ זייערע זענען געווען געווענדט צו אילזען, זי האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט גאָרנישט געהערט — כאָטש די בעקלעך אירע האָבן זיך אַ ביסל גערויטלט — אירע אויגן האָבן געהאַט אַ מוטנע איינ־טאָניקייט, ווי די אויגנאַפּלען פון אַ בלינדן, טראָצדעם וואָס זיי זענען געבליבן אויסגעשטאַרט צו די יינגלעך: זי האָט זיך איינ־געקוקט אין פּנים פון יעדן איינעם און געשוויגן. ערני איז געבליבן אויף זיינע קני און זיך געקוויקט, פון צווישן וואָלפ־גאַנגס פּיס, מיט די גלעטענישן פון דער זון, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט זייך אַקסל אין זיס וואַסער.

די אַלע זאַכן וואָס ערני האָט געזען און געהערט, האָבן אויס־געזען אַזוי ווייניק נאַטירלעך, אַז ער האָט קולט געוועזן די זון וואָס דרייט זיך אויף איר אַקס, ווי אַ קינסטלעך פייער־ראָד אויף אַ מרחק פון עטלעכע סענטימעטער פון זיינע האַלב־געעפנטע אויגנלעפּלעך. נאָר אַ טייל פון זיין איך האָט דערפילט די סכנה. ער איז האַלב אויפגעשטאַנען, אָנגעשפּאַרט זיך אין דער וואַנט

און האָט ווידער געעפנט די אויגן, וואָס זענען פאַרבלענדט גע־וואָרן פון דער זון, פון די טרערן און שווייס, וואָס רינען אַראָפּ פון די שלייפן און פון דעם שפייעכץ און שמוץ, די אַלע זאַכן האָבן נישט געהאַט זייער גלייכן. דאָס יינגל האָט ביסלעכווייז אָנ־געהויבן אויפנעמען די געזאָגטע ווערטער, און ער האָט אָפּגע־ווענדט זיין בליק פון אילזע ברוקנער, וואָס איז געשטאַנען אומ־באַוועגלעך אין איר שוואַרצן שירצל, אירע גרינע, בולטע אויסגעברייטערטע אויגן, זענען געוואָרן דער צענטער פון איר פּנים.

די „פּימפּפּן" האָבן זיך גרופּירט אַרום אים. דאָס יינגל האָט נישט גערירט מיט קיין פינגער, נאָר באַטראַכט דאָס ראָד פון דער זון. די אַלע געשעענישן זענען ווי נוגע עָמיצן אַנדערש. קיין שום מענטש האָט נאָך עטוואָס ענלעכס נישט פּאַסירט. מען געפינט אפילו נישט קיין רמז אין די לעגענדע פון די ל"ו צדיקים צו אָט די שטרויכלונגען.

פון יאוש, האָט ערני געגראָבן אין זיין זכרון, אין דער האָפענונג צו געפונען אַ פרייען וועג, אַ זיכערן, אין דעם וואַלד פון משונהדיקע אומשטענדן, וואָס זענען נישט ענלעך צו די אַלע ממשותדיקע פאַקטן פון דער ווירקלעכקייט. אָבער ער האָט דעם וועג נישט געפונען.

האַנס שלימאַן האָט אים פאַרקנעבלט די הענט, רויק, ווי ער וואָלט געטאָן עפּעס אַ געוויינלעכע זאַך, ווי ער וואָלט געהאַט צו דעם ערניס פולשטענדיקע הסכמה. ערני האָט אויסגעשטרעקט אָן עלנבויגן, כדי האַנס זאָל אים קאָנען גרינגער אַרומפּענטען.

מיט איין צי, האָט דער רויטער אַראָפּגעשלעפּט ערניס הויזן ביז אין דער העלפט פון די לענדן. און ווען דער רויטער האָט אַריינגעשטופּט צוויי פינגער צווישן ערניס הויט און דער גומי פון די תחתונים, האָט זיך דאָס יינגל מיט איין שטויס באַפרייט פון האַנס שלימאַנס האַנט־פּרעס, ער האָט אויפגעהויבן זיינע הענט ווי מעגלעך העכער, שאָקלנדיק מיט זיי אינדערלופטן, קעגנאיבער דעם פלאַמיקן ראָד פון דער זון, ווי ער וואָלט נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיי. זיי האָבן אָבער עדות געזאָגט נאָר וועגן זיין אָנמעכטיקייט.

פאַרווירטע האָבן די „פּימפּפּן" זיך צוגעקוקט צו די נאַקעטע אויפגעהויבענע הענט אַנטקעגן דער זון.

אָבער דער רויטער האָט זיך באַלד געשטאַרקט און ווייטער געצויגן ערניס תחתונים, אויפדעקנדיק זיין מענלעכקייט. אין דעם אויגנבליק האָט אַ צאָרן פאַרפלייצט ערניס האַלדז און ס'האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן זיין עֶרשט געשריי. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דעם רויטנס פּיס, איינבייסנדיק זיינע ציין אין זיין פעטן לידקע־פלייש און זיי נישט אַרויסגעצויגן פון דאָרט. זיינע נעגל האָבן זיך טיף איינגעגראָבן אין דעם רויטנס קנעכל.

האַנס שלימאַן האָט באַלד אַרויפגעלייגט זיין קני אויף ערניס רוקן, אים מיט געוואַלט אָוועקגעקאָפּעט, אַריינשטופּנדיק זיינע גראָבע פינגער אין דעם יינגלס אויגן. ערני האָט איצט נאָכ־געלאָזט, האָט אויסגעשריגן נאָכאַמאָל און זיך איינגעביסן אין האַנס שלימאַנס האַנט, וואָס האָט זיך פריער נישט געקאָנט באַפרייען פון ערניס ציין, נאָר נאָכן שלעפּן אים צווי מעטער לענגאויס דעם טראָטואַר. האַנס שלימאַן האָט צוריקגעטרעטן נאָך עטלעכע טריט כדי צו פאַרלענגערן דעם מרחק צווישן זיינע הענט און ערני לוי'ס קינ־ביינער. צו זיין צופרידנהייט, האָט ער באַמערקט, אַז די „פּימפּפּן־חברותא האָט זיך צוזאַמענגעקליבן, זיך פאַראייניקט, כדי צו שיצן זיך קעגן די ציין פון ערני לוי, וואָס האָט זיך גיך ווידער גע־שטעלט אויף די פיס מיטן רוקן צו דער וואַנט, וואָיענדיק פון טיפן האַלדז ווי אַ הונט און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן.

— שמוציקער הונט — האָט דער רויטער געזאָגט.

— יידישער טינוף — האָט אונטערגעהאַלטן אַ צווייטער „פּימפּף".

— „יידישער הונט" — האָט האַנס שלימאַן מיטגעשריגן. ער איז צוגעגאַנגען מיט דער אַראָפּהענגענדיקער האַנט און צוגעגעבן מיט מוט: „גיט אַכטונג, ס'קאָן זיין, אַז ער האָט דאָס הינטישע משוגעת".

די „פּימפּפּן" האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרייט און זיך צעלאַכט פון האַנס שלימאַנס באַמערקונג. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט דער־ווייטערן פון ערני, קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט אָפּלאָזן דעם פאַרשאָלטענעם ייד, זיי זענען דאָך געקומען ביזיין אַלס

עדות פון האַנס שלימאַנס בייזן קאַפּריז, מ׳האָט געמוזט זוכן אַן אויסוועג:

— מ׳דאַרף אים אַוועקפירן אין אַ הינטישער נאָרע — האָט אַ „פּימפּף״ פאָרגעשלאָגן — נאָר אַזוי וועלן מיר פון אים פּטור ווערן.

— און אַז זיי וועלן אים דאָרטן דערהרגענען?

— זיי וועלן אים צעבייסן, צעפּרעסן — זאָגט האַנס שלימאַן.

— ווו וועלן זיי אים בייסן — האָט אַ „פּימפּף״ זיך צעלאַכט, אין הינטערחלק?

— ס׳הענגט אָפּ דערפון, ס׳הענגט אָפּ — ענטפערט האַנס שלימאַן — ביי די ידישע הינט הויבט זיך עס אָן מיטן עק.

און ווי זיי וואָלטן געוואָרט אויף אַ סיגנאַל, האָבן די „פּימפּפן״ זיך צעלאַכט, שטויסנדיק זיך איינער דעם צווייטן מיט ווילדער פרייד, ווי זיי וואָלטן פּטור געוואָרן פון דעם עיקר פּראָבלעם. דער רויט־האָריקער האָט אויפגעהויבן אַ בינטל שטיינדלעך און זיי אַ שליידער געטאָן אויף ערני לוי, באַלד האָבן אים די רעשט „גבורים״ נאָכגעטאָן. אין זייער גרימצאָרן, האָבן זיי שלעכט געצילט. האַנס שלימאַן האָט געגעבן דעם צייכן צו פאַרלאָזן.

— דו קומסט מיט? — האָט ער געפרעגט אילזען.

— דו אײַלסט זיך זייער? — האָט זי אים טרוקן געפרעגט.

— דו קוקסט אויף דיין געליבטן? — גיב אַכטונג, ער איז משוגע.

— איך האָב פאַר אים נישט קיין מורא — האָט אילזע ברוקנער געזאָגט. און אויסדרייענדיק זיך צו האַנס שלימאַן, האָט זי אים היימישלעך צוגעוווּנקען:

— גיי, איך קום באַלד צו איך.

— נעבן דער שולע? — האָט האַנס געפרעגט.

ערני האָט איר צוגעוואָרפן איין אײַנציקן בליק און זיך צו איר אויסגעדרייט מיטן רוקן. די חברה פּימפּפן האָט דערגרייכט דעם ראָג פון גאַס. פונדערווייטן האָט זיך געהערט אַ געזאַנג.

✱

די טרערן האָבן זיך אויסגעשעפּט. דער זון־קיילעך איז זיך

פּאַמעלעך ווייטער אַוועק מיט זיין אייגענער סטעזשקע. סוף־סוף האָט ער זיך אויפגעהערט צו דרייען און איז שטיין געבליבן אומבאַוועגלעך אין די אין־סוף מרחקים, ווי אַ ליכט. אַ דראָזד־פויגל האָט זיך צעזונגען צווישן די קוסטעס און די „שלאָססע״־וואַסערן האָבן געפּליעסקעט צווישן די געוויקס־שטעקנס. ערני האָט דערפילט, אַז זיין חברטע אילזע האָט זיך נאָכנישט גערירט פון אָרט. אירע שיך זענען געווען פאַרשלאָסן אויף איין קנאָפּ, זי האָט געטראָגן אַ שיין שוואַרץ שירצל, די העפטן זענען געלעגן אויף דער ערד, אָנגעוואָרפן צווישן אירע קנעכלען. ערני האָט באַמערקט, אַז אירע פייכטע אויגן, דער זייד־באַנד אין די האָר און איר גלאַט פּנים, האָבן איר צוגעגעבן דעם אָנבליק פון אַ פיש. אויף דער מאַסקען־פייערונג אין שולע, האָט זי געטראָגן אַ לאַנג קלייד, פאַרקאַרבירט ווי אַן עק פון אַ קליין כינעזיש פישל. אירע פינגער פון די הענט האָבן געשיינט מיט אַ וווּנדערלעך ראָזע פאַרב. אַנטציקט פון אילזען, האָט ערני כסדר צו איר געשמייכלט און זי האָט צובאַהאַפּטן צו אים צוויי ברייט צעעפנטע אויגן, פיל מיט באַגייסטערונג און נייגעריקייט. פּלוצים איז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון איר בליק דער גרינער ליכט־אָפּשיין, אַ שאָטן פון אַ שמייכל האָט אַ פלאַטער געטאָן אויף אַ ווײַלע, ר׳איז דערגאַנגען ביז איר ליפּ, האָט אויפגעוועקט אַ חן־גריבעלע, פאַרווירט געוואָרן און פאַרשוווּנדן. דאָס מיידל האָט אים פונווייטן אָנגעקוקט ווי אַ פרעמדן, וועלכן מ׳פאַראַכטעט און מ׳האָט פאַר אים מורא. אַז ערני האָט געפּרוּווט גיין פאָרויס, איז זי בלייך געוואָרן, האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אַ כאַפּ געטאָן אירע העפטן און איז אַנטלאָפן, ווי פייל־פון־בויגן, אין דער ריכטונג פון די „פּימפּפן״. נאָך צוואַנציק מעטער, האָט זי זיך אויסגעדרייט און דריי מאָל געפּאַטשט מיט די הענט. די זון איז געשטאַנען אַזוי נידעריק, אַז אילזעס געשטאַלט און איר שוואַרץ שירצל, איז ענלעך געווען צו אַ גלאַנצנדיקן אינזעקט אויפן טראַקט פון אַ ליכטשטראַל.

דער זון־קיילעך האָט אָנגעהויבן זיך דרייען אין זיין קרייז, אַלץ גיכער און גיכער. די פונקען פון דאָזיקן פייער־ראָד זענען זיך פילפאַכיק צעגאַנגען אין די ווייטענישן פון הימל. אירע בלאַ־

דע האָר זענען ווידער געווען ווילד צעפּלאָסן. ערבי האָט אַרויפֿ־געצויגן זיינע הויזן. דאָס האַרץ אין אים האָט אַזוי אימהדיק געשטורעמט, אַז ער האָט פֿאַרדעכטיקט, אַז אָט איז געקומען דער מאָמענט פֿון שטאַרבן. און בעת ער האָט אין גערדאַנק זיך איינגע־ביסן אין די פּימפּפן, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז צום ערשטן מאָל האָט זיך אין אים דערוועקט אַ טיפֿע שנאה.

# 5

ווען ערבי איז צוגעקומען צו דער „שלאָססע״־בריק האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ער איז אַליין.

די גאַנץ קליינע, אָפּגענוצטע און איינגעהויקערטע שטיין־בריק האָט צוגעגעבן דעם טייך אַ דאָרפֿישע שלווהדיקייט. די קלעטער־פּלאַנצן האָבן אויסגעפֿורעמט אַ מין צעבליטע באָרד, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צום וואַסער־שפּיגל. פֿון צייט־צו־צייט פֿלעגן ערבי און אילזע דאָ פֿאַרברענגען שעהן גאַנצע, ביידע אָנגעשפּאַרטע אויפֿן פּאַרענטש פֿונעם בריקל, צוקוקנדיק זיך ווי די צייט פֿליסט אָן אויפֿהער צווישן די ברעגעס. קליינע און גרויסע פֿיש האָבן באַגלייט דעם גאַנג פֿון די שעהן און אילזע פֿלעגט טענהן, אַז אַלע פֿיש קומען אום אין ים, ווהין קאָנען זיי דען ווייטער שווימען? ערבי האָט זיך איר קיינמאָל נישט קעגנגעשטעלט, כאָטש ער האָט געוווסט, אַז די אײדעלע מינים, ווי למשל ווייספֿיש און אַנדערע, פֿאַרבלייבן דווקא ביים ברעג, אויפֿן גרענעץ פֿון זיסן און גע־זאַלצענעם וואַסער.

היינט האָט דער „שלאָססע״־טייך אויסגעזען פֿאַרגליווערט און די וואַסערן זענען דורכזיכטיק און פּוסט, ווי דער חלל.

דאָס יינגל האָט אַריבערגעשפּריזט די בריק און זיך געלאָזט גיין מיט דער סטעזשקע, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ צום ברעג פֿון טייך, לינקס פֿון פּאָרענטש, צווישן די קראָפּיווע־קוסטן און געדיכטע־

נישן פון ווייכן, גרינעם גראָז און געלע פעלד־בלימעלעך, וואָס בליִען אין שאָטן פון די געוויקס־שטעקנס. אינדערמיט פון באַרג־שפּוע, האָט די סטעזשקע אַרומגערינגלט דעם באַרימטן פעלז פון „וואָטאַן”, דער אַלגערמאַנישער גאָט פון מלחמה און שטורעם, פון פירשטן און מלכים. דער פעלז האָט זיך אַרויסגעהויבן פון טייך, אין אַ הויך פון פיר מעטער, ווי אַ פעלזן־וואַנט. אַמאָל, אין רעפּובליק צייטן, אין זומער, פלעגן די אַרבעטער יעדן זונ־טיק שפּרינגען פון פעלזן־שפּיץ אין טייך אַריין, דער פעלז האָט אויסגעזען צו זיין טיף פאַרוואָרצלט אין דער ערד, אַז ס׳איז שווער געווען זיך אויסצומאָלן אים אַן איינזאַמען, מיט זיך אַליין. ווי אַ מין בוים פון גראַניט, מ׳האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ טייל פון אַן אונטערגעשניטענעם דאָמב, וואָס ליגט ווייטער אויף זיינע וואָרצלען, אָן דער בוים־קרוין, אָבער אומאויסרייסבאַר. דאָך, האָט הער קרעמער געטענהט, אַז די היידניש־גערמאַנישע געצנדינער האָבן אים אַריבערגעפירט פון די בערג, און אים איינגעאָרדנט אַלס מזבח צו שעכטן בהמות און מענטשן. דאָס בלוט האָט גע־שטראָמט אין דער „שלאָססע”, זי האָט עס אָוועקגעטראָגן ביז צו די „טאַונוס”בערג, דאָרט האָבן עס די מכשפות פון באַרג־„ב ר אָ ק ע ן”, אין דער „וואַלפּורגן־נאַכט”, אויסגעלעקט מיט דער צונג. אין באַשטימטע אָונטן פלעגן דאָרט די „פּימפּפן” און די עלטערע פאַרטיי־לייט ברענען בוים־שטאַמען. די מענטשן פון דער „ריגענשטראַסע” פלעגן אים נישט סתם רופן „דער שטיין”, נאָר „דער פעלזנשטיין פון וואָטאַן”, מיט גרויס כבוד. אַ בערלינער וויסנשאַפטסמאַן האָט אַנטדעקט אונטערן מאָך אַ האַקנקרייץ. די צייטונגען האָבן פאַרזיכערט, אַז דער קרייץ איז אַלט עטלעכע טויזנט יאָר, און לוי, דער פאָטער, האָט געטענהט, אַז ער איז העכסטנס אַ זייגקינד אין וויגל.

ערני לוי האָט אויסגעשטרעקט זיין אָרעם און אָנגערירט פאַרזיכטיק דעם פעלז, ווי ס׳וואָלט געווען אַן איינגעדרימלטע חיה. דאַן האָט ער זיך פאַרנומען מיטן באַרג־שיפּוע און זיך דערווייטערט אַ צען מעטער אין פולן זונשיין, ווייט פון דעם פאַנטאַסטישן שאָטן אַרום דער פעלז־גרודע. די שורה פון קוסטעס, איז לענגאויס דעם קליינעם זאַמדיקן ברעג, געוואָרן אַלץ שיטערער. ערני האָט אַראָפּ־

געשטעלט איך קני און דערזען, אַז דער פעלז־שאָטן שפּרייט זיך אויס איבערן וואַסערפלאַך פון דער „שלאָססע", און ווערט גע־טראָגן דורך די טייך־כוואַליעס, ביז די שאָטן־שטריכן דערגרייכן דעם זאַמדיקן ברעג. ער האָט איינגעגראָבן אַ קני אין זאַמד און איז פּאַמעלעך פאַרויסגעגאַנגען אויף דער לינקער קני, ביז ביידע שאָטנס, זיינער און פון פעלז, זענען געוואָרן איינס. איינבויגנדיק זיך איבערן פליסנדיקן שאָטן, פונוואַנען ס'זענען אַרויסגעקומען שלימיקע בלעזלעך, האָט ער אויסגעשפּרייזט זיין נאָזטיכל ווי אַ טראַטווע, וואָס איז עטלעכע סעקונדעס געשווימען און איז איינ־געשלונגען געוואָרן. ערני האָט אַרויסגעצויגן דאָס נאָזטיכל און דערמיט זיך אָפּגעפּרישט דאָס פּנים.

דאָס מעטאַלענע שטעקעלע האָט אים געשפּאָלטן זיינע ליפּן, זיי האָבן געבלוטיקט. ערני האָט געלעקט די וווּנד און זי צוגעדעקט מיט אַ קראַפּיווע־בלאַט. מאָדנע, די וווּנד האָט אים בכלל נישט וויי געטאָן. ער האָט צוגעטאָן זיינע פינגער צום קאָפּ און צו זיין איבעראַשונג געפונען בולטע ביילן. אָבער דאָך, ער האָט נישט געשפּירט קיין שום ווייטיק, אפילו נישט אין זיין גאַמבע, וואָס איז פּאַראַליזירט געוואָרן פון גייקס פויסט. אויב ער האָט נישט געליטן, איז עס דערפאַר, וואָס מער האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געליטן, ווייל די צער־און־ליידן אָרגאַנען זענען אין אים ווי אָפּגע־טעמפּט געוואָרן, פון נייגעריקייט, האָט ער זיך טיף איינגעביסן אין דער האַנט, וואָס האָט איבערגעלאָזט בולטע ציין־סימנים. פון יעדן סימן האָט אַרויסגעפּערלט אַ טראָפּן בלוט, אָבער אָן מינ־דעסטן ווייטיק. מ'האָט געקאָנט ממש נתפּעל ווערן, פון אָט דער שיינער זעאונג.

— אָבער די צדיקים פלעגן דאָך אַמתדיק ליידן — האָט ערני געמורמלט.

ער האָט צונויפגעלייגט ביידע הענט, ווי אַ שיסעלע און אָנגעשעפּט אַ ביסל וואַסער, וואָס האָט אַ ביסל ווייכער געמאַכט דאָס פאַרטרוקנטע בלוט אויפן פּנים, אויף דער אָפּגעדעקטער ברוסט און האָט אַוועקגעשווענקט דאָס זאַמד פון דער קני. די פּאַראייניקטע

שאטנס פון זיין גוף און פון פעלז, האָבן געשטערט דאָס אונטער־שיידן דאָס נאָרוואָס רויט־געוואָרענע וואַסער, וואָס איז שנעל אָפּ־געפלאָסן אין טייך.

מער האָט זיך אים נישט געוואָלט גיין מיט דער סטעזשקע ביים „וואָטאַן", ער האָט זיך אויסגעטרעטן אַ וועג דורך די קראָ־פּיווע־צווייגן. פון איבער דעם באַרג־שיפּוע האָט ער אַ ווײַלע באַקוקט די לאָנקע, איידער ער איז דאָרט אַריינגעגאַנגען מיט אַ מונ־טערן און געלאַסענעם טריט. עטלעכע גראָזן האָבן באַרירט זיין גאָמבע. וואָס מער ער איז אַריין אין גרינעם ים, האָט זיך אים אַלץ מער אויסגעוויזן, אַז די גראָז־כוואַליעס אַרום אים, ווילן אים איינ־שלינגען, אָדער לכל־הפּחות אים נעמען געפאַנגען. ער האָט נישט געוווּסט אונטערצושיידן, צי אָט די כוואַליעס רוקן זיך פאָרויס, כדי אים צו דערטרינקען, אָדער פאַרקערט, זיי דערנענטערן אים ביסלעכ־ווייז צום ים.

ווען ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דער טייך איז שוין גע־נוג ווייט פון אים, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געזען אין דעם הימלישן אין־סוף, אַז ער איז נישט מער ווי אַ נישטיק שטויב־קערנדל צווישן די גראָז־פלייצן. אין דעם מאָמענט האָט ער פיינט געהאַט די פוסטקייט. די ערד, ווי זי וואָלט זיך געשפּאָלטן אונטער זיינע פיס. און בעת זיינע אויגן האָבן נהנה געווען פון דער אומענדלעכקייט פון די הימלען, האָבן די ליפּן געפליסטערט:
„איך בין גאָרנישט". די ערד אַרום האָט פון זיך אַרויסגעגעבן איר קערנדיקן ריח. אַלע זאַכן זענען באַשטענדיקע און אומפאַרשטענדלעכע אינעם ריח פון דער ערד. דערזעלבער ריח צו דער שטילקייט, צו די זוניקע שטראַלן און צו דער אייביקער בלאָקייט אין די הויכן. עפּעס האָט באַרירט זיין באַק און זיך צוגעקלעפּט. ער באַקוקט עס, ס'איז אַ שיינער, רויטער מאַריאַ־זשוק, מיט שוואַרצע שפּרענ־קעלעך, זיינע לאַפּקעלעך האָבן געצאַפּלט ווי דינע הערעלעך. מ'האָט געקאָנט זאָגן, אַז ס'איז אַ מין צירונג, אַ שפּילקעלע מיט אַן איינגעפאַסטן רובין און מיט סימעטריש־פאַרזעצטע שוואַרצע פּינטעלעך.

ערני לוי האָט אַוועקגעשטעלט דעם מאַריאַ־זשוק אויפן שפּיץ פון זיין גראָבע פינגער, דעקלאַמירנדיק:

גאָטס באַשעפעניש
פלי, פלי
גאָטס בריאהלע
אין גן־עדן פלי
איינס, צוויי, דריי.

לויט דער טראַדיציע פון די קינדעריאָרן, האָט ער געדאַרפט מיט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט: „דריי״ אַ בלאָז טאָן הינטערן זשוקל. דאָס יינגל האָט אַ דריק געגעבן מיט צוויי פינגער און באַלד איז דער אינזעקט געפאַלן. ערני האָט צעקנעטן דאָס ווערמל אויף אַ דין קיילעכל. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די גאַנצע פוסטקייט פון זיין האַרץ איז איצט אַריינגעקלעמט געוואָרן צווישן זיינע צוויי פינגער.

אָבער ער האָט זיך דערמיט נישט באַגנוגענט, ער האָט דאָך דאָס ברעקל חומר פעסט צוזאַמענגעדריקט און זיין האַנט־פלאַך, לאַנג עס געריבן, ביז דער זשוק איז געוואָרן אַ גראָלעך שטויבעלע.

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערשפירט, אַז די שטילקייט איז פאַרגאַנגען.

די לאָנקע האָט געראָיעט מיט געפליגל, מיט אַ גראָזן־געווימל און מיט געזעענער און נישט־געזעענער לעבנס־וויבראַציע. די ערד אַליין האָט געוואָרקעט עפעס ברוגזדיק. ערני האָט באַמערקט אויף אַן ערד־גרודקע אַ זיצנדיקן היישעריק, וואָס האָט חנוודיק צוגעקלאַפּט מיט די לאַפּקעלעך, אין שיין פון אַ זוניקן שטראַל. ער האָט זיך פאָרזיכטיק איינגעבויגן, דער היישעריק האָט אָבער נישט געפילט די סכנה. דאָס יינגל האָט דערזען, אַז זיינע קין־ביינדעלעך זענען ענלעך צום קיניגלס ביינדעלעך. נאָך מער, זיי דערמאָנען דאָס מלאַסקען פון אַן אַלטער פרוי. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און געכאַפּט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. דאָס חיהלע איז פאַר־האַלטן געוואָרן פאַר איין לאַפּקעלע, צווישן זיינע צוויי פינגער. און ער האָט עס צעקוועטשט אויף זיין האנט, געמאַכט דערפון אַ קנײַלעכל, דאָסמאָל אָבער פון אַ גרינער קאָליר.

דער קומענדיקער קרבן איז געווען אַ שמעטערלינג. וויניק זענען די מענטשן, וואָס דערשאַצן דעם שמעטערלינג. באַלטאַזאַר קלאָץ פלעגט זאָמלען שמעטערלינגען מיט אַ נעץ, ווי מיט אַ שפּיז

אין דער האַנט איבער די פעלדער. דעם באַזיגטן האָט ער פאַרטויבט מיט אַ פלעשעלע עטער און צו זיין הנאה, אים דערכגעשטאָכן מיט אַ שפּילקע, אין סאַמע געאָמעטרישן האַרץ פון זיין ברוסט. באַלטאַ־זאַרס צימער איז פיל געווען מיט אַזעלכע קריגס־טראָפייען. אונטער דעם פאַרגרעסער־גלאָז, האָט יעדער שמעטערלינג אויסגעזען ווי אַ פּילפאַרביקע קירכע, און די שיינקייט פון די פליגל האָט זיי געגעבן דעם אָנבליק פון לעבעדיקע. ערבי האָט גערן געהאַט צו כאַפּן אַ שמעטערלינג, אזוי פאַר הנאה וועגן, אָבער ער האָט אים נישט געקאָנט פריילאָזן, נישט אָפּצופּנדיק אַ פליגעלע, נישט אַרויס־ציענדיק אַ שיין גאָלדן פעדעמל, עפּעס אַ פאַרבן־ליכטיק קריינדל. ס'האָט אויך געטראָפן, אַז באַגנוגנדיק זיך מיטן שווייגנדיקן אונטער־געבענען זיך צום ווונדער, האָט ער ווי אַן אינדיאַנער געלויערט אויף אים און דערנאָך זיך בלויז איינגעקוקט אין אים אָן אויפהער. די זומערפייגעלעך פלעגן אַרומפלאַטערן אַרום אים, שטעלנדיק זיך אים אויפן קאָפּ, אויף דער נאָז, אָדער אַרומקרייזן ארום זיין פינגער, ווי אַ פּרעכטיקע רינג, — ווונדער איבער ווונדער.

דער צום טויט פאַרפייניקטער שמעטערלינג איז דאָסמאָל גע־ווען פון מאַשאַון־טיפּ, זיינע פליגעלעך ווי פאַרביקע קירכן־פענצ־טערלעך, דער מין ווערט פאָלקסטימלעך אָנגערופן: „דער טרעגער פון לאַנגן צויט", ווייל זיינע עקן ענדיקן זיך מיט צוויי סענטי־מעטערדיקע שפּיצן. די גרייס פון די פליגל, שאַפט אים דעם אויסזען פון אַ רויב־פויגל.

דאָס מאַשאַון־פליגעלע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פיאָ־לעט־בלימל. ערבי לוי האָט איינגעהילט דאָס בלימל מיטן זומער־פייגעלע אין זיין נאַסן נאָזטיכל און צולייגנדיק אַ האַנט, האָט ער דאָס פיאָלעט־בלימל מיטן שמעטערלינג,ביידע צוזאַמען צע־קוועטשט. דער שמעטערלינג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בעז־בלימעלע, אין אַ גריל, אַ זשוקל, אַ מיניאַטור זומער־פייגעלע מיט בלאָע פערלמוט־פליגעלעך, אַ שלל פון פאַרביקע שמעטערלינגלעך, היישעריקלעך, שרעטעלעך.

ערבי איז אַרומגעלאָפן איבערן פליין מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס, שליידערנדיק מיט זיינע קלעפּיק־שמוציקע הענט בלערליי אינזעקטן.



איצט האָט ער זיך געפּילט פאַרמאַטערט. ס׳האָט אים ווי געטאָן דער טויט פון יעדן רמש. יעדער טויט האָט פאַראורזאַכט אַ מאַסע שמוץ, וואָס האָט ממש אָנגעפּילט זיין מאָגן. אַ קויטיק־קלעפּיקע פליסיקייט אויף די הענט, פיל צעמאַרשטע אינזעקטן האָבן וויטיקלעך געראַיעט אין זיינע קישקעס, דאָס האַרץ האָט אים געדריקט, ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז און פאַרמאַכט די אויגן. מחמת די פינצטערניש, זענען טויזנטער מיני גרילצענישן בייזוויליק אריינגעדרינגען פון דרויסן אין זיין אינעווייניק, ווו ס׳האָבן נאָך געוויטיקט די שמעטערלינגען און אַנדערע רמשים. זיינע אויסגעשטרעקטע הענט אויפן גראָז זענען ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

ערבי האָט אויפגעהויבן זיינע אויגנלעפּלעך און זיי איינגעטונקען אין בלאָען הימל, וואָס האָט זיך ווערטיקאַל אַראָפּגעלאָזט.

די הויכע גראָזן זענען געווען דער קרייז, ווו די פייגל האָבן אַרומגעפלאַטערט. דער הימל האָט זיך אויסגעברייטערט.

ערבי האָט געפּרווט נאָכפאָלגן מיט זיינע אויגן אַ פויגל, אין דער האָפענונג אים צו דערגרייכן, און מיט אים צוזאַמען אויפפליען. אָבער די פייגל, גרינגשעצנדיק אים, האָבן ווייטער געצויגן אין זייער פליען, און דער מרחק וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט, איז נישט קלענער געוואָרן. וויאַזוי האָט ער געקאָנט פאָדערן אַזאַ דערהויבונג און אפילו פּרווון זיי איבערשטייגן אין זיין זעלבסטבאַוווּסטזיין אַלס צדיק. ער, וואָס אין אים ווימלען אינזעקטן פון וויטיק? „איך בין נישט קיין צדיק, איך בין גאָרנישט״.

טראַכטנדיק אַזוי, אַז „ער איז גאָרנישט״, האָט זיך דאָס יינגל אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער ערד און אַרויסגעלאָזט אַ געשריי. ער האָט אויסגעשריגן אין דעם מאָמענט, ווען זיינע אויגן זענען אויסגעליידיקט געוואָרן פון טרערן, ער האָט אַזוי געשריגן אַ צייט, מיטן מויל געווענדט צו דער ערד. ס׳האָט אויסגעזען, אַז ער רופט צו עמיצן אין די מרחקים, צו עפּעס אַן איינגעגראָבן באַשע־

פעניש אין דער ערד, און ער דערוואַרט פון אים אַן עכאָ. אָבער זיינע געשרייען האָבן נאָך פאַרשטאַרקט די שטילקייט, און די ווערעם האָבן ווייטער געראַיעט אין זיין בויך. זיין מויל איז פול געוועזן מיט גראָז און ערד. לסוף האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין ווידערקול אויף זיין רוף, אַז דער רוף האָט גאָרנישט געבוירן: גאָט קאָן זיך צו אים נישט צוהערן.

*

מיט אַ שווערן און נאַכלעסיקן טריט איז ער צוריקגעגאַנגען צום ברעג פון טייך. דאָס געזאַנג פון דער שיינער נאַטור האָט אים מער נישט געשטערט. נאָר עפּעס אַ שטרייט מיט אילוזעס פּנים האָט ער געהאַט אין וועג. אָן וועלכן־עס־איז געפיל, איז ער אַרומגעגאַנגען דעם וואָטאַן־פעלז. דאָס קלעפּיקע געמיש פון דער אינזעקטן־פגירה, דעם גרינעם זוים פון זיינע פינגער, פון זיינע נעגל, האָט ער געמוזט באַזייטיקן ביים זאַמד. אַ קעפּל איז געבליבן צוגעקלעפּט צום אַרבל פון רעקל, ער האָט אין אים דערקענט די אויגן, די שיינע שפּיר־הערנדלעך פון מאַשאַון־שמעטערלינג.

— אויך דו — האָט ער געטראַכט — „גאָט האָט דיך גענומען אונטער זיינע פליגל״. נאָכדעם ווי דאָס וואַסער האָט אים אַ ביסל אָפּגעפרישט, האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן, כדי בעסער צו זען זיין אָפּשפּיגלונג: עטלעכע פּנים־שטריכן האָבן זיך אויסגעטיילט און וויברירט אין וואַסער, אָבער באַלד ווי די שטריכן זענען זיך צוריק צוזאַמענגעגאַנגען אויפן וואַסער־שפּיגל, זענען צוויי טראָפּנס אַראָפּגעפאַלן פון זיינע אויגנלעפּלעך און האָבן פאַרשפּרייט קנייטשן אויף זיין פּנים. „מיינע טרערן פליסן פון זיך אַליין״ — האָט ערני לוי געטראַכט אין זיין האַרץ, „אָבער איך וויין דאָך נישט, מיינע פיס ציטערן, אָבער איך האָב נישט קיין מורא״.

ער האָט קוים דערקענט די היימישע ריגענשטראַסע. געווען איז דאָס אַ גאַס, וווּ דאָס לעבן איז געגאַנגען אויף אירעביידע פיס. עטלעכער מענטשן, באַזונדערס פרויען, האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אים אָבסערווירט. אָבער ער האָט קיין אַכט נישט געלייגט אויף זיי. אזוי אויך, ווען ער איז אַריינגעגאַנגען דורך דעם הויף־טויער, האָט ער כמעט נישט געזען די דורכגייער. ער איז געקומען מיטן קאָרידאָר

אין דער קיך אַריין, און נישט געהערט קיין מענטשלעך קול. דאָס סעפּאַרירן די משפּחה לוי, דעם קערן פון זיין פאַרשטאָרבענער וועלט, איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אפילו נישט געקאָנט נעמען אָפּשיד פון זיי, זיי זענען שוין געווען ווייט.

אויף די טרעפּ האָבן זיינע פיס אַזוי געציטערט, אַז ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין קליינעם פּאָרענטש און איבערגעחזרט אין געפליסטער:

— ווער וועט עס וואַגן צו זאָגן, אַז דו האָסט מורא ? — אָבער באַלד האָט ער אין גרויס פּחד דערפילט די שווערע אייזערנע טיר פון בוידעם.

די טיר־זאַוויעסעס האָבן געסקריפּעט, ערני האָט מורא געהאַט, אַז זייער קרעכצן זאָל נישט דערגרייכן ביז אין דער קיך. ווען ער האָט געשטופּט די אַלטע אָפּגעקראָכענע טיר, האָט אים די פינצ־טערניש צוריקגעיאָגט, ער האָט געפּרוווט גיין פאָרויס מיט אַ פוס, בעת דער צווייטער איז געבליבן אין קאָרידאָר. נאָכדעם איז ער אַ שפּרונג צוריק געגעבן, ווייל די פינצטערניש האָט זיך צעכוואַליעט, און אים אַקעגנשטראָמט, ווי אַ וואַסערמויער אין ים. צום סוף איז אים קלאָר געוואָרן, אַז די גראָע שוואַרצקייט אין בוידעם דינט פאַר אַ מחיצה צו שיצן די וואַסער־מויער. און אין דער נאכטלעכער אומקלאָרקייט האָט ער באַמערקט דאָס קליינע דאַך־פענצטערל, ווו ס'האָט זיך געהוידעט אויף אַ דין שטריקל אַ נאַקעטע צעלולויד־ליאַלקע (דאָס איז געווען אַזאַ שפּיל, מאָריץ און זיינע חברים האָבן זי אויפגעהאָנגען, ווי אַ סימבאָל פון אַדאָלף היטלערס טויט. די ליאַלקע איז באַצייכנט געוואָרן מיט צוויי בלייפעדער־שטריכן אונטער די נאָזלעכער. דאָך האָט זיך ערנין געחלומט, אַז די ליאַלקע האָט אין זיך עפּעס פון אילזעס פּנים, און ער האָט דערפילט אַ ווייטלעכע באַפרידיקונג).

דערנאָך זענען דערשינען רייען פון קרומע דאַכוועקעס, וואָס זייערע קאַנטן האָבן געגלאַנצט ווי שוואַרצע ציין. ברוכטיילן פון שטיינער האָבן זיך באַוויזן, הענג־שטריקלעך, צעבראָכענע בענק־לעך, דער אַלטער עס־טיש (וואָס איז געוואָרן קליין, מיטן גע־בוירן ווערן פון ערניס ברידער) פּליושענע בערעלעך אָן קעפּ, אַ באַליע מיט פּסח־כלים. ווייטער איז דער בוידעם געווען ליידיק;

ערבי איז געגאַנגען פאָרויס, כדי צו דערגרייכן דאָס בענקל אונטערן דאַך־פענצטערל.

אין דעם מאָמענט, האָט זיך באַוויזן אַן אָפשיין אין פענצטערשייבל, און מיט אים אַ ליכט, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ געלן, פייכטן זון־שטויב, וואָס דרינגט אַריין אין האַלדז און שטעכט.

דאָס יינגל האָט אַ נעם געטאָן דאָס בענקל און דערביי געפילט, אַז עס הייבט אָן צו לעבן, ער האָט באַקומען אַ קלאַפ אין זיין קני. מיט דער הילף פון בענקל, האָט ערבי אַרויפגערוקט דאָס פענצטערל און אויסגעפרוווט אַ קלאַסישע, לייכטאַטלעטישע באַוועגונג: ער האָט אַרויפגעצויגן זיין קערפער, שטיצנדיק זיך אויף זיינע אָנגעשפאַרטע פויסטן אויפן ראַנד פון פענצטערל און פאַרשטאַרקט זיין פאָזיציע, איינבויגנדיק אַ קני אויפן פענצטעראָנשפאַר. כאָטש ערבי האָט זיך נישט געפילט גענוג שטאַרק, אַז אַזעלכע גימנאַסטישע העלדן־מעשים, האָט ער דאָך געהאַלטן, אַז דער גוף וועט זיין געהאָרכזאַם דעם ווילן. שוועבנדיק אַזוי אינדערלופטן, האָט זיך דאָס דאַך־פענצטערל אַראָפגעלאָזט אויף זיינע פינגער. ער איז אַראָפגעפאַלן, און זיצנדיק אזוי אויפן שטויב פון בוידעם איז ער געקומען צום אויספיר, אַז צו זיין גרויסן אומגליק, ענדערט נישט דער וועלט־סדר זיין פרצוף.

בדרך כלל, פלעגן מענטשן, אין זיין מצב, זיך אויפהענגען. קיינמאָל האָט זיך ערבי נישט געפרעגט, פאַרוואָס מענטשן הענגען זיך אויף ביי אַזעלכע אומשטענדן, אָבער איצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער סאַמע פראַקטישסטער אויסגאַנג. אָדער זיי דערטרינקען זיך, ווייל אויך דאָס איז אַ נאַטירלעכער אויסוועג, וואָס נויטיקט זיך אין ווייניק רייד, און שטייט אין אַלגעמיין צום רשות פון דער גאַנצער וועלט. אפשר וואָלט בעסער געווען, ווען ער וואַרפט זיך אַריין אין דעם „שלאָססע״־טייך, אָט אַזוי, מיטאַמאָל; דאָס וואָלט אפשר אפילו נישט געווען אַזוי אומאַנגענעם, בעיקר, אין מיטן העלן טאָג. ער וועט אַוועקשווימען מיט וואַסער־שטראָם, ווי אַ שטשאַפּע האָלץ, אָדער אַ בינטל צווייגלעך. ער איז געווען נוטה זיך צו הענגען, ווייל ער האָט נישט געקאָנט אַרויפגיין אויפן דאַך. אָבער כדי זיך צו הענגען, באַדאַרף מען דאָך אַ שטריק, אַ בענקל און אַ קנופּ צום פאַרשלייפן. ס'האָט אים דאָך געפעלט דער צוצי־

קנופּ. און אויב זיך נישט צו באַנוצן מיט קיין שלייף־קנופּ, איז מען אין סכנה געהאַלטן צו ווערן פון שטריק און דערביי ליידן גרויסע ווייטיק. אין זיין פיבערדיקייט, האָט ער אַראָפּגענומען די ליאַלקע און באַמערקט, אַז מאָריץ און זיינע חברימלעך האָבן בלויז אַרומגענומען מיטן שטריק דער ליאַלקעס האַלדז, זיי האָבן זי אָבער אויף אַן אמת נישט געהאָנגען. מיט פאַרשטייפטע פינ־גער פון צער, האָט ער אויסגעפּרוווט פאַרשידענע קאָמבינאַציעס פון געשלייפטע קנופּן. אָבער, אָדער דער קנופּ, ציענדיק אים אַ ביסל שטאַרקער, האָט זיך צעעפנט, דאַן האָט געדראָט, אַז ער וועט שווער אַראָפּפאַלן אויף דער ערד, אָדער דער פאַרשאָלטענער קנופּ, ווען ער וועט נאָר אַריינטאָן אין אים די האַנט, וועט זיך אַליין צוציען און וועט צו שטאַרק פאַרקנופּט ווערן. ס׳קאָן זיין, אַז ווען ער וואָלט זיך איינגעעקשנט, וואָלט ער מצליח געווען אויסצוועפנדיקן אַ געלונגענעם קנופּ, אָבער די אַלע טראַכטענישן, זענען נישט געווען איבעריק אַנגענעם. פון זיינע בילדער־ביכער איז אים גוט פאַרבליבן אין זכרון אַ געהאָנגענער, מיט אַ לאַנגער אויסגעשטרעקטער צונג, ביז צו דער גאָמבע. איז אפשר גלייכער זיך אַראָפּצוּוואַרפן פון דאַך, דאָ קומט אָבער דער שפּרונג, וואָס איז ביים הענגען זיך בכלל נישט פאַראַן.

און ווייל ס׳איז לפי־שעה נישט געווען קיין שום איילנדיקע זאַך, האָט זיך עדני אַוועקגעזעצט אויפן בענקל, כדי נאָכצודענקען. ווייל דער ענין איז אַ געגוג שווערער, ער איז ראוי מען זאָל אים מיט ערנסטקייט באַטראַכטן.

פון זיין נשמה האָבן אַרויפגעטויכט מענטשן און זאַכן, וואָס ער האָט זיי ליב געהאַט: מאַמע יהודית, דער זיידע, טאַטע־מאַמע, דער לערער קרעמער, מאָריץ, די קליינע קינדערלעך, דער זיידנס צימער, און די הויכע זון צווישן דיביימער און הייזער, און אילזע. פאַרוואָס האָבן אים היינט אַלע פאַרלאָזט? און פאַרוואָס פילט ער זיך עפּעס אַזוי שווער מיטן פעלן פון דעם אַלעם, און נישט גרינגער? ממש ווי ס׳וואָלט אַראָפּגעפאַלן אַ שווערע משא פון הימל. ס׳איז זייער באַדויערלעך זיין אומפעיקייט אויסצופירן אַזאַ קלאַסישע גימנאַסטישע איבונג.

ער האָט אַראָפּגעקוקט און דערזען די פּליושענע בערעלעך,

די באַליע מיט די כלים, די שטריק, דעם הויפֿן שמאַטעס, דעם אַלטן עס־טיש, אַ צעבראָכן בענקל האָט פֿאַרהאַלטן זיין אויפֿמערק־זאַמקייט. ס׳איז געלעגן אויפֿן רוקן, מיטן איינציקן פֿוס אַרויף. ערני לוי האָט עס דערקענט, ס׳האָט געקראַכט, ווען מאַמע יהודית האָט זיך אַמאָל שטאַרק צעכעסט. צי גייען מענטשן אויס אַזויווי זאַכן? צי איז דער גורל פֿון בענקל אויך זיין גורל?

פֿון צייט־צו־צייט, ס׳רוב ביים אָוונטברויט, פֿלעגט מאַמע יהודית מבשר בשורה זיין, אַז דער אָדער יענער איז „פֿאַרשווּנדן געוואָרן נאָכמיטאָג״, און דערביי מוסיף געווען אַ נאָמען פֿון אַ קרענק, וואָס האָט באַצייכנט דעם שולדיקן. לויט ערני, זענען אַלע סיבות פֿאַר אָט די קראַנקהייטן, מער־ווייניק, געווען פֿאַלש. ערני פֿלעגט אָפֿט שטוינען לגבי דער עקסטרעמער עצבות פֿון די דערוואַקסענע אין זייערע טרויער־טעג, בעת זיי אַליין, וואָס זענען נישט קיין אומשטערבלעכע, וועלן דאָך זיכער ווידער טרעפֿן זייערע געליבטע נפֿשות אין הימל.

נאָר די צדיקים פֿלעגן נישט שטאַרבן אַזוי אָפּשטויסנדיק און איילִיק. ס׳איז געקומען די שעה, ווען דער צדיק האָט באַ־רעכטיקט זיין צדקות, און די גאַנצע וועלט אָרגאַניזירט זיך צו אָנערקענען זיין טויטן־בעט: די מלכים דרינגען אַריין אין לענדער, די פּריצים פֿאָגראָמירן, ווייל די צדיקים רירן אפֿילו נישט מיטן קלענסטן פֿינגער, אַלץ איז באַשטימט און אָרגאַניזירט פֿון פֿאָרויס, ביזן קלענסטן פּרט, זייט דעם מאַרטירער־טויט פֿון קדוש ר׳ יום טוב לוי. מען קאָן נישט דערפֿון לערנען קיין מוסר־השכל, ווייל קיינער פֿון זיי, אַזוי ווי ערני, איז נישט געגאַנגען קעגן גאָטס ווילן.

אגב, אויב זיך פֿאַרטיפֿן אין דער זאַך, האָבן דאָך נישט די צדיקים און נישט די מתים אין זייער גאַס, קיינמאָל זיך נישט געפֿונען אין זיין לאַגע, ער האָט דאָך נישט געהאַט קיין טובערקולאָז, נישט קיין טויט־פּיין און נישט קיין שחיטה, ס׳איז געווען נאָר ערני אויפֿן בוידעם.

אַ פֿייגל־געזאַנג איז אַריינגעדרינגען דורכן דאַך־פֿענצטערל. ערני לוי האָט זיך אויפֿגעשטעלט און האָט געטרייסלט זיינע פֿאַרשטייפֿטע פֿיס. זיין לעצטער שאַנס איז געווען צו שפּרינגען דורכן לופֿטשיק פֿון דער אוביקאַציע וואָס גייט אַרויף אין הויף.

און ווי ער האָט נאָר געמאַכט אַ טריט צו דער טיר, איז ער אַנידערגעפאַלן: די ווונד אויפן שטערן, דאָס שאַרפע שטעכן אין די פינגער, די צוגעדריקטע נאָך ביים דאַך־פענצטערל, האָבן אים אַזוי מוראדיק פאַרקלעמט דאָס האַרץ, אַז ער האָט זיך בכלל נישט געוווּנדערט וואָס זיין אָטעם איז ערשט צוריקגעקומען, ליגנדיק אויף דער פאָדלאָגע. ער האָט אויך דערשפּירט אַ שניידיקן דרוק אין זיינע שלייפן, טראַכטנדיק וואָס זיי זענען נישט באַשעדיקט געוואָרן. דאָס אַלץ איז אים געקומען פון אָט דער טייוולאָנישער טאַבלעטקע, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין זיין הויזן־קעשענע. ווי ער האָט זי נאָר געלייגט אויף דער צונג, האָט ער תיכף געשפּירט, אַז דער ווייטיק צעשפּרייט זיך אין אַלע זיינע אָדערן, אונטער דער זיסער מאַסקע פון הנאה. ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס און אים דוכט זיך, אַז ער איז גרעסער געוואָרן אין אַזאַ מאָס, אַז דער קאָפּ איז אים פיל שווערער, אין פּראָפּאָרץ צו דער עלאַסטישער דינקייט פון זיינע גלידער.

אָנשפּאַרנדיק זיך גוט אין פּאָרענטש, האָט ער געקאָנט אַראָפּגיין פון די טרעפּן. די אוביקאַציע איז געווען אויפן אונטערשטן שטאָק. אַנטקעגן דעם צימער פון די יונגע לוי׳ס. ער פרעגט זיך, פאַרוואָס רינען די טרערן פון זיינע אויגן: „מיינע טרערן פליסן פון זיך אַליין, אינדעראמתן, וויין איך דאָך גאָרנישט". און ווען ער איז אַריין אין דער אוביקאַציע, האָט ער גאַנץ גוט געפילט דאָס קאָנוווּלסיע־ציטערן פון זיינע אונטערשטע אברים: „מיינע פיס ציטערן, אָבער כ׳האָב דאָך נישט קיין מורא".

דער זיץ אין דער אוביקאַציע האָט זיך געפונען אונטערן קליינעם פענצטערל, דורך וועלכן ס׳האָט אַריינגעשיינט די זון, ווי אַ שטאַנדהאַפטיקער שטראָם אין חלל, אין אַ גלייכער ליניע, מיט דער אומענדלעכער צאָל פון אַרומשוועבנדיקע שטויב־קערנדלעך אין כלערליי הערלעכע פאַרבן פון טאַנצנדיקע פּישלעך. ערני האָט אויפגעהויבן דעם זיץ־צודעק, כדי אים נישט אומזיסט צו פאַרטינופן, און זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער פאָרצעלאַן־שיסל, כדי צו דערגרייכן די הויך פון קליינעם פענצטערל. דער אָפּשטאַנד איז געבוג געווען פאַר זיינע אַקסלען, אָבער פאַר זיין פּרווו האָט ער געדאַרפט פריער דעם קאָפּ אַרויסהויבן, דאַן אַריבער־

ציען זיין קערפּער, און מיט דער הילף פֿון זיין גאַנצער וואָג זיך דערשלעפּן צום באָדן, און ער וועט נישט שפּרינגען אין אַ פּוסטן חלל. ער האָט אָבער געדאַגהט, אַז דער קאָפּ וועט אים צעשמעטערט ווערן (וועט זיך צעפּיצלען ווי אַן איי, נישט איבערלאָזנדיק קיין שפּור פֿון זיין פּנים) האָט ער ווידער באַדויערט, וואָס ער קאָן נישט שפּרינגען פֿון דאַך.

זיינע פֿיס האָבן שטאַרק געציטערט, ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אַראָפּפֿאַלן פֿון בעקן, אָבער אַ מין גלייכגעוויכט האָט אים ווי־עס־איז געהאַלטן. שוין עטלעכע מינוט ווי אַ בייזער שד האָט זיך באַזעצט אין זיינע פֿיס, כדי פּשוט צו צעטרייסלען זיין נשמה־רויקייט. פֿון זיינע אויגע האָבן מער נישט גערונען קיין טרערן. די בייזוויליקע קראַנקהייט האָט זיך אַרייגעלייגט אין זיינע פֿיס, וואָס האָבן אים געשטערט צו טאָן וואָס מ׳דאַרף.

אָבער פֿון פּחד, אַז זיינע פֿיס זאָלן נישט פֿאַרלאָזן דעם זיץ, איז ער פֿאַרזיכטיק אַראָפּ פֿון אים, כדי צו געבן זיין נשמה צוריק־צוקומען צו איר שטאַרקייט. דער ווייטער זון־אָפּשיין האָט נישט דערגרייכט די הויך פֿון דער וואַש־שיסל. אַלע זאַכן האָבן זיך אין דער טונקלקייט פֿאַרוואַנדלט אין איין גרויסע שאָטן־מאַסע, און דאָס יינגל האָט זיך נאָר געקאָנט משער זיין וועגן אירע פּרטים. זיין אויג האָט געגלעט מיט פֿוילקייט דאָס ווערטיקאַלע אַראָפּזינקען פֿון אַלע זאַכן, ווי ס׳וואָלט פֿאַר אים געווען אַ קייט פֿון בערג. דאָס ראַזיר־קעסטל אויף דער עטאַזשערקע האָט פֿאַרהאַלטן זיין בליק. פּלוצים האָט זיך דער דער מוח פֿונעם יינגל אויסגעליידיקט פֿון יעדער דאגה, זיין הארץ פֿון יעדער שרעק, און ער האָט געוווּסט, אַז די פֿיס און די אויגן זענען ווידער זיינע.

ער איז שנעל אויפֿגעשטאַנען און זיך דערנענטערט צו דער עטאַזשערקע, דאָס ראַזיר־קעסטעלע האָט אַנטהאַלטן אַ פּעקעלע נייע מעסערלעך. יעדעס איינע איז געווען איינגעהילט אין אַ היל־פּאַפּירל. אויף זיין האַנט־פֿלאַך האָט געגלאַנצט אַ ראַזיר־מעסערל ווי אַ שפּילצייג, ווי אַ קמיע. עס איז ממש צום באַדויערן, וואָס נישט דער זיידע און נישט דער טאַטע, האָבן נישט באַנוצט קיין בריטווע צום ראַזירן. ס׳טרעפֿט, אַז מענטשן באַשניידן זיך דעם גאָרגל מיט איינמאָל. מ׳זאָגט אויך, אַז בריטוועס זענען אַזוי

שאַרף, אַז ס׳געגוגט בלויז צוצולייגן די קלינג. דאָס הייסט, אַז מיט לייכטקייט קען מען זיך איבערשניידן דעם האַלדז נישט שפּירנדיק אַפילו אַ קיצל.

ערני לוי האָט אַרויפגעלייגט זיין לינקע האַנט אויפן ראַנד פון וואַשבעקן און איינגעשניטן דאָס פּירקאַנטיקע שאַרפע שטיקל שטאָל אין זיין דינע בלאַלעכע הויט, ווי ווייט מעגלעך טיף, און האָט צו זיין איבעררעשונג געזען אַ פינקלדיקן טראָפּן בלוט. דאָך האָט ער נישט געשפּירט קיין שום ווייטיק, זיין האַנט האָט קוים באַקומען עפּעס אַ ראַזלעכן פלעק — ער האָט געחוזקט — ווי פון עפּעס אַ פליגן־ביס. און פּלוצים האָט זיך דער קראַץ צעטיילט אויף צוויי שפּעלטלעך, דערווייל נאָך קליינע, וואָס נאָר עטלעכע מילימעטער האָבן געעפנט אַ וועג צו אַן אומאויפהערלעכן שטראָם פון בלוט. נו, די אָפּעראַציע האָט מצליח געווען.

ווען דאָס בלוט האָט באַפלעקט די פּאָדלאָגע, האָט ערני אַרונטערגעטאָן זיין האַנט אונטערן וואַסער־שטראָם, כדי נישט מטריח צו זיין זיין מאַמע. זיין לינקע האַנט האָט אַראָפּגעהאַנגען, אַ רויטע אינגאַנצן, און דאָס בלוט־ריטשקעלע איז זיך געפלאָסן מיטן מיטלסטן פינגער, ווי ס׳פליסט דאָס בלוט איבערן שנאָבל פון געשאָכטענע עופות אין כשרן שחיטה־הויז. אייגמאָל, געדענקט ערני, האָט ער געטראָגן אַ הון צו דער שחיטה. נאָכן שעכטן האָט זיך די הון געטרייסלט מיט אַ מין יאושדיקן צאָרן, וואָס האָט צעפלאַטערט מיט ר׳עש אירע פליגל צום אויפפליען. נאָכדעם האָט זי אויפגעהערט זיך צו וואַרפן, דערמיט האָט זי געוויזן, אַז זי לעבט נאָך, ווייל „דאָס בלוט מאַכט וויברירן די נשמה", נישט אמת? אַ טייל אין אים האָט ווייטער געצאַפּלט ווי אַ הון. און אפשר דערפאַר האָבן אויך איצט זייבע פיס געציטערט אונטער אים. זיין איינגעשרומפּענע האַנט האָט באַקומען די צורה פון אַ שנאָבל ביי אַ פאַרבלוטיקטער הון.

ווען וועט זיין נשמה פאַרלאָזן דעם גוף? — דאָס איז געווען די איינציקע גאָר־ערנסטע פראַגע, און ערני האָט אָפּגעוואַרט מיט אָנגענעמער פאַרכטיקייט די רגע פון יציאת הנשמה. אַלע מענטשן ווערן באַנומען מיט שרעק אין אָנבליק פון טויט, ווייל זיי מיינען, אַז מער וועלן זיי גאָרנישט זען, אַז עס קומט אַ פול־שטענדיקע שטילקייט, און ס׳געשעט מער גאָרנישט. אָבער ערני

האָט גוט געוווּסט, אַז אַזאַ מין טויט איז צום פאַרמיידן. אַלץ פירט זיך ווייטער ווי פריער, מיט דעם איינציקן אונטערשיד, וואָס ס׳איז מער נישטאָ דאָס צער־פולע אָפּוואַרטן אויפן טויט. דער טויט איז גאָרנישט אַזאַ אומאַנגענעמע זאַך. און כדי אַנצוהויבן דאָס נייע זיין, האָט זיך ערני לוי פאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ מין וואַסער־בלעזל, אַזוי דורכזיכטיק, אַז בעת איר שוועבן שפּיגלט עס אָפּ אַלע געזעענע זאַכן אונטער דער זון. אָבער באַלד, האָט אַ שפּילקעלע אַדורכגעשטאָכן דאָס וואַסער־בלעזל און האָט מבטל געמאַכט דעם געדאַנק. כדי פּטור צו ווערן פון דעם שפּילקעלע, האָט ער באַשלאָסן, אַז דער ריכטיקער פּירוש פון טויט איז צו זיין אַ נישט געזעענער.

— קינדער מיינע — האָט געזאָגט דער זיידע, שטייענדיק ביים עק פון טיש, איינגעהילט אין כלי־קודש — קינדער, אונזער טייע־רער ערני האָט אונז פאַרלאָזט און איז אַריבער צו אַ בעסערער וועלט, ער האָט אונז נישט געוואָלט גורם זיין קיין צער, ער איז געשטאָרבן מחמת די שמעטערלינגען און זשוקן, און אַלע אַנדערע ליבע זאַכן, וואָס איר קענט זיי. דאָרט ווו ער געפינט זיך איצט, איז ער גליקלעך. און איך בין זיכער, אַז ער לאָזט אונז נישט אַרויס פון זיין אויג. לאָמיר זינגען זמירות, כדי צו פאַרטרייבן דאָס עצבות.

— איך קאָן נישט זינגען — זאָגט מאַמע יהודית.

— איך קאָן אויך נישט — האָט געזאָגט דער פאָטער.

— איך האָב אים ליב געהאַט — איז מאָריץ אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמערלעך געוויין, אַז ערני לוי, וואָס איז געזעסן ווי אַ רואה־ואינו־נראה אין עסצימער אויף דער סאָפע, האָט דער־פילט די פאַרבאָרגענע טרערן וואָס רונען פון זיינע בייזע אויגן, ביזן דערהערן דאָס פאַלן פון די טראָפּנס אויף דער פּאָדלאָגע: טריף טריף, טריף, וואָס קיין שום אויער דאָרט האָט נישט געהערט...

ווען ער האָט געעפנט די פלייש־אויגן זיינע, האָט ער באמת באַמערקט, אַז עס פאַלן טראָפּנס בלוט, איינציקווייז, ווי דער בלוט־רעזערוו אין זיינע אָדערן וואָלט זיך פאַמעלעך אויסגעליידיקט. עפּעס אַ באַרוישנדיקע זיסקייט איז אַרויסגעפלאָסן פון זיין האַנט־פלאַך, און זיין גאַנצער גוף האָט זיך געפונען אין אַ מצב פון

מאַכטלאָזיקייט. אָט דאָס געפיל קען מען נישט פאַרגלייכן מיט קיין שום אַנדערע זאַך, נאָר מיט דער הנאה פון זיין שפּאַציר מיט אילזען ביים ברעג פון דער „שלאָססע", איינקוקנדיק זיך בגניבה אין איר פּנים. ערני האָט זיך אויסגעמאָלן, אז ווען ער וועט אַמאָל שטאַרבן, וועט ער צוריקגעבן אַ באַזוך זיין פאַרדאגהטע געליבטע, וואָס איז פול מיט באַדויערן און לאָזט זיך נישט טרייסטן. „איך בעט דיך, פאַרציי מיר", זאָגט אילזע.

— „דו חלומסט, מיין קליינער פריינט" — האָט ערני הויך געזאָגט, בעת די טראָפּנס בלוט פאַלן ווייטער: טריף טריף, טריף. היינט אינדערפרי, האָט גייק געזאָגט, אַז נאָך דער שלאכט אויף ווערדון האָבן די העראָישע גייסטער ווייטער געקעמפט אין דער לופט. אַזוי וועט אילזעס אַפּלאָדירן מיט די הענט, אַייביק אָפּהילכן הינטער דעם הייזער־בלאָק, און קיין שום זאַך, נישט אילזעס באַדויערן און נישט דער טויט פון ערני, וועלן נישט מבטל מאַכן אָט די הענט־אַפּלאָדיסמענטן, אין קיין שום שעה, אין קיין שום רגע, ווי זיי קלינגען איצט אין ערניס אויערן.

יעדער טראָפּן בלוט איז אים געוועזן טייער. און אויב לויט דעם זיסן פאַרלאַנג צו שלאָפן, וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ער איז לעבהאַפטיקער, ווי ווען־עס־איז־אַמאָל ?... פון טיפער אומרו און ווילדן פּחד, האָט דאָס יינגעלע ווידער געעפנט די אויגן און דערזען, אַז ער האָט זיך אָן זיין וויסן אַראָפּגעגליטשט אויף דער ערד, און איז אַזוי געבליבן זיצן, מיט זיין רוקן צו דער וואַנט, און זיינע אָפּגעדעקטע פיס טובלען זיך אין אַ לוזשע בלוט.

אילזעס אַפּלאָדיסמענטן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מינדער־ווערטיקער, חוזקדיקער מוזיק, אַ מוזיק פון איילנדיקע שוואַרצע ווערעם, וואָס בלישטשען אין זייער בייזוויליקייט. יעדער קלאַנג זשומעט אַרום זיינע אויערן, כדי פּלוצים אַריינצושטעכן זיין גיפט־שפּיזל.

מיט זיין אָנטשרענגונג אויפצושטעלן זיך, האָט אַ פּלייץ גע־טאָן אַ שטראָם בלוט. ער האָט באַוויזן צו שטעלן אַ פוס אויפן ראַנד פון וואַשבעקן, איין האַנט אָנגעשפּאַרט אויפן רעמל פון פענצטער, און אויף אַזאַ אופן זיך אַ הויב געטאָן, צוגעשטעלט זיין צווייטן פוס. צוזאַמענלייגנדיק ביידע הענט ווי אַ טויכער, האָט

ער צוגעדריקט זיין האַלבן קערפּער צום אָפענעם פענצטער־קוואַד־ראַט, און איז געבליבן הענגען צווישן הימל און ערד. זיין לינקער אָרעם איז געהאָנגען און געבלוטיקט איבער דער וואַנט ביז צום ערשטן שטאָק.

איבערן קאַשטן־בוים זענען פאַרבייגעפלויגן מחנות פייגל, וואָס זייערע פאַנאַנדערגעשפּרייטע געלע, בלאָע און גרינע שמעטערלינג־פליגל האָבן אָפּגעשפּיגלט די צעשטראַלטע זון, ווי אַ שפּיגל. די פאַרביקע פייגל זענען געפלויגן מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז ער האָט זיי נישט געקאָנט נאָכפאָלגן מיטן בליק. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן הויך איבער די דעכער, איבערן קאַשטן־בוים און איבערן קליינעם יינגל. ערני לוי האָט זיך צעלאַכט. פּלוצים איז דער זויערער בלוט־ריח פאַרשוווּנדן. זיין האַנט האָט אויפגעהערט בלוטיקן. די שמעטערלינגען זענען מיד געוואָרן, און ס'האָבן זיך געהערט לויב־געזאַנגען, ווי אין חלום, בעת די זון האָט געגנומען ערניס פּנים אין אירע זיסע הענט אַריין... דאָס זענען געווען די לויב־ווערטער, וואָס דער זיידע פלעגט זאָגן יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס, ביי קבלת־שבת, אין דעם טאָג פון שיינקייט און שלום, די ווערטער פון משורר:

— לכה דודי לקראת כלה.

ערני האָט מיט אויסגעשטרעקטע הענט און אַרויסגעהויבענעם קאָפּ שוין געהאַט אינגאַנצן זיך אַרויסגעצויגן איבער דער לענג פון דער וואַנט. ווי ער וואָלט זיך אויף אַ סעקונדע באַהאַפטן מיט דער וויזיע פון הימל, ער זאָל נישט זען, ווי די ערד גייט אים אַנטקעגן, נאָך איידער ער זינקט אויף איר אַראָפּ. אויף אַ רגע האָט ער אין הויכן פלי ווי אַ מלאך, פאַנאַנדערגעשפּרייט זיינע מאָגערע הענט, ווי פליגל.

פּלוצים האָבן זיך זיינע פיס פאַרטשעפּעט אין ראַנד פון פענצטערל, און ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אויף אַ מאָמענט פון עפּעס אַ לעכערלעכער מחשבה, ווי דער גאַנצער לעבנס־ווילן וואָלט, אין לעצטן מאָמענט, אַנטרונען אין אָט דעם טייל פון זיין גוף. אָדער ווי דער פחד פאַרן טויט, וואָס איז איינגעשלעפערט געוואָרן דורך ליידן און פאַרלייקענען פון זיין אייגענעם איך, וואָלט זיך פּלוצים דערוועקט אין די פאַרבאָרגענישן פון זיין נשמה און גע־היטן זיין לעבן, ממש, אין לעצטן מאָמענט.

# דער הונט

## ו

די סטאַטיסטיק באַווייזט, אַז דער פּראָצענט פון זעלבסטמאָרדן ביי די יידן אין דייטשלאַנד איז פּאַקטיש געווען נישטיק, אין פאַר־גלייך מיט די יאָרן פון פאַרן סוף.

אזוי איז עס אויך געווען אין די תפיסות, אין די געטאָס, אין אַלע פינצטערע גיהינומס, אין וועלכע די נאַצישע חיה רעה האָט געפירט צום אָפּגרונט, ביז צו די קרעמאַטאָריעס, דעם „רעקטום פון דער וועלט" — לויט דעם אויסדרוק פון אַ נאַצישן וויסנשאַפט־באַאָבאַכטער. אָבער זינט דעם יאָר 1934, זענען אַ סך צענדליקער יידישע שילערס אין דייטשלאַנד געווען קאַנדידאַטן פון זעלבסטמאָרד, און צענדליקער האָבן טאַקע זיך אומגעברענגט.

אַזוי האָט ערני לוי'ס ערשטער טויט פאַרנומען אַ באַשיידענעם פּלאַץ אין דער טויט־סטאַטיסטיק, ביי דער זייט פון צענדליקער ענלעכע טויט־פאַלן (נאָר דידאָזיקע זענען געווען ענטגילטיקע). עס איז ממש צו שטוינען, וואָס די לערערס האָבן, אין איין־אינדער־זעלבער צייט, געלערנט די אַרישע שילערס מאָרדן אַנדערע, און די יידישע תלמידים מאָרדן זיך זעלבסט. דאָס אילוסטריט די דייטשע טעכניק, איר שטרענגע און זאַכלעכע אויספירונג, וואָס זי טיילט אויך נישט אויס אפילו פון דערציִונגס־וועזן.

ווען מרדכי האָט אַנטדעקט אין הויף, ביי דער וואַנט, דעם יינגלס האַלב־טויטן גוף — ווי אַן עופעלע, צעשלאָגן אין זיין פּלי, באַדעקט מיט פעדערן און בלוט — האָט ער דערפילט, אַז אָט גייט

ער אַראָפּ פון זינען. זיינע שווערע, גראָע אויגן זענען געבליבן פאַרשטאַרט ווי שטיינדלעך אין זייערע לעכער. דערנענטערנדיק זיך צום גוף, האָבן זיך זיינע ציין איינגעביסן אין דער אונטערשטער ליפּ. אַ רויט שנירעלע, צוויי און דריי שטראָמעלעך זענען אַראָפּ־גערונען מיט דער לענג פון זיין ברייטער באָרד. ער האָט געזען, אַז ערני ליגט מיט דער באַק צו די ברוק־שטיינער, ווי אַ דערשאָסענער הונט, און זיינע לאַנגע לאָקן פאַרדעקן זיין פּנים: דער טויט איז אים אַנטקעגן געגאַנגען אין שלאָף.

— רבונו של עולם, איז ער נישט ווי מילך געפלאָסן ביי דיר? און ווי קעז דיר זיך איינגעפרעסט? האַר, האָסט אים נישט אין ביינער און אָדערן פאַרוועבט, אין הויט און פלייש אַנגעקליידט? און קערסט אים צוריק דער ערד?

מרדכי איז געפאַלן אויף די קני, און איז איבערראַשט געוואָרן פון דער פליגן־זשומעריי וואָס האָט אַרומגעקרייזט אַרום דעם מאָגערן קערפּער. איין ריזיקע, גרינע פליג, האָט זיך אַן אויסגעהונגערטע אַוועקגעזעצט אויפן שפּיץ פון צעקלאַפּטן עלנבויגן. מרדכי האָט אַרונטערגעלייגט זיין האַנט אונטערן קערפּער און אים אויפגעהויבן פון דעם שטיין־און־בלוט געלעגער.

— זע — האָט ער געלאַסן געזאָגט צום יינגל — „איך שריי און קיין ענטפער".

אין דעם מאָמענט האָט דאָס שילער־העמדל זיך געהויבן און איז צוריק איינגעפאַלן, זיך געהויבן און איינגעפאַלן, מיט דער רעגעל־מעסיקייט פון אַ לעבעדיק באַשעפעניש. מרדכי האָט באַלד דערפילט גאָטס חסד. און אזוי, אַנגעטאָן אין זיין גראָען שטובן־שלאָפּראָק, צודריקנדיק דאָס יינגל, ווי אַ קליינעם בלוטיקנדיקן מלחמה־שלל, איז ער שנעל דורכגעגאַנגען דאָס גרויסע צימער און געגומען לויפן איבער גאַסן, און די צעשראָקענע משפחה לוי, הינטער אים. דעמ־זעלבן אָוונט האָט ערני געפיבערט אין שפּיטאָל פון מאַינץ, אין דער יידישער אָפּטיילונג. מרדכי האָט גאָט געדאַנקט פאר זיין גנאָד. אָבער אַז ערני איז צוריקגעקומען אין שטילנשטאָט, האָט דער אַלטער תופס געוווּסט, אַז דער אויבערשטער האָט אין זיין חסד, געשענקט דעם מלאכל דאָס לעבן, ער האָט אים אָבער נישט אומגעקערט זיין נשמה.

*

ערני האָט באַלד געפילט די האַנט פון טויט אין זיין מות. פון אַלע ווייטיקן אין יעדערן קעמערל פון זיין גוף, וועלכער איז פאַרוויקלט געוואָרן אין אַ קנויל פון רימענדלעך און מעטאַלענע גאַרטלען, און פון אַלע רערלעך, פון וועלכע ס׳האָט אַריינגעשטראָמט לעבן אין די איינגיפסירטע קערפּער־טיילן, האָט אים צום מערסטן וויי געטאָן, וואָס ער האָט מיט זיין איינציקן אויג געזען די גרויסע אכזריותן פון דער וועלט, אין אַלע זייערע פאָרמען און פאַרבן. ביים אָנהייב, איז ערניס איבעראַשנדיקער איינדרוק געווען, אַז גאָט האָט פאַרלאָזן אַלץ אויף דער וועלט, אַז אַלץ איז געוואָרן נישט אָפּזעעוודיק און פאַרבלאָז, ווי די אָפּגענוצטע, אַוועקגעוואָרפענע מלבושים אין שפּיטאָל. כאָטש ער האָט געשפּירט, אַז זיין צונג באַוועגט זיך נאָרמאַל, האָט ער באַשלאָסן, מער נישט צו ענטפערן אויף קיין שום ווענדונג פון דער דאָזיקער וועלט, פון וועלכער ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן גאָטס חסד. „ער האָט נאָכנישט אויפגעוואַכט”, האָט ער געהערט מרדכיס קול. מאַמע יהודיתנס פּנים האָט געפלאַטערט, טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן ווי פּערל: „האָסטו זיך שוין אויפגעוועקט, טייערינקער?” דער גאַנצער ענטפער זיינער איז געווען, דאָס אויפעפענען און צומאַכן זיין איינציק אויגן־לעפּל.

אַזוי זענען אַוועק טעג און נעכט, קיין שום וואָרט איז נישט אַרויס פון מויל פון דער גיפּס־מאַסקע, ערני האָט אַלע ווערטער געהאַלטן אויף זיין צונג. נאָר ביינאַכט, צווישן דעם כראָפּען און כליפּען פון די שכנים, האָט ער געבעטן גאָט, ער זאָל בייטן דעם רעזשים. איינמאָל, ווען מאַמע יהודית האָט זיך דערווייטערט פון די שורות ווייסע בעטן, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און ציטערנדיקע אַקסלען, האָט ער געפילט, אַז אַ טראָפּן קייקלט זיך אַראָפּ פון זיין אויג און פאַרשווינדט ערגעץ אונטער דער גיפּס־מאַסקע.

יענעם אָוונט, האָט ערנין באַנומען די פאַרגאַנגענהייט. אַ וואַקסנדיקער שטראָם מיט אויסגעריסענע ביימער־שטאַמען, שווימענדיקע

קינדער־וויגן, בייכער פון חיות, שאָטן־געשטאַלטן אויף די דעכער.
אילוזע אויף אַ פישער־שיפל, גערודערט דורך משונהדיקע פאַר־
שוינען, און די עלנטע נוחס תיבה פון די לוי״ס, וואָס בלאָנדזשעט
אַרום צווישן שיפן־ברוכטיילן, זי הויבט אויף אירע הענט צו גאָט,
וועלכער קוקט אויף דעם אַרום מיט אַ בליק, וואָס איז שווער צו
פאַרשטיין. אַלע זאַכן האָבן געשטראָמט אין באַרג־אַראָפּ פון טייך,
אָבער קיין מענטש האָט עס נישט געפילט. די שכנים אין זאַל
האָבן געביטן זייערע שמועסן און זיך דערציילט וועגן לעבן
פאַרן אָנקומען אין שפּיטאָל, אָדער וועגן דעם, וואָס וועט קומען
נאָכן פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל — ווי זיי וואָלטן געהאַט דעם פולן
בטחון, אַז דער לעבנס־שטראָם אינדרויסן איז שטאַנדהאַפטיק ווי
אַמאָל און ער וואַרט אויף זיי. קיינעם איז נישט אַרויף אויפן
געדאַנק, אַז דער שטראָם פליסט אונטער זייערע בעטן און שלעפּט
אַוועק דאָס גאַנצע שפּיטאָל, אין דער ריכטונג פון גרויזאַמען
קאַטאַקליזם. איבערן בעט, אַנטקעגן אים, האָט ערני געזען צוויי
שילדלעך, איינס איבערן צווייטן: איינס פון פּאָרצעלאַן, מיט דער
שיינער, ברייטער אויפשריפט: „ר אָ ט ש י ל ד א י נ ס ט י ט ו ט״,
אוויפן צווייטן שילדל, פון פּשוטן געלן קאַרטאָן: „ר ע ז ע ר ו ו י ר ט
פ אַ ר י י ד ן א ו ן ה י נ ט״. אָבער קיינמאָל האָבן די קראַנקע
קיין אַכט נישט געלייגט אויף דעם געלן קאַרטאָן. זיי האָבן גערעדט
וועגן לעבן און טויט, וועגן פּיס, הענט, לעבער, לונגען, קישקעס.
וועגן וויזעס קיין ארץ־ישראל און וועגן זייערע פרויען און קינדער,
פּרנסה, וועגן דער זון און אַנדערע טויזנטער זאַכן, ווי דער פּלייץ
וואָלט נישט דאָס אַלץ ראַש אַוועקגעשלעפּט מיט זיינע ריזיקע,
שוואַרצע כוואַליעס. „גיט אַכטונג״ האָט ערני זיי געוואָלט זאָגן,
אָבער ער האָט געשוויגן, ווייל דער טויט האָט פאַרהאַלטן די ווערטער
אויף זיין צונג. און ווען די לוי״ס זענען געקומען צו אים אויף
באַזוך, מיט אַ פול מויל מיט פּלענער וועגן עולה זיין קיין ארץ־
ישראל, ווען זיי און זייערע הענט זענען איינגעשרומפּן געוווען פון
יאוש, האָט ערני זיי געוואָלט זאָגן: „לייגט אַכט! מען נאַרט אייך!
די זאַכן זענען בכלל נישט אַזוי, ווי איר מיינט, זיי זענען אַזוי און
אַזוי... א. א. וו.״ אָבער ער האָט געשוויגן נאָך מער ווי שטענדיק.
ווייל אינדעראמתן, האָבן די לוי״ס זיך געשראָקן אויפצודעקן דעם

בלאָטיקן שטראָם וואָס אונטער זייערע פיס, אַנשטאָט די כלומרשטע פעסטע ערד, אין וואָס זיי האָבן אַזוי תמימותדיק געגלויבט, די אומגליקלעכע, די טייערע. מיט זיין איינציקן אויג, פון דער פאַר־באָרגעניש פון זיין פאַרוווּנדעטן אויג, האָט זיי ערני באַטראַכט. פון דעם מוראדיקן מרחק, וואָס האָט אים אָפּגעטיילט מער ווי דער קליינער טויט פון פאַר זיין זעלבסטמאָרד — אַ מרחק, וואָס אין אים איז ביסלעכווייז אַריינגעדרינגען אָט דאָס וווּנדערלעכע געפיל, וואָס איז פאַרוואָרצלט אין רחמים, וואָס זיי האָבן אין אים דערוועקט, טראָץ — אָדער דורך — זייער פאַרבלענדעניש.

אַזוי איז געווען אויך לגבי אילזען, וואָס ער האָט אומזיסט געפּרוּווט טראַכטן וועגן איר שלעכטס. צייטנווייז, ווען דער אָדער יענער ביין האָט אים ווי געטאָן, האָט ער פאָרמולירט וועגן אילזען געוויסע אָפּגעפּסקנטע מיינונגען, וואָס ער פלעגט הערן פון מאָריצנס געשליפענעם מויל, אָדער פון מאַמע יהודית:

— זי איז אַזוינע און אַזעלכע — האָט ער געזאָגט אין היצי־קייט — זי איז ווערט אַז... גאָט זאָל זי קורע כדג זיין א.א.וו.

אָבער באַלד איז זי פאַר אים דערשינען אין איר שטייגער־גאַנג, און אַלע אורטיילן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שרעק זעענדיק, ווי די בלאָנדע מושלע פון זיין ליבע, שווימט איבער אומריינע וואַסערן, אין זינגענדיקן געשריי. ווען אילזעס אַפּלאָ־דיסמענטן האָבן אים אויפגעוועקט ביינאַכט, האָבן זיי גורם געווען שרעקלעכע פּיין צו זיינע נערוון און אויערן, און ער האָט איר נישט געקאָנט ווידמען, נאָר אַ לעבעדיקע, ווייטע מחשבה און אַ מין רחמנות, ווייל אויך אילזע איז אַוועקגעריסן געוואָרן מיט אַ ריזיקן שטורמישן שטראָם.

איינמאָל איז זיין מוטער געקומען צו אים מיט אַ באַזוך, מיטשלעפּנדיק מיט זיך איר חברה קליינע לוי׳ס. ערניס אויסזען האָט זי פאַרשטיינערט. איר באַז האָט אינמיטן איר פנים געצאַפּלט ווי אַ פליג. זי איז צוגעגאַנגען נענטער און געגלעט איר זונס איינגעדאַרטע באַקן, שעפּטשענדיק:

— אַלץ וועט זיך בעסערן. וועסט קומען אַהיים, וועל איך דיר מאַכן אַ זופּ מיט פערפעלעך.

אַ טרער האָט זיך אָנגעשלאָגן אין דער גיפּס־מאַסקע — דער

מאַמעס שטימע און דורכזיכטיקע טרערן. ערני פלעגט זיי קיין מאָל נישט זען, אָבער דעם טאָג האָט ער ביי איר געזען אַ לייכטנ־דיקן טראָפּן, און זיין צונג האָט זיך צעבונדן:

— אַלץ וועט זיין גוט, זייער גוט. — האָט ער געזאָגט מיט אַ הייזעריקלעך, שאַרף קול, וואָס האָט אים איבעראַשט.

אָבער באַלד האָט ער באַדויערט אויף די אַרויסגעזאָגטע ווערטער.

*

ווען ער איז צוריקגעקומען קיין שטילנשטאָט, נאָך צוויי יאָר ליגן אין בעט, האָבן אים אַמאָליקע באַקאַנטע נישט דערקענט. פון מלאכ׳ל זענען נאָר פאַרבליבן די לאָקן אַליין.

טראָצדעם וואָס ער איז אָפּגעמאָגערט געוואָרן און האָט גע־הינקט אויף צוויי קוליעס, האָט ערני מיט זיך מיטגעבראַכט פון זיין קראַנקן בעט אַן אויסגעצויגענעם גוף, אַ וווקס, אַ העכערע פון מאָריצנס. אַ מין ווייסער און צאָרנדיקער שטריך האָט איבערגע־שניטן זיין הויכן שטערן. אַ שראַם פון דער זעלביקער פאַרב האָט אונטערגעהויבן דעם בויג פון דער רעכטער ברעם און פאַרלענגערט דאָס אויגן־לעפל, צוגעבענדיק דעם אויג, אַ ליידנדיקן אויסזען און אַן אויסדרוק פון פאַרגליווערטער שרעק. דאָס צווייטע אויג איז געבליבן אזוי אַנגענעם ווי פריער, אָבער לויט זיין מאַמעס מיינונג, שוין אַ געפּרוּווטע אין די זאַכן, האָט מען נישט דערקענט אין אים זיינע „האַרציק־פריילעכע שטערנדלעך”. די רעגנבויגן־הייטלעך זענען פאַרשווונדן געוואָרן פון די אויגן. וואָס אַמבאַלאַנגט זיין ראַציק, אָפּגעלאָזן קול, האָט בנימין געטענהט אַז ס׳דערמאָנט אים גענוי די שטים פון יונגען בחור פון גאַליציע.

— דאָס ערגסטע פון אַלץ — האָט געזאָגט מאַמע יהודית — איז דאָס שווייגן. שוין דריי טעג רעדט ער נישט קיין וואָרט. ביין, גאָט האָט נישט באַדאַרפן...

— אָבער זע דאָך — האָט מרדכי זיך אַריינגעמישט — די מעשי־נסים: ווען איך וואָלט נישט געווען געפּיבערט, וואָלט איך דאָך ניט געהערט זיין אַראָפּפאַלן, און ווען גאָט וואָלט אים נישט

געווען אַריינגעגעבן דעם געדאַנק צו שפּרינגען פון פענצטער, וואָלט ער דאָך אָפּגעגאַנגען אין בלוט. און דאָסזעלבע, ווען דאָס שטילנ־שטאַטער שפּיטאָל וואָלט אים געווען אָנגענומען, כאָטש ער איז אַ ייד, וואָלט מען אים דאָרט נישט געווען אַזוי גוט געפלעגט, ווי אין מאַינצער שפּיטאָל. און ווען...

יהודית האָט אים איבערגעהאָקט:

— געגנוג שוין, טו מיר אַ טובה, גענוג שוין מיט דיינע נסים. מען יאָגט אונז עד חרמה, די קינדער שפּרינגען פון די פענצטערס, צעברעכן האַלדז־און־נאַקן און ער זאָגט „על הנסים״... ווען וועט שוין גאָט אויפהערן צו באַווייזן אַזעלכע נסים, אָ, קוק זיך צו.

— נו, נו! צוים דיר דאָס מויל — האָט מרדכי ברוגזדיק אויסגערופן.

ערני, וואָס איז איצט אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ, איז געבליבן שטיין.

— נו. נו, האַלט שוין איין דאָס מויל — האָט מרדכי איבער־געחזרט.

ס׳איז פאַראַן אַן אומענדלעזע צאָל טענער, קלאַנגען, העוויות, אויסדרוקן, אַקצענטן, שמייכלען, וועלכע דער דאָזיקער נאַרישער קלאַנג: נו, נו — קאָן מיט זיך אויסדרוקן. תלמידי חכמים האָבן פון זיי קולט געווען אַ סך. מרדכי האָט דאָסמאָל אויסגעזוכט עפּעס אַ מין „נו, נו״ וואָס האָט געמאַכט שטאַרקער פּולסירן דאָס בלוט אין ערניס פאַרלאָשענע באַקן.

— רבונו של עולם — האָט ערני געזאָגט צו זיך — זיי זע־נען תמיד אַזוי תמימותדיק. און כדי זיך איינצוהאַלטן פון לאכן, איז ער געלאָסן אַרויפגעגאַנגען אין זיין שטיבל, כדי דאָרט ממשיך צו זיין זיינע באָקס־איבונגען, וואָס ער האָט מיט אַ צייט צוריק אָנגעהויבן. מיטן אויפהערן זיך באַנוצן מיט די קוליעס, האָט ערני זיך פאַרנומען מיט דעם ספּאָרט, אַזוי האָט ער נאָך באַשלאָסן, ליגנדיק אין שפּיטאָל אַן אומבאַוועגלעכער. ער האָט געשטרעבט צו דערגרייכן אַזאַ פלינקייט, וואָס זאָל אים דערמעגלעכן צו שיצן די תיבה פון די לוי׳ס — זיין גאַנצע וועלט — פון די קריכנדיקע רמשים ביז די שטערן אין הימל.

זיי זענען ריין, האַרציק און תמימותדיק, רק זיי וויינען און

שטרעקן אויס די הענט צו גאָט. ער — ערני — וועט זיי באַשיצן מיט זיינע פויסטן. זייט זיין צוריקקומען פון שפּיטאָל, האָט ער פאַרשריבן אין אַ העפט — אויפן סמך פון די ראָמאַנגלעגנישן, אין וועלכע ער האָט זיך באַטייליקט — אַלע באָקס־פּראָבלעמען, וואָס ער איז עלול אָנצוטרעפן זיך אויף זיי, פּנים־אל־פּנים. אין דער אָוביקאַציע, אין געהיים, האָט ער זיך אַליין געגעבן די ערשטע לעקציע באָקס און באַלד איינגעזען, אַז די בעסטע שיטה איז צו דערלאַנגען אַ קלאַפּ מיט דער פויסט, ביים אויפשטורמען מיטן גאַנצן קערפּער, אַז קיינער זאָל דעם אָנגריף נישט קענען ביישטיין. דערביי איז אויך נויטיק אַ באַשטימטער אָפּנויג פון גוף, אויף אַ זייט, כדי אויסצומיידן יעדן מאַנעוור פון קעגנער, א.א. וו. ביינאַכט פלעגט ער אין מוח איבערחזרן זיינע נאָטיצן.

גאַנץ אָפט האָט ער איצט באַגלייט זיין ברודער יעקב אין שולע אַריין, זעענדיק זיך געהעריק צוגעגרייט דערצו. אָבער דער ערשטער געראַנגל איז געקומען אומגעריכט. זיין קעגנער — אַ גאָר יונגער פּימפּף — איז אים געשטאַנען אין וועג, ער האָט נאָר באַדאַרפט אַ ביסל צוריקציען זיין אָרעם, כדי צו געבן דער פויסט, דעם געוווּנטשענעם שווונג. אָבער אין דעם מאָמענט, ער ווייסט אפילו נישט וויאַזוי, האָט אים אַ פיינטלעכע פויסט דערלאַנגט אין פּנים אַריין. פּאַלנדיק האָט ער געטראַכט, אַז מן הסתם האָט ער עפּעס פאַרגעסן. ער איז אויפגעשטאַנען און האָט מיט פּינקט־לעכקייט באַנוצט ביידע פויסטן און אויך די פיס, אין אַן איבונג וואָס ער האָט נאָכנישט געלערנט. אָט דער ערשטער נצחון האָט אים גורם געווען גרויסע הנאה, ער האָט זיך ממש מרחם געווען אויף זיין קעגנער, וואָס האָט געמאַכט אַ ויברח.

— האָסט אים גוט דערלאַנגט. האָסט אים דערלאַנגט — האָט יעקב נישט אויפגעהערט צו שרייען פון התפעלות פון עלטערן ברודערס מוט.

— יאָ, איך האָב אים מקיים־פּסק געווען — האָט ערני באַ־שטעטיקט.

צוויי טעג שפּעטער, בעת אַ ריקצוג־געראַנגל, האָט ער זיך איינגעקוקט אין הימל און דערנאָך אין איינעם פון די אָנגרייפערס אויגן, און ס'האָט אים געדוכט, אַז זיי זענען אַזעלכע קליינע יינגלעך

ווי ער, וואָס זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם. ער האָט דאַן איבערגעלאָזט זיין אַראָפּהענגענדיקע האַנט איבער דער לענג פון קערפּער.

אָט דער דאַזיקער פאַל האָט זיך איבערגעחזרט. פונדערווייטנס האָט ער געקאָכט אין התלהבות, אָבער אין פייער פון געראַנגל, ווי נאָר ר׳איז פאַרזונקען געוואָרן אין זיין גרויסער מחשבה, זענען זיינע הענט שלאַבעריק געוואָרן. יעקב איז געווען קעגן זיין טאַקטיק. ערני האָט זיך באַמיט צו פאַרשטאַרקן זיין שנאה און האָט איינעם נאָכן אַנדערן אויסגערעכנט אַלע פאַרברעכערישע מעשים פון די „פּימפּפּן״. אָבער ס׳דוכט זיך אים, ווען אפילו די פאַרברעכנס וואָלטן געווען אַזוי פיל, ווי די שטערן אין הימל, וואָלטן זיי אים אויך נישט אָנגערעגט צו קעגן־קאַמף. ער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך כסדר איינגעחזרט, אַז די „פּימנפּן״ זענען חיות בצורת אדם, און ער האָט אָנגעהויבן גלויבן אין דעם. אָבער תמיד האָט עפּעס אַ קליינער פּרט צעשטערט דעם גאַנצן בנין: די קינדישקייט פון זיין בליק, דאָס פאַרקרומען אַ אַ ליפּ, אָדער אַ פּשוט שטיקל הימל, וואָס האָט אריינגעבליקט צווישן די קעמפנדיקע. ער האָט זיך באַנוצט מיט אַן איבערגעקלוגטער קריגס־טאַקטיק: באַגלייטנדיק יעקבן, האָט ער לייכט פאַרזשמורעט די אויגן, כדי צו זען די אַלע זאַכן ווי אין נעפּל, און מ׳קאָן דאַך נישט האַסן קיין סילועט...

דאַך איז ערני געווען פאַרדאגהט, באַזונדערס בנוגע דער שוואַכער לוי־תיבה, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען דער זיי־דע. ער האָט אין זיך געזען דעם פאַרעטער לגבי דער גרויסער זאַך — די משפּחה לוי. זיין צונג איז אים ווידער שווער געוואָרן.

**ז**

דעם זעקסטן נאָוועמבער 1938, האָט אַ יידישער בחור, מיטן נאָמען הערשל גרינשפּאַן, — וועמענס עלטערן זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין זבאָנשין, — געקויפט אַ רעוואָלווער און געבעטן אים וויזן וויאַזוי זיך צו באַנוצן מיט אים. ר׳איז אוועק אין דער דייטשער אַמבאַסאַדע אין פּאַריז און געהרגעט, אַלס נקמה פון אַ קרבן, דעם ערשטן ראַטגעבער, ערנסט פאָן ראַט. די ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט ווי אַ פייער אין די יידישע הערצער אין דייטשלאַנד. זיי האָבן זיך באַפּעסטיקט אין זייערע הייזער און צעריסן די הימלען מיט זייערע תפילות. אָבער פאַר דעם וואָס זיי האָבן מורא געהאט, איז געקומען. אַ זייגער פינף נאָכמיטאָג איז אין שטילנשטאָט דערשינען די ערשטע נאַצישער יעגער־גרופּע.

יענעם אָוונט, האָט זיך די גאַנצע משפּחה לוי צוזאַמענגעדרענגט אין קיך, אַרום דעם דרייפוס־אויוועלע, דער לעצטער איבערבלייב פון פאַרשוווּנדענער שפע. אויפן טיש האָט זיך געדרויכערט דאָס אַלטע נאַפט־לעמפּל פון זעמיאָק. וואַרטנדיק אויף דער איינציקער פּאַסאַ־ליעס־שפּייז, האָבן די קינדערלעך תאווה׳דיק געגריזשעט קאַשטאַנעס, וואָס מאַמע יהודית האָט אַרויסגעשלעפּט פון טאָרף־פייער. די פּנימער זענען געווען פאַרמאַטערט, די בגדים אָפּגענוצטע, און דער כראָנישער הונגער האָט געמאַכט די קינדערלעך שווייגנדיק, טראָץ דער ענגשאַפט.

ערני האָט זיך באַוויזן אין דער טיר, דאָס פּנים בלאָ, באַדעקט מיט שניי.

— מאָריץ, טאַטע, זיידע, מאַמע יהודית — האָט ער שטיל אויסגעציילט. מיט אומרו האָט ער זיך איינגעקוקט אין די קליינע קינדערלעך און געגעבן אַ צייכן די דערוואַקסענע, זיי זאָלן אים נאָכגיין אין סאַלאָן.

— און איך? — האָט געפרעגט זיין מאַמע.

ערני האָט צוגעלייגט זיין פינגער צום שטערן און געגלעט דעם שראָם, אין דער פאָרם פון אַ רויטן שטריק ביז צו דער שלייף. אין זיין בלוזע, וואָס איז געבייט געוואָרן פון אַ צודעק־קאָץ, דער סימן פון אַ בערדל, וואָס האָט פאַרשאָטנט די אונטערשטע טייל פון זיין פנים, דאָס בלייכע און פאַרחושכטע, ווי דאָס פנים פון מאַמע יהודית, און מיטן נאַכלעסיקן און סודותדיקן בליק פון זיינע גרויסע און פייכטע אויגן, איז ער ענלעך געווען צו אַ יונגען יידישן אַרבעטער פון וואַרשע, אָדער פון ביאַליסטאָק. זיין בערעט, ווי אַ יאַרמלקע, איז געזעסן אויפן הינטערטייל פון קאָפּ.

— ניין, מאַמע, דו נישט — האָט ער געזאָגט מיט אַ בידנע שמייכל — דאָס איז נאָר פאַר גרויסע.

די גרויסע מענטשן זענען אַריבער אין דער טונקלקייט פון סאַלאָן, ווו ערני האָט אויפגעהויבן אַן עק פון פאָרהאַנג און זיי געוויזן אַ רויטלעכקייט אויף דער אַנדערער זייט פון דער גאַס, ביים אַריינגאַנג אין קאָרידאָר. אַ קליין פלעמל האָט זיך פונוויטן צעהעלט, און באַלד איז אַנטשטאַנען אויף דעם אָרט אַ רויט ליכט, ווי פון אַ פּאַפּיראָס אין דער נאַכט־פינצטערניש.

— ס׳זענען פאַראַן נאָך, האָט ערני געזאָגט — דו זעסט? דאָ און דאָרט.

— דאָס איז פאַר אונדז? — האָט מאַמע יהודית געפרעגט.

— פאַר וועמען דען? — זאָגט ערני — זיי וואַרטן אויף אַ סיגנאַל. איך האָב געפונען די אייזערנע שטאַנגען.

— פאַר וועמען איז דאָס? — האָט מרדכי קאַלט געפרעגט — נישט דאָס אייזן און נישט דאָס פייער, וועלן אונדז אַרויסראַטעווען פון גאָטס הענט! לאָמיר גיין עסן.

זיי זענען צוריק אַריין אין קיך. ערניס מאַמע, וואָס האָט זיך צוגעהערט ביי יענער זייט טיר, האָט זיך פאַרויטלט און זיך צוריק־געצויגן. ביי דער סעודה האָט געהערשט אַ שטילקייט. מיטן רעכטן אויג האָט מאַמע יהודית געקוקט אין טעלער און דאָס לינקע אויג האָט געהאַט השגחה אויף די קינדער. דער זיידע איז געווען ווי אַ שטיין, יעדע רגע האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן אַ מין געברום, ווי פון בויך פון אַ סטאַטוע. לוי, דער פאָטער, האָט באַרעכנט די אויסזיכטן, פאַר און קעגן, ווער ווייסט פון וואָס. מאַמע לוי, אַן

אָנגעווייטיקטע, האָט אַלעמען אָנגעקוקט מעט צער. די קליינע קינ־
דער, פילנדיק די סכנה, האָבן זיך נאָך קלענער געמאַכט, אַיינגעשרומפּן זיך, ווי זיי וואָלטן בכלל נישט עקזיסטירט.

איצט וואָלט אפילו גאָט אַליין אין אויבנאָן פון טיש, נישט געענוג געווען אויף צו צוימען מאַמע יהודית'נס צונג:

— אָט זעט אונזער טיש — האָט זי שטאַרק אַקצענטירט — ברויט מיט אַ מעסער און מיר קענען נישט עסן.

— וואָס טוט מען? — האָט מאַמע לוי אָפּגעזיפצט — וועט זיך גאָט נישט מרחם זיין אויף די קליינע קינדער?

און אַז זי האָט געוואָגט ממשיך צו זיין מיט איר'ע ווייַנעדיקע טענות קעגן גאָט, האָט איר דער זיידע איבערגריסן:

— גאָט טוט וואָס עס פּאַסט פאַר אים, אָבער אַ קליינע מטבע אין אַ ליידיקער קריג טומלט אַ סך... (איסתרא בלגינאַ קיש קיש קריא *).

זאָגנדיק דאָס, האָט דער זקן זי אָנגעקוקט מיט אַזאַ צאָרנדיקן בליק, אַז זי האָט נישט געקענט נישט פאַרשטיין דעם מיין פון דער „ליידיקער קריג", און זי איז אַ פאַרשמטע אַוועק צוריק צום אויוועלע.

— האָרכט נאָר אויס — האָט מאַמע יהודית פּלוצים זיך צעשריגן — מאַדאַם וואַסערמאַן האָט געזאָגט, אַז קיין שום לאַנד אין דער וועלט וויל אונז יידן נישט האָבן. אפילו די קליינע לענדער פון דער ווילדער אפריקע און אַזיע, און ווער ווייסט ווי נאָך, מ'זאָגט זיך אָפּ אונז צו געבן אַריינפאָר־וויזעס. און אז די ענגלענ־דער לאָזן מער נישט אַריין קיין ארץ־ישראל, ווי צווי הונדערט יידן אַ חודש. און וואָס געשעט מיט יידן אין דייטשלאנד און עסט־רייך, מיר אָרעמע, און וואָס געשעט מיט דער משפחה לוי? דאָס איז נאָכנישט אַלץ, מען דערציילט, אַז די דאָזיקע מענטשן־הענדלער נעמען אַרײַן נאָר רייכע, יעדער מוז אויפוויזן ווייניקסטנס טויזנט ענגלישע פונט ביי דער גרענעץ.

— ס'איז נישטאָ קיין גרענעץ — האָט בנימין געזאָגט — ס'איז נאָר דאָ א ים.

---

*) בבאַ מציעא פ"ה ע"ב.

— דו ווילסט אַ ים? כ'וועל דיר געבן אַ ים — האָט די אַלטע געצאָרנט פון פאַרביטערונג. — אָבער ער קאָסט דאָך טויזט פונט, מיין טייערער. און צי ווייס איך, נאַרעלע, אַז קיין אמעריקע, אפרי־קע, אַזיע, פאָרט מען מיטן ים, צי מיט דער יבשה? כווייס נאָר אַז מען דאַרף צאָלן טויזנטער פונטן אויף עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. יאָ, פאַר אַן אָרעמען ייד, צי די יבשה אָדער דער ים, אמע־ריקע אָדער ארץ־ישראל, די זון אָדער די לבנה, אַלץ באַדייט: טויזנט פונט. רבונו של עולם וו ריכטיק איז דאָס שפריכוואָרט: „נאָכן אָרעמאַן גייט נאָך די אָרעמקייט". (בתר עניא אזלא עניותא *). ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן, אויב מיר וועלן מוזן גיין אין תהום פון טיפן ים, מיט די קליינינקע פישעלעך?

און קיין פראַנקרייך? — האָט בנימין געפרעגט אָן איראָניע.

— מיינע טייערע, אומגליקלעכע וואָס מיר זענען, אין פראַנק־רייך אין פאַראַן גאָר אַן אַנדער מין לידל, פרוי וואַסערמאַן זאָגט, אַז די פראַנצויזן האָבן בכלל נישט ליב די דייטשע מענטשן.

— אָבער מיר זענען דאָך נישט קיין אמתע דייטשן — האָט תמימותדיק געזאָגט די יונגע מאַמע לוי — צי זענען מיר נישט קיין יידן?

בנימין האָט נישט געקענט איינהאַלטן זיין שמייכל איבער דער דאָזיקער נאַיווקייט אירער, וואָס האָט שטענדיק אים גורם געווען הנאה:

— מיין פריינדין, מיין קליין ווייבל — האָט ער שמייכלדיק געענטפערט, בעת די אַלטע לייט האָבן געלאַכט — ווייסטו נישט, אַז פאַר די דייטשן זענען מיר בלויז יידן און פאַר די פראַנצויזן נאָר דייטשן. צי קענסטו דאָס פאַרשטיין? מיר זענען אומעטום דאָס, וואָס מיר באַדאַרפן נישט זיין: דאָ יידן, דאָרט דייטשן.

— און אויסגעוואָרצלט פון ביידע זייטן — האָט זיך מאַמע יהודית צעשריגן.

מאַמע לוי האָט געיאָמערט:

— גאָט מיינער, מיין קאָפּ איז אַזוי קליין, אַזוי קליין, וואָס

*) בבאַ קמא צ"ג ע"א.

קאָנען מיר טאָן? — האָט זי פאַרענדיקט און אַרומגענומען איר אייביק פאַרונדיקט בייכל, ווי צו באַרויקן דעם עמבריאָן אין אירע געדערעם.

— מיר וועלן נאָך אַ ביסל וואַרטן — האָט דער זיידע געזאָגט.

— לאָמיר שרייען — האָט לוי, דער פֿאָטער, לסוף געזאָגט — ווי ס׳האָבן געטאָן די יידן אין פּראָסקוראָוו.

— זאָל גאָט זיך מרחם זיין, דער מענטש וועט זיך ווילצלען אפילו אונטער דער האַק.

ביי דיר ווערטער איז מרדכי אויפגעשטאַנען און שווער זיך אַראָפּגעבויגן צו דער ערד, צונויפגענומען זיינעביידע הענט, ווי׳ אַ פויערטע וואָס יאָגט זיך נאָך אירע הינדעלעך, און האָט איינציק־ווייז אַרויסגעפּירט די קליינע קינדער, איבערגעבנדיק זיי ערביס השגחה. ער האָט באַקומען אַ ליכטל זיי צום באַגלייטן.

דערנאָך האָט ער פאַרמאַכט די קיך־טיר, און אויף יהודיתן אַרויפגעלייגט דעם שווערן פחד פון זיינע גראָע אויגן.

— דאָס אַלץ איז נישט לשם תענוג — האָט ער איר מיט טיפער ערנסקייט אויפגעקלערט — ווייל די פּראָסקוראָווער יידן האָבן געשריגן זעקס נעכט. יאָ, דער רבי פון שטשעלן האָט מיר געזאָגט, אַז דעמאָלט האָבן אַלע געטאָ־הייזער געשריגן. געווען איז דאָס דער קאָזאַק שעלגאַין. ער איז יעדע נאַכט געקומען מיט זיינע שוואַרצע סאָטניעס, ימח שמם וזכרם. יאָ, גאַנצע גאַסן האָבן געשריגן אָן אויפהער, די קולות פון די יידישע טעכטער האָבן זיך געהערט מייל־ווייט פון דער שטאָט. און אָט איז געשען אַ נס: די באַנדיטן זענען מחמת די געשרייען אָוועק פונוואַנען זיי זענען געקומען. די זאַך איז באַקאַנט, זאָלסט וויסן — האָט ער פאַרענדיקט, מיט אַ פאַרדאגהט קול.

מאַמע לוי האָט אַרומגענומען איר האַלדז:

— און אין דער זיבעטער נאַכט? — האָט זי געפרעגט אין אַ דערשטיקט געפליסטער.

אָבער ס׳ווייזט אויס, אַז נישט דער זיידע און נישט בנימין האָבן נישט געהערט די פראַגע. זיי האָבן אָן ספק געגוי נישט געוווסט וואָס עס איז געשען אין פּראָסקוראָוו, אין יענעם יאָר 1918, אין דער זיבעטער נאַכט פון די יידישע וויי־געשרייען.

ס׳איז אַנטשטאַנען אַ שטילקייט.

— ווייסט איר וואָס? איך הויב אָן מורא צו האָבן אויף אַן אמת — האָט מאַמע יהודית געשמייכלט צו איר שנור — און איך פרעג זיך אַליין: צי איז נישט בעסער צו זיין דייטשן אין פראַנקרייך, איידער יידן אין דייטשלאַנד? כ׳ווייס גאַנץ גוט, אַז ס׳איז אָדער ד׳ער שטריק, אָדער די תליה. אָבער דאָך...

מרדכי מיט די עלנבויגנס אויפן טיש, דאָס פּנים אין זיינע הענט, ווי ער וואָלט נאָכגעדענקט נאָך די הבלי־הבלים פון דער וועלט. פּלוצים האָט ער געשעפּטשעט אין פאַרוווירטקייט:

— ס׳קומט אָן די נאַכט, די חיות רעות דרייען זיך אַרום אין דרויסן, און אונזערע קינדער, אונזערע קינדער...

— ווילסט איך זאָל אַרויסגיין זען? — האָט מאָריץ געפרעגט.

— ניין, ניין, דו? אַרויסגיין?...

דערנאָך, אומקערנדיק זיך צום שמועס, האָט ער געצויגן זיינע מחשבות, זיינע זכרונות פון מוח, מיט פּיזישער מי פון אַ זקן:

—יאָ, מ׳האָט גערעדט וועגן גיין קיין פראַנקרייך, נישט אמת? איך האַלט נישט, אַז מ׳דאַרף ווייטער לויפן. מאָרגן ווילן זיך די דייטשן באַרויקן און די פראַנצויזן וועלן ווידער נעמען גאָטס שווערד אין זייערע הענט. וואָס האָבן מיר אויפגעטאָן מיטן לויפן פון זעמיאָק? ס׳איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַז די רשעים זענען די רוט פון גאָטס צאָרן, און אַלץ וואָס פּאַסירט איז אַן עונש מן השמים. צי ווילט איר אַנטרונען פון גאָט ברוך־הוא ס׳האַנט, געבענטשט זאָל זיין זיין נאָמען? איך קען די דייטשן, זיי זענען פאָרט נישט קיין ווילדע, זיי זענען נישט קיין אוקראַינער. זיי וועלן ביי אונז צונעמען אַלץ, אָבער נישט דאָס לעבן. דערפאַר זאָג איך: געדולד, קינדערלעך, תפילה און סבלנות.

דער אַלטער האָט פּלוצים איבערגעריסן, און מיט שרעק אַהינ־געבליקט צו דער טיר.

— כאַ, כאַ — האָט יהודית מיט ביטערניש איבערגעחזרט — איך קען זיי די דייטשן, כי, כי, דאָס זענען פאָרט נישט קיין ווילדע, זיי זענען נישט קיין אוקראַינער — און כדי צו מאַכן פאַרגעסן אירע שרעק און זאָרג, האָט זי צוגעגעבן מיט כעס:

— איר מענער, איר רעדט און דרשנט, און דער אמת פליסט

פון אייער מויל ווי האָניק. ס'איז מעגלעך, אַז איך בין נישט אַזוי אינטעליגענט, אָבער זאָל מיר די גאַל פּלאַצן, אויב האָסט היינט געזאָגט איין שכל'דיק וואָרט, זאָל מיר...

געננוג, שעלט נישט — האָט איר מרדכי איבערגעהאַקט.

יהודית האָט נישט מעיז געווען אים צו קוקן אין פּנים אַריין, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט סטאָיש־יידישן יאוש... דאָך האָט זי זיך איבערגעבויגן איבערן טיש און האָט מוטערלעך אָנגערירט מיטן פינגער דעם אַלטנס שטערן, שעפּטשענדיק צערטלעך:

— איך פאַרזיכער דיר, אַז ס'וועט זיי חלילה גאָרנישט פּאַסירן. וואָס קאָן דען פּאַסירן מיט קינדער? איך באַדויער, מיין פריינט, מיין אַלטער פריינט, קיינמאָל וועט זיך דאָס מער נישט איבער־חזרן... זאָל פון מיר ווערן אַ... אויב כ'וועל נאָך שעלטן.

דער אַלטער האָט דורכגעפּירט די האַנט איבער זיינע בלייכע, מידע אויגן, ווי צו פאַרשטעלן דאָס ליכט פון זיין פּנים.

קינדער — האָט ער געמורמלט נישט מיט זיין קול — מיינע טייערע קינדער, ס'זענען דאָ טעג, ווען איך אַליין פאַרשטיי נישט קיין סך. וואָס איז אייגנטלעך גאָטס רצון? שוין טויזנט יאָר, ווי אונזערע פרויען און קינדער אויף דער אייראָפּעישער ערד, זענען אויסגעליפערט צו פּיין, צו שחיטה. צוואָס די אַלע יסורים און ענוּיים אָן קידוש־השם? צוואָס די אַלע רדיפות, אָן נוצן?...

און דער אַלטער האָט הייזעריקלעך אָפּגעזיפצט — אָבער, צי זענען מיר נישט אַליין גורם די יסורים? ווייַ איז מיר, דער מענטש צאָלט צוריק אָפּ גאָט ברוך הוא? געבענטשט זאָל זיין, זיין הייליקער נאָמען.

— טייערער פאָטער — האָט בנימין זיך געווענדט צו אים מיט אַ צעבראָכן האַרץ — ווען דאָס אַלץ וואָלט געווען גאָטס רצון, ווער וואָלט עס נישט מקבל געווען באהבה? אָבער איך זע אַז מיר ווערן פּאַרציקט דורך די רשעים, ממש פּאַרציקט. און זאָג מיר נאָר, טייערער פאָטער, צי פרייט זיך דאָס הינדל צו גיין אויף קידוש השם? ביין, דו ווייסט עס גאַנץ גוט, דאָס הינדל איז טרויעריק, לויט שכל, אויפצוהערן צו זיין אַ הינדל, און צו זיין אַ געקוילעט און בע'טעמט הינדל. דאָס איז מיין מיינונג וועגן דער יידישער פראַגע.

— דער משיח — זאָגט מרדכי, אָן איבערצייגונג.

— אָ, דער משיח — האָט יהודית געזאָגט מיט אַ דורכדרינג־לעכן טאָן, און איר קאָפּ שאָקלט זיך פאַרחלומט — יאָ, יאָ, דו ביזט גערעכט, מיין פריינט, גאַנץ מעגלעך, אַז משיח איז אויפן וועג, ווער ווייסט, אפשר היינט, מאָרגן, ווייל מיר בויטיקן זיך דאָך אַזוי אין דערלייזונג. און אויב ער וועט נישט קומען, פונוואַנען וועט קומען אונזער הילף? ווייסט איר וואָס, מיינע טייערינקע, איך פיל עפּעס אין דער לופט.

— און אפשר איז ער שוין הינטער דער טיר? — האָט געזאָגט פריילין בלומענטאַל.

*

דעם צענטן נאָוועמבער 1938, אַ זייגער איינס מיט צוואַנציק נאָך חצות, האָט יאָזעף היידריך, דער ראש פון דער געהיימער שטאַטס־פּאָליציי (געסטאַפּאָ) מודיע געווען מיט א טעלעגראַם צו אַלע זיינע אָפּטיילונגען, אַז ס'איז „פּאַראויסצוזען" אנטי־יידישע דעמאָנסטראַציעס, אויף דער גאַנצער טעריטאָריע פון דריטן רייך. צוויי אַ זייגער, האָט אַן אַליאַרם דורכגעשניטן דעם צענטער פון שטילנשטאָט, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט איבער די גאַסן,ביים שיין פון צענדליקער ליכט־פאַקלען, ווי אויגן, וואָס ברענען מיט שנאה. געווען איז דאָס אַ מין קאַרנאַוואַל פון דער נאַכט. איבער די קעפּ פון די יידן איז געווען די פוסטקייט פון אַ ווינטערדיקן הימל, און ארום זיי האָט געבושעוועט רציחה. ס'האָט אויסגעזען, אַז די געשרייען פון הויז צו הויז ענטפערן זיך איינער דעם צווייטן, פירן צווישן זיך אַ מין דיאַלאָג פון גיהנום. די ריגענשטראַסע איז געווען באַלויכטן, ווי אין מיטן העלן טאָג. אַ שייטערהויפן פון אַלע יידישע ביבליאָטעקן פון דעם קוואַרטאַל, האָט זיך אַלץ העכער געהויבן אין גיהנום־פלאַמען. מאַשינען און שטאָפן, ביז צום וויגל פון נאָכנישט געבוירענעם לוי, אַלץ פון בנימינס געוועלב איז געווען אָנגעוואָרפן אויפן טראָטואַר, איז געוואָרן הפקר פאַר אַל־געמיינער רויבעריי. בנימין, וואָס איז געשטאַנען הינטערן פענצטער, האָט ווידער דערקענט דעם אַלט־באַקאַנטן מנהג. דער אַלטער האָט זיי באַצייכנט ווי „ווילדע חיות".

ווען ס׳האָבן זיך דערהערט די ערשטע ווילדע לעסטערונגען אין קאָרידאָר, האָט בנימין פאָרגעלייגט צו פאַרשטאַרקן דעם אַריינגאַנג מיט נאָך עטלעכע ברעטער. אַז מרדכי האָט געצויגן מיט די אַקסלען, האָבן זיך ביידע מענער אָנגעשלאָסן אין דער משפחה, אין זייער בוידעם ־באַהעלטעניש. מרדכי האָט נאָכאַמאָל פאַרדרייט דעם שליסל. אַן אָוונט־ליכט האָט אַראָפּגענידערט פון דאַך־פענצטערל אויף די לוי׳ס, וואָס זענען געווען פאַרשטיינערט פון פחד. ביי מאַמע לוי און די קינדערלעך וואָס קלאַמערן זיך אין אירע קליידער, האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, בעת מאַמע יהודית האָט געשטופּט אַ טיכעלע צום מויל פון אַ זויג־קינד אויף אירע אָרעמס. דער טומל אונטן איז אַלץ גרעסער און ברייטער געוואָרן, ביז ס׳האָט זיך דערהערט אַ גלאָז־געבראזג. מרדכי איז צוגעגאַנגען צום הויפן הייליקע ספרים און האָט בודק געווען מיט זיינע פינגער, צי ס׳איז נישט צוגענומען געוואָרן עפּעס אַ ספר דורך די פּלינדערער. ערני האָט, לויטן פאַרלאַנג פון זיידן, געהאַלטן אַ ספר תורה, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן דער משפחה לוי, זייט דער שריפה אין דער גרויסער שול. מרדכי האָט געלייגט תפילין, איינגעהילט זיך אין גרויסן טלית און געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך, נאָר זיינע ליפּן שעפּטשען — אַ שווייגנדיקער באַרג האָט זיך אויפגעהויבן אין דער טונקלקייט פון בוידעם. ביז דער קליינער יעקב האָט אַרויסגעפּליסטערט:

— מאַמע, איך פיל, אַז כ׳וועל באַלד אויסשרייען, לייג נאָר ווידער אַרויף דיין האנט אויף מיין מויל.

ערני האָט נישט באַוויזן צו זען זיין מאַמעס באַוועגונג, ווי ס׳האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ געשריי פון די טרעפּ:

— זיי זענען דאָרט אויבן!

ערני האָט אַראָפּגעלייגט די ספר תורה אויף אַ ברעט און געכאַפּט אַן אייזערנע שטאַנג, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר אַ בויטפאַל. דער זיידע, דערזעענדיק דאָס, האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַטש.

— צוליבן לעבן, טאָר מען נישט פאַרלירן דעם זין פון לעבן.

ס׳האָבן ווידער אָפּגעהילכט קלעפּ ביי דער בוידעם־טיר. נאָך אַ שאַרפן ווערטער־אויסטויש פון יענער זייט טיר, איז אַריינגע־

דרינגען דאָס ציטערדיקע און בעטנדיקע קול פון אַלטן טאַפּעצירער פון דער ריגענשטראַסע:

— הערט, הער בנימין, זיי דאָרט זענען זייער בערוועז. גיט אונז לפּחות אייערע סידורים פאַרן שייטערהויפן, כאָטש דאָס, הער בנימין.

נאָר די ספרים? — האָט בנימין געפרעגט.

— דערווייל נאָר די ביכער — האָט מען אָפּגעענטפערט מיט חוזק.

— ניין — האָט פאַרגעזעצט דער טאַפּעצירער — נאָר די ספרים — דאָס איז אַלץ. זיי שמייסן מיך ארונטער — און זיין קול האָט זיך פאַרלוירן אין באַנייטן ווערטער־געפעכט אויף די שטיגן.

מרדכי האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אויפגעהויבן די אייזערנע שטאַנג וואָס ערני האָט אַוועקגעלייגט פון זיינע הענט און איז מיט אַ פּאַמעלעכן טריט צוגעגאַנגען צו דער בוידעם־טיר. מיט זיין אויסגעגליכטן האַלדז האָט ער אויסגעזען העכער, זיינע אַקסלען אין ווירעוודיקער באַוועגונג. און ווען ער האָט זיך געווענדעט צו זיין משפּחה, די צונויפגעדריקטע און זיפצנדיקע אין דער טונקלקייט, האָט ערני באַמערקט, אַז פון זיידנס אָפּגעדעקטע ציין לייכט די גאַנצע צייט ווי זילבער, אַ מין סאַרקאַסטישער שמייכל, געמישט מיט וואַנזיניקע רייד:

— זייט טויזנט יאָר, העי! פּרוּוון די קריסטן אונז צו פאַרטיליקן, העי, העי! און די גאַנצע צייט גייט ווייטער אָן אונזער לעבן, ווייסט איר פאַרוואָס?

פלוצים שטעלט ער זיך קעגן דער טיר, הויבט אויף די אייזערנע שטאַנג ביז צום סופית, דער טלית און תפילין זענען אים, אין זיין צאָרן, אַראָפּגעפאַלן:

— ווייל קיינמאָל גיבן מיר נישט אַוועק אונזערע ספרים — האָט ער געשריגן מיט אַ דראָענדיקער שטים — קיינמאָל נישט!

— מיר וועלן בעסער אַוועקגעבן אונזער נשמה — האָט ער צוגעגעבן, ווען די אייזערנע שטאַנג האָט מיט פאַרטויבנדיקע קלעפּ צעשפּאָלטן די טיר.

— מיר וועלן אייך אַוועקגעבן די נשמה, העי, העי! — האָט ער פאַרענדיקט מיטן זעלביקן פיבערדיקן יאוש.

און ער איז געבליבן שטיין ביי דער אויפגעריסענער טיר, די פיס צעשפרייט, ווי ביי אַ האַלצהעקער, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף זיין האַק. אַ ליכטשטראַל איז אריינגעדרינגען דורכן טיר־דורכברוך. די געשרייען האָבן אָפּגעהילכט פונדאַסניי, אָבער דאָסמאָל אויף די נידעריקע טרעפּ, שוואַכע קולות, אויסגייענדיקע. דער שווייס, וואָס האָט באַדעקט דעם זיידנס באַקן, האָט אויך אַדאָפּגעגלאַנצט פון זיינע וואָנסן. דערנאָך האָט ערני געזען, אַז דער שווייס איז פּאַקטיש אַרויסגעדרינגען פון זיידנס אויגן, וואָס האָבן טרויעריק געגאָסן מיט טרערן, בעת זיין מויל האָט געשעפּטשעט:

— ווי גרויס איז די חרפּה, אויף מיין עלטער, וואָס פאַר אַ בזיון.

# 3

דעם עלפטן נאָוועמבער 1938, זענען געבראַכט געוואָרן נאָך צען טויזנט יידן אין לאַגער בוכנוואַלד, מיט אַלע אכזריותדיקע ראַפינירטקייטן. אַ הילכער האָט אויסגערופן: „יעדער ייד, וואָס וויל זיך אויפהענגען ווערט געבעטן, ער זאָל אַזוי פריינטלעך זיין און אַריינלייגן אין זיין מויל אַ שטיקל פּאַפּיר מיט זיין נאָמען, כדי מיר זאָלן וויסן, ווער ער איז". דעם פערצנטן נאָוועמבער, האָט די גאַנצע משפחה לוי, נאָך וואַגלענישן, מיט פּעקלעך אין די הענט, אַריבערגעשפּאַנט די בריק פון קיהל.

נאָך זעקס וואָכן האָבן די לוי׳ס אויסגעטייטשט, אַז זייער פּאָג־ראָם איז געקומען פון דער השגחה, מאַמע יהודית האָט אין דעם געזען גאָטס פינגער. אַלע, אַזוי געדרופענע, דעמאָקראַטיעס אונטערן פרייען הימל אויף דער גאַנצער וועלט, האָבן פּאַראורטיילט דייטש־לאַנד פאַר אירע אַנטיסעמיטישע רדיפות, און האָבן דעריבער גוזר געווען אויף איר, זי זאָל האַלטן ביי זיך אירע יידן. די שטראָף איז אויף איר בגזר געוואָרן געטרוי אין מאָמענט, ווען די נאַציס האָבן געעפנט האַמבורג פאַר יידישער עמיגראַציע, בעת די שטאָט

איז געווען איבערגעלאָדנט מיט יידן. במשך פון צענדליקער יאָרן האָבן טויזנטער געשטראָמט צו דעם פּאָרט, און די דייטשע יידן זענען געשלאָגן געוואָרן פון דער דעמאָקראַטישער לאָזונג: קיין שום וויזעס. עטלעכע גרופּעס האָבן מצליח געווען צוצושוויד־מען צום אָקעאַן. פון רחמנות האָט מען זיי נישט דערטרונקען, אָבער מ׳האָט זיי דערלויבט צו שטאַרבן ביי די ברעגעס פון לאָנדאָן, מאַרסיי, ניו־יאָרק, תל־אביב, מאַלאַקאַ, סינגאַפּור און וואַלפּאַרייזאָ, אין אַלע אַנדערע האַפן־פּונקטן, וווּ זיי האָבן נאָר געוואָלט.

דער דעמאָקראַטישער אַזיל האָט נישט געזאָרגט פאַר קיין לויות, האָבן זיך גלוביקע דייטשע יידן אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין, גורל און זיין מזל. די איינוווינער פון באָרנעאָ־אינזל, וואָס זענען געווען להוט באָך נייע קאָפּ־שאַרבנס, האָבן אויסגענומען א תנאי פאַר די רעכט פון באַגראָבן די מתים: זיי זאָלן מעגן אָפּקלייבן די שענסטע בערד. אַ באַרימטער תלמודיסט אין דער מאָדערנער וועלט, איז טעלע־גראַפיש אָפּגעפרעגט געוואָרן, האָט ער געפּסקנט דעם דין כהאי לישנא: „זאָלן זיי אָפּשניידן, גאָט ברוך הוא, וועט לאָזן אָנוואַקסן אַנדערע.״

די נייצייטלעכע נח׳ס תיבה — די שיף „סאַן־לואיס״, האָט געמאַכט צוויי מאָל אַ רונדרייזע אַרום דעם ערדקיילעך, און נישט באַקומען קיין איין בלום פאַר די רייזנדיקע פרויען, קיין שמייכל פאַר די קינדער און קיין טרער פאַר די זקנים. די דעמאָקראַטישע הערצער האָבן זיך באַהערשט. נאָך אָט דער „הערלעכער נסיעה״, האָט זיך דאָס קליינע וועלטל צוריקגעקערט קיין האַמבורג. אויף דעם אופן האָט די וועלט נאָך קיינמאָל נישט אָפּגעהיטן איר איינ־וואַנדערונגס־עמבאַרגאָ. „זאָל לעבן די דעמאָקראַטיע״, האָבן גע־טומלט די דעמאָקראַטן. באַלד האָט דער קלייבער קאָרפּאָראַל שאַרף צוריקגעטומלט: „נידער מיט די דעמאָ־באָלשעוו־פּלוטאָ־יודעאָ־נעגראָ־מאָנגאָלאָ־קראַטיע״. און זיי אויף להכעיס, האָט ער צוגענומען לפי שעה הונדערט טויזנט יידן, די ערשטע: די יידן פון שיף „סאַן־לואיס״. „שאָאָאָקינג! געוואָלט!״ האָט געיאָמערט דער ענגלישער „טיימס״, און כדי אָנצוקליידן אָט דעם נישט־קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים אין כללים פון אינטערנאַציאָנאַלער צביעות, האָט דער מלכות׳דיקער ענגלישער פּלאָט אַוועקגעשיקט אַן אַכט־קלאַפּטערדיק

שיפל מיט יידישע קינדער, וואָס האָבן געוואָגלט אויף די וואַסערן פון בריטישן מאַנדאַט קיין ארץ־ישראל, אָבער לויטן געניויען חשבון פון דער קוואָטע.

— זענען די נאַציס דאָ איבעראַל? — האָט ערניס מאַמע געפרעגט.

*

די באַרבאַרן האָבן לפחות נאָכנישט דערגרייכט די ברעגעס פון דער סענע, די אָנגענעמע, ווו ס׳זענען נאָך געפלאָסן שעהן פון שלום, וואָס די משפחה לוי האָט אַזוי געשראָקן זיי צו פאַרלירן. וויאַזוי קאָן דער אַזיס עקזיסטירן? גאָט האָט געצייכנט די גרענעץ־ליניעס אויפן וועלט־גלאָבוס און האָט באַפוילן: דאָ וועט מען הענגען באַלד, און דאָרטן וועלן נאָך זיין שעהן פון אָפּרו, עטוואָס ווייטער וועט מען שניידן קעפּ; וועט דאָס אויך זיין אין פראַנקרייך?

— וואָס פאַר אַ קרויט־קאָפּ איך בין — האָט בנימין געזאָגט.

— פאַרוואָס זאָגסטו דאָס? — האָט מאַמע יהודית געפרעגט.

— ווען איך וואָלט אין וואַרשע, אין יאָר 1921, געוווען אויס־געקליבן פראַנקרייך, וואָלטן מיר הײַנט נישט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער אַ מדבר פון טרערן און בלוט. מיר וואָלטן נישט געקענט שטילנשטאָט מיט אירע פאַרגעניגנס. מ׳האָט דאָך מיר פאָרגעלייגט פראַנקרייך אויף אַ טאַץ, ווי אַ תאווה׳דיק מאכל. האָב איך צו זיך געזאָגט: ניין, איך פאַרטראָג נישט אַזאַ שפּייז, מיין מאָגן וועט עס נישט פאַרנעמען. וואָס פאַר אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ איך בין.

— מיר וואָלטן נישט געוווסט פון די אַלע צרות, וואָס מיר גייען אַדורך — האָט געזאָגט זיין פרוי.

מרדכי האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ שמייכל:

— ווען דו וואָלסט נישט געווען אויסגעקליבן דייטשלאַנד וואָלסטו נישט געווען געטראָפן דעם גאַליצישן בחור און ער וואָלט דיך נישט געווען פאַרזאָרגט מיט אַ געשעפט אין שטילנשטאָט. און דו ווידער, וואָלסט נישט געווען באַקענט דאָס פריילין בלומענטאַל און וואָלסט איצט נישט געווען דער פאָטער פון די שענסטע קינדער פון דער וועלט. איצט האָבן מיר דאָס אַלץ און נאָך פראַנקרייך

דערצו. געלויבט זאָל זיין זיין ליבער נאָמען, וואָס לעבט אייביק, אמן.

די אַלע שמועסן זענען געפירט געוואָרן אין אַ שיינעם באַראַק, אין אַ פּאַריזער פאָרשטאָט, ווו דער יידישער הילפס־קאָמיטעט פאַר פּליטים האָט איינקוואַרטירט אַ צען משפחות. די פאָרשטאָט האָט געהייסן מאָנמאָרענסי, דער באַראַק: „ערמיטאַזש". דער שטאָט־סעקרעטאַר האָט דערציילט פאַר די היימלאָזע, אַז דער דאָזיקער באַראַק האָט אַמאָל אויפגענומען אַן אומבאַקאַנטן פראַנצויז, וואָס האָט זיך גערופן זשאַן זשאַק רוסאָ. אָבער אפילו דאָס שכנות פון מער באַרימטע מענער, ווי דער גרויסער מגיד פון זלאָטשעווו, אָדער דער רבי ר׳ יצחק פון דראָהאָביטש, וואָלט אויך נישט געשטערט די פּליטים הנאה צו האָבן יעדע שעה פון טאָג, פון דער סאַמעטענער וואַרעמקייט אין גאָרטן. אונטערן סכך פון די בוים־קרוינען, וואָס האָבן אַרומגערינגלט ווי אַ סוכה די שטיינערנע באַנק, ווו די ווייבער האָבן געשטריקט מיטן מויל, מיט די שפּיצן פינגער, און צוגעווירצט זייערע שמועסן מיט לאַנגע, יידישע זיפצן.

— דאָך — האָט איינע פון די באָבעס געזאָגט — ווען כ׳וואָלט אַמאָל געהערט דערציילן, אַז למשל דער בעל־שם־טוב בכבודו בעצמו, אָדער דער האַרציקער רבי ר׳ אברהם מלאך, אָדער איינער פון די זעמיאָקער צדיקים, איז אַמאָל דאָ געזעסן, ווו מיר זיצן איצט אויף אונזערע... וואָלט איך זיכער געשטאָרבן פון בושה. מאַמע יהו־דית האָט געשוויגן.

אָט דאָס קליינע וועלטל האָט געלעבט פון דער שטיצע פון פּאַריזער קהילה־קאָמיטעט. מאַמע יהודית האָט ממש באַוויזן נסים, זי האָט געשנאָרערט מיט אויטאָריטעט. דערציילט האָט זי וועגן דער גרויסער סכנה, באותות ומופתים אויפגעוויזן גאָטס חסד, און אָנגע־וואָרפן אַן אימה וועגן יום־הדין. נישט געווען קיין ביורא, ווו זי האָט נישט באַקומען אַ שטיק קישקע, אַ פליגעלע, אַ... און פלעגט זיי צוּוואַרפן אויפן שוועל פון דער טיר: — זייט וויסן, אַז איר דאַרפט דאַנקען מיר, ווייל ס׳שטייט געשריבן: „דאָס וואָס דו גיסט, וועט דיר גאָט ממלא זיין אַ מאָל הונדערט" איך זאָג אייך פשוט: אויף ווידערזען.

מיט טרערן אין די אויגן האָט זי אויפגענומען די ידיעה, אַז בנימין האָט זיך פאַרדונגען צו אַ יידישן קאָנפעקציע־וואַרשטאַט.

אויך מאַריץ האָט דאָרטן געאַרבעט אַלס פּראָפעסאָר און לערנייגל. דערנאָך איז ערני אויפגענומען געוואָרן אַלס שליח אויף אַ ראָווער. זיי האָבן אָנגעהויבן לעבן אין שפע און געגעסן צו דער זעט. אפילו מאַריצנס קישקע אָן אַ דנאָ, איז איצט געווען אָנגעלאָדנט מיט זעטיקייט. פון צייט־צו־צייט פלעגט ער אַרויסציען אַ בייגל, אַ ראָגאַלקע פון קעשענע, און איינבייסן אין איר מיט הנאה. יעדן פרימאָרגן, באַגלייט פון גאַנצן בני־בית, זענען די אַרבעטער פון דער משפחה געפאָרן פון קליינעם וואָקזאַל מאָנמאָרענסי, מיט דער קליינער פאַרשטויבטער און שרייענדיקער באַן, וואָס די פּראָווינץ רופן איר: „ט אַ ק אָ״.

די מענטשן האָבן נאָכגעגאַפט נאָך אונזערע דריי גיבורים, אָבער קיינער האָט זיי נישט באַליידיקט, און מ׳האָט אויך ביי קיינעם נישט באַמערקט די כוונה אָנצושפייען זיי אין פּנים. אויפן וועג צוריק טרעטן זיי אָפּ אין אַ בעקעריי, לשם פאַרגעניגן, יעדעסמאָל אין אַן אַנדערער, און קויפן קליינע מילך־זעמעלעך, וואָס שלינגען זיך מיט אַפּעטיט אויפן צווייטן שטאָק פון דעם צעווילדעוועטן „טאַקאָ״־באַנדל, בעת די לאַנדשאַפט אַנטפּלעקט זיך פאַר דיינע אויגן ווי אַ פּרעכטיקער טעפּיך.

טיילמאָל, אַז אַ דורכגייער אויף דער באַן־ליניע האָט זיי פריינטלעך באַגריסט און זיי האָבן מיט העפלעכקייט אים צוריקגע־גריסט, פלעגט בנימין דריקן די הענט פון זיינע זין (וואָס ביידע האָבן אים שוין איבערגעוואַקסן מיט אַ קאָפּ) און ער האָט געמורמלט אויף יידיש: — מיינע קליינע טייבעלעך, יאָ, דאָס איז דאָס לעבן.

טיילמאָל, אין אַ זונטיק, האָט ערני באַגלייט דעם זיידן צו די אסיפות פון פאַרבאַנד פון זעמיאַקער לאַנדסלייט אין פּאַריז. דער פאַרבאַנד האָט דעמאָלט געציילט זיבעצן מיטגלידער, אָבער צוליב מאַנגל אין פּלאַץ אין ענגן לאָקאַל, האָט אַ טייל זיך אויף פאַר־זאַמלט אין קליינעם קאָרידאָר, און אפילו אויפן טראָטואַר פון דער גאַס עקופּ.

בעת דער זיידע האָט זיך אין „ביוראָ״ צעשמועסט אויף זיין „ברייטן״ שטייגער, און האָט שוין צום הונדערסטן און איין מאָל זיך אָפּגעזאָגט פון פאַרבאַנדס פּרעזידענטשאַפט, האָט זיך ערני אויסגעמישט צווישן „עמך״ אויפן טראָטואַר, צוהערנדיק זיך צו די

זכרונות און גאָלדענע מעשהלעך פון זעמיאַק, וואָס איז אין מויל פון די פליטים געווען ווי אַ הויפּטשטאָט, ווי די שטאָט פון די ליכטער, בעת פּאַריז האָט אַריינגעכאַפּט קאָמישע צונעמעניש. אָבער צייטנווייז פלעגן די דערציילונגען וועגן די געשעענישן אין דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי —„דאָס אומגליק פון דער צייט" שטעכן ערניס זייטן, ווי מיט נאָדלען.

— ווייסט איר וואָס — האָט ווער געזאָגט — לאָמיר רעדן וועגן עפּעס מער פריילעכס: וואָס זענען די נייעסן פון דער מלחמה?

ערני האָט געלאַכט, און אויך דאָסמאָל האָט זיך אַ נאָדל נחתדיק אַריינבאַקומען אין אים דורכן גאָרגל:

— מען דאַרף נישט טראַכטן — האָט ער געזאָגט צו זיך — מען דאַרף נישט זען, מען דאַרף נישט הערן די געשרייען.

ווי אָנזאָגער פון שלעכטע בשורות, פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, זענען דערשינען די גרויסע צאָלן פון גאַז־מאַסקעס, וואָס די אַרבעטער פון „ט אַ ק אָ" האָבן געטראָגן איבערן אַקסל, ווי ברויט־טאָרבעס פון אַ נייעס סטיל. ווען ס'האָט זיך ארויסגעוויזן אַז די פליטים פון „ערמיטאַזש" — אַלע מיט די האַקן־קרייץ פּאַס־פּאָרטן און אויף אים דער סטעמפּל: „יודע" — זענען נישט אַריינ־גערעכנט געוואָרן אין דער פאַרטיילונג פון די דאָזיקע חזירישע שוץ־טראָמבעס, האָט אַ שוידער אַרומגעכאַפּט די לוי'ס.

— אָט האָסטו — האָט בנימין געזאָגט.

— וואָס פאַר אַ גרויסן גאָט מיר האָבן — האָט אויסגערופן מאַמע יהודית — און וויאַזוי ער פירט מיט דער וועלט, ממש אַ חוזק.

— און דו, וואָס פאַר אַ גרויס מויל דו האָסט — זאָגט מרדכי — באמנות, זייער אָפט עפנסטו דאָס מויל. און ווייסטו ווער ס'ציט דיך אַרויס פון פייער און פלאַם, פון צרה און קלעם?

אָבער אויף פאַרזאַמלונגען, באַזוכן אינדערהיים, הויז־רעוויזיעס און געהיימע אויספאָרשונגען, האָבן זיי געמוזט פעסטשטעלן, אַז אין די אויגן פון פאָלק וואָס געפינט זיך אין מצב פון מלחמה, האָט די משפחה לוי פון שטילנשטאָט באַקומען אַ צורה פון שונאים. אין חודש אויגוסט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פלאַקאַטן, וואָס האָבן געוואָרנט וועגן פאָרזיכטיקייט: „אַכטונג! די אויערן פון שונא הערן אייך", קיינער האָט מער נישט געגריסט די דריי פרעמדע

אין „טאַקאָ״. זיי זענען געווען די ערשטע קרבנות פון פלאַפּ־לערייען, שעפּטשערייען. דאָס וואָרט: „אינטערנירן״ איז געווען אין יעדנס מויל, אָבער קיינער האָט נישט געוואגט דאָס ארויס־צורעדן. אין אַ פּרימאָרגן האָבן די דריי פּאַסאַזשירן דערזען אַ קאָכעניש אין דער קליינער באַן. די צייטן האָבן זיך געביטן.

מלחמה־צושטאַנד.

אויפן צפונדיקן וואָקזאַל האָט ערני פּלוצים זיך געפילט שלעכט; מאָריץ האָט אים געוואָלט באַגלייטן, אָבער אויפן פּאַרלאַנג פון „קראַנקען״, איז ער פאַרבליבן אין אַ קליינער שענק.

ערני איז מיטאַמאָל געוואָרן געזונט און שטאַרק. ער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס ער איז אַליין און איז אַריין אין קאַזאַרמע־טויער אין רויאי, ווו ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין דער ריי פון די פרייוויליקע פון אַלע פעלקער.

— איר האָט מזל — האָט געזאָגט דער הויפּט־סערזשאַנט — איר זייט אויף דער גרענעץ פון מיליטער־פּליכטיקייט. זענט איר אַנטשלאָסן צו זיין אַ טרעגער פון קראַנקן־בעטלעך? קיין ביקס וועט איר נישט באַקומען. אויף וואָס פאַר אַן אינסטרומענט שפּילט איר?

— אויף אַ פּייקל — האָט ער געענטפערט מיט געמאַכטער פריילעכקייט.

— ס׳איז נישט צום לאַכן — האָט דער הויפּט־סערזשאַנט גע־זאָגט. — דער צווייטער!

אינדרויסן האָט אים אַן אַלטע פרוי צוגעשפּילעט אַ פּאַטריאָ־טיש רונד־בלעכל צו דער ברוסט; אַז ער האָט איר באַדאַנקט און געקליבן זיך אַוועקצוגיין, האָט זי אים אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל: — דאָס קאָסט 1 פראַנק מיט 25, דאָס זענען באַפּאָלעאָנישע.

אינדערפרי איז ער געווען אין מאָנמאָרענסי. דער שטאָט־סעקרעטאַר האָט געעפנט אַ פּאָר גרויסע אויגן, אָבער ער האָט דערפילט די פאָדערונג פון יונגן, רומפּולן רעקרוט.

די הייזער־פאַסאַדן זענען געווען באַפּוצט מיט פענער, פּאַט־ריאָטישע לידער האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך אָפענע פענצטערס צום ליכטיקן הימל, צום אין־סוף. אַ מיידל האָט אַפּלאָדירט ביי זיין פאַרבייגיין. ערני האָט אַנטדעקט זיין דריי פאַרביק רונד־בלעכל

אין זיין קלאַפּע. — מירן זען — זאָגט ער צו זיך — וואָס פאַר אַ רושם כ'וועל אַרויסרופן ביי אייך אַלס אַ זון פון פאָטערלאַנד.

אין באַן, אויפן וועג צו דער הויפטשטאָט האָט אַ פרוי זיך איבערגעבויגן צום שכנס אַקסל, באַקוקט ערני לוי'ס מאָגערע פּנים־שטריכן און זי האָט געזאָגט מיט אַ זויערלעכן טאָן:

— אין דעם בחור איז שווער צו דערקענען, צי ער גייט איצט אין דער מלחמה אַריין, אָדער ער קומט שוין צוריק פון איר.

ס'האָט ווער איר פאַרמאַכט דאָס מויל. ער האָט זיך צעלאַכט.

ער איז אַריין אין שענק אַנטקעגן דעם צפונדיקן וואָקזאַל און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, ווו ס'האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַלע משפּחהדיקע געזעגענונגס־סצענעס פאַרן אָפּפאָר אויפן פראָנט. די באַלעבאָסטע האָט אים צוגעטראָגן שרייבפּאַפּיר, טינט און פעדער און אים געזאָגט:

— מיין בראָווער סאָלדאַט, זיכער ווילסטו שרייבן אַן אָפּשידס־בריוו צו דיין קליינער געליבטער?

— צי איז דאָס טאַקע אַ מיליטערישע פליכט? — האָט ערני געפרעגט מיט זיין פרעמדן דיאַלעקט, און ווידער האָבן זיך גע־שטויסן די שנעלע זילבן פון יידיש, מיט די נאַכלעסיקע גומען־קלאַנגען פון דייטש.

ער האָט אָנגעהויבן שרייבן אַ בריוו, און צוליב זיין ציטערדיקן כתב איז צעריסן. אַז ער האָט גובר געווען דאָס האָנט־ציטערן, איז ער געווען געצוואונגען, צוליב זייבע שוועבנדיקע און נישט געאָרדנטע געדאַנקען, צו פּרוּוון אַ דריט מאָל. לסוף האָט ער זיך קאָנצענטרירט און אָנגעשריבן מיט בולטע, שיינע, העברעישע אותיות דעם פאָל־גנדיקן בריוו:

— טייערע, עלטערן, זיידע און באָבע, זייער געליבטע ברידער און שוועסטער. ווידער בין איך אייך גורם יסורים. ביים דערהאַלטן דעם בריוו, וועל איך שוין זיין אין אַ פראַנצויזישער קאַזאַרמע. פרעגט מיך נישט וויאַזוי דאָס איז געשען, שטעלט מיר נישט קיין שום פראַגע, האַלט זיך אָפּ פון פרעגן.מאָריץ און דער פאָטער ווייסן, אַז היינט אינדערפרי האָב איך באַקומען קאָפּשווינדל. ווען כ'האָב זיך געפילט בעסער, בין איך אַוועק שפּאַצירן. אויפן וועג איז מיר אַ שגעון באַפאַלן, כ'בין אַריין אין אַ קאַזאַרמע און אָפּגעטאָן

דאָס וואָס כ'האָב אָפּגעטאָן. דערנאָך איז שוין געווען צו שפּעט, איך האָב געבעטן דעם גענעראַל, ער זאָל מיר צוריקגעבן די מאָבילייזיר־קאַרטע פון מיין פרייוויליקן אַריינטרעטן אין דער אַרמיי, אָבער אָן דערפאָלג, דער אָפּמאַך איז געווען געחתמעט. דאָס איז אַ משוגעת וואָס אַלע וועלטס־מוחות וועלן עס נישט מתקן זיין. פרעגט מיך נישט קיין שום שאלות, פּייניקט זיך נישט! דאָס משוגעת איז מער נישט ווערט ווי דאָס שווייגן. איר ווייסט עס גאַנץ גוט, אַז כ'האָב אייך ליב און דאָס שיידן זיך מיט אייך פאַרשאַפט מיר נישט קיין תענוג. זאָגט נישט: ערני האָט אונז נישט ליב. איך פיל, אַז מיין גיין אין דער מלחמה, האָבן גורם געווען די דייטשן און דאָס וואָס זיי האָבן מיר אָפּגעטאָן. זיי זיכער, זיידע, אַז קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן, אַז אַנטקעגן מיר זענען מענטשן. אגב, איך בין אַ קראַנקען־פלעגער, איך טראָג נישט קיין ביקס, איך טראָג נאָר מענטשן. פאַרגעסט נישט צוריקצוגעבן דער פריילין גאָלדע פישער דעם באַנד לידער פון ביאַליקן. בעט ביי איר אנטשולדיקונג אין מיין נאָמען, וואָס איך האָב אָן כוונה געמאַכט אַ קנייטש אין זיבן־און־דרייסיקסטן זייטל. אַ פּאָר ווערטער פאַר דיר, טייערער זיידע, איך ווייס וויפיל יסורים איך האָב דיר פאַרשאַפט, זייט דער מעשה מיט דער שפּייז־קרעמערקע. אָפּטמאָל דוכט זיך מיר, אַז דאָס אָפּ־געטוענע שלעכטס, איז גרעסער פון דעם שלעכטס וואָס געפינט זיך ווירקלעך אין מיר. לאָמיר רעדן וועגן עפּעס פריילעכערס... וואָס זענען די נייעס פון דער מלחמה ?... זייט מיר מוחל פאַר דער חכמה, איך האַלט, אַז ס'איז גוט צו לאַכן, כאָטש מיט איין אויג...

אייער זון, אייניקל און ברודער, וואָס האָט אייך ליב און קושט אייך מיט דער גאַנצער נשמה. איך בעט אייך נאָכאַמאָל זייט מיר מוחל. — ע ר נ י.

פּ. ס. אין דעם קאָנווערט געפינט איר אַכט באַשטעטיקונגען פון שטאָט־סעקרעטאַר, פאַר יעדן איינעם פון אייך אַ צייגעניש, אַז אייער זון, אייניקל און ברודער איז געגאַנגען פרייוויליק אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, היט זיי אָפּ. דערמיט זענט איר, אין אַ געוויסער מאָס, אויך פראַנצויזן און מ'וועט אייך נישט איינזעצן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. לפּחות איינמאָל וועט פון שלעכטס אַרויס־

קומען עפעס גוטס. און ווייל דער שגעון איז שוין דאָ, זאָל אייך כאָטש גאָרנישט פּאַסירן. זאָל דער שגעון אַ מאָל ברענגען אַ נוצן פאַר דעם צער, וואָס איך בין אייך גורם. ס'איז שוין שפּעט, דעריבער חתמע איך. אייער, מיט דרך־ארץ, מיט ליבשאַפט און מיט צער. ערני״.

# 4

אַכט און פערציק שעה נאָכן חתמענען זיין פרייוויליקן אַריינטריט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, האָט ער זיך דערוווּסט וועגן זיינע באַגרענעצונגען אין די רייען פון 429־טן באַטאַליאָן פון פרעמדן־לעגיאָן. סערזשאַנטן, געבוירענע אין דרעזדן און אין בערלין, האָבן אים צוגעוואָרפן צאָרנדיקע בליקן. און דער לייטענאַנט, אַ בורגונדער, האָט אים מיט ישוב־הדעת אויפמערקזאַם געמאַכט וועגן זיין גורל: אַז קיינמאָל וועט ער נישט באַקומען דעם פרעמדן־נומער, דעם דראַפּירטן מיט דער דריי־פאַרביקער פראַנצויזישער פאָן, אַז זיי וועלן מוזן שטענדיק שטיין אויפן פלאַץ, און אַז די רעכט פון זייער וווינונגס־באַצירק זענען באַזונדערס נישט אויפגעקלערט, ביז ביז צום נייעם באַפעל.

אויפן שטייגער פון די קאָלאָניאַלע טרופּן, האָט זיך דער 429־טער פרעמדן־באַטאַליאָן געפונען רעגלמעסיק אויפן ערן־פעלד. צווישן די שלאַכטן, האָט ערני געפּויקט מיט גבורה אין דער פּויק פון באַטאַליאָנס־אָרקעסטער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז נישט אַלע מוזיקאַנטן זענען קראַנקן־פלעגער, אָבער די לעצטע זענען אויטאָמאַטיש אַ טייל פון מיליטערישן אָרקעסטער. אין 4־טן פון דאָזיקן משונהדיקן חודש מאַי, יאָר 1940, איז אָנגעקומען צו ערני אויף דער אַרדענען־ליניע אַ בריוו מיט דער בשורה, אַז מ'האָט אינטערנירט זיינע עלטערן, ברידער און שוועסטערס, דעם זיידן און אפילו די מאַמע יהודית. דאָס האָט אים אַ פאַריזער שכן געשריבן. ער האָט אים געשילדערט, ווי וויט פיינלעך און נישט אָנגענעם די זאַך איז. אָבער — האָט ער צו געגעבן — כאָטש דאָס האָט געטראָפן די לוי'ס,

איז עס נישט געצילט געוואָרן אין זיי. אינדעראמתן, איז דער גאַנ־צער ענין קיין שום באַליידיקונג נישט, זיי געפונען זיך אונטער ריגל און טירן, נאָר צוליב געזעצלעכן סדר. ערני באַדאַרפט פאַר־שטיין על־פּי־שכל, אַז די דייטשע יידן, כאָטש זיי זענען יידן, זענען זיי אויך דייטשן, און דער שטייגער אין פראַנקרייך, אין אַזעלכע פאַלן איז... א. א. וו. דערנאָך איז אָנגעקומען אַ בריוו פון פאָטער, לגמרי נישט קיין פריילעכער. דער לאַגער אין גיר איז דערמאָנט געוואָרן נאָר דרך־אגב, אָבער ערני האָט אַרויסגעלייענט פונעם בריוו, אַז דאָס פּירעכץ אין פראַנקרייך, ציט טיילמאָל איר יניקה פון דער דייטשער טראַדיציע... און ער האָט מסכים געווען מיט דער לעצטער ווערסיע פון זיין פאָטערס בריוו: ס'איז אוממעגלעך צו זיין אַ ייד.

דערווייל האָט דער בריוו פון לאַגער געריצט דעם אַנאַליטישן מוח פון קאַפּיטאַן, וואָס פלעגט אומגעבעטן עפענען די בריוו פון זיינע פרעמדע וואָלאָנטערן:

— דאָס איז עפעס אַ שיפרירטע שפּראַך, אפשר איז עס גאָר העברעיש — האָט ער געטענהט.

— ס'איז העברעיש, מיין קאַפּיטאַן — האָט ערני אויפגעקלערט מיט תמימות, אָבער מיט חריפות פון יידיש.

אַ שטוינען, אַ פּראָבלעם, מ'האָט געפאָרשט און געזוכט אַ פאַר־טייטשער. צום גליק האָט די קאָמפּאַניע „ראַסיניאַ" געהאַט איר ייד, אים געזוכט און געפונען. ער האָט באַשטעטיקט אינגאַנצן ערניס ווערסיע.

טראָצדעם, מיין קאַפּיטאַן — האָט דער צווייטער העברעער גע־פּרוווט קלאָרער מאַכן — ס'איז דאָ עפעס אַ פונקט, אַ קליין פונקטל...

— אין די אויגן פון פראַנקרייך איז נישטאָ קיין שום קלענער פונקט. רעדט צו מיר ווי אַ סאָלדאַט! — האָט דער אָפיציר אויסגעע־שריגן מיט חשובער חשיבות...

— אָ, מיין גענעראַל — האָט דער העברעער געזאָגט אַ גערירר־טער — דאָס וואָרט „חמדה" אויף „פיינקייט" איז נישט גאַנץ פּינקט־לעך איבערגעזעצט, פיל ריכטיקער איז אויף...

דער המשך פון דער שפּראַכלעכער אויפקלערונג האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ גאַנץ פאַרביקן געטומל, אין וועלכן די גרינע פאַרב האָט דאָמינירט...

אינדעראמתן וואָלט זיך דער גאַנצער ענין געווען געענדיקט מיט דער הילף פון די געלונגענסטע פאָרמען פון דער מיליטערישער קונסט, ווען נאָכן צוטיילן יעדן פון די העברעער: צוויי און אפילו אַכט טעג אויף מער פינקטלעכערע באַטראַכטונגען... וואָלט פלוצים דער גייסט פון אָפיציר נישט אויפגערודערט געוואָרן פון אַ שפּאָגל־נייעם געדאַנק. און דאָס איז געווען דער געדאַנק: היות, ווי די גאַנצע משפחה פון קאָרפּאָראַל ערני לוי, געפינט זיך שוין אין אַ מצב, ווו זי וועט מער נישט קענען שאָדענען, איז דאָס ווייטערדיקע האַלטן דעם ערני לוי אין פראַנצויזישן אוניפאָרם, אין אַ זינלאָזער און באַליידיקנדיקער סתירה צו פראַנקרייכס כבוד, וואָס האָט נישט קיין פריערדיקן ביישפּיל אין דער געשיכטע פון פראַנקרייך... צי זאָל מען ערני לוי אַרעסטירן שוין אויפן אָרט, צי נישט? ער איז געשטאַנען פאַר דער גרויסער אַלטערנאַטיווע. און ווייל דער ענין האָט באַקומען אַ נאַציאָנאַלן אַספּעקט, האָט ער באַשלאָסן אים איבערצופירן צו העכערע אויספאָרשונגס־אָרגאַנען.

מ׳האָט גיך אַרויסגעשיקט אַ מיליטערישן שטאַפעט, וואָס האָט, אין אומרו און אין פאַטריאָטישער התפעלות, געפרווווט אויספירן זיין שליחות. אָבער התפעלות־התלהבות האָט דאָ גאָרנישט געהאָלפן, ס׳האָט זיך פשוט מער נישט געפונען קיין שום קאָמענדאַנט פון העכערן שטאַפּל. אַ צום טויט־דערשראָקענער, האָט דער שטאַפעט, פאַר יעדן פאַל, מיטגעשלעפּט דעם וועכטער פון העכערן שטאַב. האַלטנדיק דעם פאַרבינדונגס־מאַן פעסט ביי דער האנט, איז דער שטאַפעט אַרויפגעקראָכן צום באַטאַליאָן, איז אויך דאָרט קיין שום קאָמענדאַנט מער נישט געווען. ער איז אַראָפּ צו דער קאָמפּאַניע, האָט מען קיין קאַפּיטאַן מער נישט געזען.

דעם המשך קאָן מען לייענען אין די יאָר־ביכער פון פראַנקרייך. אָבער נישט אַז ערני לוי, איז צוריקגעשיקט געוואָרן צום זאַמלפּונקט, צום אַדיאָטאַנט פון באַטאַליאָן (וואָס האָט אים פייערלעך איבערגענומען פון אַספּיראַנט, וואָס איז דערפאַר באַדאַנקט געוואָרן פון געהילפס־לייטענאַנט, וועלכער איז געשטעלט געוואָרן צו אויסצייכענונג צום קאַפּיטאַן)... נאָר אַז ערני לוי האָט זיך אזוי דורכגעוואַלגערט דעם גאַנצן היעראַרכיע־וועג ביז ער האָט זיך צום סוף דערשלאָגן אין די הענט פון אַ צווייטראַנגיקן אונטער־אָפיציר, איז

אויך יענער פלוצים פֿאַרשווּנדן געוואָרן, אויף אַ זייער שענדלעכן אופן און האָט נישט קיינעם איבערגעגעבן דעם פּאַראָל.

זיין אויפהאַלטן זיך דאָרטן האָט מער נישט געדויערט ווי איין רגע. ווייסנדיק פון אַ גוטן ראָוועד אין אַ גאַראַזש פון דער סביבה, האָט ער זיך געטראַכט, אַז מיט שפּייז און טראַנספּאָרט־מיטלען איז ער פֿאַרזאָרגט, ס׳פֿעלט אים נאָר אַ גוטע געזעלשאַפֿט אויפן וועג.

דער צווייטער העברעער, האָט אים זייער האַרציק אַרומגענומען און זיך צו אים געווענדט בזה הלשון: — טייערער הער, איך ווייס באמת נישט ווי אייך דאָס צו זאָגן, ווי עס רירט מיך אייער פֿאַר־שלאָג, ווייל איך פֿיל, אַז ער איז געווענדט נישט נאָר צו אַן איי־גענעם גלויבנס־ברודער, נאָר אין אַ געוויסן זין אויך פּערזענלעך, צום מענטש... אויב אַזוי, דערלויבט מיר אייך צו דאַנקען פֿאַר דעם אויסדרוק פֿון אָפּשאַצונג. און איצט:

טאָמער דאָך... — האָט ערני געמורמלט. די צוגעפּוצטע הקד־מה אין דעם מויל, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג טועם געווען דעם טעם פֿון דער פֿראַנצויזישער גראַמאַטיק, האָט אים מער ווי געטאָן, ווי דאָס דערנענטערן זיך פֿון אַ האַרמאָניש־אָנגריף.

— ...און טראָצדעם, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז איך בלייב נאָך אייך דער לעצטער מענטש פֿון משהס גלויבן אין באַטאַליאָן, דוכט זיך מיר, אַז ס׳איז ממש פֿון גרויסער נויטווענדיקייט, נישט צו שאַפֿן ביי די נישט־יידן דעם איינדרוק, אַז ס׳איז דאָ מער נישטאָ קיין ייד.

— ס׳איז דאָך אָבער אויך מער נישטאָ אַפֿילו קיין סימן פֿון אַ פֿראַנצויז אין באַטאַליאָן! — האָט ערני גאָנץ אומגעדולדיק אויסגעשריגן.

— איך בין דאָך דאָ! — האָט געזאָגט דער צווייטער העברעער. איך בין שוין זעקס און צוואַנציק יאָר אין פֿראַנקרייך און וועל אינגיכן נאַטוראַליזירט ווערן.

ערני האָט ביטער געשמייכלט: — איז גוט, וועלן מיר צוזאַמען זיך לאָזן נאַטוראַליזירן און דאַן זיך לאָזן אויסשטאָפּן... אויב אַזוי זעט אויס אייער פֿאַנטאַזיע. דרך־אגב, קענט איר די תפילת־ווידוי פֿאַר דער גסיסה?

— איך קען זי, אָבער...

— אויך איך קען זי — האָט ערני שטיל געזאָגט.

— זייט נישט קיין דעפּעטיסט — האָט דער צווייטער העברעער געזאָגט — דער מענטש איז שוואכער פון אַ פליג און שטאַרקער פון אייזן... מאָרגן וועלן די סאָלדאַטן פון ווערדון, פון וואַטערלאָ, פון וואַלמי, פון ראָקראָאַ, פון מאַריגנומאַן, פון...

*

דעם אַנדערן טאָג האָט דער נאַצישער זאַק געפּלאַצט, פּאַנאַנ־ד'ערשיטנדיק אַן אומענדלעכע צאָל פון פּאַנצער־אויטאָס אויף די פראָנט־אָפּצווייגונגען פון די ארדענען.

דער 429־טער באַטאַליאָן, וואָס מער איז פון אים נישט געבליבן ווי איין קאמפּאניע, און נאָך ווייניקער פון דעם, אייגנגעבוירענע פּראָנצויזן, האָט אויסגעקליבן אַלס זיין שטאַבס־קאָמאַנדע, דריי לאַנגיאָריקע קעמפער פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדן. יעדער איינער האָט ביי דער צערעמאָניע אויסגעטרונקען דאָס לעצטע גרויסע גלאָז בראָנפן, און ערני האָט צו זיין איבעראַשונג פעסטגעשטעלט, אַז דער צווייטער העברעער האָט געהויבן הויך זיין מאָגערע פויסט איבער אַלעמען, כלפּי דעם הימל, און זיינע פּנים־שטריכן האָבן עדות געזאָגט, אַז ער איז צופרידן פון זיך און פון אַנדערע. אין דעם מאָמענט, האָט דער אויסגעוויילטער שפּאַניער אַ געשריי געטאָן:

— קאָמפּאַניאָרעס! (חברים) צווישן אונז זענען פאַראַן לעגיאָנערן־גאַריבאַלדיסטן, עסטרייכישע סאָציאַליסטן, דייטשע קאָמוניסטן, שפּאַנישע אַנאַרכיסטן, יידן, פּליטים פון גאַנץ אייראָפּע. זייט יאָרן ראַנגלען מיר זיך אין צוריקמאַרש, וואַלגערן זיך פון פראָנט צו פראָנט. דאָס לעצטע פרייע לאַנד איז פראַנקרייך, אָבער היינט איז איך זי דורכגעריסן געוואָרן, און די פראַנצויזן גליטשן זיך אַראָפּ ווי שאָף אנטקעגן ים. מיר קענען און ווייסן, וואָס עס הייסט פאַראַט. די חברים עקס־קאָמוניסטן, די אָנוועזנדיקע, האָבן געפילט זיין טעם פון דער נאָענט, דורכן פּאַקט מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ. ק אָ מ פּ אַ נ י אָ ר ע ס! די דאָזיקע ווערטער ווערן נישט געזאָגט, כדי צו באַנייען אַלטע וויכוחים. די ווערטער קומען אייך נאָר זאָגן: פאַר אונז איז מער נישטאָ קיין צוריקמאַרש, קיין שום עמיג־

ראַציע מעגלעכקייטן, פראַנקרייך איז די לעצטע פעסטונג. די איי־דעלע הויטן קענען זיך גיין. איך דערמאָן אונזערס אַ קאַטאַלאָניש שפּריכוואָרט: „דער דרייסטער ווערט נישט מאַזיגט, נאָר ווען ער איז טויט, אפילו קיין איין מינוט נישט פאַר דעם". און פאַר די וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער שפּאַנישער רעפּובליק, דערמאַן איך די ווערטער פון דאָלאָרעס־די־פּאַסיאָנאַריאַ...

אַ מרהשחורהדיקער סאָלדאַט, מיט אַ געשטיפּלט פּנים ווי די שאָל פון אַ ניס, האָט אויסגערופן מיט פרייד:

— חברים, פון איצט אָן זענען ווערטער אונזער גאַנצע סטראַ־טעגיע... און אונזער גאַנצע, כאַ, כאַ, כאַ, רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק...

— וואָס? וואָס האָט ער געזאָגט? — האָבן אומצופרידענע שטימען געשריגן.

דער שפּאַניער איז געוואָרן אַ ביסל ערנסטער: — מיינע פריינט, ביי אונז אין מאַדריד האָט אונז די־פּאַסיאָנאַריאַ געלערנט: „בעסער שטאַרבן שטייענדיק, איידער לעבן אויף די קני!"

די פּופציק צוהערער האָבן ווי איין מענטש אויפגעכאַפּט דאָס שפּריכוואָרט, בעת דער צווייטער העברעער, דער קליינער, דער לייכט־טריומפירנדיקער, האָט געוויינט פון שמחה.

*

ס'איז געקומען אַ תקופה פון אָפּוואַרטן. ערני איז געלעגן אין דער אָקאָפּע מיט דער ביקס נעבן זיך און זיין שווער האַרץ איז געווען אין לאַגער גיר, ער האָט זיך פונדאָסניי געוווּנדערט, וואָס ער געפינט נישט זיינע הענט־און־פיס, אין דער לאַגע... דער זיידע האָט זיך געוואַקלט אַ סעקונדע, מיט אַ געשפּאַנטער נשמה האָט ער אָפּגעריסן, ווי א רייפע פרוכט, א מימרא פון תלמוד. דער פּאָטער, ווייניקער קאָנצענטרירט, האָט זיך באַגנוגנט מיט צונויפגעקליבענע מעשהלעך, ווי פירות פון גרויסן בוים פון יידישער פאָלקס־חכמה. איינע פון די מעשהלעך האָט זיך צעזונגען אין ערניס זכרון, מיטן פאָטערס היציקער און איראָנישער שטים אין זיין באַברילט קראָליק־פּנים, אין זיינע פלינקע פינגער, די פעיקע פאַר אַן אויסטייטש־אַנאַליז, פונקט ווי פאַר דער נאָדל.

„הערט אַ ביסל, ברידער, אַ רב אין אַ קליין שטעטל האָט גע־לערנט אין זיין דרשה וועגן דער שלימות פון אַלע זאַכן״:

— צוואָס פרעג איך אייך, האָט דאָס דער אויבערשטער גע־זאָלט באַשאַפן אַ שלעכטע זאַך? שעפעלעך מיינע, די ערד איז אַזוי שלימותדיק אין איר קיילעך, כדי די זון זאָל קאָנען פריי און מיט הנאה זיך דרייען אַרום איר. איר זעט אויך, אַז די זון איז אַזוי פולקאָם רונדיק, כדי אירע פאַנאַנדערגעטראָגענע שטראַלן, זאָלן שיינען איבער דער גאַנצער וועלט, אָן שום אויסנאַם, אַז נישט מיר פון איין עק און נישט די נעגערס פון אַנדערן עק, זאָלן חלילה נישט פון איר באַעוולט ווערן. און די לבנה? אָבער וואָס גייט אונז אָן די לבנה? זאָל פאַר אייך גענוג זיין צו וויסן: די לבנה כאָטש זי איז נישט שטענדיק גאַנץ רונדיק, איז זי שטענדיק שלימותדיק.

— הערט מיך ווייטער, מיינע ברידער. — און די ציבעלעס?

— האָט אַ קינד געפרעגט — און די רעטעכלעך מיט פוטער? — האָט א צווייט קינד געפרעגט — דיזעלבע זאַך מיט די רעטעכלעך מיט פוטער — אָבער תמיד — האָט דער רב מוסיף געווען און געציפּט זיך דאָס בערדל — געדענקט: אַז נאָך השם יתברך, איז דער מענטש די סאַמע שלימותדיקע בריאה אין דעם גאַנצן וועלט־באַשאַף. אוי, דער מענטש, מיינע שעפעלעך, דער מענטש.

— און איך? הויכגעשעצטער רבי — האָט געפרעגט אַ קליין הויקערל — דער רב האָט געכאַפּט אַ מחשבה:

— אָבער, קליין נשמהלע — האָט ער געענטפערט מיט לייכטן פאַרוואורף, — פאַר אַ הויקער, קענסטו פולקאָמער נישט זיין...

די זיסלעך־ביטערע הנאה פון דער דאָזיקער פילאָזאָפיע האָט פלוצים דערוועקט עקל אין ערני. דאָס וואָס די וועלט טראָגט אַ ריזיקן און ווייטיקדיקן הויקער, קאָן על־פּי־יושר נישט פאַרעכנט ווערן פאַר אַן הנאה. ער ווידער, פון זיין זייט ווייסט, אַז דער אויבערשטער, געלויבט זאָל ער זיין, האָט אים באַשאַנקען מיט אַ מין שטיין, אַ קאַלטער און דורכזיכטיקער ווי גלאָז, וואָס שפּיגלט אָפּ די געהיימנישן פון גוף און נשמה, מיט אַן אומפאַרגלייכלעכער שלימות: דאָס ווייסע צימער פון שפּיטאָל, דאָס דעמער־ליכט פון פּאַגראָם, דעם איידל־בלאָען הימל פון פאַריזער פאַרשטאָט, דעם סובטעלן באַגינען וואָס שטינקט פון בלוט.

*

נאָך עטלעכע טעג, זענען דערגאַנצט געוואָרן זיינע זכרונות:
דער קאָפּ־שווינדליקער סוף פון צווייטן העברעער, וואָס איז געט־
ראָפן געוואָרן פון אַ שראַפּנעל אין דער געגענט, וואָס דער זוהר
רופט עס אָן דאָס דריטע אויג (עינאַ תליתאה) אָדער דאָס צענטראַלע
אויג, אָדער גאָר דאָס אויג פון דער אינערלעכער ראיה. צוליב דעם
קלאָרן זין, וואָס עס זיצט געווי צווישן ביידע גוף־אויגן, און אין
אים איז די דערקענונג „דערהויבן ווי די זון, ריין ווי דאָס ליכט,
תמימותדיק ווי א קינד", ווי ס'איז באַוויזן געוואָרן צום צווייטן
העברעער אין יענעם פרימאָרגן. ס'איז צוגעקומען צו זיינע זכרונות:
דער צווייטער העברעער איז געברענגט געוואָרן צו קבר־ישראל אין
אַ גרוב, וואָס איז דורך אַ וווּנדערלעכן צופאַל צעגראָבן געוואָרן
דורך אַ האַרמאַטן־קויל. זיינע אָרעמס נעמען אַרום זיין ברוסט, די
תפילין און רצועות אַרום זיין שטערן, און זיין גוף איינגעהילט אין
טלית מיט די שוואַרץ־ווייסע פּאַסן, ווי צו תפילת־ווידוי. זיינע
זכרונות האָבן זיך אויסגעברייטערט: דער נישט־שטאַרק געשעצטער
נאָמען פון 429־טן פרעמדן־באַטאַליאָן, זיין צוריקמאַרש אויף אַ ריין
קעלטישן *) שטייגער, העלפט אויף די רוקנס פון פערדישע שקאַ־
פעס, העלפט אויף ראָווערן. ס'איז אים געבליבן אין זכרון: די קבורה
פון אַ מאַסאַקרירטן קערפּער, וואָס איז געלעגן אויפן ראַנד פון וועג.
דער לעצטער כבוד, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן דורך אַ וויבטל
פון הימל, צו אַ יינגל וואָס איז געלעגן מיטן פּנים צו דער ערד.
די ברידערלעכקייט פון אַן אָפיציר אין געלע הענטשקעס אויף אַ
ראָווער, וואָס האָט צו אים געזאָגט: „מיין טייערער, די לאַגע איז
פאַרצווייפלט, אָבער נישט ערנסט".

איצט די זכרונות וועגן דער קאַפּיטולאַציע פון דער פראַנצוי־
זישער אַרמיי. דאָס אַנטפלעקן זיך פון דעם אייביק־בלאָען הימל פון
דער ריוויערע. די בשורה, אַז האַלב פראַנקרייך איז באַזיגט געוואָרן,
אַ דאַנק דער אינערלעכער פאַרפוילטקייט. דערנאָך די ידיעה וועגן
אַלגעמיינעם צוזאַמענברוך.

---

*) די קעלטן — די אור־איינוווינער אין פראַנקרייך, פאַר דער
רוימישער דעראָבערונג.

און צום סוף: אין יאָר 1941, די בשורה וועגן פולשטענדיקן איבערגעגעבן די אינטערנירטע, די מחנה גיר, אין די נאַצישע פאַרניכ־טונגס־לאַגערן.

כאָטש ער איז געווען טיף פאַרבאָרגן אין שוצגראָבן, האָט ערני ווידער געזען, אַז די מאָס איז איבערפולט געוואָרן, דער אייזערנער רינג האָט אים אַלץ ענגער אַרומגעקלאַמערט. צום צווייטן מאָל איז אים געקומען דער געדאַנק פון הענגען זיך, אָבער לאָמיר זיך צוזיילן און זאָגן, אַז ער האָט גאָרנישט געטאָן.

— און פאַרוואָס האָט ער זיך געוואָלט הענגען און זיך נישט געהאָנגען?

די פראַגען זענען באַמת אינטערעסאַנטע, אָבער היות ווי אונזער פלאַץ איז קליין, וועלן מיר זיך באַגרענעצן דערמיט, וואָס מיר וועלן זאָגן, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט מוחל געווען, וואָס ער האָט זיך נישט געהאָנגען.

## 5

און אַז עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ קאָפּשווינדל, האָט ערני לוי זיך געווענדט צו די נאָענטע נשמות, מיט די ווערטער:

„אוי, מיינע טייערע טאַטע מאַמע, מיינע ברידער און שוועס־טערס, מיין זיידע און מאַמע יהודית. וויאַזוי איז געשען, וואָס איר אַלע קומט אום און איך קאָן נישט אומקומען מיט אייך? אויב דאָס איז דעם אויבערשטנס רצון, פאַרשעלט איך מיט רעכט, זיין באָמען. כ׳בעט אים נאָר, ער זאָל מיך דערוויטערן פון זיך, כדי כ׳זאָל אים נישט אָנשפּייען אין פּנים. און לויט ווי ס׳האָבן מיך געלערנט מיינע חברים פון 429־טן פרעמדן־באַטאַליאָן, דאַרפן מיר אין אַלץ און אין אַלעמען זען דעם ווילן פון דער נאַטור, וואָלט איך געבעטן האַרציק די דאָזיקע נאַטור, זי זאָל מיך וואָס גיכער פאַרוואַנדלען אין אַ חיה. מיינע האַרציקע, ערני, דער נע־ונדניק, אָן דער משפחה, איז ווי אַ פלאַנץ אָן לופט.

און דערפאַר, און מיט אייער דערלויבעניש, וועל איך פּרוּוון פון איצט אָן טאָן אַלץ, וואָס איז אין מענטשלעכע מעגלעכקייטן, כדי צו ווערן אַ הונט. טייערע עלטערן, באַטראַכט, איך בעט אייך, דעם דאָזיקן בריוו אַלס מיין לעצטן אָפּשיד.״

לאָמיר צו זיין שולד בסוד דערמאָנען, אַז אַ סוף־זומערדיקע זון, וואָס איר גלייכן אין פאַראַן נאָר אויף די ברעגן פון מיטללענדישן ים, האָט אים געמאַכט פיל אַנגענעמער דאָס לעבן.

— ברודערקע, לאָמיר נאָר זען, — האָט ערבי לוי זיך אליין גע־פרעגט — וויאַזוי ווערט מען אַ הונט אין דעם לאַנד?

און ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו אַ קיום, וואָס זיין אַקוראַטע לאָגיק, וועט זיך אָן ספק באַווייזן פאַרן לייענער. מ׳זאָגט און ס׳איז באַוווּסט, אַז דאָס נאָכמאַכן ווערט ווייניקסטנס אַ צווייטע נאַטור, אויב נישט די נאַטור אַליין. לויט אָט דער לאָגיק, און אויב ס׳איז אמת, אַז דאָס לעבן איז נישט מער ווי דאָס „אָפּרייסן די בלעטער פון אַ רויז״, אָדער אַ שטיק הון, איז דאָך דאַן לייכט מסכים צו זיין, אַז ווען ערבי האָט באַשלאָסן צו פאַרלירן זיין מענטשלעכע אידענ־טישקייט, האָט ער מער נישט געקאָנט טאָן, ווי זיך צו באַמיען, אַז זיין גאַנצע נשמה זאָל אָנטאָן די לאָקאַלע לעבנס־צורה פון אַ הונט.

כדי אָנצוהויבן לערנען די זאַך, האָט ערבי לוי „פון אַמאָל״ באַשלאָסן זיך צו רופן מיטן פאַמיליען־נאָמען „ב אַ ט אַ ר ״ (ממזר), וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין פּאַסיק אין זיין נייער לאַגע. און מיטן פאָרנאָמען: ערנעסט.

אָבער שמד גייט נישט אָן סאַקראַמענטן. און אַזוי־ווי ער איז געוואָרן אַמאָל גע׳מלט אין דער הויט פון אַ לוי „פון אמאָל״, אַזוי האָט ער זיך דערוואָרבן די נייע אידענטישקייט, דורכן לאָזן וואַקסן זיינע וואָנסן, ביז באַקומען אַ קאַטוילישע צורה, סיי אין פאָרם, סיי אין אופן פון באַהאַנדלען זיי. ער האָט געמוזט פעסטשטעלן, אַז דאָס אַלץ איז אַ פּראָדוקט פון זיין צעשפּילטער פאַנטאַזיע. דער מינימאַלסטער עפעקט פון די דאָזיקע וואָנסן, האָט נאָך ווייט נישט געגעבן די צורה פון אַ הונט. זיין גאַנצער הילוך, וואָס איז ביז איצט געווען מרהשחורהדיק און געבויגן, איז געוואָרן אויסגעגלייכט און אפילו ווולגאַר. ער האָט אָנגעהויבן גיין לייכט־טריטיק, וואָס מ׳האָט קיינמאָל ביי קיין פּוילישן ייד נישט געזען.

מיט דער הילף פון די נייע איידעלע מדות, איז דער ערני לוי „פון אַמאָל" אין סוף אויגוסט 1941, דריי חדשים נאָכן איבערגיין צו דער הינטישער ראַסע, אַריינגעגאַנגען אין אַ קליינע שענק, אין אַלטן פּאָרט פון מאַרסיי, די שטאָט וווּ ער האָט זיך באַזעצט. זיין אריינקומען האָט אַרויסגערופן געלעכטער — טראָץ דער ברענענ־דיקער היץ איז ער געווען אָנגעטאָן אין זיין אַלטן מיליטערישן רעקל, וואָס איז געווען פאַרשמירט, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, מער אָפּשטויסנדיקער ווי די פאַרב פון אַן אַלטן קרעציקן הונט. אַ שפּילקע פון אַ הייבאַם האָט אים פאַרשפּיליעט דעם קאָלנער. אַנשטאָט אַ פאַסעק האָט אים אַרומגעגאַרטלט אַ שטריק און אונטער דעם בערעט, וואָס האָט אים צוגעדעקט די טשופּרינע — אַ פּיסק מיט וואָנסן און אַראָפּהענגענדיקע אויגן, ווי זיי וואָלטן געזוכט אין ווינקל אַ ביין צום צעגריזשען. צוערשט געוואַקלט זיך פון אויסגעשעפּטקייט, דער־נאָך איז ערני צוגעגאַנגען צום בופעט און געבעטן אַ גלאָז וואַסער. דער קעלנער, אַ גרייס, אַ רויט־האָריקער לץ, האָט אים דערקלערט, ביי דער אַלגעמיינער פריילעכקייט פון דער קונדשאַפט, אַז ער האַלט נישט אפילו אַ טראָפּן פון דער געפערלעכער „רפואה". דערנאָך האָט ער דעם אורחי־פּרחיניק דערלאַנגט אַ האַלב גלאָז רויטן וויין, און זעענדיק ווי ער קווענקלט זיך, האָט ער אים בכיוון אַריינגעשטופּט די נאָז אין וויין, כדי אים אָנצורעגן צום טרינקען. דאָס כלאַפּען פון דעם לא־יוצלח האָט צעוואַרעמט דעם קעלנער, וואָס האָט אונטער־געהויבן ערניס קאַרק און אים געגעבן „צו זייגן". צוויי רויטע ריטש־קעלעך זענען ארויסגערונען פון צווישן די ליפּן אויף ערניס גאָמבע און אויפן נאַקעטן האַלדז. כיכאָטשנדיק פון הנאה, האָט אַ גאַסט געקלאַפּט אויפן רוקן פון דעם טרינקער, „כדי די משקה זאָל בעסער אַראָפּגיין", דאָס געטראַנק האָט זיך צעשפּריצט איבערן פּנים.

— גענוג — האָט אַ קול גערופן פון עק זאָל.

דער קעלנער איז געבליבן שטיין מיט דרך ארץ. ערני האָט מיט אַ שפּיץ פון אַרבל אָפּגעווישט דאָס פּנים, ער האָט באַמערקט אַן עלעגאַנט געקליידעטן מאַן, וואָס איז אויפגעשטאַנען און אויסגע־דרייט זיין פלייצע צום פריילעכן טיש, ביי וועלכן, צעהוליעטע געסט, פרויען און מענער, האָבן זיך געלאָזט ווילגיין. ערני האָט אויפגענומען דעם קעלנערס שוואַך־געוואָרענע שטים:

— הער מאַריאָ, קיינער איז נישט אויסנגעוועזן קיין שלעכטס.
— באַרעמהאַרציקע, הייליקע בתולה — האָט דער מענטש אַ ביסל אונטערגעזונגען — האָסט מיך גאַנץ גוט דערצערנט, חזיריש חזיר וואָס דו ביזט.

און ער האָט זיך דערנענטערט מיט אַ מיושבדיקן טריט צו ערני.

— ווייזט אויס, אַז אַרמיי באַדייט הונגער? האָסט אים נישט געקאָנט געבן מיטן גלאָז אין די ציין אַריין? ביזט אַ גוטער בחור. אָבער נישט מיט אַזעלכע גבורים ווי דו, האָט מען געקענט געווינען די דאָזיקע מלחמה. וועסט אפשר עסן מיט אונז? דאָס זענען אַלטע קעמפער, ציקליסטן, ספּעציעל די פריילינס. האָסט כאָטש נישט קיין פליי?

אַ שעה שפּעטער האָט ערני, נאָכן אויסבאָדן זיך און איבערטוישן די בגדים, אָנטייל גענומען אין אַ מין פאַמיליען סעודה. אויפן ערשטן שטאָק פון אַ רעסטאָראַן, אַן אָרעמער למראית עין. הער מאַריאָ האָט אים ארויסגעוויזן באַזונדערן אינטערעס, נאָכדעם ווי ער האָט באַמערקט אויף ערניס האַנט דעם רויטן סימן פון דעם זעלבסטמאָרד־פּרווו. דערנאָך האָט ערני אַנטדעקט דעם זעלבן סימן אויף דער רעכטער האַנט פון הער מאַריאָ, וואָס איז געווען געלינקט. לפי שעה האָט ער קיין סך נישט געפרעגט, ר'איז געווען פאַרטאָן אין קייען, מאַריאָ האָט זיך צו אים צוגעבויגן אויף אַ היימישן אופן:

— איך חזר דיר איבער — האָט ער אים איינגערוימט אין אויער — עס און פאַרדיי ווייניק, דערנאָך טרינק און זיי משתין ווייניק, אויב נישט, מיין פריינט, וועסטו קלאַפּן מיטן בעטלער־שטעקן. איך האָב דאָס קענען־געלערנט.

מאַריאָס פריינט האָבן אַפּנים געפייערט אַן הכנסה פון א שפּאָרע געלט־אפּותיקא. צוערשט האָבן זיי זיך אַ ביסל איינגעהאַלטן צוליבן גאַסט, דערנאָך זענען זיי אַריין אין אַ לעבהאַפטיקן שמועס וועגן מסחר בכלל, וועגן פּאַפּיראָסן־האַנדל, מילך־פּראָדוקציע, לעדער און רפואות בפרט. ביסלעכווייז האָבן די מענער צעעפנט זייערע גאַרט־לען און די פרויען זענען אַרויס מיט אַ שאַרף ניבול־פּה געלעכטער. מעלאַניע איז געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ מיט די טרעפּ וואָס פירן דירעקט צו דער קיך. דאָס איז געווען אַ פרוי פון באַרעכנטער אויפ־פירונג, כאָטש זי איז געווען נאָך זייער יונג. ערני האָט נישט פאַר־

שטאַנען פאַרוואָס, אָבער יעדעסמאָל ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען, האָבן די מענער געפונען פאַר נויטיק צו ווענדן זיך צו איר — אין די אויגן פון זייערע פרויען — מיט זייער חוצפהדיקע באַוועגונגען, און זי האָט כמעט קיין אַכט נישט געלייגט אויף זיי, האַלטנדיק דעם קאָפּ שטייף איבער די טעלערס. אויך ער האָט, פאַרשיכורט פון דער אַלגעמיינער הייטערקייט, אָנגעהויבן צו איר הויך צו לאַכן, זיינע אויגן פייכטע פון וויין, האָט ער זיך געגומען אויפפירן ווי אַ הונט.

לאַכנדיק, האָט ער זיך צעבילט, ס׳האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ בינטל ביינער אויף זיין טעלער, ער איז אויפגעשפּרונגען און געפאַלן אויף אַלע פיר, אַרומדרייענדיק זיך דערביי, צו אַלעמענס פריילעכ־קייט, אויף אַ גראָטעסקן אופן אַרום גרויסן טיש. אַ פריילין האָט אים צוגעוואָרפן אַ ביין, וואָס ער האָט צעגריזשעט מיט זיינע ציין אויף אַ הינטישן שטייגער. ס׳האָבן געפּלאַצט שטורמישע געלעכטערס. פרויען האָבן זיך צעהיצט און ממש זיך געקאָרטשעט פון הירזשען. דערנאָך האָט ער צוגעשפּרייזט אויף אַלע פיר צו מעלאַניע און גע־פּרווט מיטן פּיסק כאַפּן אַ גוט שטיקל פלייש. די קעלנערקע, צוגע־שפּאַרט צו דער וואַנט האָט זיך מכלומרשט קעגנגעשטעלט, און דערפילט זיין בקשה. דאָס געהירזשערייי האָט זיך ממש געגאָסן ווי קאַלוזשעס וואַסער. לסוף האָט ערני אַ כאַפּ געטאָן מעלאַניע, איידל איר געגעבן אַ קנופּ אין באַק און געבילט אונטער איר נאָז. אָבער פּלוצים האָט ער דערפילט צווישן זיינע פינגער די ווונדערלעכע צאַרטקייט פון אַ מענטשלעכער פּנים, ר׳האָט אַ רוף געטאָן „מעלאַניע״! און זיך געוואָרפן אויף צוריק, ווי דער באַריר וואָלט געברענט זיינע פינגער. קהל האָט זיך צעלאַכט. אָבער ווען ערניס הינטישער געלויף אַרום טיש האָט באַקומען אַ צעווילדעוועטע און פאַרצווייפלטע פאָרם, און טרערן האָבן זיך געגאָסן אויף זיינע באַקן, איז געקומען אַ סוף צו דער שכרות, בעת ער, הערט נישט אויף הייזעריק צו בילן.

✶

די וועטעראַנען־באַנדע״, ווי זיי האָבן זיך אַליין איראָניש גע־רופן, פלעגט זיך צוזאמענטרעפן אין אַ הייזקע, אין עק פון דער זשאָליעט־גאַס, נישט ווייט פון פאָרט, אַ צען יונגע בחורים, אנטוישטע

צוליב דער מיליטערישער עוואַקואַציע און פאַרבאָרגענער בושה פון באַזיגטע, האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין אַ מין ערב־רב. „מיר זענען פאַרקויפט געוואָרן", האָבן עטלעכע געזאָגט. „מיר זענען שוואַך און נאַיוו", האָבן אַנדערע געטענהט. „מיר זענען פחדנים", האָט געזאָגט די דריטע גרופע. אומעטום זענען געווען אַנטלאָפענע קריגסגעפאַנגענע, אַ סך פון זיי האָבן געטרונקען מער ווי אַלע אַנדערע, כדי צו פאַרגעסן פאַראַט, פחדנות, און נאַיווקייט — דאָס געפיל פון אייגענער שולד. דער שוואַרצער מאַרק האָט אַלץ צוגעדעקט מיט אַ באַקוועמען און נאַרהאַפטיקן צודעק.

אין זיין מגע־ומשא מיט זיי, האָט ערני אַנטדעקט אין זיך פאַרשידענע פעיקייטן און דינע אויסשפּיר־געפילן. אָבער די ערשטע סיבה פון הויכער אָפּשאַצונג וואָס ער האָט זוכה געווען, איז געווען זיין פעיקייט צו טרינקען אַלץ. די צווייטע סיבה איז געווען זיין פעיקייט צו עסן רוי פלייש. טראָצדעם וואָס די צווייטע פעיקייט האָט אַ ביסל פוגע געווען אין פיינעם געשמאַק פון געוויסע מענטשן, איז דאָך דערפון געוואָרן ממש אַ צירק־נומער: בלוט־טריפנדיק פלייש, בלוטווורשט פון אַלע סאָרטן, סתם שטיקער פאַרגליווערט בלוט. פרעמדע מענטשן, וואָס האָבן דאָס בייגעוווינט, זענען ממש דערשראָקן געוואָרן.

— דאָס בלוט גייט דיר שוין אַרויס דורך די אויגן — האָט אים איינמאָל געזאָגט זיין באַשיצער, וואָס האָט זיך דערביי משמח געווען. — עפעס אַנדערש האָסטו נישט ליב?

— דאָס איז דאָך בלוט פון לעבעדיקע באַשעפענישן, הער מאַריאַ — האָט זיך ערני פאַרענטפערט.

די יידן הרגענען נישט די בהמות. אַ באַפולמעכטיקטער שוחט, וואָס האָט באַקומען סמיכה, שעכט זיי לויטן יידישן דין, וואָס האָט שוין אַ געשיכטע פון טויזנטער יאָרן. דאָס בלוט איז דאָס חיות פון לעבן, מען לאָזט די בהמה אויסבלוטיקן ביזן לעצטן טראָפּן, און דאָס בלוט וואָס זאַמלט זיך אָן אין קאַנאַל, ווערט צוגעדעקט מיט ערד. די סימבאָלישע קבורה באַווייזט אויף די בכבודיקער באַציונג צו אַ הינדל, צו אַ קאַטשקע און קעלבל, דער כבוד צו אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן פון דער וועלט.

ערני, וואָס איז פריער געווען דאַר, מרהשחורהדיק און שוואַך,

צוליב דעם געצווונגענעם וועגעטעריאַנישן עסן אין דער אַרמיי — ער האָט דאָך אָפּגעהיטן יידישע דינים און כשרות — איז איצט געוואָרן פעט, פרעסעריש, בעל־תאווה, און דערביי גוטמוטיק.

אויפן בויך האָט זיך אים אָנגעלייגט אַ פעטער פאַנטש, וואָס אין פראַנקרייך האָט ער דעם צונאָמען „פּוטערקוכן". צי איז אָבער דער „פּוטערקוכן" געווען דער ריכטיקער פּאַרגלייך צו ערניס גאַנצן צוזאַמענשטעל? די אינטעלעקטועלע אָבשטענדיקייט איז אונז מחייב אויסצודרוקן אונזערע ספקות, ווייל אַזאַ מין „פּוטערקוכן" איז אַ רונדיקער אַנסאַמבל פון פאַרבן, באַוועגלעכקייט און האַרמאָניע א. א. וו. אָבער ערניס פּנים, האָט ווייטער אָפּגעהיטן זיין קרענקלעכן, מאָגערן אויסזען, און זיינע אויגן האָבן נישט אויסגעדריקט דעם וואַרעמען גלאַנץ פון אַ געזעצטער אין רויקער נשמה. געווען מענטשן, וואָס האָבן באַמערקט, אַז וואָס מער דער „פּוטערקוכן" פון „אמאַליקן לוי" ווערט גרעסער, אַלץ דאַרער און מאָגערער ווערט זיין פּנים. זיינע חברים האָבן אים געפרעגט וויאַזוי איז דאָס צו פאַרשטיין, וואָס ער עסט אַזויפיל געשמאַקע מאַכלים און גיט גאָרנישט אַוועק פון זיין לעבנס־ענערגיע פאַר ליבעס־ענינים? ס'זעט אויס, אַז טראָץ זיין עלטער, כוח און אומגעוויינלעכן אַפּעטיט, האָט דער „אַמאַליקער ערני לוי" געוואָלט פאַרבלייבן פרעמד זיין לעבן פון געפילן.

אינדעראמתן, האָט דער „לוי פון אַמאָל", אויסבאַהאַלטן זיין שפּיל פון ערשטן טאָג אָן. אַ ליידנשאַפט האָט געטליעט אין זיין האַרץ נאָך פון דעמאָלט. אין דעם אָוונט פון דער גורלדיקער סעודה, ווען ער האָט זיך אויסגעניכטערט, איז אים שווער געווען צו פאַר־מאַכן די אויגן, ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָלט צווישן זיינע צוויי פינגער דאָס פיינסטע פאַרגעניגן אין דער וועלט. ס'איז אים שווער געווען צו זאָגן, צי עפּעס פון דער צאַרטקייט און זיס־קייט פון מעלאַניעס פּנים איז פאַרבליבן צווישן זיינע פינגער, אָדער זיינע פינגער זענען געוואָרן גלאַטיק דורכן צוטאָן זיי צו איר באַק. ווען ער האָט זיך צומאָרגנס אויפגעוועקט, כאָטש ער האָט נאָך געהאַט דעם „פּיסק פון אַ הונט", האָט ער דערפילט, אַז עפּעס נייעס האָט זיך צובאַהאַפטן צו זיין מויל. פּלוצים האָט ער באַנומען, אַז דער זיסער באַריר מיט די שפּיצן פון גראָבן פינגער און ווייז־פינגער אויף מעלאַניעס צאַרטע פּנים, האָט אים דערמאָנט וועגן

זיין מענטש־קיום. באַלד האָט ער געפּרוּווט רייבן די פינגער, כדי אָפּצוּווישן דעם באַריר, אָבער אומזיסט.

וווּהין ער איז פון איצט אָן געגאַנגען, וואָס ער האָט נאָר געטאָן, האָט אים די דאָזיקע זיסקייט מער נישט פאַרלאָזט. און ווען אַנדערע האָבן געמיינט, אַז ער איז אַריינגעטאָן מיט גוף און נשמה אין פּרעסן, האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, פון צייט־צו־צייט, אין מרה שחורה, צו גלעטן צווישן זיינע פינגער מעלאַניעס פנים. ווען ער האָט נאָך עטלעכע טעג זי ווידער געזען, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז אַ ליכט שטראַלט פון איר ארויס אויף אַלע אַרומיקע מענטשן. זי האָט געפילט די ענדערונג, און איז געוואָרן מער אויפמערקזאַם אויף אים, אָבער ערני האָט נישט געהאַט קיין מנוחה. ביי אים איז געווען דער פאַרדאַכט, אַז אפילו אויפן סאַמע בידעריקסטן שטאַפּל פון ליבע, געפינען זיך דערשיינונגען פון פאַנטאַזיע, וואָס קאָנען אַריינציען אפילו אַ הונט אין מחשבות, וואָס זענען געפערלעך פאַר זיין צוקונפט. וואָס מער ער האָט געדאַגהט, אַלץ אַ גרעסערע מידקייט האָט זיך געלייגט אויף זיין אָרעם. די צאַרטקייט פון מעלאַניעס פנים, האָט דערגרייכט זיין אַקסל, איז אַריינגעדרונגען אין זיין ברוסט, האָט געמאַכט שנעלער קלאַפּן זיין האַרץ. ביז דער „אַמאַליקער ערני לוי" האָט אין פחד פאַרשטאַנען, אַז ער איז פאַרליבט אין דעם מיידל מעלאַניע.

אַז עס איז אים שווער געווען, האָט ער באַשלאָסן אויסצודריקן זיין פאַרערונג צו אַן אַרומוואַנדערנדיק מיידל. אָבער בעת זי האָט מיט אים געפלוידערט אינעם דאַך־קעמערל, אונטער דעם פאַרבע־פלטן לעמפּל, וואָס האָט מוראדיק אויסגעקרומט אירע געזיכטס־שטריכן, האָט דאָס נאַרישע בחורל דערפילט אַ שניידיקן ווייטיק אין זיין ברוסט.

— אַנטשולדיקט מיר, מאַדאַם זונה — האָט ער געזאָגט מיט זיין משונהדיקן אַקצענט — איך האָב געביטן מיין באַשלוס, נעמט ג׳טיגס צו דאָס געלט און לאָזט מיך אוועקגיין.

— צי ביזטו קראַנק? האָסט עגמת־נפש? געפעלט איך דיר אפשר נישט? ווי דיינע אויגן זענען טרויעריק, ביזט מסתם אַ פרעמדער, נישט פון דאָ?

— כ'האָב אמת פּאַרדרוס, ס'איז נישט פּאַר מיר — האָט ערני געזאָגט.

— דו האָסט זיכער עפּעס אַ צרה.

ערני האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט, נאָכגעדענקט און צוגעטראַכט אַ ביאָגראַפיע: אַז ער איז איבערגעגאַנגען צו זיין באָבע־זיידע פון טולאָן, צו די פיל אַנדערע קרובים, אין דער געגנט פון ניס און נאָך באַרימטע מקומות, ווי עס פּאַסט פּאַר אַ מענטש פון דער ברייטער וועלט.

— און איר? — האָט ער זי לסוף געפרעגט.

דאָס מיידל האָט זיך געקווענקלט, דערציילט אים, אַז זי האָט אַ קינד, דערנאָך וועגן צווייטן קינד, און דערלייגט אויך אַן אַלטע מאַמע, ווייל דאָס זענען דאָך זאַכן, וואָס דערוועקן סענטימענטאַלע געפילן פון „חכמה־ווערטלעך" ביז צו ליבהאַרציקע טענער, האָט זי חנדלדיק זיך, אויסגעלאָשן דאָס ליכט.

זי האָט נאָך אפילו געפּלאַפּלט, בעת דער משוגענער שלימזל איז זי באַפאַלן מיט די ערגסטע זידלערייען.

אין גאַס האָט ער זיך באַרויקט, עפּעס אַ נייע מין זיסקייט האָט ער דערפילט. ער האָט אַנטפּלעקט, אַז ר'איז אַן ספק פאַרליבט אין דער פּראָסטיטוטקע. על־כל־פּנים אַ סך מער ווי אין מעלאַניע, וואָס איז, פונדערווייטנס, אַוועק אויף אַ צווייטע פּאָזיציע. ביי דער גאַנצער אויפריכטיקייט, האָט ער דאָך מער נישט געשפּירט ווי אַ לייכטן קיצל אין די פינגער. אַ טעראַסע פון אַ קאַפע־הויז האָט אינגאַנצן אָפּגעקילט זיין התלהבות. זיצנדיק דאָרט אַ באַרויקטער ביי אַ טישל, האָט ער צוויי טריט פון זיך געזען איינע פון יענע מיידלעך פון נעגער־קוואַרטאַל, בעל־דע־מיי, וואָס אין זייערע פריזורן שטעקן באַגילדעטע האָר־שפּילקעס, און די הויך־פּאַרקעמטע האָר זענען ווי געוועבט און געפּלאָכטן אין זייד, איבער זייער צוגעשניצטן פּנים. אין אויגנבליק זענען פאַרשווּונדן געוואָרן אַלע פאַלשע צערטלעכקייטן און הפקרדיקע קיצלענישן, און אויף זייער אָרט איז איינגעטרעטן אַ מין משונהדיק שיכרות, אָבער דאָסמאָל אינגאַנצן קאָנצענטרירט אין די אויגן. און ער האָט געוווּסט, אַז דאָס שוואַרצע מיידל האָט אין אים אָנגעצונדן אייביקע ליידנשאַפט. ס'איז געקומען אַן אַנדערע, אַ ווייסע ווי מילך, וואָס איז אַרויסגעשווימען אויפן טראָ־

טואַר ווי אַ שיף מיט אַלע אירע צעלאָזענע זעגלען, וואָס האָט נישט ווייניקער צעפלאַמט זיין האַרץ. דערנאָך איז געווען אַן אַנדערע און ווידער אַן אַנדערע. אין די קומענדיקע טעג האָט אים פאַרלאָזט דער אַפּעטיט צום פרעסן און זויפן. ערני האָט ארומגעבלאָנדזשעט ווי אַ שאָטן אין די גאַסן, די איבערפולטע מיט פרצופים, אָנגעפּיקע־ווטע מיט דורכדרינגלעכע אויגן, ווי פינקלדיקע שטערן אין דער נאַכט. צום סוף האָט ער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די שטאָט. ווייל — אַזוי האָט ער געטראַכט אין זיין צעהיצטער פאַנטאַזיע — אויב ער וועט אָנהויבן צו גיין אויף די וועגן פון ליבע, וואָס פירן באַרג אַראָפּ, ווער ווייסט ווו ער וועט בלייבן שטיין. נישט איין הונט האָט אָנגעהויבן זיין ירידה פון עפּעס אַ ליבע־מעשהלע.

# 6

דעם גאַנצן ווינטער פון יאָר 1942 איז ערני געווען נע־ונד לענגאויס דעם טאָל פון טייך ראָן, ציענדיק פאָרויס צוזאמען מיט די שטאַרקסטע שטורעמווינטן פון סעזאָן. זייערע ברויזנדיקע כוואַל־יעס האָבן זיך ביינאַכט צונויפגעגאָסן מיטן אומעטיקן און וואָיענדיקן ווינט, וואָס האָט געשוועבט אין זיין צעווייטיקטן מוח. אין די טעג פון זיין וווּנען אין מאַרסיי איז ער פעט געוואָרן, האָט ער מיט לייכט־קייט געפונען אַרבעט אין די דערפער, וואָס זענען דורך די סטאַלאַגס אויסגעליידיקט געוואָרן פון מענער. די דאָזיקע תקופה איז געווען פאַר אים אַ שוואַרץ־פינצטער לאָך. ער האָט אין זיך אַנטוויקלט די סאַמע נידעריקסטע אינסטינקטן. טיילמאָל פלעגט ער זיך אַליין שלאָגן ווי אַ חיה. זיין ציל, כאָטש נישט קלאָר פאָרמולירט, איז געווען: נישט צוצולאָזן קיין שום ליכט צום לאָך. אין איינעם אַ טאָג האָט ערני זיך זעלבסט אַנטדעקט אין שפּיגל. ער האָט מיט צופרידנקייט פעסטגעשטעלט, אַז זיין פריערדיק פּנים איז, אין אַ געוויסער מאָס, געבליבן ווייטער צובאַהאַלטן צום קליינעם חיהשן באַשעפעניש פון מאַרסיי.

אַלע יסודות פון אַ נאַטירלעך צונויפֿגעשטעלט פּנים: נאָז, אויגן, אויערן, זענען געווען אויפֿן אָרט, אָבער זיי זענען דאָך געווען ווי איבערגערוקט איינער פֿון אַנדערן. און „ערני לוי פֿון אַמאָל" האָט געהאַט דעם חשש, אַז ער טראָגט די אויערן אויפֿן אָרט פֿון די אויגן, און די אויגן אין מויל, אין שאָטן פֿון די נאָזלעכער, למשל.

אין הייליקן סילוועסטער (ביי־יאָר), איז ער אָנגעקומען אין אַ פּאַרם, וואָס איז אָנגעפֿירט געוואָרן דורך אַ פֿרוי פֿון אַ קריגס־געפֿאַנגענעם. אין איר שוואַכקייט האָט זי געזידלט די פּליטים, וואָס האָבן פֿון צייט־צו־צייט דערגרייכט צו איר מיט דער דייטשער אינוואַזיע. אין אָט דער פֿרוי, וואָס איז אַליין געווען צו שוואַך, כּדי צו באַהערשן איר גורל, און צו פֿיל פּרעטענסיעז, כּדי מותּר צו זיין, איז די איידלקייט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין נידערטרעכטיקייט. מאַדאַם טראָשי איז געוואָרן אַ ביסל זעלבסטשטענדיק, זייט איר מאַן איז אַרעסטירט געוואָרן. זי האָט אָפּגעטעמט, האָט זיך געפֿילט ווי אַ פֿריי באַשעפֿעניש און פֿלעגט זיך באַשלאָפֿן, געלעגנהייטלעך, מיט יעדן פֿון אירע אַרבעטער, וואַרטנדיק אייַנצייטיק אויף איר מאַן, וואָס זי וועט שוין פֿון איצט אָן וויסן, וויאַזוי אים אויסצודרעסירן, אויב ער וועט זי נישט דערהרגענען. זי איז געווען אַ פּראָווענסאַלע פֿרוי, מיט אויגן ווי זויערע, שוואַרצע טרויבן, און אַ מויל האָט זי געהאָט, לויטער אייַז און פֿייער. פֿון ערשטן אויגנבליק, האָט ערני פֿאַרשטאַנען, אַז זי וועט אין אים נישט דערוועקן קיין ליבע, אָבער זי האָט אים אָנגעקוקט אָן שום מורא, זיך געהנדלט צום אים און זיך אין אים פֿאַרליבט. סוף־כּל־סוף, האָט זי באַפֿוילן און ער האָט מקיים געווען.

און ווייל ערני האָט זי בכלל נישט ליב געהאַט, האָט ער אויף זיך אַרויפֿגעלייגט אַ שטראָף, איר צו באַווייזן די תּאווה פֿון אַ הערקולעס, און זי האָט צוגענומען אַלע באַווייזן אָן שום אַנאַליז. זי איז געווען אַ באַשיידן נפֿש און געוואָרן צונויפֿגעלידערט אויף אַ ספּעציפֿישן אופֿן: אין דער ליבע האָט זי נישט געזען און נישט געזוכט, נאָר אירע באַווייזן, בתּנאַי, אַז זיי זאָלן זיך שטענדיק איבער־חזרן, מ׳האָט זי גערופֿן די „בעל־תּאווהניצע". לייכט וואָלט געווען צו ווייזן, וויאַזוי דער „אַמאָליקער ערני לוי" האָט געבראַכט זיינע באַ־ווייזן, און וויאַזוי דאָס ווייב פֿון זיין שויס פֿלעגט צעשמאָלצן ווערן

דערפון. און קיין שום זאַך איז נישט פאַרגעקומען צווישן זיי, וואָס האָט נישט געשטימט מיט אירע באַפעלן און זיינע ממשותדיקע ראיות. אָבער דאָס זענען דאָך אַזעלכע געוויינלעכע זאַכן, אַז זיי זענען נישט ווערט די טירחה מען זאָל רעדן וועגן זיי.

— ליובע מיינער, — האָט געזאָגט די חשובע דאַמע — נאָך אַביסל נירן? אפשר אַ שפּאַנישן פעפער? אפשר פון דעם פאזאן? דו ווייסט דאָך ווי גוט דאָס איז פאַר דיין יונגן מאָגן, תכשיט מיינער, זיסער, מיין ברילאַנט, מיין געליבטער.

דער „פריערדיקער ערני" האָט גאָרנישט געענטפערט, ער האָט געעפנט זיין מויל נאָר צום קייען. אָבער צייטנווייז, אַ פאַרבענקטער, האָט ער געמחשבה'ט: צי רוי פליש, געקאָכטס, אָדער געבראָטנס, פּאַסט זיך גיכער צו זיין הינטישקייט.

אגב, זייענדיק איינקוואַרטירט, באַזאָרגט מיט וועש, זאָט, גע־אַכטעט אין גאַנצן דאָרף און פאַרגעטערט אין שלאָפצימער, איז ער דאָך געווען דאָס, וואָס מ'פלעגט פון אייביק אָן רופן: אַ גליקלעכער בשר ודם. נאָך מער, זיין ווילטועוודיקע געליבטע, מורא האָבנדיק, ער זאָל זיך חלילה נישט פאַרמאַטערן, האָט זי אים איינגעשפּאָרט די מי פון פאַרזייען, גראָבן, פלאַנצן, ברענגען פּאַשע, שניידן תבואה, אויסרייסן קאַרטאָפל א. א. וו. זי האָט אים אויך פאַרשפּאָרט די דאגה פון אַ פרישן טרינק, און אפילו די טירחה פון פאַרלאָזן דאָס שלאָפ־צימער.

און ערני לוי, דער „פריערדיקער", האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער לאַגע, זיך צוגעכאַפּט נאָר צו דער הינטער־שטייג, טיילמאָל געמאַכט אַ שפּרונג אויך צו דער חזירים־שטאַל, וואָס האָט אים געצויגן און איינצייטיק אָפּגעשטופּט. ס'האָט געטראָפן, אַז ער פלעגט אויפן יידישן שטייגער, אַ שפּיי טאָן פון כעס, אויף דער טמאדיקער חיה.

איינמאָל אין אָוונט האָט ער געהאַט אַן אויסטערלישן חלום. ער האָט געגלעט, ווי געוויינלעך, אַ הונט פון דער געלער גייער־ראַסע, און האָט זיך, לויט זיין שטייגער, זייער געוווּנדערט איבער דער גרויסער הנאה זיינער. אויב די מענטשלעכע צורה, האָט ער צו זיך געזאָגט, איז פון אים אַוועקגענומען געוואָרן, איז לפּחות זיין גייסטיקער מהות געבליבן, והראיה, זיין גרויסע הנאה פון הונט.

אָבער אין דער זעלבער רגע — וואָס לויטן ספר הזוהר:

„שטאַרבע אַלע געזעענע זאַכן, כדי צו פאַרוואַנדלט ווערן אין גישט געזעענע" — ווערט דער הונט מגולגל אין אַ פּרעכטיקער קאַץ, וואָס זיינע אויגן לייכטן ביינאַכט, ער דערוועקט טויזנט וועגן און נעצן פון תאווה און ציט ערני צום טאַנץ. און פאַרוואָס אייגענט־לעך ווערט די קאַץ מגולגל אין אַ מויז — ווידער ווי עס שטייט אין ספר הזוהר, אַ שפּאַס פון גורל — די מויז אין מילוואָרם, אין א מילב, אין אַ שלימאַק א. א. וו. ביז ער פאַרוואַנדלט זיך אין א סטינקע, וואָס ווערט אין זיין שכרות פאַרלוירן אין ריזיקן, גרענצלאָזן ים פון אין־סוף?

כאָטש די פויערטע האָט זייער פאַרערט ערניס זאַכלעכע באַווייזן, האָט זי דאָך אָנגעהויבן זיי נאָכפאָרשן מיט ערפורכט, נאָכדעם ווי זי איז אויפמערקזאם געוואָרן, אַז דער מענטש וואָס טיילט איר בעט, איר מאַן, באַמיט זיך אַ סך צו טראַכטן. „מיר זענען היינט נישט מער אַזוי ציניש" האָט זי געזאָגט מיט ערנסטקייט. שוין אַ לאַנגע צייט האָט זי געפּרוּווט אויף אים משפּיע זיין, ער זאָל זיך מודה זיין אין זיין ציניזם, אָבער דער ביטערער פוקס האָט זיך נישט געוואָלט אין דעם מודה זיין, איז איר אַכטונג צו אים נאָך מער געשטיגן.

אַזוי האָט ער אויך קיינמאָל נישט געוואָלט מודה זיין, אַז ער איז נישט קיין באָרדאָ־איינוווינער, (ווי ס'האָט פאַלש געוויזן די אידענטישקייט־קאַרטע אויפן נאָמען פון ערנסט באַטאַר). אויך זיין צוגעבונדנקייט צום עלזאַסער אַקצענט האָט דערוועקט אין דער פויערטערס האַרץ אַ חשד, אַז ער איז אַן אַנטלאָפענער קריגסגעפאַנ־גענער. און אין איר נייגעריקייט, האָט זי אין די פאַרבאָרגענישן פון שלאָפצימער אַנטדעקט אַז ער איז אַ ייד. אָבער אַזוי ווי זי האָט אַליין געפּריידיקט רעליגיעזע טאָלעראַנץ, האָט זי אים וועגן דער אַנטדעקונג נישט געזאָגט קיין וואָרט, בפרט ווען אָט די פאַרבינ־דונג איז סוף־סוף נישט פריי געווען פון פּערזענלעכן אינטערעס. פון איר פריער יוגנט, האָט זי שטענדיק געחלומט צו באַקענען אַ מאַן א געמלטן. די זאַך איז אַרויסגעדרונגען פון לערנען דעם קאַטע־כיזם, ווען דער גלח איז געווען נישט גענוג געוואָרנט און האָט גע־רעדט וועגן מילה. וועגן דעם, אַז מ'דאַרף „באַשניידן די האַרטקייט פון האַרץ" וואָס האָט אַרויסגערופן געלעכטער ביי דער קליינער

דימולען. זי פלעגט לאַכן אונטער דער השפעה פון איר טאַטן, דעם לערער, וואָס בישט קענענדיק פאַרווערן זיין פרומער פרוי צו גיין אין קירכע, האָט ער אויפגעצווונגען זיין יונגע בישטגלויביקע טאָכטער, זי זאָל לערנען דעם קאַטעכיזם, כּדי צו קאָנען שטערן דעם גלח, בעת זיין אונטעריכט. די תּלמידים פון קאַטעכיזם האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף אַן אומלעגאַלע באַגעגעניש, כּדי צו באַהאַנדלען די טעמע פון מילה. פריילין דימולען האָט אויפגעקלערט, ווי זי האָט עס געהערט פון איר פאָטער, אַז די איזראַעליטן, די ערשטע מאָנאָ־טעיסטן, האָבן אַ מנהג מקריב צו זיין פאַר גאָט אַ קליינעם טייל פון זייער גוף. און די קריסטלעכע גלחים, די צווייטע נאָך די יידן וואָס גלויבן אין איין גאָט, בישט וועלנדיק אָפּשטיין פון די יידן, און ווייל זיי זענען פּחדנים, האָבן זיי זיך באַגנוגנט מיטן אַרויסשערן אַ קליינעם האָר־קרייז אויף זייער קאָפּ.

מאַדאַם דימולען, אַ וועלטלעכע פרוי, האָט קיינמאָל אַנדערש נישט גערופן די יידן, נאָר איזראַעליטן. זי האָט אין זיך געגלויבט, אַז דאָס וואָרט „זשיד" איז דערפינדן געוואָרן דורך די יעזואיטן, כּדי צו רייצן די פריי־מויערער. פון דעם אַלעם האָט זיך געשאַפן אַ נישט באַקוועמע לאַגע פאַר ערני לוי „פון אַמאָל", דעם געפאַלענעם פון „היכל שטאַפּל", אין טיפן אָפּרונט. ווען ער האָט אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג געערוט אין זיין שלאָפצימער, איז אַריינגעדרינגען די פויערטע, אַ צעפּלאָמטע, און אים צוגעוואָרפן אַזאַ מין לשון:

— דו האָסט מיך אָפּגענאַרט, דו ביזט אַ ייד!

— קוק זי נאָר אָן, האָסט דען ווען־עס־איז געצווייפלט אין דעם?

— איך האָב געוווּסט, אַז דו ביזט אַן איזראַעליט, ווייל... יאָ, כ'האָב נאָרוואָס גערעדט מיטן סעקרעטאַר פון דאָרפסראַט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אַלע איזראַעליטן זענען ממילא יידן.

— ס'קאָן זיין, אָבער וואָס איז דיר די נפקא־מינה?

— וואָס איז די נפקא־מינה?! — האָט זי געשריגן מיט פאַרבי־טערונג — דו דאַרפסט דאָך אָבער פאַרשטיין, אַז איך קען פאָרט נישט לאָזן שלאָפן אַ ייד אין מיין פּיערס בעט, אים לאָזן זיצן אין זיין פאָטעל, און ער זאָל אָנטאָן זיינע קליידער און העמדער. ביין און ביין, ס'איז גאָרנישט פיין וואָס דו האָסט דאָ אָנגעטאָן.

— גוט — האָט געזאָגט דער „אַמאָליקער" ערני.

ער האָט זיך אויפגעהויבן צום גיין.

— וווהין גייסטו?

— איך גיי אַוועק פונדאַנען.

— פאַרוואָס עפּעס? כ'וועל דיר מאַכן אַ גוט געלעגער אין שייער.

— און אַלע אַנדערע זאַכן? — האָט ערני געפרעגט.

— אַאַ, וועגן דעם דאַרף מען אַ טראַכט טאָן. זעסטו דען נישט, אַז דער אומגליקלעכער פּיער (זי זאָגט תמיד „דער „אומגליקלעכער פּיער", כדי צלוויזן איר צער צוליב זיין געפאַנגענשאַפט, און אויך איר משונהדיק רחמנות לגבי אים, וואָס ער איז נעבעך אָפּגענאַרט געוואָרן) פילט, אַז מיר... אַז איך... מיט אַ ייד... ניין, ניין, כ'וועל דיר מאַכן דאָס בעט אין דער שטאַל.

— און אויסערדעם — האָט זי פּלוצים צוגעגעבן — האָסטו זיך די לעצטע צייט אַביסל צו גרינג געלעבט. איצט וועסטו מיר מוזן זיין געהאָרכזאַם, און וועסט אויך מוזן לייגן אַ ביסל וויניקער פּוטער אויפן ברויט א. א. וו.

— און אַז דאָס אַלץ געפעלט מיר נישט?

— וואָס מערן מיינע אויערן — האָט זי שטיל געפרעגט.

— גוט — האָט דער נאַר געענטפערט.

באַלד נאָכדעם, האָט זיך דאָס לעבן ווייטער געפירט ווי פריער. דער צפון־ווינט האָט געלינדערט. אַ ליבע וואַרעמקייט האָט זיך געלייגט איבער די פעלדער, אפילו די איילבירטן־פעלדער האָבן אויפגעלעבט. און צייטנווייז אין אָוונט, איז אַלץ אַרום געוואָרן סוד־שטיל, ווי אַלץ וואָלט זיך אין פרייד־מזמור דערהויבן צום שלווה־דיקן אויסגעלייטערטן הימל. יעדן זונטיק איז ערני זיך אַראָפּגעגאַנגען אין דאָרף, צוגעהערט זיך, מחמת טעמפּקייט, צו די תפילות אין קירכע, און נאָכן אויסלערן אַ פּאָר געגאַרטע גלעזלעך משקה, איז ער געגאַנגען זען די „פּעטאַנק־שפּיל" אין שאָטן פון דער קירכע־וועראַנדע. איינער פון די מיטשפּילער האָט אים צוגעוואָרפן אַ בליק, וואָס האָט בלייך געמאַכט זיין פּנים. געווען איז דאָס דער דאָרפס־שמיד, וואָס איז צוריקגעקומען פון געפאַנגענשאַפט.

ערני האָט אים ווידער געזען אין דער קרושניע. אין שטילער הסכמה, האָבן ביידע פאַרשוויגן די סודותדיקע זאַך, וואָס האָט זיי

דערנענטערט. דער שמיד האָט געהאַט אַ צפונדיק פּרצוף, און דרומ־דיקע, וואַרעמע איידעלע אויגן, שטענדיק וואַכזאַמע, לעבעדיקע. ער איז געווען אַ געזונטער יונג, מיט אויסגעצויגענע אברים, לענגלעכע הענט און פיס, און מיט גלייכגעוויכט אין אַלע זיינע באַוועגונגען. אַז ער פלעגט אַרויפלייגן זיינע הענט אויפן טיש, האָבן זיי פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם שטח. זיי זענען געווען ממש, ווי ארבעטס־מכשירים, זייער פאַרהאַרטעוועטע, גראָע הויט, צעשניטן פון שראַמען, אָבער רירעוודיקער און מוסקוליעזער ווי די לאַפּעס פון אַ יאַגד־הונט. די לאַנגע, צעשפּרייטע פינגער זיינע, האָבן ביי די שפּיצן געהאַט משונה־דיקע קרעמפּע נעגל. אין ערניס אויגן האָבן זיי אויסגעזען ווי צוואַנגען, מיט דינער שפּירעוודיקייט פון אינזעקטן. געטריבן אָן אויפהער פון דער בויער־מאַשין, ביים אַרויסציִען אַ רויטן דימענט פון צע־פלאַמטן פייער — ווי דער וויכטיקסטער טייל פון שמידס שכל וואָלט געשטעקט אין זיינע נעגל, כדי צו דערגרייכן מיט זיי זיין ברויט. דעריבער פלעגט ער, ביי יעדן באַזוך זיינעם אין דער קוזשניע, אַנאַ־ליזירן זיינע הענט מיט דרך־ארץ.

קיינמאָל האָט אים דער שמיד נישט געשטעלט קיין שום פראַגן, וואָס זאָלן אים צווינגען אויפצושטעלן אַ קאָמפּליצירטן בנין פון תי־רוצים, אויפן חשבון פון אַ ביסעלע אמת. דער שמיד האָט זיך, ווייזט אויס, נאָר אינטערעסירט מיט דער צוקונפט, און האָט טיילמאָל ארויס־געלאָזט פון זיין מויל האַלבפאַרשטענדלעכע זאָגענישן מיט שווערע רמזים, און דערביי אפילו נישט אָנגעקוקט דעם מיטשמועסערס פּנים:

— מיין יינגל — פלעגט ער זאָגן — ס׳זענען דאָ זאַכן, וואָס מאַכן דעם רושם, אַז זיי זענען אייביקע, ווי אַ שטייגער דער צפונ־דיקער שטורעמווינט, דער מיסטראַל, וואָס בלאָזט, רייסט אַכט טעג נאָכאַנאַנד, און צומאַרגנס שיינט אויף די זון. האָסט פאַרשטאַנען?

דערנאָך האָט ער פאַרבעטן ערנין אין שטוב אַריין, אויסצוטריג־קען מיט אים אַ קליין גלעזל בראָנפן. זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען דריי טרעפּ פון דער קוזשניע, די דיקע פרוי האָט דערלאַנגט אַ קאַלט קריגל, און קיינמאָל האָט זי נישט געפרעגט ערנין וועגן זיין פאַר־גאַנגענהייט, ווי זי וואָלט זיך אינסטינקטיוו צונויפגערעדט מיט איר מאַן וועגן דעם. ווען די קינדער זענען געקומען פון דער שולע, פלעגט דער גאַסט אָפּטמאָל איינגעלאַדנט ווערן צו מיטאָג, און די

קינדער האָבן אים געשטעלט תמימותדיקע פראַגעס, כדי אַ ביסל צו פאַרווײַלן דעם משונהדיקן בחור. וואָס טײַלמאָל, אין אויפבליץ פון די רעיונות, פלעגט ער אַרויסגיין פון זײַן צעחושטקייט און אַנט־דעקן די נײַע וועלט פאַר זײַנע אויגן, דאָס דאָזיקע פשטותדיקע פראַ־נקרײַך, ווי דאָס ברויט, דאָס פשוטע. אין זײַן גאַנצן פאַרדאַכט, אז אין באַרירונג מיט זיי, וועלן לויזער ווערן די קייטן, וואָס האָבן באַשווערט זײַן געמיט, האָט ער דאָך זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן פון צוריקקערן צו אָט דעם מסוכנדיקן קוואַל פון ליכט.

— הערט נאָר — האָט ער אין אַ געוויסן טאָג געזאָגט צו זײַן פרײַנט, דעם שמיד — איך האָב דעם רושם, אַז איר קענט מיך פון ערגעצוואו, אָבער כ׳ווייס נישט פונוואַנען?

דער שמיד האָט אַ מינוט זיך געקווענקלט:

— מײַן טײַערינקער — האָט ער נחתדיק געפּלוידערט, נישט אָוועקנעמענדיק זײַן בליק פון דער קאָוואַדלע — גלויב מיר, איך קען דיך נישט. אָבער כ׳האָב באַלד געזען, אז דו ביזט אַ ייד.

— אָבער איך בין דאָך נישט קיין ייד — האָט ערני אויסגערופן מיט שרעק.

האָט דער שמיד אַראָפּגעלאָזט זײַן האַמער אויף דער קאָוואַדלע און איז צוגעגאַנגען נענטער צום יידישן בחור, האָט אים צוגעדעקט בײַדע אַקסלען מיט זײַנע שווערע הענט.

— איך האָב נאָר אַזאַ אויסזען — האָט ערני געזאָגט מיט אַ מאָדנע קול, אַ נאַכלעסיק און זינגנדיק קול, וואָס איז ארויס פון זײַן האַלדז מיט דער לײַכטקייט פון אַ צוריקגעפונענעם ניגון.

דער שמיד האָט צו אים אַראָפּגערעדט פון דער הויך:

— איך ווייס נישט צו ווען אַ ייד איז ענלעך, איך קלער, אַז פשוט צו אַ מענטש. בײַ אונז אין ס ט אַ ל אַ ג 1־, איז יאָ געווען אַ ייד, אָבער איך האָב זיך ערשט דערוווּסט, ווען די שוואַבעס זענען געקומען אים צונעמען. אָבער ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון דער גע־פאַנגענשאַפט, האָב איך באַזוכט פאַריז, צוליב דער פרוי פון א חבר, וואָס איז געשטאָרבן אין לאַגער דראַנסי. דאָס איז געווען גאנץ פרי, דײַטשע מאָטאָציקליסטן האָבן אונז געהייסן זיך אויסשטעלן אויפן טראָטואַר, און מיר האָבן געזען פאַרבײַפאָרן אויטאָס, פול מיט יידישע קינדער, מיט צוגעשפּילעטע געלע מגן־דוד־שטערנס. דורך

די פענצטער האָבן מיר זיך קעגנזייטיק אָנגעקוקט. איך האָב נישט געקאָנט אונטערשיידן קיין איין פּנים, אָבער אַזעלכע אויגן האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען, און פאַרהאַף, אַז כ׳וועל זיי מער נישט זען אין מיין לעבן. און ווען כ׳האָב דיך געזען צום ערשטן מאָל, מיין יינגל, נישט ביים „פּעטאַנק־שפּיל״, נאָר אין דער קירכע, האָב איך זיך נישט פאַנאַנדערגעקליבן אין די שטריכן פון דיין פּנים, אָבער איך האָב באַלד דערקענט די אויגן דיינע. האָסט פאַרשטאַנען?

ערני איז אויפגעשטאַנען אַ צעטומלטער און איז אַרויסגעגאַנגען מיט וואַקלדיקע טריט. אינדרויסן האָט ער דערהערט דאָס ערשטע געשריי, נישט מיט זיין אויער, ווי אין געוויינלעכע פאַלן, און נישט פון קיין מרחקים, אַפּגעשוואַכט דורכן פאַנצער פון היינטישקייט, וואָס ער האָט מיט אַלע כוחות אָפּגעהיטן, כאָטש ער איז זיך שוין צעפאַלן. אין דער הויף פון דער סטעזשקע, וואָס פירט צום איינזאַמען פּויערישן פאַרם פון פרוי טראָשי — טראָץ די בליענדיקע מאַנדלביימער און אַלע זאַכן, וואָס האָבן אים אָפּט צעשטרייט—זענען צו אים דערגאַנגען הילכיקע געשרייען אין אַזאַ פאַרנעם, אַז ער האָט זיך עטלעכע מאָל פאַרשטאָפּט די אויערן. צוערשט האָט ער דערהערט דאָס געשריי פון זיידן, דערנאָך דאָס געשריי פון דער באָבע יהודית. ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער וואַכט אויף פון אַ לאַנגען חלום, און האָט זיך אַליין געפרעגט, צי ער געוועלטיקט איבער זיין פאַרשטאַנד. כאָטש די פראַגע, וואָס איז נאָרוואָס געשטעלט געוואָרן, האָט אים גורם געווען אַזויפיל ליידן, אַז ער האָט צוגעלייגט זיינעביידע הענט צום האַלדז, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם. די פויערטע האָט געמיינט, אַז ער איז קראַנק. ער איז געלעגן אין שייער, פאַרזונקען אינגאַנצן אין שטרוי, ער האָט געפרווט אַנטלויפן פון די געשרייען. פון צייט־צו־צייט איז ער ארויסגעגאַנגען אריינבעטעמען לופט פון דער פּראָוואַנסאַלער נאַכט. ווען ער איז איינגעשלאָפן, זענען די געשרייען געקומען פון אינעווייניק. אין חלום האָט ער זיך געזען אַלס הונט, וואָס לויפט ארום אין די גאַסן פון אַ גרויסער שטאָט, און די פאַרביי־גייערס ווייזן אויף אים אָן, אין איבעראַשונג:

— זעט נאָר, אַ הונט מיט יידישע אויגן!

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך אים, אָן זיין וויסן. פון אַלע זייטן זענען אָנגעלאָפן מענטשן מיט נעצן, וואָס האָבן פאַרדעקט

דעם גאַנצן הימל. ערגעץ אַ קעלער האָט אים אויפגענומען און דאָרט האָט ער זיך געפילט זיכער, ביז ער האָט דערהערט דאָס גערויש פון די פאַרפאָלגערס, וואָס האָבן געפאָדערט, אַז ער זאָל זיי לכל־הפחות אוועקגעבן זיינע אויגן. — מיינע אויגן? אָבער ס׳איז דאָך פשוט לעכערלעך.— און פלוצים האָט זיך דערהערט אַ גרויס געשריי:

— מיר געבן קיינמאָל נישט אַוועק אונזערע אויגן, קיינמאָל, קיינמאָל, קיינמאָל נישט! מיר וועלן בעסער אוועקגעבן אונזער נפש, אַהאָ, אַהאָ!

אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט איז ערני לוי אַרויס פון שייער. ער האָט געעפנט די פורטקע און איז אַריין אין הויז, אַ מענער־שטימע האָט זיך געהערט, נאָך פאַר דער פרוי טראָשיס צעשראָקענע קולות.

— כ׳האָב אייך געוואָלט זאָגן: זייט געזונט. — האָט ער געזאָגט פון יענער זייט טיר.

דאָס ליכט האָט זיך אָנגעצונדן, פרוי טראָשי אין דערשינען אַן אָנגעברוגזטע:

— וואָס איז דאָס פאַר א מין אַוועקגיין אינמיטן דער נאַכט, ווי אַ גנב?!

זי האָט געטראָגן אויף זיך אַ שלאָפראָק אין רויטע בלומען, און איבער איר אַקסל האָט ערני אַנטדעקט אויף זיין פריעדיקן אָרט, אַ נאַקעטן גוף פון אַ מענטש, וואָס ער האָט נישט געקענט. טראָצדעם וואָס ער האָט געקענט יעדע זאַך אין דעם צימער: דאָס פרעכטיקע דעמבענע בעט, דעם זשיראַנדאָל וואָס האָט אויסגעשטראַלט אַ גרינע לבנה אויפן סופיט, די שטעקשיך, אין וועלכע ער איז אַזויפיל מאָל אַריין מיט זיינע פיס, אָדער דער עקלדיקער ריח פון דעם לייבער־געמיש אין דעם צימער, וואָס איז קיינמאָל נישט אויסגעלופטערט געוואָרן — האָט זיך אים דאָך אויסגעזען, אַז דאָס אַלץ האָט זיך פון אים אָפּגעריסן און שווימט פאַר זיינע אויגן, ווי אַ טויטער פיש. אויך פרוי טראָשי האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט פאַרלוירן איר נאַטירלעכן אָנבליק, זי איז איצט נישט געווען שיין און נישט מיאוס, זיך האָט זיך געוואַקלט מיט איר אומגליקלעכן, ווייבלעכן קערפּער, אָן ציל, אָן צוגעבונדקייט, הפקר אין די הענט פון שטראָם.

איך האָב געוואָלט נעמען פון אייך אָפּשיד — האָט ער איבער־געחזרט — איך האָב איבערגעטראַכט, ס'איז ריכטיק אַזוי.

ער האָט גערעדט געלאַסן, פון וואָס זי איז ממש אויפגעציטערט געוואָרן. פלוצים האָט זי אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף דער אָפּגעדעקטער ברוסט און האָט אויסגעשריגן:

— מיין גאָט, וואָס האָב איך געטאָן? — און זיך געבראָכן די פינגער אין אויפרעגונג.

— לאָזט אָפּ, מען דאַרף נישט וויינען — האָט ערני געזאָגט.

ער איז אַריין אין שלאָפצימער צו דער פויערטע, וואָס איז ווי פאַרשטאַרט געוואָרן פון ווייטיק.

— איר ווייסט עס גאַנץ גוט, אַז אַ שיינע פרוי, ווי איר, וועט נישט בלייבן אָן אַ מאַן, נישט אַזוי?

— אָבער ס'איז דאָך אַ קינד, ס'איז דאָך אַ קינד — האָט די פויערטע אויסגערופן און געקוקט אויף ערני, מיט אירע ברייט־צעע־עפנטע אויגן.

דערנאָך האָט זי מער נישט גערעדט, נאָר אירע הענט האָבן גערעדט, אין פאַרצווייפלונג האָט זי זיי געבראָכן, און ערני האָט זיך אַ דערשראָקענער צוריקגעצויגן צו דער טיר. אין דער לעצטער רגע האָט ער זיך אויסגעדרייט, כדי איר צו זאָגן דעם לעצטן: זייט געזונט, אָבער דער פרויס ליפּן האָבן זיך באַוועגט און נישט אַרויס־געגעבן קיין שום קלאַנג.

אויף דער וואַלד־סטעזשקע, באַרג־אַראָפּ צום דאָרף, האָט ער ווידער געהאַט דאָס געפיל, אַז עפּעס־וואָס האָט ער פאַרגעסן אין דער פאַרם, ער האָט נישט געוווּסט וואָס.

— שמוציקער הונט — האָט ער פלוצים געמורמלט.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים טונקעלן קרייץ־וועג, וואָס אירע אומבאַשטימטע שאָטנס זענען געווען ענלעך צו די שאָטנס פון זיין אייגענעם לעבן. ער האָט זיך איינגעבויגן און אָנגעשאָטן ערד אויף זיין קאָפּ, לויטן אוראַלטן יידישן מנהג, בשעת טרויער און תשו־בה. אָבער אויך דאָס האָט אים נישט געגעבן קיין באַפרידיקונג.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אין דער פינצטערקייט און זיך אויסגעפּאַטשט עטלעכע מאָל. אָבער ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דער וואָס האָט געגעבן די פּעטש אין געווען ער אליין — און דער

וואָס האָט זיי באַקומען איז געווען אַן אַנדערער, כאָטש די באַק האָט אים נאָך געפּייערט.

ער האָט זיך צעקראַצט זיין לינקע האַנט מיט די רעכטער, און די רעכטע האַנט מיט דער לינקער, כדי מבטל צו מאַכן די הנאה, וואָס האָט געקאָנט געניסן יעדע איינע פון זיי, כדי קיין איינע פון זיי זאָל נישט קענען באַטראַכט ווערן אַלס די, וואָס האָט מנצח געווען. אָבער שטענדיק האָט זיך באַוויזן עפּעס אַ דריטע האַנט.

ער האָט אויסגעפּרוווט אַלע מנהגים, וואָס די קדמונים האָבן באַנוצט, כדי זיך צו דערנידעריקן, ער האָט אויסגערופן גאָטס נאָמען, אָבער ער האָט נישט געזען קיין שום סיבה, אים זיך אונטערטעניק צו מאַכן. ער האָט אַרויסגערופן די געשטאַלטן פון זיין משפּחה, אָבער בלי ספק זענען זיי שוין געווען טויט, זייט אַ לאַנגע צייט.

ער איז געבליבן אומבאַוועגלעך. דערנאָך האָט ער זיך איינגע־בויגן, אויפגעהויבן אַ שטיין און דורך דעם ווייטיק וואָס ער האָט זיך גורם געווען שלאָגנדיק מיטן שטיין אין באַק, איז אַ טרער אַרויס־געפלאָסן פון די אויגן, דערנאָך זענען אַראָפּגערונען צוויי, דערנאָך דריי טרערן. ווען ער האָט צוגעלייגט זיין באַק צו דער ערד האָט ער, קרעכצנדיק, ווידער געפונען טיף אין זיך דעם קוואַל פון טרערן, וואָס ער האָט אין אים שוין לאַנג געהאַלטן פאַר אַן אויסגעטרוקנטן, נאָך די דריי קליינע אַפּלאָדיסמענטן פון אילזען. און בעת ער האָט געפילט אַז ער שטאַרבט און לעבט ווידער אויף און שטאַרבט נאָכ־אַמאָל, האָט זיך זיין האַרץ אין שלווה צעעפנט, כדי אויפצונעמען דאָס אַלטערטימלעכע ליכט.

עס טרעפט, אַז פעלקער פאַרלירן זייערע זין, דאָס איז אָן שום ספק, אַ שווערע אבידה און ס'איז גאָרנישט גרינג זיך צו טרייסטן נאָך איר, אָבער אָט קומט דער דאָקטאָר סופר מיט זיין אייגענער אבידה... ווייל ער איז איינער פון די, וואָס האָלטן ביים פאַרלירן זייער פאָלק. וואָס?... וואָס פאַרלירט ער... אָבער קיינמאָל האָט מען דאָך נאָכנישט געהערט רעדן וועגן אַזאַ אבידה.

דוד בערגעלזאָן: אַ נשמה־ליכט פאַר די טויטע.

# די חתונה פון ערני לוי

## 1

מאַריי, אַט דער דאַזיקער אַלטער וווינונגס־קוואַרטאַל, אַמאָל דאָס ווײַנאָרט פון די גראַפן, איז אפשר דער סאַמע רויִנירסטער קוואַרטאַל פון פּאַריז; דאָ האָבן אויך די יידן געהאַט זייער געטאָ. אויף אַלע פענצטער־וויטרינעס, האָבן זעקס־שפּיציקע, געלע מגן־דוד־שטערנס געוואָרנט די קריסטלעכע, פאַרגאַפטע פאַרבייגייערס. די דאָזיקע מגן־דוד־שטערנס האָט מען אויך געזען אויף דער ברוסט פון פאַרביילויפערס, וואָס האָבן זיך לענגאויס די מויערן אריינגע־גנבעט ווי שאָטנס. אָבער אינדערמיט פון דער געלע לאַטע איז געווען אויסגעבייט ביי דער זייט פון האַרץ, אין פאָרם פון ים־שטערנדלעך, דער באַזונדערער דערקענצייכן: ייד. ערני האָט געזען, אַז די צייכנס ביי די קינדער, זענען געווען פון זעלבן שניט, ווי ביי די דערוואַק־סענע, וואָס זייערע זעקס שפּיצן האָבן זיך ווי נעגל איינגעגעביסן אין זייערע שוואַכע ברוסטלעך. דער אָנבליק פון די יונגע נפשותלעך מיט די געלע צייכנס, האָט ערבין געמאַטערט: — אומגלויבלעך, אומגלויבלעך.

די גאַס ע ק י ף, ווו ס׳האָט זיך אויפגעהאַלטן דער פאַרבאַנד, איז אין זייַנע אויגן געווען די סאַמע „מאַלערישסטע" פון קוואַרטאַל מאַריי. און די הייזער אין אים, די סאַמע איינגעבויגענע און די סאַמע מיאוסטע.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ פון נייגעריקייט און פחד, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער שמאָלער טיר אויפן זעקסטן שטאָק. אַ נידע־ריקער זקן האָט אים געעפנט. ערני האָט איבער זייַנע אַקסלען באַמערקט נאָך דריי נידעריקע זקנים, אויסגעשטעלט הינטער אים

אין אַ שורה, ווי צום באַקוקן. דער בעל־הבית פון שטיבל האָט אי־בערגערוקט זיין יאַרמלקע מיט איין סענטימעטער און דערנאָך זי צוריקגערוקט אויף איר געוויינטלעכן אָרט.

— איך בעט אייך, קומט אַריין — האָט געשעפּטשעט דער ער־שטער זקן, זיין שפּיציק קול האָט אים דערמאָנט דעם זויערלעכן און העפלעכן טאָן פון זיין פאָטער בנימין. אַז דער בעל־הבית האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער ערנין און געמאַכט אַ טריט פאָרויס, האָט ער זיך אַ נייג געטאָן, אים דערלאַנגט די רעכטע האַנט און געזאָגט:

— גוט מאָרגן, מיין הער.

ס'האָבן אים דאַן באַגריסט דער צווייטער זקן, דער דריטער און דער פערטער. אַלע מיט די זעלבע שפּיציקע בערדלעך, צו אַלע די זעלבע שוואַרצע קליינע אויגן, אונטער דער באַרגיקייט פון פּרעכ־טיקן יידישן שטערן.

דער ערשטער האָט דעמאָנסטרירט זיין בילדונג און ארויסגעז־זאָגט דעם מ'מסיע (הער) אין איינקלאַנג מיט אלע כללים פון דער פראַנצויזישער גראַמאַטיק. די אַנדערע האָבן דאָס געמאַכט אויף זייער שטייגער, איינער האָט אַרויסגעבראָכן: מאַסיע, דער אַנדערער מוסי, און ביים לעצטן האָט זיך גאָר געיאָוועט אַ משונהדיקער מיסיו.

דער בעל־הבית האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר די דריי זקנים אין זייערע ראַנגען: וויצע־פּרעזעס, אַלגעמיינער סעקרעטאַר און קאַסירער פון פאַרבאַנד.

— וואָס אַנבעלאַנגט אונז — האָט ער פאַרענדיקט זיינע רייד, לייגנדיק די האַנט אויפן האַרץ (דאָס לשון רבים „מיר" האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין מער פּאַסיק ווי „איך", ס'איז פאַראַן אין אים גאווה און זעלבסטצופרידנקייט) — מיר זענען דער פּרעזעס.

בעת דער אַלטער איז אַזוי געווען פאַרנומען מיטן צערמאָניאַלן נוסח, ביי אַ פויזע צווישן איין ספּעקטאַקל און צווייטן, האָט ערני באַטראַכט דעם וווין־שטח פון פאַרבאַנד פון די זעמיאָקער לאַנדס־לייט אין פּאַריז: אַ קובאַרטיק שטיבל פון צוויי מעטער אין יעדער זייט, אַ דאַך־פענצטערל צום הויף, אַ וואַש־שיסל און אַ קרוג, אַ ניי־מאַשין, אויף איר אַ נישט פאַרענדיקט מלבוש, און אַן עטאַזשערקע מיט בערגל פּופּציק ביכער — אין העברעיש, פראַנצויזיש, דייטש, רוסיש, אפשר אויך אין יידיש — אַ קליין טישל, אַ קאַך־מאַשינקעלע

אין ווינקל, און אויף איר אַ קעסעלע מיט אַ טעלער, אַ באַנק און אַ בעט.

— מעג איך אייך פרעגן וועגן ציל פון אייער באַזוך? — האָט דער פרעזעס געפרעגט, און דאָס קול זײַנס איז געוואָרן גאָר דין פון אומרו, צוליב ערניס שווייגן. ערני אַ ביסל מבולבל האָט מער נישט געוווּסט צו ענטפערן נאָר „יאָ,יאָ", און איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן, פילנדיק זיך נישט פריי, ווי ער וואָלט אַרײַן אָן רשות.

— נו רעדט, האָט נישט קיין מורא — האָט דער פרעזעס גע־זאָגט מיט אַ מרהשחורהדיקן שמייכל — איר קומט מסתמא, איך שטעל זיך פאָר, כדי אונז צו אַרעסטירן, נישט אַזוי? — האָט ער פאַרענדיקט מיטן זעלבן קלוגן און אומעטיקן שמייכל.

ערני האָט געשטאַמלט.

— זייט זיכער מיין הער, מיר זענען גרייט — האָט דער פרע־זעס פאָרגעזעצט, און אים באַטראַכט מיט באַצויבערנדיקער עצבות — מיר האָבן אויף אייך געוואַרט — און מיט אַ פינגער אים אָנגעוויזן אויף פיר קליינע פעקעלעך מיט בגדים, נישט ווייט פון דער טיר.

— איך האָב צו אייך אַ בקשה — האָט ערני געזאָגט אין יידיש.

און אין ענטפער אויף דער שווייגנדיקער פראַגע פון די קליינע בלישטשענדיקע אויגן, האָט ערני צוגעגעבן:

— איך בין דאָס אייניקל פון מרדכי לוי, מיין זיידע פלעגט מיך פאַר דער מלחמה מיטברענגען אַהער. און... כ'האָב אַ בקשה צו אייך — און ער האָט זיך צעוויינט.

באַלד האָבן די פיר זקנים אָנגעהויבן שמועסן צווישן זיך, און זייערע שטימען, וואָס זענען פון אָנפאַנג געווען אײַנגעהאַלטענע, מחמת ערניס בײַזיין, האָבן איצט באַקומען אומגעווײַנלעכן שוווּנג. יעדע שטים איז דערגאַנגען צו דער ספּעציפישער קול־שפּיציקייט פון זקנים און קינדער, ביז אָט דער נישט האַרמאָנישער און וויינענדיקער צוזאַמענגוס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קינה־טאַנץ, מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום הימל, קנאַקנדיקע קנאָכיקע פינגער, און די קליינע אויסגעדאַרטע גופים האָבן זיך געוויגט אַהין און צוריק. זייערע אויגן, געווענדט צום הימל, האָבן פאַרגאָסן דינינקע, דורכזיכטיקע, זקנישע טרערן, וואָס פאַרבלייבן אומבאַוועגלעך ביי די וויעס, דערנאָך שפּאַלטן זיי זיך און פאַרזינקען צווישן די קנייטשן און די האָר.

אַז די ערשטע גערירטקייט איז פֿאַרבײַ, זענען די זקנים ווידער צוגעגאַנגען צו ערני. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ מין קאָנקורענץ, יעדער איינער האָט זיך באַמיט אים צוצוטיילן דעם גרעסטן כּבֿוד, דער פֿער־זענלעכקייט, דעם לעבעדיקן יורש פֿון דער משפּחה לוי. דער בעל־הבית האָט אַרויסגעצויגן אַ טיכל פֿון קעשענע און אָפּגעווישט דאָס איינציקע בענקל, צוגעדעקט עס מיט אַ קליין, אַלט, זיידן קישעלע, און לאַנג געבעטן ערני, ער זאָל אים אָנטאָן דעם כּבֿוד און זיך אַני־דערזעצן. ווען אַ טרער איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון ערניס אויג, האָט דער אַלטער זיך צו אים צוגעבויגן און אים פֿאָטערלעך געגלעט זיין באַק, שעפּטשנדיק מיט אַ באַרויערלעכן שמייכל:

— זייט אונדז מוחל, מיר זענען אַזוי אַדורכגענומען מיט פּחד.

דער וויצע־פּרעזעס האָט אַרויסגענומען פֿון אַ מעטאַלן פּוש־קעלע אַ פֿאַרפּלאַטשיקטן פּאַפּיראָס און בדחילו ורחימו אים דערלאַנגט ערנין, ווי ער וואָלט אויפֿגעבראַכט אַ קרבן. דער אַלגעמיינער־סעקרעטאַר האָט געעפֿנט אַ מין שעכטעלע מיט זיסקייטן. לסוף איז צוגעגאַנגען דער קאַסירער צו ערנין, און דורכדריגלעך אים אריינ־געבליקט אין סאַמע מיטן פֿון אויג, האָט אָנגעכאַפּט מיט זיינע צוויי סענקעוואַטע הענט ערניס רעכטע האַנט און געזאָגט: „מיסיו, מיסיו״, ער האָט אָפּגעזיפֿצט פֿון גאַנצן האַרץ. ערני האָט באַמערקט, אַז די שיך פֿון מיסיו זענען נישט געווען פֿון איין פּאָר, איינער גרעסער, דער צווייטער קלענער. אָבער ס'האָט זיך אים אויך אויסגעדוכט, אַז אויף זייערע בגדים, אויסגעגאַנצטע פֿון יאָרן, האָבן זייערע פֿיר געלע שטערנס — צוגענייטע מיט גראָבע, אומגעלומפּערטע שטעך — געשוועבט און אַרומגעפֿלאַטערט ווי שמעטערלינגען.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן קישעלע און די פֿיר זקנים האָבן זיך אויסגעזעצט אויפֿן ראַנד פֿון בעט.

— מיר האָבן נישט געוווּסט — האָט אָנגעהויבן דער פּרעזעס, וואָס האָט געוואָלט ערנין אַ ביסל אויפֿהייטערן — מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז אייער פֿאָטער האָט געהאַט אַ זון פֿון דרייסיק יאָר. אמת איז, אַז פֿאַר דער מלחמה זענען מיר נאָכנישט געווען קיין פּרעזעס, נאָר אַ פּשוטער הילפֿס־קאַסירער (אַזאַ אויפֿגאַבע איז היינט נישטאָ) ווײַ־און ־ווינד. ס'איז נאָענט דער טאָג, ווען דער פֿאַרבאַנד וועט אויס־גיין, שטיל, ווי אַ ליכט. דער ערשטער איך, האָף איך, דערנאָך אַ

צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער. און טאַקע, וואָס פאַר אַ חשיבות שוין אויף להבא? „דאָס טויטע פלייש פילט נישט דאָס שאַרפע מע־סער” (אין בשר המת מרגיש באיזמל *).

ערני האָט צוגעטאָן אַ האַנט צו זיינע אויגן און געשעפּטשעט, ווי צו זיך:

— וואָס זאָגט איר? מיין טאַטע האָט נישט געהאַט קיין זון, וואָס קאָן היינט אַלט זיין דרייסיק יאָר.

— וויפיל זענט איר הייסט עס אַלט? — האָבן אַלע פיר איניי־נעם געפרעגט.

ערני האָט געשמייכלט, זעענדיק זייער גערירטקייט. ווי יונג זיי זענען נאָך, האָט ער געטראַכט מיט אַ ביזאַנס פון זלזול.

— צייטנווייז — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל — דוכט זיך מיר, אַז איך בין שוין אַלט טויזנט יאָר. אָבער לויט דער אויפּפּאַסונג פון מיין אָרעמען טאַטן, עליו השלום, בין איך נאָר אַלט צוואַנציק יאָר.

דער פּאָרזיצער האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שטרענגן בליק און איז אַריין מיט די אַנדערע דריי זקנים אין אַ היציקן ויכוח אויף פּויליש און דערנאָך ווידער זיך געווענדט צום גאַסט:

— איר זענט הייסט עס אַנטלאָפן פון גהינום?

— איך קום איצט אָן פון דער פרייער זאָנע — האָט ערני גע־ענטפערט מיט ישוב־הדעת — היינט איבער׳ערפרי. פון וואָס פאַר א גהינום רעדט איר?

— איר קומט אַלזאָ נישט פון דאָרטן? — האָט געפרעגט דער פּרעזעס און אויפסנייי זיך איינגעקוקט אין ערניס פּנים, ווי ער וואָלט פון אים אַרויסגעלייענט אַ מעשה נורא.

— רבונו של עולם — האָט זיך אָנגערופן דער סעקרעטאַר, — ער קומט נישט פון דאָרטן.

— איז פונוואַנען קומט ער? — האָט מיסיו געפרעגט מיט אַ שוואַך קול.

דער פּרעזעס איז פאַרבליבן איבערגעבויגן איבער ערניך, מיט אויסדרוק פון צער אין זיינע קאָלירלאָזע אויגן — די גרינע,

---

*) שבת י״ג ע״ב.

גראָע, אָדער גאָר פּילפאַרביקע אויגן — ווי יענע אַלטע זאַכן, וואָס זייערע פאַרבן פאַרשווונדן, מחמת זשאַווער פון דער צייט.

— זענט איר נישט ערני? — האָט ער נחתדיק געפרעגט.

ערני ווערט איבעראַשט, און באַשטעטיקט שווייגנדיק.

— בכן — האָט דער פּרעזוס פאָרגעזעצט מיט האַרציקע ווער־טער, בעת טרערן פון געריר־טקייט רונען פון ערניס אויגן — אייער זיידע האָט אונז שטענדיק דערציילט וועגן אייך. ער פלעגט יעדן זונטיק אינדערפרי קומען צו די פאַרזאַמלונגען, ער איז געווען אַן אמתער יידישער מענטש. אַנטשולדיקט מיר, איך דערמאָן זיך גוט, ווי ער האָט גערעדט וועגן זיין אייניקל, בעסער געזאָגט וועגן דעם זונס זון, ווי ער וואָלט גאַנץ זיכער געוען, אַז ער איז באַשטימט געוואָרן צו זיין אַ צדיק. נישט אַ צדיק אַ לוי, פלעגט ער זאָגן, נאָר אַ פאַרבאָרגענער אמתער צדיק, אַ נישט געטרייסטער, איינער פון די צדיקים, וואָס גאָט איז נישט מעיז זיי צו גלעטן אפילו מיטן קלייבעם פינגער. דאָס אַלץ איז איצט ווייט פון אונז, נישט אַזוי? אָבער אויב מיר איז דערלויבט איך צו פרעגן, טייער קינד, פאַרוואָס זענט איר צוריקגעקומען צו אונז, אין פייער אַריין? ס׳קאָן זיין, אַז איר ווייסט עס נישט. מען דערציילט זאַכן, וואָס די האָר פון קאָפּ שטעלן זיך אויף.

— איך ווייס — האָט ערני געזאָגט — אַלץ וואָס איז נאָר מעג־לעך צו וויסן. פאַראַן דאָ מענטשן, וואָס האָבן געלייענט געהיימע פלוג־בלעטלעך, ס׳זענען דאָ מענטשן, וואָס האָבן געהערט אונטער־ערדישע ראַדיאָ־אווידיציעס, אָבער דאָס וואָס מען שעפּטשעט פון מויל צום אויער, קאָן דער מענטשלעכער מוח נישט אויפנעמען.

— און איר גלויבט אין דעם? האָט דער פּרעזוס אים געפרעגט.

ערני לוי איז פאַרווירט.

— אָבער פאַרוואָס זענט איר צוריקגעקומען?

— כ׳ווייס נישט — האָט דער בחור געענטפערט.

דאָס וואָס איר האָט געטאָן, איז זייער שלעכט — האָט געזאָגט דער פּרעזוס — אין דעם מאָמענט איז דאָס לעבן אין פאַריז קירצער ווי דאָס העמדל פון אַ קינד. און איר זעט דאָך נאָך אַזוי יונג, איר זעט דאָך אפילו נישט אויס, ווי קיין ייד, אייער צוקונפט פליסט נאָך אינגאַנצן אין אייערע אָדערן. כ׳פאַרזיכער אייך — איז ער

אַריין אין התפעלות — איר זעט באמת אויס, ווי פלוני־אלמוני.

נאָכדעם ווי ער האָט באַטראַכט ערניס צעקרומטע פּנים, האָט ער געביטן דעם טאָן:

— אינדעראמתן, זענט איר נישט ענלעך צו קיינעם. דאָס זענט איר געווען דאָס יינגעלע מיט די לאָקן, וואָס איז דעמאָלט געקומען מיטן אַלטן לוי? זאָגט נישט גאָרנישט, רודערט נישט אויף. געווען איז דאָך דאָס אין יענע אַוועגעגאַנגענע צייטן, אין יענער פאַרשוונ־דענער וועלט, אין געדאַנקען פאַרגאַנגענע, און כ׳ווייס נישט, צי ס׳זענען שוין פאַרגאַנגען אפילו דריי יאָר. זייט איר דאָס טאַקע גע־ווען? (ער האָט געמאַכט אַ דעצידירט־נעגירנדיקע באַוועגונג) — ניין, איך בעט אייך, ענטפערט מיר נישט, ווייל מיין אַלטע נשמה וויל בעסער בלייבן אין ספק, לגבי דעם מוראדיקן גהינום וועגן וועלכן ס׳ווערט אַזויפיל דערציילט און נישט דערציילט. לוי, קינד מיינס, איר ווייסט? זעט אויס, אַז איך בין נישט קיין צדיק, ווייל איך לייד דאָך נישט קיין שום יסורי־גהינום.

ער האָט אָפּגעווענדט זיין אויג פון גאַסט, ווי ער וואָלט נישט געהאַט גענוג מוט איבערצוטראָגן זיין בליק, האָט ער אַרויפגעלייגט זיינע דאַרע הענט אויף זיין צעקנייטשטן פּנים און זיך צעיאָמערט:

— גאָט מיינער, ווי ווייט דו ווילסט נישט אָפּווענדן דיין אויפ־מערקזאַמקייט פון אונז, וועסט אונז נישט אָפּלאָזן, ביז אונזער אייגן שפּייעכץ וועט אונז איינשלינגען? רבונו של עולם, טאַטע פון אַלע מענטשן, וועסט אונז נישט מוחל זיין אונזערע עוולות קעגן דיר, ביז מיר אַלע וועלן ליגן אין שטויב?, וועסט אונז נאָך אַמאָל זוכן... און מיר וועלן מער נישט זיין — האָט פאַרענדיקט דער פּרעזעס פון די זעמיאַקער לאַנדסלייט אין פּאריז.

מיסיו האָט אין זיין כעס געציפּט דעם פּרעזעס ביים עלנבויגן, און אַלע זקנים האָבן זיך אויף אים געוואָרפן:

— וואָס איז דאָס? שעמסט זיך גאָרנישט? ווי ער פאַרנעמט זיך דאָס צו זיין אַ צווייטער איוב, און דאָס נאָך אין די אויגן פון אַ לוי.

ביים הערן דעם מאַגישן נאָמען, זענען די פיר זקנים׳לעך אַנט־שוויגן געוואָרן, געציפּט זיך די בערד פון חרפּה. דער פּרעזעס האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— מיר אַמפּערן זיך — האָט ער געשטאַמלט, נישט האָבנדיק די עזה צו קוקן דעם גאַסט אין פּנים אַריין — ווי אַלטע ווייבער, אָבער דאָס איז דאָך זיכער דערפֿאַר, וואָס מיר אַלע פיר וווינען דאָ. אין דעם קליינעם שטיבל, צוויי שלאָפן אויפן בעט און צוויי אויף אַ מאַטראַץ, וואָס מיר שפּרייטן אויס ביינאַכט אויף דער ערד.

— לויט דער ריי — האָט מיסיו זיך ווידער אָפּגערופן.

— און דער חשובער הער לוי — האָט דער פּרעזעס אויפגעקלערט מיט אַן אויסדרוק פון שטוינענדיקער בושה — וועט אפשר פאַרשטיין, אַז דאָס דאָזיקע געצוווּנגענע, ענגע צוזאַמענוווינען, צווינגט צו אַן איבערגעטריבענער מאָס פון משפּחהדיקייט, וואָס מיר אַליין זענען אגב די ערשטע וואָס באַדויערן.

— איך באַזונדערס — האָט דער גענעראַל־סעקרעטאַר אונטערגעשטראָכן מיט געריירטקייט. און ערני לוי האָט זיך געוויקלט אויף זיין בענקל, ער האָט זיך געשעמט אין זיין נייעם גלגול אַלס העכסטער שופט פון אָט די פיר גערודפטע באַשעפענישן. אומזיסט האָט ער געזוכט אַ נוסח, וואָס זאָל זיי אומקערן זייער מענטשלעכע ווירדע און אַליין פאַרבלייבן אין זיין נישטיקייט.

— ווער בין איך — האָט ער לסוף געזאָגט — וואָס מיין בליק ברענגט אין פאַרלעגנהייט פיר בכבודיקע פּאַטריאַרכן, ווי איר? ווען איר וואָלט געוווּסט...

ביי די ווערטער האָט זיך מיסיו צעוואַרעמט און אויסגערופן אין התלהבות:

— די דאָזיקע בני לוי, דאָך! אַלע זענען זיך ענלעך. אַיי, אַיי, אַיי, מיר די פּאַטריאַרכן גאָר, איר האָט געהערט? מילך און האָניק אונטער זייער צונג.

— און אַז דו וועסט צעשטויסן אַ בן לוי אין אַ מערזשער (אם תכתוש את האויל במכתש, בתוך הריפות בעלי, לא תסור מעליו אילתו *) — האָט דער פּרעזעס מסכים געווען, נישט האָבנדיק נאָך אַלץ די עזה צו קוקן אויף ערני — וועט דאָס שטויסל נישט אָפּטיילן די איידלקייט, די זיסקייט פון זיינע צעשטויסענע קערנדלעך, און די פּאַטריארכן זענען גאָר מיר.

*) משלי כ״ז כ״ב.

מיט זיין שפּיץ־נאָז גענייגט צו דער ערד, האָט ער שטיל צו־געגעבן:

— מיין טייער קינד, ס'איז נישט בלויז איין נס נאָר פיר נסים, וואָס מיר זענען נאָךביים לעבן. ווען נישט דאָס, וואָלט איר נישט געפונען אפילו קיין שאָטן פון אונזערע טייערע זעמיאָקער לאַנדס־מאַנשאַפט. וואָס וואָלט איר איצט געטאָן, אין דער שווערער שעה?

— כ'וויס טאַקע נישט — האָט ערני געענטפערט מיט אַ שמייכל אונטער דער נאָז.

— איז דאָס מעגלעך, אַז:

— פרעגט נישט — האָט זיך מיסיו אַריינגעמישט — פרעגט נישט, פרעגט נישט קיין לוי, לאָזט אים גיין אליין, ער ווייסט זיין וועג. ווי פלעגט מען דאָס אַ מאָל ביי אונז זאָגן, איר געדענקט נאָך? „לאָז צורו דעם שיכור, ער וועט שוין אַליין פאַלן (שבקיה לרויא דמנפשיה נפיל *) לאָז צורו אַ לוי, ער וועט שוין אַליין פאַרשווונדן ווערן.

— בלייבט מיט אונז — האָט דער פּרעזעס ווי צו דער ערד גערעדט — ערלעך גערעדט, געהערט נישט דאָס צימער צו קיינעם, נאָר צו דער לאַנדסמאַנשאַפט. איר וועט זען דערנאָך, מיר האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט אַ באַהעלטעניש. זיי קענען קומען מאָרגן, היינט אין אָוונט, אָבער היינט בלייבט איר מיט אונז. בכן, נעמען מיר אייך אַריין צו אונז? זייער גוט, אויסגעצייכנט, תכלית השלימות.

— אָבער איך...

— אָ — האָט מיסיו געזאָגט — מיר זענען אפשר אַ ביסל צו אַלט פאַר אייך, וואָס? ס'וועט אייך אפשר נישט זיין פריילעך אין דער געזעלשאַפט פון אַלטע סאַרדינען, ווי מיר? איך פאַרשטיי. אָבער אַ מאָל, איר פאַרשטייט, זענען געווען אויך יונגעלייט אין דער חברה. רבון העולמים, צי איז דאָס מעגלעך? איך דערמאָן זיך, אַז אין איין יאָר, האָבן מיר געציילט זיבן און צוואַנציק איינגעשריבענע מיט־גלידער אין פאַריזער ראַיאָן.

— און די בעלער — האָט דער גענעראַל־סעקרעטאַר מוסיף געווען מיט באַגייסטערונג.

---

*) שבת י"ג ע"ב.

מיסיו האָט אים נישט געלאָזט פאַרענדיקן:

— איך דערמאָן זיך — האָט ער מיט התפעלות דערציילט — די אַמאָליקע יאָר־יערלעכע בעלער; צי איז דאָס מעגלעך? מיר פלעגן זיי איינאָרדענען אין בעלוויל. דאָס זענען געווען פשוטע, היימישע פאַרוויילונגען. נישט ווי די ווילדקייטן פון די גרויסע שטעט. אַ שטייגער, אין וואַרשע, לאָדזש, אָדער ביאַליסטאָק, ווו איינער האָט נישט געקענט דעם צווייטן. און צו דעם אַלעם איז געווען עפּעס פון דער גרויסער וועלט, ווייל די זעמיאַקער מענטשן זענען באַקאַנט און באַליבט אין גאַנץ יידיש פוילן.

— זייט מיר מוחל — האָט ער צוגעגעבן אַ דערשלאָגענער — כ׳האָב געוואָלט זאָגן, אַז זיי זענען געווען באַליבט, ווייל צווישן אונז גערעדט, איז מער נישטאָ וועמען ליב צו האָבן אין יידישן פוילן, און אויך נישט, ווער ס׳זאָל ליב האָבן.

לסוף האָט דער פּרעזעס אויפגעהויבן זיין פּנים און אַנטפּלעקט די אויפגערודערטע בענקשאַפט אין זיינע בלישטשנדיקע אויגן.

— נעמט איר אָן אונזער איינלאַדונג?

— דאָס איז אַ גליק פאַר מיר.

דער פּרעזעס האָט אַרומגעטריטלט אַרום טיש און געשאַרכט מיט פּאַפּירן הינטערן גאַסטס פּלייצע. ערבי האָט באַמערקט אַ שענקל אין דער וואַנט, מיטן אַרכיוו פון פאַרבאַנד.

דער פּרעזעס האָט געבלעטערט אַ פּנקס און דערציילט זיינע זכרונות:

— איך האָב פאַר דער מלחמה געוווינט ביי מיין זון אין אַ שיינער דירה מיט אַ וואַרשטאַט פאַר קאָנפעקציע, פאַרשטייסט? זיי האָבן מיך פאַרלאָזט, כדי צו דערגרייכן צו דער זאָנע. אין מיין יוגנט בין איך געגאַנגען איבער אַ סך גרענעצן, אָבער איצט האָב איך קיין חשק נישט געהאַט צו לויפן. בין איך אַזוי געבליבן אַליין אין דער דירה. און עליהם השלום — זאָלן זיי האָבן רו און מנוחה. די הויזדינערין האָט צוגענומען די מאַשינען, דערנאָך די מעבל, די כלים און אויך די דירה, אָבער זי האָט מיך נישט געמסרט. זענען געבליבן די אַלטע ספרים, די אַלטע וואַש־שיסלען און איך, איר פאַרשטייט? און דער הימל שמייכלט. ניין, ניין, ניין, בעסער גלויבן, אַז דאָס איז דאָס יאָר 1938, איר זעט: „מרדכי לוי, 37 יאָר אַלט, גאַס ערמי־

טאַזש, מאַנמאַרענסי, סיין־ע־אואַז", שרייב איך אייך צו אין דער זייט? זייער גוט, תכלית השלימות.

— אָבער — האָט מיסיו מיט זאָרג זיך אַריינגעמישט — איר וועט דאַרפן וואָס גיכער אָנשפּילען דעם געלן מגן־דוד־שטערן.

— מיט פאַרגעניגן — האָט ערני געזאָגט.

## 2

ערני האָט געשטוינט, וואָס גאָט האָט זיך זיי נישט אָנגעמיאוסט די מענטשן פון מאַריי. זייענדיק אַ קליין אינזל וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן בקרוב אונטערצוגייען אין דעם מבול פון גרויסן טויט, האָבן די מענטשן דאָרט ווייטער אויסגעשטרעקט זייערע אָרעמס צום הימל, נישט אויפגעהערט זיך צו קלאַמערן אין אים מיט דבקות, מיט ליידנ־שאַפט, אין זייערע אַלע יסורים, אין זייער דאַנקבאַרן יאוש. יעדן טאָג האָבן די גאַס־אַבלאַוועס פאַרכאַפּט אין זייערע אייזערנע נעצן עלטערן, פריינט, שכנים פון זעלבן קאָרידאָר, סתם יידן, וואָס אָט האָסטו מיט זיי ערשט גערעדט. אָבער די קליינע בתי־מדרשים אין די גאַסן דע־סיסיל, דע־ראָזיע, פאַוויי, זענען נישט אויסגעליידיקט געוואָרן. די פיר זקנים פלעגן מיט זיך כסדר מיטנעמען אהין זייער גאַסט, ווו ער האָט מיט זיי צוזאַמען הייס געדאַוונט. טיילמאָל פלעגן יונגעלייט, שמעקנדיקע מיט ליליען־ריחות, זיי אָפּוואַרטן ביים אַרויס־גאַנג, מיט שטעקעלעך אין די פויסטן און טיף־עלעגאַנטן חוזק־שמייכל אויף די ליפּן. די זקנים האָבן געקרעכצט, טאָג־טעגלעך געשפּאַנט לענגאויס די ווענט.

— ברוך השם יום־יום, מיר קאָנען דאָך נישט פאַרפעלן תפילה בציבור. ווייסט איר אפשר, וואָס זיי ווילן?

צווישן איין גאַסן־געיעג און צווייטן, איז ווייטער אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטיקער קיום. ס'האָט ווייטער געווימלט אין די ווינקל־געסלעך, אין די געצייכנטע דורכגאַנגען, מיט רירעוודיקע מענטשן־פישלעך. פאַלקסקיכן האָבן אַרויסגעגעבן זופּן, מען ווייסט אפילו

נישט פונוואַנען דאָס איז געקומען. אין יענע פרילינג־טעג 1943 האָבן די קליינע מענטשלעך, די באַקריינטע מיט געלע שטערנס, נאָך געהאַלטן פלאַץ אויך אין חסד פון אַ בלייבער זון, וואָס האָט אַראָפּ־געגידערט אין די גאָר גראָע מיטלאַלטער־טעג פון ווינונגס־קוואַר־טאַל מאַריי.

ערני האָט געפונען אַרבעט ביי אַ קירזשנער, וואָס האָט געהאַט אַ גרינע קאַרטע. מענטשן האָבן געשעפּטשעט, אַז באַלד וועלן די ווייסע קאַרטן אויך האָבן אַ לעבנס־ווערט. דערווייל איז עס געבליבן ביי די רויטע.

דאָרטן אויבן, אין ענגען דאַכשטיבל פון זעקסטן שטאָק, האָט זיך די צאָל קליינע פליטים־פּעקלעך פאַרגרעסערט מיט ערניס אַ פּעקל, וואָס האָט אַנטהאַלטן ווי די אַנדערע: אַ סידורל, אַ טלית־קטן, תּפילין, אַ יאַרמלקע און זעקס קלעצלעך צוקער. אין אַ געוויסן טאָג, ווען ער איז צוריקגעקומען פון דער ארבעט, האָט ער געטראָפן די טיר פאַר־זיגלט מיט אַ דייטשן לאַק־זיגל אויף אַ לייוונט־באַנד, נאָך אַ וואָק־לעניש, האָט ער אַראָפּגעריסן דאָס בענדל, אַריינגעגאַנגען, און געפונען דאָס שטיבל כמעט אָן ענדערונג. ס׳האָבן נאָר געפעלט די פיר קליינע פּעקלעך פון די פיר איבערבלייבענישן ביים פאַרבאַנד פון די זקני־זעמיאָק אין פאַריז. זיי האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ ליידיקן, טרויעריקן חלל אַרום זיין פּעקל.

ערני האָט זיך אויסגעשטרעקט אויפן בעטל און אין משונה־דיקער צאַפּלעניש געוואַרט אַכט און פערציק שעה אויף זיין ריי. פאַר זיינע אויגן זענען צונויפגעמען דורכגעגאַנגען אַלע זייניקע. נישט איינמאָל איז אים באַפאַלן אַ פאַרלאַנג אַראָפּצוגיין, אַנצושליסן זיך אין איינער פון די באַוועגונגען, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין געטאָ און אויסער אים. מ׳האָט דערציילט וועגן די מעשי־גבורה פון יונגע יידישע העלדן. אָבער אַלע דייטשן פון דער גאַנצער וועלט האָבן נישט געקאָנט מכפּר זיין אפילו אויף איין אומשולדיק יידיש נפש. אויסער־דעם האָט ער צו זיך געזאָגט, וועט דאָס פאַר אים זיין אַ צו לייכטער טויט. ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין יוצא־מן־הכלל און זיך אָפּ־זונדערן פון גורלדיקן און הכנעהדיקן גאַנג פון יידישן פאָלק.

---

אַז ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן ווילן אים נאָך נישט, איז ערני אַראָפּגעגאַנגען פון די זעקס שטאָקן און האָט זיך אומגע־קערט צו זיין ארבעט. דעמזעלבן טאָג, גייענדיק פאַרטראַכט אויפן טראָטואַר, האָט זיך צו אים דערנענטערט אַ קליינע, אין טרויער־געהילטע פראַנצויזישע פרוי, און האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט. אַ וואָך שפּעטער, אין מעטראָ, האָט אים אַן אַלטער ארבעטער אין אַרבעטס־בגדים, אָפּגעטרעטן זיין פּלאַץ.

אויך זיי זענען מענטשן — האָט דער אַרבעטער אויסגערופן, ארומקוקנדיק זיך מיט צאַרנדיקע בליקן — און סוף־סוף קאָן זיך דאָך קיין מענטש נישט אויסקלויבן די געדערעם פון זיין מאַמע.

ערני האָט נישט אויסגענוצט די דאָזיקע סימפּאַטישע איינלאַדונג, אָבער ער האָט געשמייכלט און איז אַריין אין שול, אויף פּאַווי־גאַס צו מנחה־מעריב. די שול איז געווען כמעט ליידיק. נאָר עטלעכע זקנים, טריי דער שול אין אַלע אומשטענדן, האָבן זיך פאַרזוימט אין דער שול־טונקלקייט, און צוויי־דריי ווייבער האָבן געוויינט אין עזרת־נשים, הינטערן פאָרהאַנג. ערני האָט זיך געפרעגט, וואָס איי־גענטלעך און ווער האָט אים געצויגן אַהער. אָבער אין אַלע זיינע אָנשטרענגונגען האָט ער נישט דערפילט גאָטס נאָענטקייט, פון וועמען ער איז געווען אָפּגעטיילט דורך דער מויער פון יידישע קינות, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן ביז צום הימל.

אינדרויסן האָט זיך לוסטיק געמאַכט אַ קאָמפּאַניע פון עלעגאַנטע יונגעלייט. איינער האָט גענומען רייסן די באָרד ביי אַ פרומען זקן, וואָס האָט זיך עקשנותדיק געוועדט צוליבן חשש, אַז זיין סידור וועט אַראָפּפאַלן. באַלד איז זיך צוזאַמענגלאָפן אַ חברה פריילעכע יאָטן מיט אויסגעשרייען : „פאַר גאָט און פאַר מיינע רעכט !" אַז ערני האָט זיך דערוויטערט פון דער קאָמפּס־פּאָזיציע, האָט ער באַמערקט אין אַ ווינקל, ווי אַ יונג מיידל מיט אַ מגן־דוד־שטערן, ראַנגלט זיך מיט מסירות־נפש, ווי אַ געפאַנגענע, צווישן צוויי פראַנצויזישע „פּאַט־ריאָטן", וואָס האָבן זי געגלעט, לאַכנדיק. איין רגע האָט ער געליטן פון דער דערשייבונג, פלוצים זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס, און אין אומדערוואַרטעטן אָנגריף צעטריבן די „געזעלשאַפט". ער האָט אָנ־גענומען דעם מיידלס האַנט און זי אין ווילדן געלויף מיטגעצויגן מיט זיך, דורך די ליידיקע מיסטעריעזע געסלעך פון קוואַרטאַל מאַריי.

פֿאַר דער גאַס ריוואָלי, ווען זיי האָבן צוליבן גרויסן מענטשן־פּאַרקער, פֿאַרלאַנגזאַמערט זייערע שריט, האָט ערני צו זיין גרויסער איבעראַשונג באַמערקט, אַז דאָס מיידל הינקט.

איך בין אייך שולדיק אַ גרויסן דאַנק — האָט זי אים געזאָגט אין יידיש, ווען זיי זענען שטיין געבליבן ביים נישט־באַבויטן שטח פֿון דער גאַס זשופּרואַ ל׳אַסני.

זי האָט געסאַפּעט, און שווייס־פּערל זענען גערונען פֿון איר שטערן. ערני האָט איינגעפֿונען, אַז זי איז אַ ביסל באַהעמיש. מיט אירע שד׳ישע רויטע האָר אין איר ביינוול־קליידל, וואָס האָט אויף איר ארומגעשוועבט ווי אַ זאַק. מיט אירע קיילעכיקע באַקן אין דעם העזה׳דיקן און גלייכצייטיק תמימותדיקן אויסדרוק — וואָס איז אַזוי צוציענדיק ביי די דאָרפֿס־מיידלעך אויף די וועגן פֿון אינזל קאַ־מארג ביז סען־מאַרי־דע־לא־מער — האָט זי אויסגעזען באַצויבערענד. דער געלער מגן־דוד־שטערן אויף איר האַרץ — ווי אַ פּרעכטיקע צירונג ביי אַ ציגיינערקע.

— זיי וואָלטן מיר נישט געטאָן קיין שום שלעכטס — האָט זי געלאַכט — כ׳בין נישט אַזוי שיין.

ערני האָט זיך איינגעקוקט אין איר, נישט וויסנדיק פֿאַרוואָס. זייערע הענט האָבן זיך צעשיידט פֿון זיך אַליין. דערנאָך האָט דאָס מיידל אָנגעהויבן רעדן זייער שנעל, אַרויסוואַרפֿנדיק אין איר פּלוי־דעריי, ווי זייפֿן־בלעזלעך, אומקלאָרע ווערטער פֿון דאַנק און אַנער־קענונג, וואָס זי וועט קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן.

זענט איר נישט מיד? — האָט ערני פּלוצים איבערגעריסן איר פֿלייץ פֿון ווערטער.

— ניין, פֿאַרוואָס? אָ, אפֿשר צוליב מיין פֿוס? האָט זי געזאָגט מיט פּשטות.

דער בחור איז געווען נישט דעצידירט.

— יאָ, האָט ער לסוף געזאָגט — טאַקע צוליב אייער פֿוס.

— זאָרגט אייך נישט וועגן מיין פֿוס, אויבנאויפֿיק קאָן מען אַזוי מיינען, דערווייל איז ער שטאַרקער פֿון צווייטן פֿוס.

זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו איר שולדיקן פֿוס, אים שטיפֿע־ריש געמוסרט, ביזן דערלאַנגען אים אַ קליין פּעטשל: — האָסט זיך שוין איינמאָל צעבראָכן, טעכטערל, אַ צווייט מאָל וועסטו זיך שוין מער נישט צעברעכן.

ערני האָט גערעדט גיך, כדי אָפּצולעקען דעם מיידלס אויפֿמערקזאַמקייט.

—איר ווינט ווייט פונדאנען, מאַדאַם?

זי האָט איבערגעריסן זיין מאַנעווער און אויפגעהויבן דעם קאָפּ אין געלעכטער: — אָ, ניין, אַ צוויי־דריי טריט.

— אויב איר ווילט, נעמט מיך ביים אָרעם, ביטע.

דאָס מיידל, אַ פאַרווירטע, האָט זיך פאַרויטלט, און אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט, אַריינגעפירט איר אָרעם אין זיינעם. ביידע זענען זיך אַזוי געגאַנגען געאָרעמט ביז צום ברעג פון דער סענע, ביי דער געפלעפטקייט פון די דורכגייער. נישט געקוקט דערויף, וואָס זי איז מיט אים געאָרעמט, האָט זיך דאָס משונהדיקע מיידל באַמיט נישט אָנצולענען זיך אין אים, און זייערע אָרעמס האָבן זיך כמעט נישט אָנגערירט. זי האָט געשטעלט איר קורצן פוס מיט אַ מין לייכטן צושפרונג און האָט דאָך באַוויזן צו גיין גלייך מיט ערני.

— איר ווייסט, דער פוס איז נאָר קוים־וואָס קלענער פון צווייטן — האָט ער געזאָגט תמימותדיק, ווי אין פשוטן שמועס.

אָבער ווי נאָר די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, האָט אים דאָס מיידל געענטפערט מיט א קוויקנדיק געלעכטער, און האָט פאַרלאָזן ערניס אָרעם, געמאַכט עטלעכע טריט אַליין, מיט א בכיוונדיק גענגל, אירע אויגן האָבן כיטרע אַהינגעבליקט צו ערני.

— „נאָר קוים וואָס קלענער?" — האָט זי געלאַכט.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל ערני האָט, נישט פרעגנדיק, זי אָנגענומען ביים אָרעם און געצויגן זי נאָך זיך. אָבער דאָסמאָל, אַז ער האָט זי אונטערגעהויבן, כדי זי זאָל זיך קאָנען אויף אים אָנלענען, איז זי אַ דערשטוינטע, שווייגנדיק אים נאָכגעגנגען, אָן שום ווידערשטאַנד, און איר נאָכהינקן האָט זי כמעט נישט געפילט. ביידע האָבן זיי געלאַכט, געשוויגן, אויפסניי געלאַכט, גליקלעכע און שעמעוודיקע, איינצייטיק. ביז ערני האָט געזאָגט, ווי אין חלום:

—און איצט פילט איר נאָך, וועלכער ס'איז דער קלענערער פוס?

ניין, ניין — האָט דאָס מיידל געענטפערט מיטן זעלבן מילדן טאָן.

קוסטן־צווייגלעך זענען געווען צעשפרייט איבערן טראָטואַר ביים ברעג פון דער סענע. מיטן גרינגסטן בלאָז פון ווינט, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע, וואָס זענען אַראָפּ־

געפֿאַלן פֿון די קלאָן־ביימער. צען מעטער נידעריקער האָט די סענע געטריבן דעם שטראָם פֿון אירע וואַסערן, די געפֿאַנגענע אינדערמיט שטאָט. נעבן דעם פּאַרל איז פֿאַרבייגעלאָפֿן אַ טעקסי, אין איר אַ שאָ־פֿער מיט אַן אַרויסגעשטעלטער צונג, הינטער אים אַ פּעטע מאַדאַם, הענט אין אַ מופֿע, וואָס האָט, ווייזט אויס, זייער נהנה געווען פֿון פּאַריזער פֿרילינג, עטלעכע דייטשע סאָלדאַטן האָבן שפּאַצירט איבער דער לענג פֿון סענע־ברעג, און גאָלדע — דער נאָמען פֿון מיידל — האָט זיך צוגעבויגן צו ערני. אונטערהאַלטנדיק זי מיט ביידע הענט, האָט ער אויף אַ מסוכנדיקן אופֿן פֿאַרשטעלט אַ טייל פֿון איר געלן מגן־דוד. דערנאָך האָט זי געפּלאַפּלט און דערציילט צווישן אַנדערע זאַכן, אַז זי האָט אַ צווייטן מאַן און איז אַנטשלאָסן נישט צו בלייבן מיט אים, ווייל מ׳האָט איר פֿאַרגעשלאָגן אַנדערע שידוכים. ערני האָט איר נישט געשטערט אין דער פּלוידעריי, און מיט הנאה זיך צוגעהערט צו דעם נאַרמירטן און ריטמישן עטעמען, וואָס האָט ווידער־אויפֿגעלעבט אין זיין ברוסט.

— ס׳איז גענוג — האָט זי געזאָגט יעדע פֿינף מינוט — איר קאָנט מיך אָפּלאָזן, צוואָס די גאַנצע מי?

אָבער אויך די ווערטער האָבן נישט געווירקט אויף ערני, ווייל זיי זענען געווען אַ טייל פֿון זיין הנאה, וואָס האָט אַרויסגערופֿן גאָלדעס אַנוועזנהייט: זי האָט געמאַכט טאַנצן די אַרומיקע הייזער, אין דער פֿרילינג־לופֿט. די סענע איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קליין, באַשיידן דאָרפֿיש טייכל, און זי האָט צונויפֿגעגאָסן די קלאַנגען פֿון פּאַריז אין איין זיגרייכער האַרמאָניע. און בעת גאָלדע האָט גע־פּלאַפּלט אירע שטותים, האָט ערני צוגעדריקט זיין רעכטע האַנט צום מיידלס פּאַכווע, זי אַ ביסל אונטערגעהויבן פֿון דער ערד, כדי צוצוגעבן מער לופֿטיקייט צו אירע רייד.

באַכדעם ווי זיי האָבן פֿאַרלאָזט די פּראָמענאַדע ביי דער סענע, האָט זי אים געפֿירט צו איינעם פֿון די בלינדע, ענגע געסלעך, אין דעם פֿאַרשמוציקטן באַרג־אַראָפּ, וואָס גרענעצט זיך מיט דער סענע, הינטער דער באַסטיליע. זי האָט זיך געחכמה׳ט, ווען ער האָט איר פֿאָרגעשלאָגן, זי ווידער צו זען. אין ווינצלעניש האָט זי מסכים געווען, אויספֿרעגנדיק אים וועגן זיינע אַרבעטס־שעהן, ווי אויף קאַטאָוועס געשפּילט זיך מיטן געדאַנק, צי איר „רעטער", ווי זי האָט זיך אויס־

געדריקט, וועט מאָרגן, אין דער באַשטימטער שעה קומען, און צי וועט ער וואַרטן מיט הנאה אויפן באַשטימטן אָרט פון צוזאַמענטרעף. און ווען זי איז שטיין געבליבן פאַר אַ שמאָלן טויער פון קאַרבירטן צינק־בלעך, און אים דערלאַנגט די האַנט אויף אָפּשיד, האָט זי גע־מאכט אַ מינע ווי אַמאַדאַם, און צו אים מילד געשעפּטשעט:

— איר קומט ווירקלעך, הער ערני?

— זיכער — האָט ערני נחתדיק געענטפערט — כ'קאָן דאָך נישט שיקן מיין שאָטן.

— אָבער צוואָס זאָלט איר קומען? — האָט איר פאַרדאגהט קול געפרעגט.

— אַנטשולדיקט, וואָס פרעגט איר?

— איך פרעג אייך — האָט זי ערנסט געענטפערט — צוליב וואָס אַייגענטלעך וועט איר קומען?

— צוליב אייך — האָט ערני שטיל און אַ ביסעלע פאַרדראָסיק געזאָגט.

ביי די ווערטער האָט זיך אונטער גאָלדעס געזיכטס־שטריכן געצייכנט, מיט איבערראשנדיקער העלקייט, אַ ניי, שיין פנים, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגן איר תמימותדיקער פרייד, אַז ערני האָט, קעגן זיין ווילן, אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן־וויעס. ווען ער האָט זיי געעפנט, איז דאָס מיידל שוין געווען דערווייטערט פון אים. מיט איר פליגל־שפּרינגנ איז זי ערגעץ פאַרשלונגען געוואָרן אין אַ קאָ־רידאָר. פון דאָרט האָט זי ארויסגעשטעקט אַ שפּיץ פון איר צע־טומלטער נאָז און איז באַלד ווידער נעלם געוואָרן. פון אינעווייניק איז געקומען אַ בעטנדיק קול:

— מעג איך אַלץ דערציילן מיין טאַטן?

— יאָ, יאָ — האָט ערני געזאָגט.

ער איז אַוועק נישט וואַרטנדיק אויפן נייעם דערשיינען פון זיין פריינדין. אָבער ביים ראַג פון געסל האָט ער געפילט, אַז זי קוקט אים נאָך, און ער איז פאַרכישופט געוואָרן פון אַ מין געפיל, וואָס ער האָט נישט געוווסט אָנצורופן ביים נאָמען. ווען ער איז געשטאַנען אויפן טראָטואַר און געוויינט, האָט ער געטראַכט, אַז דאָס איז געווען אַ מין זיסער צער, אַ צער וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין פרייד, ער ווייסט נישט וויאַזוי. אַזאַ גרינגער צער, וואָס האָט זיך אַליין באַזייטיקט.

# 3

גאָלדע איז נישט געווען קיין הינקנדיקע פון געבוירן. אין יאָר 1938, ווען די ביַיע „עסטרייַכישע" רעגירונג האָט צוריקגעגעבן די פּאַספּאָרטן צו ייִדן — פּוילישע בירגער, און זיי פאַרטריבן צו דער פּוילישער גרענעץ, איז די משפּחה ענגעלבוים געווען צווישן די אַרויסגעטריבענע. די דאָזיקע געשיכטע איז מפֿורסם געוואָרן אין דער וועלט־פּרעסע: די ערשטע נאַכט זענען די אַרויסגעטריבענע ייִדן געבראַכט געוואָרן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, צומאָרגנס אינדערפֿרי, האָבן די טשעכן זיי אַריבערגעוואָרפֿן קיין אונגאַרן, פֿון דאָרטן האָט מען משלח געווען קיין דייַטשלאַנד, און דערנאָך השיבֿני־נאַזאַט, צוריק קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. אַזוי האָבן זיי זיך אַרומגעוואַלגערט נע־ונד און הילפֿסלאָז. לסוף האָבן זיי פאַרכאַפּט פלעצער אויף פאַרשידענע אַלטע שיפֿלעך אויפֿן דונייַ־טייַך. דער גרעסטער טייל האָט זיך, מחמת יאוש, דערטרונקען אין שוואַרצן ים, און די וואָס זענען אַראָפּ אויף דער בישה, זענען באַלד פאַרטריבן געוואָרן. ביַי אַ שטאַרקן שטורם־געווירבל אויפֿן דונייַ, איז גאָלדע אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון שיפֿל, אָבער אין דער לעצטער רגע איז איר פֿיס געוואָרן פאַרהאַלטן און צעקוועטשט צווישן דעם שיף־דנאָ און אַ פעלזנשטיין.

מען האָט איר איינגעשינדלט דעם פֿוס און זי האָט געזונגען כּדי איינצושטילן די ווייטיק. ביַים סוף פֿון דער סכּנות׳דיקער ים־וואָגלעניש, איז געלונגען עטלעכע פֿון די דונייַ־פּליטים צו געפֿונען אַ מקום־מקלט אויף דער איטאַליענישער ערד, ווו זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט. אַ קליינע גרופּע האָט אין געהיים דערגרייכט פראַנקרייַך, צווישן זיי אויך גאָלדע, וואָס איז געטראָגן געוואָרן אויף עמיצנס אַ פּלייצע, דער פאַרווונדערטער פֿוס איז מער נישט געוואַקסן, דאָס איז אַלץ.

אָבער גאָלדע איז מער נישט דיזעלבע וואָס אַ מאָל. כאָטש ס׳איז אין איר נישט געווען קיין פאַרביטערטקייט, האָט דער איידעלער שלייער פֿון איר מום תמיד פאַרדעקט איר פּנים, טראָץ וואָס אין

איר שמייכל, אין איר התלהבות, איז זי שטענדיק געווען אַ זאָרגלאָזע און אַ גליקלעכע — דער אויסקונפט פון איר לעבנס־לוסטיקן כאַראַקטער. אָבער איר פריערדיקע אויפגעלייגטקייט און פריילעכקייט און פון איצט אָן געווען איינגעהילט אין אַ שאָטן פון קוים־געזעענער צוריקגעהאַלטנקייט.

צייטנווייז פלעגט זי באַקומען פרעסערישע אויסברוכן, דעמאָלט האָט זי געגעסן פּירות אָן שיעור, ביז זי איז קראַנק געוואָרן. אָדער ס׳פלעגן זי פאַנגען מרהשחורהדיקע טענער פון אַ האַרמאָשקע, פון וועלכער זי פלעגט אַרויסבאַקומען סענטימענטאַלע ליבעסלידער. אַלץ האָט זי געמאַכט בשלימות. אַז זי פלעגט איינבייסן אין אַן עפּל, איז אַזויווי דער גאַנצער ערד־קיילעך וואָלט זיך געפונען צווישן אירע ציין. אַזוי פלעגט זי אַריינזשלאָקען שטראָמען וואַסער, אין פלוג אָן דורשט, מיט אַ משוגענער ליידנשאַפט, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף איר מאַמע. די אַלע אויסברוכן האָבן זי פולשטענדיק באַפרידיקט, אָן עצבות און אָן חרטה, ווי זי וואָלט זיך באמת אָנגעזעטיקט מיט אַלע פעטקייטן פון לעבן.

— דו ביזט נישט ערנסט — פלעגט זאָגן איר מאַמע — אויב דו וועסט זיך אַזוי פירן, וועט נישט זיין ווער ס׳זאָל חתונה האָבן מיט דיר.

— און דו האָסט דען אַנדערש געמיינט? ווער וועט דאָס וועלן מיין פּוס?

און גאָלדע האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, בעת איר מאַמע — אַ פרוי אַ צוגעשפּיצטע, אין איר צורה און אין איר כאַראַקטער, געשליפן דורך לעבן אַליין — האָט פּראָטעסטירט שאַרף און עקשנותדיק:

— זאָל די גאַל גריזשען מיינע געדערעם, אויב איך פאַרשטיי עפּעס־וואָס פון דער קליינער חיה. מעגסט אפילו זיין מיאוס, ווי אַ זשאַבע, אויב וועסט וועלן, וועסטו שטענדיק געפונען אַ מאַן, וואָס וועט דיך מפרנס זיין. צוליב וואָס מיינסטו, האָב איך דיך דערצויגן? כדי זאָלסט פוילן אין דיין לעבן? קוק נאָר מיך אָן, דאָך האָב איך מצליח געווען צו געפונען דיין טאַטן.

אַז הער ענגלבוים איז געווען דערביי, פלעגט ער אויפהויבן די הענט און איבערגעבן זיין משפט צום הימל:

— דו האָסט מיך געפונען, איך האָב דיך געפונען, מיר האָבן זיך ביידע גוט געפונען.

און מיט חוזק אַריינגערעדט אין דער באָרד אַריין:

— זאָל דיך גאָט אָפּהיטן פון אַזאַ ווילדע מציאה. קום אַהער, טאָכטער מיינע, זאָג נאָר מיר, וואָס פאַר אַ מאַן וואָלסטו געוואָלט?

די אַלע זאַכן זענען געשען מחוץ פון גאָלדע, און זענען זי גאַנץ ווייניק אָנגעגאַנגען. טיילמאָל, אַז ס'האָט זי באַזוצט אַ שגעון, פלעגט זי אויסדרוקן גלייכגילטיקייט לגבי איר ווייבלעכקייט, און פאַרטשעפּעט זיך אין טאַטע־מאַמע ווי אין מאַן און פרוי, זאָגנדיק צום פאָטער: „דו ביזט דאָך מיין מאַן, נישט?" און האָט צוגעוואָרפן אַ צערטלעכן חוזק־בליק צו דער מאַמע מיט ווערטער, וואָס האָבן זי אַריינגעבראַכט אין כעס: „און דו ביזט דאָך מיין ווייב, מיין האַרציק ליב ווייבל, וואָס קאָן איך מיר נאָך ווינטשן?" איר דמיון איז נישט געווען געווענדט צו דער צוקונפט, נאָר צו אַ מין באַפרידיקונג, אַ מער רייכערע, מער פולערע, מער מיסטעריעזע, מער ווי די באַפרידיקונג פון דער קעגנוואַרט, פון חיי־שעה, וואָס באַגרענעצט די ראַמען פון איר וועלט. איר „הונגער" און „דורשט", אירע „באַגערן" זענען דערגאַנגען נאָר צו זאַכן, וואָס איר האַנט האָט דערגרייכט. אַז די שפּייז־שאַפע איז געווען ליידיק, האָט זי זיך דערלויבט אַ ווונדערלעכן אַפּעטיט צו טרוקן ברויט.

נאָך אַ צייט, ווען די באַציונגען מיט ערני זענען געוואָרן מער צערטלעכער, פלעגט ער זי פרעגן, וואָס פאַר אַ זאַך זי ווינטשט זיך: „זאָג מיר עפּעס אַן אוממעגלעכע זאַך, עפּעס אַזוינס, וואָס איך קען דיר נישט געבן". אין אָנפאַנג האָט זי אים געענטפערט מיט קושן. דערנאָך, אַז זי האָט בעסער תופס געווען ערניס ספּעציפישן כאַראַקטער, האָט זי ביי אים געבעטן זאַכן וואָס, לויט איר, זענען זיי געווען פונקט אויף דער גרענעץ פון מעגלעכן און אוממעגלעכן. ווי למשל, אַ קלייד, אַ טואַלעט־זאַך, אַ נישט ראַציאָנירטן דעליקאַטעס, אַ פרוכט. דאָס פעלן פון פאַנטאַזיע האָט ערנין טיילמאָל דערפירט צו פאַרצווייפלונג, ער האָט אין דעם געזען די גראָע באַשיידנקייט פון דער אָרעמקייט, טיילמאָל אַ מין באַרעכנטע קלוגשאַפט — די גייסטיקע פרוכט פון ליידן. אַזוי האָט ער אויך אויסגעטייטש גאָלדעס משלים זיין מיט יענעמס און מיט

איר אייגענעם אומגליק. ער האָט געזען ביי איר תמימותדיקייט. אָבער איינמאָל, נאָך אַ לאַנגען שמועס, ווען זי האָט פאַרטיידיקט דעם געדאַנק וועגן גאָטס ווילן און ער האָט אים אַפּגעוואָרפן, האָט ער איר געזאָגט, ווי אין חלום:

— קומט אויס, אַז איך דריק נאָכנישט אויס אפילו דעם סאַמע אָנהייב פון יסורים, בעת דו ווייסט מער פון אַ רבין.

ווען ער האָט אין פּאַוויי־גאָס אַ צווייט מאָל זי געפרעגט וועגן איר „ווונטש" האָט זי פּלוצים דערפילט אַ „חשק" צו שפּאַצירן מיט אים איבער די פּאַריזער גאַסן אַ גאַנצן נאָכמיטאָג, אָבער אָן דעם געלן מגן־דוד־שטערן. דאָס איז געווען איר איינציקער „אוממעגלעכער פאַרלאַנג"

*

דער דאָזיקער שפּאַציר איז באַשטימט געוואָרן אויף אַ זונטיק, אין חודש אויגוסט. און ווייל אויף אַלע זייערע מלבושים, אויף דער לינקער זייט, איז געווען אויסגענייט דער געלער שטערן, האָט גאָלדע פאַרגעלייגט, אַז זיי זאָלן שפּאַצירן פּשוט, אין די בלויזע בלוזעס. דאָס וועטער איז געווען שיין, ווי ס'וועט שוין אין לעבן פון די צוויי קינדער קיינמאָל מער נישט זיין. ערני און גאָלדע זענען צוגעקומען צום באַרג־אַראָפּ פון סענע־ברעג, און אין דער טונקלקייט פון אונטער דער בריק האָבן זיי אויסגעטאָן זייערע דיסקרימינירנדיקע מלבושים, וואָס גאָלדע האָט באַהאַלטן אין אַ קיישל, צוגעדעקט מיט אַ צייטונג.

זיי האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און שפּאַצירט לענגאויס דער סענע ביז צו דער נייער בריק. זיי זענען, נישט אָן מורא, אַרויפגעגאַנגען מיט די שטיינערנע טרעפּלעך, צום שטח פון דער קריסטלעכער וועלט.

אין דער שעה האָט זיך ערני לוי געהאַלטן פעסט אויף זיינע פיס, ער איז צוריקגעקומען צום לעבהאַפטיקן גאַנג פון זיין קינדהייט, און זיינע לאַנגע, שוואַרצע לאָקן, וואָס גאָלדע האָט פיין פאַרקעמט, האָבן פאַרדעקט די שראַמען פון ביידע זייטן שטערן. אין זיין ווייסן העמד, וואָס האָט געבלאַנקט אין דער זון, און מיט זיין שלאַנקן גוף, אויסגעלייכט, ווי אַ יונגער צעדערבוים, האָט ער

אויסגעזען יונג און מונטער, פול מיט מוט און זעלבסטזיכערקייט. ער האַלט איין דעליקאַט, מיט די שפּיצן פון זיינע פינגער, ווי מיט לויזע לייצן, דאָס האָפּקען פון דער יונגער רויטער ציג, וואָס רייסט זיך צום לעבן. גאָלדע האָט כמעט געטאַנצט. איר אויסזען ווי אַ שיינע דאָרפישע שיקסע, די האָר זענען געווען געקנופּט ווי אַ זאַנגען־קנאָספּ און האָבן נאָך געגלאַנצט פון די סענע־וואָסערן. אויף די ליפּן איז פאַרבליבן אַ שאָטן פון שמינקע און אויף דער ברוסט האָט זי געטראָגן אַ ווייס, חנעוודיק ועסטל, פאַרשטייפט מיט קראָכמאַל, וואָס זי אַליין האָט עס אויסגעפּרעסט — „זי פּרעסט דאָך אַריין אויך איר האַרץ", פלעגט זאָגן איר מאַמע — זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתער פרייליין.

פול מיט אומרו און הנאה, נישט פאַרגינענדיק זיך אַריינצוקוקן איינער אין צווייטנס פּנים, האָבן זיי שטיל שפּאַצירט. פון צייט־צו־צייט האָט ערני פאַרגעסן זיין צוזאָג און נישט איינגעהאַלטן זיך פון אונטערהאָפּקען געענוי ווי גאָלדע, און זי האָט מיט אַ לייכטן דרוק אין זיין עלנבויגן, אים גערופן צו אָרדענונג. זיי זענען צוגעקומען צום פּלאַץ סאַן־מישעל און געבליבן שטיין אַ ביסל פאַרן בנין פון קינאָ.

— איך בין נאָך דעם זומער נישט געווען אין קינאָ — האָט גאָלדע פלוצים איבערגעריסן די שטילקייט.

— איך אויך נישט — האָט ערני געזאָגט — אָבער אַזוי־ווי מיר טראָגן נישט די בגדים מיט די געלע לאַטעס — האָט ער געשעפּטשעט אויף יידיש — האָב איך פּשוט נישט קיין געלט, אפילו אויף איין בילעט נישט. אַזאַ זאַך איז מיר בכלל נישט איינגעפאַלן. אָט האָסטו פיר, פינף, זיבן פראַנק.

— ס'איז צו טייער — האָט גאָלדע געזאָגט — און איך וויל בעסער דעם דרויסן, דאָס לעבן.

*

ערני האָט איר באַפוילן צו בלייבן שטיין און ער איז באַלד צוריקגעקומען מיט צוויי גלעזלעך אייז־קרעם, אין דער פאָרם פון קליינע שיפלעך.

זי האָט אויסגעקליבן דעם גרינעם אייז־קרעם, האָט אַוועקגעגנייגט דעם האַלדז, כדי נישט צו פאַרשמירן דאָס װעסטל, און זיך פאַרהוסט, געשטיקט זיך ביים שלינגען די איבעראַשנדיקע דעלי־קאַטעסן. זי האָט נאָכגעטאָן ערנין און איז אַריין מיט דער צונג אין גלעזל. ערני האָט דערביי געטראַכט, אַז זי עסט זיך אינגאַנצן פון גלעזל אַרויס, ווי זי איז זיך נוהג מיט יעדער זאַך, אַזוי מיט אירע תנועות און רייד, און אפילו מיט אירע תאווה־דיקע בליקן צו די אַרומקע קיאָסקן־הענדלער, אויפן יומטובדיקן בולוואַר סאַן־מישעל, אזוי אויך לגבי אים, ערני, וואָס איז געווען ווי פאַרחלומט.

אַז זיי האָבן פאַרענדיקט דאָס לעקן, זענען זיי ווייטער געגאַנגען מיטן בולוואַר, פאַרבייגייענדיק דעם לייב, אויפן פּלאַץ דענפער, דעם מאַיעסטעטישן און תקיפותדיקן, ווי דער לייב פון יהודה, וואָס היט דעם ארון־הקודש, דערנאָך זענען זיי אַריין אין אַ פאָלקס־טימלעך שיין געסל און ווייטער מיט דער אַן־גאַס, ווי זיי האָבן אַנטדעקט אַ קליינעם פּרעכטיקן גאָרטן, אַן אמתדיקער אָאַזיס, אַרומגערינגלט מיט הייזער, פאַרגאָסענע מיט זונשטראַלן. אַלץ אַרום האָט אויסגעזען, ווי פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. אַ צייט לאַנג געקליבן פאַר זיך אַ באַנק, גאָלדע האָט הינטער איר פאַרשטעקט דאָס קיישל. ביידע האָבן זיך אויפגעפירט ווי אַ פאַריזער פאַרליבט פּאָרל. פריי זיך צוגעקוקט צו די קינדער, פלעגערינס און אלטע פרויען, וואָס האָבן אויך נהנה געווען פון גליק, אין גאָרטן מאָטאָן־דיווערנע.

— נאָ, זע — האָט ערני געזאָגט — ס׳וועלן נאָך אַזוי טויזנטער מענטשן גיין און קומען נאָך אונז, ס׳איז אינטערעסאַנט צו טראַכטן וועגן דעם.

— הער זיך צו — האָט גאָלדע געזאָגט — איך עקזיסטיר נאָך פון פאַר אדם־הראשונס באַשאַפן ווערן, כ׳טויש שטענדיק די צוויי פאַרבן פון מיין קליידונג, טויזנטער יאָרן זענען פאַרגאַנגען און איך האָב זיך מיט גאָרנישט געענדערט, וואָס איז דאָס?

— מיין טאַטע — האָט ערני געזאָגט — האָט געהאַט מעשהלעך פאַר אַלעמען. דיין פאָטער האָט רעטעניש.

— ס׳איז דער גייסט פון דער צייט — האָט גאָלדע געענטפערט ווי אין חלום, און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

אָט דער געדאַנק האָט זייביידע אָנגעשטעקט. די צייט איז זיך געלאָפן מיט גרויזאַמער גיכקייט און האָט שווער געלייגט אויף זייער גליק דעם חותם פון דער געלער לאַטע.

— איך פרעג זיך — האָט גאָלדע געשעפּטשעט — פאַרוואָס פאַרוועדן זיי אונז די געדטנער? ס'איז דאָך די נאַטור.

אַ רויטלעך זיידענער וואָלקן האָט פארבייגעצויגן דעם פּאַריזער הימל, פּונקט איבערן גרויסן בנין, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פון צווישן דעם געבלעטער, פון יענער זייט פון דער ליידיקער מיין־גאַס. און ערני האָט אים נאָכגעפּאָלגט אין זיין דמיון ביז קיין פּוילן, ווו דאָס יידישע פּאָלק איז געגאַנגען צום טויט, אונטער די זעלבע אויגוסט־הימלען.

— ערני — האָט גאָלדע געזאָגט — דו, וואָס קענסט די קריסטן, זאָג מיר, פאַרוואָס האָבן זיי אונז פיינט? די יידן זעען דאָך אויס ווי די גויים, אַז מען זעט זיי אָן דער געלער לאַטע.

ערני האָט מיט זיין אָרעם אַרומגענומען גאָלדעס אַקסלען.

— די זאַך איז באמת מיסטעריעז — האָט ער געמורמלט אין יידיש — זיי אַליין וויסן אויך נישט גענוי די סיבה. איך בין געווען אין זייערע קירכעס, כ'האָב געלייענט זייער עוואַנגעליע. צי ווייסטו, ווער ס'איז געווען יעזוס־קריסטוס? אַ פּשוטער ייד ווי דיין טאַטע, אַ מין חסיד.

גאָלדע האָט געשמייכלט:

— דו מאַכסט חוזק.

— יאָ, יאָ, גלויב מיר, און איך בין זיכער, אַז ביידע וואָלטן זיך זייער גוט פאַרשטאַנען. ווייל ער איז באמת געווען אַ גוטער ייד, דו פאַרשטייסט, אַ מין בעל־שם־טוב: אַ בעל־רחמים, אַ גוטהאַרציקער. די קריסטן זאָגן, אז זיי האָבן אים ליב, אָבער איך האַלט, אַז זיי שעצן אים גרינג, דערנידעריקן אים, אָן זייער וויסן. זיי כאַפּן אָן דעם קרייץ ביים צווייטן עק און מאַכן פון אים אַ באַגנעט, און דערמיט שלאָגן זיי אין אונז. דו פאַרשטייסט, גאָלדע?! — האָט ער געשריגן אין משונהדיקן געמיט־אויפברויז — זיי נעמען דעם קרייץ און קערן אים איבער. יאָ, זיי קערן אים ממש איבער, רבונו של עולם.

— שטילער — האָט גאָלדע אַ זאָג געטאָן — מען הערט זיך צו צו אונז.

זי האָט געגלעט מיט איר קליינער האַנט די שראַמען פון ערניס שטערן, ווי זי פלעגט אָפט ליב האָבן דאָס צו טאָן, און געשמייכלט:

— האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט נישט צו טראַכטן דעם גאַנצן היינטיקן נאָכמיטאָג.

ערני האָט געקושט די האַנט וואָס האָט געגלעט זיין שטערן און האָט עקשנותדיק ממשיך געווען:

— דער אָרעמער ישו, ווען ער וואָלט אַראָפּגעקומען אויף דער ערד און געזען, ווי די געצנדינער האָבן פון אים געמאַכט אַ שווערד קעגן זיינע ברידער און שוועסטערס, וואָלט זיין האַרץ געטרויערט אין אומענדלעכער עצבות. און אפשר זעט ער דאָס, ווייל מ׳זאָגט, אַז אַ טייל צדיקים זיצן ביים טויער פון גן־עדן און ווילן נישט פאַרגעסן די מענטשן, און אויך זיי האָפן אויף משיחן. יאָ, ס׳קאָן זיין, אַז ער זעט דאָס אַלץ, ווער ווייסט. דו פאַרשטייסט גאָלדעלע, ער איז געווען אַ פשוטער ייד, איינער פון אונז, אַ קליינער צדיק ממש, פאַרשטייסט, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי מיר אַלע, די צדיקים. און אמת איז, אַז דיין טאַטע און ער וואָלטן זיך גוט פאַרשטאַנען. איך זע זיי ביידע אַזוי צוזאַמען, פאַרשטייסטו מיך. רבי — זאָגט דיין טאַטע — טייערער רבי, צי איז נישט קיין ווייטיק, קאָן דאָס האַרץ נישט פּלאַצן, צוזעענדיק דאָס אַלץ? און ער האַלט זיך ביי דער באָרד און ענטפערט: יפה דרשת, ווייסט דאָך גוט, מיין גוטער שמואל, דו ווייסט דאָך, אַז דאָס יידישע האַרץ מוז טויזנט מאָל פּלאַצן פאַרן ווויל פון די פעלקער. מיר זענען דאָך דאָס אויסדערוויילטע פאָלק. ווייסטו דאָס נישט? און דיין טאַטע וואָס זאָגט: אוי־ווי, צי איך ווייס דאָס? אָבער טייערער רבי, איך ווייס עס נישט? ווויי־און־ווינד.

ביידע האָבן געלאַכט. גאָלדע האָט אַרויסגענומען אַ האַרמאָשקע פון זעקל, זי פאַרבייגעפירט פאַר ערניס נאָז, דערנענטערט זי צו אירע ליפּן, און האָט אַרויסגעבערענגט סענטימענטאַלע, פאַרבאָטענע קלאַנגען: דאָס געזאַנג פון דער אוראַלטער האָפענונג, די „התקוה“, מיט אומרויקע אויגן האָט זי געפאָרשט דעם גאָרטן און האָט הנאה געהאַט פון דער „פאַרבאָטענער פּרוכט“. ערני האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אויסגעריסן אַ בינטל פאַרוויאַנעט גראָז און באַקריינט דערמיט

גאָלדעס נאָך פּייכטע האָר. ביים אַוועקגיין, האָט ער געוואָלט אַראָפּנעמען דעם אָרעמען קראַנץ, אָבער דאָס מיידל האָט אים פאַרהאַלטן די האַנט.

*

— ערני, ערני — האָט דאָס מיידל געפּליסטערט — דו ווייסט אַז מיר זענען פאַרקנסט צום טויט?

זי איז געזעסן אַן אויסגעגלייכטע, כמעט אַ שטייפע אויף די גראָע קאָלדרעס פון קליינעם בעטל, אין שטיבל אויפן זעקסטן שטאָק, און אויף אירע ציטערנדיקע קני זענען געלעגן צונויפגעלייגט די הענט, ווי ביי אַ געבעט. די רויטע, וואָלענע בלוזקע האָט נישט געשטימט מיט די טונקעלע, אומעטיקע פאַרבן אין שטיבל פון די זעמיאָקער זקנים. אזוי האָבן זי די נישט צוגעפּאַסטע קנעפּ געדריקט ביז צום ווייסן קעלנערל פון וועסטל, וואָס האָט געגלאַנצט פון קראָכמאַל. אַ ביסל גרעזלעך וואָס האָט זיך נאָך געהאַלטן אין אירע האָר, איז בעתן גיין אויסגעטרוקנט געוואָרן, ענדערנדיק די גאָלדענע פאַרב אויף האַרבסטיק־רויט.

— צום טויט, ערני, צום טויט פאַרקנסטע — האָט זי פלוצים געזאָגט מיט שוידער. און ערני האָט אַנטדעקט אין ווינקל פון גאָלדעס אַן אויגנלעפּל דיזעלבע טרער, וואָס האָט אים איבעראַשט בעת שטילן צוריקגיין פון שפּאַציר. דיזעלבע ביטערע רייפקייט, וואָס האָט אַרומגערינגלט גאָלדעס אויגן, ווען זי האָט ווידער אָנגעטאָן די רויטע בלוזע, די געצייכנטע מיט דער געלער לאַטע. דער זעלבער פונק פון עקשנות און פאַרצווייפלונג, וואָס האָט זיך געזען אין איר פּנים, ווען זי האָט אים געבעטן ער זאָל זי נעמען אין זיין שטיבל. און איצט, זיצנדיק אויפן איינציקן בענקל פּנים־אל־פּנים מיט גאָלדען — ווי צוריק מיט צוויי חדשים אַנטקעגן די פיר זקנים, וואָס זענען נעלם געוואָרן אויף שטענדיק — און די הענט ליגן אויף זיינע ציטערנדיקע קני, איצט ערשט האָט ערני זיך צוגעהערט צום געשריי וואָס איז אַרויס פון גאָלדעס ליפּן — היינט אַ ביסל באַשמינקטע מיט רויט, צום ערשטן מאָל.

— פאַרשטייט זיך — האָט ער געשעפּטשעט און באַמיט זיך צו שמייכלען — צווישן אונז איז דער בונד אויף לעבן און טויט.

— ניין, ניין — איז זי באַשטאַנען אויף אירס — דו ווייסט, וואָס איך וויל זאָגן, דאָס איז קודם־כל דער טויט.

זי האָט זיך פאַרויסגעבויגן און אַרומגענומען די הענט פון יונגענמאַן, דערנאָך זיך פאַמעלעך צוריקגעצויגן נישט איבעררייסנדיק די בריק, וואָס זייערע הענט האָבן פאַרפלאָכטן.

— אין דער איצטיקער שעה — האָט ערני געטענהט — ווער איז נישט באַשטימט צום שטאַרבן?

— ערני, ערני, אָבער מיר זענען דאָך אַ ביסל פאַרקנסט, נישט אַזוי?

— זענען מיר דען אין דעם מאָמענט די איינציקע חתן־כלה!

די טרער וואָס גאָלדע האָט פאַרהאַלטן נאָך פון גאָרטן מאָטאַן־דיווערנע, איז איצט שטיל גערונען אויפן רונד פון אירע באַקן, און זי אַליין איז פאַרבליבן אין איר פאַרגליווערטער פאָזיציע. איר אונטערשטע ליפּ האָט זיך געעפּנט און געפּליסטערט:

— ניין, ניין, דאָס איז איבערגענוג.

קיינמאָל האָט נאָך ערני נישט געזען גאָלדען וויינען, אין זיינע אויגן זענען די טרערן פון אַ געליבט מיידל, געווען ביטערער ווי דער טויט. און זיין האַרץ האָט געוויינט: „זע, גאָט, די טרערן פון די אונטערדריקטע, זיי זענען הפקר, קיינער טרייסט זיי נישט״. און בעת גאָלדעס טרערן פליסן אין דינע, שטילע שטראָמלעך, איז ער מער מקנא די טויטע, וואָס זענען געשטאָרבן, ווי די וואָס לעבן נאָך. ער האָט געדריקט גאָלדעס הענט, זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן און געלאַכט מיט טרערן:

— ערני, ערני, איך וואָלט געוואָלט זיין היינט דיין ווייב.

באַלד האָט ער נישט געקאָנט געפונען דעם אָטעם.

— אויסגעצייכנט — האָט ער לסוף געזאָגט — תכלית השלימות. אָבער ווו וועלן מיר אין דער שעה געפונען אַ רב?

גאָלדע האָט געלאַכט און אים אָנגעקוקט מיט פאַרוואורף:

— אָבער דו ווייסט דאָך גוט — האָט זי געזאָגט פאַמעלעך און פילדייטיק, — אַז נישט קיין רב איז אין מיין האַרץ.

— אויסגעצייכנט, בכן, וואָס דען אין אין דיין האַרץ?

— איך בעט דיך — האָט גאָלדע געמורמלט.

ערני האָט פאַרמאַכט די אויגן, זיי ווידער געעפנט און ס׳דוכט זיך

אים אַז ער קומט צוריק צום רעגולערן באַנוצן זיך מיט זיין צונג:

— מאָרגן — האָט ער פלוצים געזאָגט — וועסטו באַדויערן, וואָס דו ביזט נישט מקודש געוואָרן פאַר גאָט.

— מאָרגן — האָט גאָלדע רויק געענטפערט — וועט זיין צו שפּעט.

זי האָט אַראָפּגענומען איין האַנט פון דער אָרעמס־בריק, וואָס איז נאָך געווען פאַרפלאָכטן צווישן בענקל און דעם קליינעם גראָען בעטל, האָט אויפגעהויבן איר פרייע האַנט איבער ביידנס קעפּ און אין האַלבן שמייכל געזאָגט:

— צי זענען מיר איצט נישט פאַר גאָט? וועט ער אונז דען פאַרלאָזן אין אַזאַ מאָמענט? ווייסטו דען נישט, אַז ווען דער טויט קלאַפּט אין טיר, איז גאָט תמיד פאַראַן.

— אויב דו ווילסט — האָט ערני געזאָגט — אויב דו ווילסט.

טראָץ זיין צאַרטקייט, וואָס האָט זיך נישט געענדערט, איז זיין קול אַריין אין אַ האַלב־טאָן, וואָס איז גאָלדען נישט געפעלן געוואָרן.

— ווען גאָט וואָלט דאָ נישט געווען — האָט זי געמורמלט מיט פאַרביטערונג — וויאַזוי וואָלטן מענטשן געבעטן זיין הילף? דו ביזט נאַריש אין דיין אמונה, ערני, ערני, דו הערסט? ווען גאָט וואָלט נישט געווען, וואָלט פון אונז אַלע געוואָרן איין קלאָגענדיקע טרער. אָדער מיר וואָלטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין הינט, ווי דער צדיק פון סאַראַגאָסע, וואָס גאָט האָט אים פאַרלאָזט אויף אַן אויגנבליק, אָדער מיר וואָלטן זיך אויסגעדעמפּט אין לופט, פאַרשטייסט, ערני, דו פאַרשטייסט מיך?

ווען ערני האָט ווי אין חלום געמורמלט: „אוודאי, אוודאי, גאָט איז דאָ פאַראַן, גאָט איז דאָ", האָט זי דערפילט אין זיינע אויגן אַזאַ מין קאַלטן גלאַנץ, אַז זי האָט צוריקגענומען אירע הענט און זיך אַ וואָרף געטאָן אין בעט אַריין, מיטן פּנים צו דער וואַנט, אָפּזיפּצנדיק שווער:

— הייסט עס, אַז דו ווילסט מיך נישט פאַר אַ ווייב?

— דיך? — האָט ערני געפרעגט.

ער האָט זיך פלוצים אויפגעשטעלט און דורכגעזייערט צווישן די ציין: „דיך, דיך?" זיינע אויגן זענען געוואָרן גרין און די באַקן ווי אויפגעבלאָזן, ער האָט אויסגעשריגן מיט אַ גרילצנדיק קול:

— אָבער, אָרעמע גאָלדענע מיינע, דו ווייסט נישט, ווער איך בין.

— איך ווייס גוט ווער דו ביזט — האָט גאָלדע געזאָגט מיט פּחד.

זי האָט געפילט, אַז זי האָט פאַר זיך אַ משוגענעם פון אַ באַזונדערן מין. ס'איז שווער תופס צו זיין זיין קרענק, ווייל אין שמועס איז ער הארציק, קלוג, קולטורעל, אָבער פלוצים אַנטפּלעקט מען, אַז עס פעלט אים נאָר חכמה.

— ניין — האָט ערני איבערגעחזרט מיט שאַרפקייט — דו ווייסט נישט ווער איך בין, איך...

דערנאָך האָט זיך דאָס דאָזיקע אָפּשרעקנדיקע קול פאַרנעפּלט, און אַ דריט קול האָט זיך דערהערט, אַזאַ נידעריקס, אַז גאָלדע האָט זיך געמוזט שטאַרק צובייגן, כדי עס אויפצוכאַפּן.

— הער אויס, גאָלדע — האָט דאָס דריטע קול געשפּטשעט — דו דאַרפסט וויסן, בנאמנות, אַז ס'איז נישטאָ קיין ערגערער ייד פון מיר אויף דער וועלט, ווייל איך בין... אַ חיה... דו פאַרשטייסט, גאָלדע.

— רעד נישט — האָט זי געזאָגט אינדערשטיל.

ער האָט באַטראַכט דאָס מיידל, וואָס האָט זיך שוין איצט נישט געשראָקן און געלאַכט צו אים מיט אַ העל אויג. און האָט אויפגעהויבן זיינע הענט, וואָס האָבן געפלאַטערט אַ מאָמענט אין דער לופט, דאַן זיך מיט דער גאַנצער לאַסט פון זיין חרטה־געפיל אַראָפּגעלאָזט צו גאָלדעס קני, און זי האָט אים רויק געגלעט זיינע האָר און אויסגעגלייכט די צעשויבערטע לאָקן. זי האָט געפילט אין איר שויס ערניס צעברויזטן אָטעם, און געוועזן גליקלעך פון דעם באַוווּסטזיין, אַז ער האָט זי ליב.

— איך ווייס אַז דו ביזט... איך ווייס ווער דו ביזט... האָט זי איבערגעחזרט מיט התפעלות.

ערני האָט אַנטדעקט, אַז זיין אַלטע מאַסקע פון ערד און בלוט צעגייט זיך אונטער דער ווירקונג פון גאָלדעס רייד. ער האָט זיך פון איר אָפּגעריסן, זי אָנגעקוקט, און געפונען אַ ווייטע אָפּשפּיגלונג פון זיין פּנים אין די פאַרזשמורעטע אויגן פון דעם מיידל. ער האָט נישט געוווּסט, פון וואָס פאַר אַ מאַטעריע ס'איז געפורעמט געוואָרן זיין אמתדיק פּרצוף, די אינערלעכע געשטאַלט, וואָס ער האָט מטושטש־דיק געפילט אין זיך. אָבער גאָלדעס אויגן האָבן געשמייכלט צו זיין פּשוטן, מענטשלעכן פּנים, און ערני האָט זיך פריי צעשמייכלט.

מען דאַרף זיך כאָטש איינמאָל אַרומנעמען — האָט גאָלדע געזאָגט, דרך אגב.

— ס'איז נויטווענדיק — זאָגט ערני — לחלוטין.

זיי זענען געזעסן איינער קעגן אַנדערן, אויפן ראַנד פון בעט, זיך איינגעקוקט אין די מיילער, פיר הענט האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ בויגן. אָבער די זאַך איז פאַר זיי געווען אַזוי שווער, אַז גאָלדע האָט לסוף אַ צעטומלטע, פאַמעלעך זיך צוריקגעצויגן צום קליינעם פענצטערל, וואָס אין זיין מיטן, האָט זיך געזען איר רויט קעפל אויפן פאָן פון הימל.

— און איצט — האָט זי געזאָגט — וואָס באַדאַרף איך איצט צו טאָן?

זי האָט באַלד דערפילט דעם קינדישן שמייכל, וואָס שוועבט אין ווינקל פון ערניס ליפן.

— ווייסטו וואָס — זאָגט זי אַ גערייצטע פון דעם שמייכל — איך האָב געלייענט, אַז די מענער טוען אויס זייער פרוי. אָבער דו, וואָס ווילסטו בעסער: מיך אויסטאָן, אָדער זאָל איך זיך אַליין אויסטאָן?

— און דו, וואָס איז דיר מער ניחא?

— איך וואָלט געוואָלט זיך אַליין אויסטאָן — האָט זי זאָפטיק געשמייכלט.

דערנאָך האָט זי, אַ פאַרזאָרגטע, געקנייטשט די ברעמען:

— אָבער טאָמער ווילסטו קוקן אויף מיר?

— איך וויל, אויב דו ווילסט — האָט ערני געשמייכלט.

— בעסער, זאָלסט נישט קוקן אויף מיר — האָט זי מילד געלאַכט.

און אַז ער איז געווען אויסגעטאָן, האָט ער זיך אויסגעדרייט און געזען דאָס פּנים פון גאָלדע ווי אַ בלום, צוקאָפּנס פון בעט, און די גרויע קאָלדרע דעקט זי צו ביז צו דער גאָמבע. ער איז געווען פאַרדאגהט צוליב די לאַנגע שראַמען אויף זיינע פיס, הענט און רוקן — שפּורן פון די אַלטע וווּנדן. ער האָט געקניט ביים בעט און צוגעלייגט זיין באַק צום קישן, זיינע שוואַרצע לאָקן האָבן זיך פאַרוויקלט אין גאָלדעס צעפּ.

— דער מאָרגן עקזיסטירט נישט מער — האָט ער געמורמלט שטילערהייט.

ביי די ווערטער האָט דאָס מיידל אַפּירגענומען אַ מילכווייסע האַנט פון אונטער דער קאָלדרע, זי האָט שעמעוודיק געגלעט ערניס פּייכטע ברוסט. און ווען אירע אויגן האָבן זיך אויפגעעפנט, האָט זי געזאָגט פאַרטראַכטערהייט:

— דו ביזט שיין, ווי דער מלך דוד, ווייסטו?

# 4

ווען די צוויי קינדער זענען צוריקגעקומען אויף דער וועלט, איז אין די שפּער־שעהן פאַר די יידן געווען אַ רויקע בלאָע נאַכט. כאָטש גאָלדע האָט אים פאַרוועַרט, האָט ערני זיך נישט איינגעהאַלטן פון צו באַגלייטן זי, אַ צוואַנציק מעטער, איבער די טונקעלע ליידיקע געסלעך פון קוואַרטאַל מאַריי. ביים אָפּקלאַנג פון דעם פּאַטרולס מעטאַלענע טריט, האָט זי זיך פאַרשטעקט אין קאָרידאָר. אויך ערני איז ערגעץ נעלם געוואָרן. ער איז געווען גליקלעך, וואָס ער האָט זי נישט איבערגעלאָזט אַליין אַנטקעגן אַ מעגלעכן אַרעסט. אָבער דער פּאַטרול איז פאַרבייגעגאַנגען, און גאָלדעס הינקענדיקע גע־שטאַלט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין חשכות פון דער נאַכט. ווען זי האָט דערגרייכט איר געסל, האָט זי, צו ערניס שטוינען, זיך אויס־געדרייט און געפאָכעט מיט דער האַנט אינדערלופטן, און ווידער נעלם געוואָרן.

ערני איז אָן שטערונג צוריקגעקומען אין גאַס דעז־עקוף, האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז אַנטשלאָפן געוואָרן. איבערוועקנדיק זיך האָט ער געפונען אויפן קישן עטלעכע גרעזלעך פון זיין כלה׳ס קאָפּ. ער האָט זיי פאַרזיכטיק אַריינגעלייגט אין אַ טיכל און זיי באַהאַלטן צווישן העמד און לייב.

ער איז אַוועק צו זיין אַרבעט און האָט אָנגעהויבן פּלאַנירן פּלענער פאַר דער צוקונפט. זיי זענען אויפגעשטאַנען און געפאַלן איינער נאָכן אַנדערן אין זיין מוח. זיין אַרבעט איז געווען דאָס

שפּאַנען או צוקלאַפּן מיט נעגעלעך רויע שעפּסן־פּעלעכלעך, וואָס הער ציגלער, אַ „באַשטעטיקטער" מיט אַ גרינע קאַרטע, האָט געליפערט דער דייטשער אַרמיי, אין דער פאָרם פון לעדערנע קורטקעס. מיט אַ מויל פול מיט טשוועקעס, דאָס קליינע קירזשנער־העמערל אין האַנט, האָט ערני זיך געראַנגלט קעגן די שטייגנדיקע פּאַרפּירעענישן פון אַ ביסל „פּשוט מענטשלעך גליק". די לאָגיק — האָט ער געזאָגט, אַ טאָג פריער — וויל, אַז מיר אַלע זאָלן זיין אין אַרעסט. די לאָגיק — האָט גאָלדע געענטפערט — וויל אַז איך זאָל דיך ליב האָבן און בלייבן ביי מיינע עלטערן. די לאָגיק? אָבער צי איז מען נישט מיט דערזעלבער לאָגיק אין סכנה, צו שטאַרבע פריער אָדער שפּעטער? דאָך איז גאָלדע גערעכט געווען: זיי וועלן נישט קענען אַנטלויפן, זיי וועלן זיך נאָר קאָנען ליב האָבן אין די גרענעצן פון בשותפותדיקן גורל, עטלעכע טעג, עטלעכע וואָכן „און אפשר נאָך עטלעכע חדשים, ווער ווייסט?" האָט ערני אויסגעשריגן מיט התלהבות, ביי דער גערירטקייט פון זיינע אַרבעטס־חברים.

דאָס מיידל איז מיטאָג־צייט מער נישט געשטאַנען אויפן טראָ־טואַר. צי ווייסן מיר דעם פּרייז פון אַ רגע פּחד? אפשר האָבן זי אירע עלטערן פאַרהאַלטן? צי...

אַ האַלבע שעה נאָכמיטאָג האָט ערני זיך געאײַלט צו איר ווין־געסל. די לעצטע הונדערט מעטער איז ער געלאָפן. אָבער ווען ער איז צוגעקומען צום ווינקל, איז ער געבליבן שטיין. ס'איז געווען איינס אַ זייגער. ערני איז צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט פון הויז און הערט זיך צו צום קלאַפּן פון זיין האַרץ. אַז ער איז דאָך אַריינגעגאַנגען אין געסל, האָט די הויז־וועכטערין אַרויסגעשטעקט איר האַלדז פונעם פענצטערל, האָט געעפנט דאָס טירל און עס ווידער פאַרמאַכט. אויפן ערשטן שטאָק האָט ערני זיך אָנגעלענט אין פאָרענטש פון די טרעפּ. דערנאָך איז ער אַרויף אָן שום אָנשטרענגונג, ווי ס'וואָלט אים געצויגן אַ שטריק, אַ צוגעפעסטיקטער צום נאָפּל. ער איז געשטאַנען פאַר דער אָרעמער טיר מיטן אייזער־נעם שלאָס־הענטל און דערזען דעם געחתמטן גורל פון די ענגלבוימס.

די הויז־וועכטערן האָט אים אונטן אָפּגעוואַרט, און געהאַלטן אויף איר האַנטפלאַך גאָלדעס האַרמאָשקע. דאָס איז געווען איינע פון יענע פאַריזער הויז־וועכטערינס, די אָנגעטוענע אין געפאַסטן

שלאַפראַק, מיט אַנדולירטע האָר — וואָס זענען קיינמאָל נישט מוחל, אויב מען האַלט זיי צו לאַנג אין זייער צעל. ווען ערני האָט זי אַ מאָל געפרעגט, ווו ס׳ווינען די ענגלבוימס, האָט זי אַרויסגעשטרעקט איר אַנדולירטן קאָפּ און געענטפערט מיט כעס: „שטענדיק אויפן זעלבן אָרט״.

אָבער היינט איז זי געשטאַנען ביי די טרעפּ, אַ באַשיידענע, צעבוזנדענע בענדלעך פון אירע האָר זענען נאָכלעסיק אַראָפּגעהאַנגען פון איר איינגעבויגענעם קאָפּ, ווי כדי צו פאַרדעקן דאָס גראָע פלייש, און אין האַנט גאָלדעס קליינע האַרמאָשקע. כאָטש אַ צעבראָכענע, אַ צעקאַנדערטע דורך אַן אייזערנע האַנט, האָט זי אויסגעדריקט אַלץ, וואָס די הויז־וועכטערין האָט נאָר געקאָנט דערציילן. ערניס שווייגן האָט זי צעטומלט:

— כ׳האָב איצט טאַקע געוואָלט זאָגן — האָט זי דערקלערט — צוליב מיינע דרייצן יידן... וויל איך קודם לאָזן די מענטשן אַרויפגיין.

באַנומען פון ווייטיק, האָט ערני צוגעפירט די האַרמאָשקע צום מויל. אַ גרילצנדיקער פּייף האָט זיך אַרויסגעריסן, אַ נישט אָנגענעמער.

— ווען זיי זענען אַרויפגעגאַנגען, האָט זי מיר דאָס צוגעוואָרפן און געזאָגט: „דעם יונגען בחור״. און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענט איר, ווייל איך פאַרשטיי דאָס לעבן. איינער פון די דאָזיקע הערן האָט עס גיך אויפגעהויבן, טראַכטנדיק, אַז ס׳איז עפּעס אַ צירונג, אָדער סתם צו זען וואָס דאָס איז. ער האָט עס צעטרעטן מיט די פיס. דערנאָך זענען זיי איינגעשטיגן אין אַן אויטאָ. איר ווייסט דאָך וואָס דאָס איז.

— דאָס מאַכט נישט אויס — האָט ערני געזאָגט — מען קאָן דאָס פאַריכטן.

און ווען זי האָט אים אַן איבערראַשטע אָנגעקוקט, האָט ער דערזאָגט:

— זייט נישט אומרויק, מאַדאַם, אַלע אייערע יידן וועלן צוריקקומען. בכלל, אַלע יידן וועלן נאָך צוריקקומען. אַ ל ע!

און נאָכדעם, ווי ער האָט באַהערשט די מורא:

— און אויב זיי וועלן נישט צוריקקומען, וועלן ביי אייך תמיד נאָך בלייבן די שוואַרצע, אָדער די אַלזשירער, אָדער די הויקערס.

— וואָס האָט איר געזאָגט?

— איר האָט רעכט, מאדאם — האָט ערני געזאָגט — אַנטשולדיקט מיר. כ׳ווייס באמת נישט, וויאַזוי זיך צו אַנטשולדיקן. איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך, אָט וואָס! כ׳ווייס באמת נישט, ווי אַזוי זיך צו אַנטשולדיקן...

— גייט אייך פונדאַנען — האָט זי געזאָגט — איידער ס׳וועט פּלאַצן מיין געדולד.

— זייט מיר ווידער אַמאָל און נאָכאַמאָל מוחל — האָט דער ייד עקשנותדיק געשטאַמלט — דאָס רייסט זיך מיר אַרויס פון מויל, אַזוי זיך, באמת.

*

דער נאָמען דראַנסי איז נישט מער ווי אַ לעכערלעכע שילד, אין פראָנט פון אַ פשוטער באַן־סטאַציע, פון אַ פּאַריזער פאָרשטאָט, מיט זיינע ברייטע פעראָנען, מיט זיין אַנטיקן־זייגער. ווו די צייט פליסט זיך נחתדיק, נוסח פראַנקרייך, אָן פּאַסאַזשירן־שטופּעניש. און מיט אַ באַאַמטן אין אַ קאַשקעט, וואָס האָט אויטאָמאַטיש, אָן קאָנטראָל, צוגענומען די באַן־בילעטן, אַן אָנגעשפּאַרטער אין דער בעטאָן־באַריערע, די אָפענע צו דער שטאָט, וואָס געפינט זיך איבּגאַנצן אונטער די גלעטענישן פון די, כמעט פאַרלאָשענע, זונשטראַלן פון איל־דע־פראַנס. — אין דעם אַלעם, האָט קיין שום אויג, אפילו דאָס סאַמע פּילבאָרסטע, נישט דערקענט, אַז עס עקזיסטירט דאָרט אַ לאַגער, וואָס זיין איינציקע אויפגאַבע איז געווען, אַנצופילן יידישע הערצער מיט טייוולאָנישן גרויל־פּחד. ער איז ווידער געווען אונטערן שווערן רושם פון שטוינען און דערשלאָגנקייט — וואָס ער האָט שויט עטלעכע מאָל בייגעוווינט אין זיין לעבן —ביים אָנבליק פון דעם אומגעוויינלעכן כח ביי מענטשן, צו פאַרשאַפן אַזויפיל צער. דער הימל איבער די דעכער פון דראַנסי איז נישט געווען ווייניקער מילד און ריין און דורכגעפלאָכטן מיט הבטחות, ווי דער הימל איבערן ברעג פון דער „שלאָססע״, אין שטילנשטאָט, וואָס האָט באַקריינט די גיהנום־קינדהייט פון ערני. אַזוי איז ער אויך נישט געווען ווייניקער שלווה׳דיק פון די וואָלקנס, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו דער פאַרניכטונג פון 49־טן

פרעמדן־לעגיאָן, אָדער צו ערניס פּאַרצוווייפלטער הינטישקייט. צו־מאָרגנס נאָך דעם באָמבאַרדירן סאַן־נאַזער, דורך אַמעריקאַנישע פּאַספּאַר־באָמבעס, האָט זיך — לויט די פּרעסע־ידיעות — די שטאָט, וואָס איז געווען דריי פערטל צעשטערט, אויפגעוועקט אונטער אַ זיידענעם הימל. די זאַכן נעמען נישט קיין שום אָנטייל אין די געפילן פון מענטש. דראַנסי האָט באַהאַלטן אין זיך אַן אייטערנדיקע וווּנד, וואָס האָט אויפגעטרייסלט מיט אומגלויבלעכע מענטשלעכע ליידן און צער.

ערני איז געגאַנגען מיטן וועג, וואָס דער בילעטער האָט אים אָנגעוויזן, ער איז געגאַנגען אַ לאַנגע צייט צווישן פיל בנינים פון בעטאָן, אויף שלעכט ברוקירטע וועגן, און פּלוצים געבליבן שטיין פאַר אַ טאָפּלט־גרויסן הייזער־בלאָק, וואָס איז ווי אַרויסגעוואַקסן פון די ברייטקייטן פון גרינסן־גערטנער און בוי־פּלעצער, און זיך אויפגעהויבן ווי אַ פעסטונג. אַ מאָטאָציקליסט איז זיך געמיטלעך פאַרבייגעפאָרן לענגאויס דער מויער מיט שטעכל־דראָט, און די נידעריקע בודקעס, אַנטקעגן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער. דורכ־פאָרנדיק, האָט ער מיט הויבן די האַנט, געגריסט די וואַך פאַרן טויער (פאַקטיש, פאַר אַ קליינע פורטקע פון שוואַרץ האָלץ). ער האָט פאַרקערעוועט אויף לינקס און איז אַראָפּ אויפן טראָטואַר. אַן אָפּגעבערענט פּרצוף, רויטע באַקן, לעבנס־דורשטיקע אויגן, פייפנדיק איז ער אַריין אין שענק. דער שאָטן פון די שטעכלדיקע מויערן איז געפאַלן אויפן טראָטואַר.

ערני איז געבליבן שטיין פאַר די צוויי וואַן־זשאַנדאַרן און געזאָגט צו זיי:

— איך וואָלט געוואָלט אַריינגיין אין לאַגער, כ׳בעט אייך. כ׳בין אַ ייד — ער האָט זיך פאַרנייגט פאַר זיי און באַפעסטיקט אונטער זיין אָרעם דאָס קליינע פּעקל פון די זעמיאָקער לאַנדסלייט.

— דו הערסט? — האָט דער ערשטער זשאַנדאַר געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף ערניס מגן־דוד־שטערן — ער איז אַ ייד, ווי איך איך בין אַ זשאַנדאַר.

— באַזוכן זענען פאַרבאָטן — האָט דער צווייטער געזאָגט, מיט אַ באַפעלערישן טאָן — אָבער איר קאָנט איבערלאָזן די פּעקלעך, דאָס קאָן מען אָראַנזשירן.

אָבער דער ערשטער, וואָס האָט געקלאַפּט ערנין אויף דער פּלייצע מיט חוזקדיקער האַרציקייט האָט געזאָגט:

— איר קאָנט אַריינגיין, אָבער נישט מער אַרויסגיין.

ערני האָט געוואַרט ביז זיי וועלן אויפהערן צו לאַכן.

— זיכער — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט — כ׳וויל טאַקע נאָר אַריינגיין און נישט אַרויסגיין.

ער האָט זיי היימישלעך אָנגעקוקט, ווי אַ שותף צו זייער מיינונג, און האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ מיט אַ שמייכל, ווי כדי זיי צו געבן די מעגלעכקייט אָפּצוחוזקן פון אים.

לויט זייער פלוצימדיקן אַנטשוויגן ווערן, האָט ערני פאַרשטאַנען אַז זיי זענען נישט מסכים צו זיין פאָרשלאַג. און אַז נאָכן שווייגן איז געקומען אַן אויסברוך פון כעס, האָט ער צו זיין איבראַשונג באַנומען, אַז די זשאַנדאַרן באַטראַכטן זיך נאָר אַלס היטערס פון די טשערעדעס מענטשן־בהמות, וואָס ווערן דורך די געסטאַפּאָ אַהער־געשלעפּט, און פילן זיך זייער באַליידיקט, ווען מ׳באַציט זיך צו זיי, ווי צו מענטשן־יעגערס.

— אָבער דאָס איז נישט אונזער אויפגאַבע! וועגדט זיך ערגעץ אַנדערשוווּ! דאָ נעמט מען צו די סחורה און דאָס איז אַלץ.

אין זייער שאַרפן אָפּזאָג האָט ערני געזען אַ געוויסן פאָרוווּרף צוליבן חלול־הקודש, וואָס ער האָט גורם געווען מיטן מקדים זיין דעם ווילן פון די דייטשע געטער, אַנשטאָט הכנעהדיק צו וואַרטן, ווי יעדער איינער פון זיין פאָלק, אויפן טאָג און דער שעה, וואָס וועלן אויסגעקליבן ווערן דורך די דייטשע מאַכטהאָבער. לסוף האָט דער מער־חשובער זשאַנדאַר (ערני האָט באַמערקט אויף זיין אַרבל דעם דרייעק פון אַ בלאָק־קאָמענדאַנט), אויפגעהויבן מיט אַ נערוועזער באַוועגונג די ביקס־קאָלבע און אויסגעשריגן: „זיי נישט צופיל כיטרע”. ער האָט מיט גראָבקייט אַרויסגעשטופּט ערנין אין דער גאַס אַרויס.

דער פאָרהאַנג ביים אַריינגאַנג אין שענק האָט זיך אויפגעהויבן, און עטלעכע געסט (איינער מיט אַ גלעזל אין האַנט) זענען צוגע־גאַנגען נענטער צו דער וואַך, כדי געוויר צו ווערן די סיבה פון אינצידענט. און בעת ס׳הערט זיך נאָך זייער פאַרשטאָטישער אַקצענט אין דער הייסער לופט, אויסגעמישט מיט די באַנייטע

זשאַנדאַרישע קללות, שטייט ערני לוי, אַ באַנומענער פון פחד אינמיטן שאָסיי. אין צער, און אין חמימה זיך געווישט זיינע באַקן מיט אַ פּאָלע פון געירשנטן זעמיאָקער מאַנטל, מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַראָפּ־הענגענדיקער צונג, ווי איינגעטונקען אין אייביקן צער.

דריי פון די שענק־טרינקערס האָבן אים אַרומגערינגלט און פריינטלעך געפּרוווט אַריינציען אין שענק דעם מאָגערן, שווייגנדיקן ייד. פלוצים האָט ערני דערזען פאַר זיינע פאַראומערטע אויגן וואָס האָבן אים געשטאָכן פון שווייס, דאָס פוסטע פרצוף פון מאָטאָציקליסט, וואָס האָט מיט צען מינוט פריער זיך צוגעפּיפן, און איצט האַלט ער אין איין איבערחזרן מיט קינדישער פיבערדיקייט:

— אָבער קום דאָך, וועלן מיר עפּעס רעדן, מיר וועלן רעדן.

ערני, גערירט פון דעם שלימזלדיקן, פראַנצויזישן רחמנות־געפּיל, האָט זיך צוגעשאַרט צום פענצטער־לאָדן פון שענק און געשמייכלט צו די אַרבעטער, וואָס האָבן אים אַריינגעשלעפּט אינעווייניק. ער האָט רויק, און אָן וועלכן־ס'איז באַליידיקנדיקן טאָן דערקלערט, אַזויווי מען שטעלט פעסט אַ פּשוטן פאַקט:

— אָבער איר קאָנט דאָס נישט פאַרשטיין, איר קאָנט נישט פאַרשטיין.

ער האָט נישט געוווּסט וויאַזוי די זאַך איז געשען: זיי האָבן אים זיכער פאַרלאָזט, אין קאָפּ האָט געזשומעט, ער האָט אַליין געשטוינט, וואָס ער געפינט זיך אַליין פאַר דער זון־באַלויכטענער שענק, און איר קרעלן־פאָרהאַנג פּאַטלט זיך לייכט נעבן אים. פון ערגעצווו איז אָנגעקומען אַ שוואַרצער, סקריפּנדיקער לאַסטאויטאָ, וואָס האָט געגלאַנצט ווי אַ זשוק, און פּאַמעלעך זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן גרויסן טויער פון לגער. פון דער מאַשין אין אַראָפּגעשטיגן אַ מענטש פון נידעריקן וווקס, אַ טיראָלער קאַפּעלוש אויפן קאָפּ, מיט אייז־קאַלטע, קליינע אויגן פון אַ באַאַמטן. באַטראַכט דעם צעטומלטן ערני, דעם מאָטאָציקליסט אויפן טראָטואַר, וואָס זיינע הענט האָבן זיך געטרייסלט פון פחד, די צוויי זשאַנדאַרן, וואָס האָבן געקוקט אויפן דייטשן אינספּעקטאָר, און אונטער דעם שטיין אויף „אַכטונג" פאַרבאָרגן פאַר אים זייער קנעכטישע אומרויִקייט. ערני האָט אויפגעהויבן די האַנט צום האַרץ און געפּרוווט אַראָפּרייסן אַ שפּיץ פון דער געלער לאַטע, די צוגענייטע צו זיין רעקל. אָבער דער פאַרזיכטיקער הער

צווינגלער, האָט אַזוי פּינקטלעך צונויפגעגנייט די שטערן־שפּיצן, אַז ערני, אין זיין פאַרצווייפלונג, האָט מיטן גאַנצן כח אַ ריס געטאָן די געלע לאַטע פון רעקל, מיטרייסנדיק אַ שטיקל פון שוואַכן שטאָף. און נאָך אַ נאַכלעסיקער באַוועגונג, וואָס האָט אויסגעדריקט אַ מין בענקשאַפט, האָט ער אַוועקגעשליידערט דאָס אָפּגעריסענע שטיקל שמאַטע אין מיטן שאָסיי אַריין, וואָס זיינע שטיינער האָבן זיך אים אויסגעוויזן בלישטשענדיקע אונטער דעם שטאַרקן ליכט פון דער זון. זי ליגט ווי אַ כישוף אויף אַלץ אַרום — אויף דער גאַס, אויף די זשאַנדאַרן און אויפן שוואַרצן ריזיקן זשוק, וואָס האָט געזשומעט פאַרן ברייט־צעעפנטן טויער פון קאָנצענטראַציע־לאַגער דראַנסי.

— וואָס איסט דאָס?! — האָט זיך דאָס מענטשל אין טיראָלער קאַפּעלושל צעשריגן מיט אַ שאַרף און צאָרנדיק קול, דין ווי אַ פאָדעם.

אַ יונגער ס. ס.־מאַן אין אוניפאָרם פון „טויטנקאָפּ”, איז אַראָפּ־געשפּרינגען פון אויטאָ און האָט, לויט אַ צייכן פון טיראָלער קאַפּע־לושל, אַריינגעשלעפּט ערנין אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, וווּ ער האָט אין אים אַריינגעשטורכעט מכות־רצח. אוןביידע זענען דערנאָך אַריין אין דער וואַך־בודקע אין באַגלייטונג פון טיראָלער קאַפּעלושל, וואָס האָט געשאָלטן אויף דייטש קעגן דער „אומדערהערטער יידישער חוצפה”. הינטער אים האָבן נאָכגעשפּאַנט די צוויי זשאַנדאַרן, אויס־רופנדיק הכנעה׳דיק:

— מיט אייער דערלויבעניש הער אינספּעקטאָר, מיט אייער רשות.



די „באַהאַנדלונג” וואָס ערני האָט באַקומען אין וואַך־שטיבל, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אויב נישט אינגאַנצן אַ פאַרדינטע, איז זי לכל הפחות אין הסכם מיט זייער שטייגער פירעכץ. ס׳איז אים אָבער גאַנץ קלאָר געוואָרן, אַז דאָס טיראָלער קאַפּעלושל האָט אין דעם נאָכנישט געזען די פולע שטראָף פאַר זיין „חוצפה”. ווייל נאָכדעם ווי ער האָט מיט דער הילף פון אַ דאָלמעטשער, סיסטעמאַטיש אויסגעפאָרשט די צוויי זשאַנדאַרן, האָט ער אַליין אָנגעהויבן אַרויסציען „די ווערם פון דער נאָז”, ווי ער האָט דאָס אָנגערופן, כדי אַרויסצובאַקומען פון אים די „אמתדיקע מאָטיוון” פון זיין גוטן ווילן

אַריינצוגיין אין לאַגער. ערני האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון צו פאַרקרומען זיינע ליפּן אין אַ דינעם שמייכל, דאָך האָט ער זיך אָנגעשטרענגט און דערקלערט גוטווילליק אַ זאַך וואָס לייגט זיך אויפן שכל: ער האָט געוואָלט עמעצן זען, זייער אַ נאָענטן מענטש, וואָס דער לאַגער האָט אים אָפּגעטיילט פון אים אויף אַן אומגליקלעכן אופן. ער האָט געבעטן אַנטשולדיקונג און נישט געטראַכט, אַז דאָס וועט עמעצן גורם זיין שוועריקייטן; ס׳האָט ביי אים אויסגעזען, גאַנץ פּשוט, דאָס אַוועקשטעלן זיך ביים אַריינגאַנג פון לאַגער. וועמען ער האָט געוואָלט זען ?... — אָבער צוואָס נאָך גורם זיין צער דער דאָזיקער פּערזאָן ? צי קאָן מען אים נישט גלויבן ? וואָס פאַר אַ שלעכטס איז אין דעם, אַז אַ ייד וויל אַריינגיין אין לאַגער ? — האָט ער לסוף אויסגעשריגן, מיט אַ געמיש פון מאָנענדיקער חריפות און איראָניע.

עטלעכע מינוט שפּעטער האָט זיך ערני געפינען אויפן ערשטן שטאָק פון אַ בנין, הינטער די צוויי גרויסע בלאָקן פון קאָנצענט־ראַציע־לאַגער. ער איז אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ פּרעכטיק צימער מיט שטאָלענע פענצטער־לאָדנס, וואָס האָבן פאַרהאַלטן דאָס איינציקע ליכט פון אַ זשיראַנדאָל אין פאָרם פון א בויגן. די ווענט פון ווייסע פאַרצעלאַן־קאַפּעלקעס; די מאָזאַיק־פּאָדלאָגע אַ גע־וועלבטע. אַ קאַנאַל אויף פּליסיקייטן ווי אין אַ מרחץ, האָט זיך געענדיקט מיט לאָך ביי די פיס פון געפאַנגענעם. — זאָל זיך דאָס פאַרשווינדל אויסטאָן — האָט געזאָגט דאָס טיראָלער קאַפּע־לושל. די ברוטאַלקייט האָט געשטעקט נישט אַזוי אין די פאַרשטאַרטע אויגן פון ס.ס.־געהילף, (וואָס איז געשטאַנען אין אַ קורטקע אָן אַרבל און האָט נערוועז געקלאַפּט מיט אַ לעדערנע בייטש אויף זיין שטיוול) נאָר בעיקר אין דעם בלאָנדן, פעטן פּרצוף פון באַפעל־געבער, וואָס איז געזעסן שטייף אונטערן קאָמישן קאָפּ־צודעק. זיינע אויגן, געשני־טענע אין חשובער, גערמאַניש־ווייכער סענטימענטאַלקייט, האָבן מינוטווייז זיך באַוועגט הינטער די ברילן, ווי גרין־גערינגלטע שלאַנ־גען. באַזונדערס איז דאָס רשעות אַרויסגעדרונגען פון זיין קליינעם, קינדישן מויל, וואָס איז געווען נעציק, ווי פון מאַלינע־זאַפט. פון סאַמע אָנפאַנג־אויספאָרשונג, האָט ער נישט אויפגעהערט צו שטעכן ערנין מיט קורצע פראַגן, אין דער פאָרם פון אייזקאַלטע פאָדערונגען, וואָס

וואָלטן נישט געווען אַזוי שרעקעדיק, ווען נישט דער אַקצענטירטער אויסדרוק „פֿאַרשווינדל״, וואָס ר׳האָט דערמיט באַצייכנט דעם ייִד, אָבער יעדעס מאָל האָט עס באַשיינט מיט אַן אַנדערן דיבוקישן מיין:

— זאָל מיר נאָר דאָס פֿאַרשווינדל בעסער דערקלערן די סיבות פֿון זיין האנדלונג — האָט דאָס טיראָלער קאָפּעלושל געזאָגט — האָט דאָס „פֿאַרשווינדל״ באַקאַנטע דאָ אין לאַגער? וואָס פֿאַר אַ שליחות האָט ער דורכצופֿירן? צוואָס פֿאַר אַן אָרגאַניזאַציע געהערט דאָס „פֿאַרשווינדל״?

— האַנס, דערקלער דעם „פֿאַרשווינדל״, אַז דאָס איז מער נישט ווי אַ קליינע פּאַרציע, נאָך איר קומט אַ פֿאַרשטאַרקטע סעודה. נו, האָט דאָס „פֿאַרשווינדל״ פֿאַרשטאַנען?

ווי ער וואָלט געגלויבט, דער אינספּעקטאָר, אַז דער דיבוק זיצט נישט אין אים, נאָר אין קרבן, האָט ער זיך דערלויבט צו פֿאַרשטאַרקן זיין רשעות, אין נוסח פֿון אַרויסטרייבן דעם דיבוק מיט ווערטער. אָדער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו זען אַ מענטשלעך אויג אין דעם פֿלייש, וואָס איז אויסגעליפֿערט געוואָרן פֿאַר זיין הנאה וועגן, האָט ער געוואָלט, אַז ערני זאָל אַראָפּנידערן פֿון אַלע שטאַפּלען, וואָס פֿירן ביז נול, ביז צו ווייניקער פֿון אַ ייִד, אפֿילו נאָך ווייניקער פֿון אַ בהמה, דערנידעריקן אים צו אַ קוים געזעענע זאַך.

— זאָל דאָס „פֿאַרשווינדל״ זיך אויסטאָן — האָט ער געזאָגט געלאַסן, און די גרינגע שלאַנגען־אויגן האָבן זיך ווידער באַוועגט מיט קראַפֿט, מיט אַ מין צאַרנדיקער ווילדקייט, וואָס האָט די אויגן פֿאַראומערט.

דער ס.ס.־געהילף האָט זיך שמייכלענדיק צוגעבויגן.

— ס׳איז נויטיק מיט הילף?

ער האָט זיך צוריקגעצויגן אין שאָטן, זעענדיק אין די אומצופֿרי־דענע פּרצוף־שטריכן פֿון זיין קאָמענדאַנט, אַז ער האַלט ביי איבער־היפּערן איבער געוויסע פּונקטן פֿון דער צערעמאָניע.

די רשימה פֿון פּייניקונגען איז באַגרענעצט ביז חוזק: די סאַמע געוואַגטסטע פֿאַנטאַזיע מוז זיך באַגרענעצן ביים דערפֿינדן וואַריאַנטן פֿון גרונט־טעמעס, אַרום די מענטשלעכע פֿינף חושים. ביז אין די פֿאַרנאַכט־שעהן האָט ערני לוי געפּלאָפּלט, און געפּלאָפּלט און געפּלאָפּלט אָן אויפֿהער.

צוזאַמענגעקנוילט אין אַ ווינקל ביי דער טיר, האָט ער געצאַפּלט אין זיינע אָפענע ווונדן. מען האָט פון אים אַראָפּגעצויגן די בגדים, אָן בושה. די אויגן האָבן זיך פאַרברייטערט, די איינציקע פאַרטיידי־קונג זיינע איז געווען, דאָס האַלטן זיינע הענט, ווי אַ מושל, אויף זיין געשלעכטס־גליד. קיין שום יידישער נאָמען און קיין שום אַדרעס פון יידן, נאָר קינדישע פּלאַפּלעריי, האָט סתם געפלאָסן פון זיין מויל, ווי פון אַ קוואַל.

— וועגן וואָס טראַכסטו? — האָט פּלוצים דאָס טיראָלער קאַפּע־לושל געפרעגט זיין געהילף.

דער ס.ס.־געהילף האָט זיך געשטעלט אויף „אַכטונג״:

— איך קלער גאָרנישט, הער שטעקל — האָט ער אַ דערשראָקענער געזאָגט.

דאָס נידעריקע מענטשל האָט זיך הנאהדיק אויסגעלענגערט איבערן פאָטעל, וואָס ער האָט דעם גאַנצן נאָכמיטאָג נישט פאַרלאָזט.

— איך וועל דיר באַווייזן, אַז דו טראַכסט וועגן עפּעס. איך דערלויב דיר דאָס צו זאָגן, און איך באַפעל דיר אפילו.

— טאַקע, באמת? — האָט דער געהילף געפרעגט.

ווען די אייגעלעך פון נידעריקן מענטשל האָבן אַרויסגעבערענגט אַ באַפעלעריש־הערשערישן בליק, האָט דער געהילף זיך גענומען וואַקלען אין אַ מין קנעכטישער צעטומלטקייט, און לסוף האָט ער געזאָגט אין פּחד:

— מיט אייער דערלויבעניש, הער שטעקל. ווען כ׳בין געווען אין פּוילן, בין איך ביי יעדער „אַקציע״ געווען אונטערן פרייען הימל, ביז דער לעצטער מינוט, ווען דער גאַנצער ראַיאָן איז שוין געווען „באַהאַנדלט״. איר פאַרשטייט? שטענדיק איז געווען עפּעס אַ „טינופת״ אָדער צוויי, וואָס זענען אַרויס פון ערגעץ אַ לאָך, און זענען שטיל צוגעקומען צום גרוב אָדער צום לאַסט־וואָגן און האָבן געוואָלט „ספּעציעלע באַהאַנדלונג״. און אָט איז...

דער נידעריקער האָט זיך געדרייט אין זיין פאָטעל, און הנאהדיק זיך צעקראַקעט פון דערלייכטערונג.

— און אין וועלכער רגע איז דיר דער געדאַנק געקומען?

— מיט אייער דערלויבעניש, הער שטעקל, ווען דער־אַ פּגר האָט געהאַלטן אין איין מורמלען: „ווו זענט איר? ווו זענט איר?״

— איך — האָט דער נידעריקער געזאָגט — האָב וועגן דעם באַלד געטראַכט.

— אויף אַן אמת? — האָט דער געהילף געשטוינט.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ פון פאַרערונג. אָבער לויטן קראַקען פון קאָמענדאַנט, האָט ער דערקענט, אַז דער צייכן פון זיין התפעלות איז נישט מער געווען ווי אַ וויץ. האָט ער מיט דרך־ארץ צוגענענט זיין האַנט צום מויל און געזאָגט: כי, כי, מיט אייער דערלויבעניש, העד שטעקל, די זאַך איז שרעקלעך קאָמיש.

# 5

ווען ערני איז צוריקגעקומען צו זיין באַוווסטזיין, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס אַלץ איז געשען מיט עטלעכע יאָר צוריק, אין שפּיטאָל אין מאַינץ. נישט אַזוי, מחמת די יידישע קולות, וואָס שעפּ־טשען אַרום זיין בעט, נאָר גיכער, מחמת דאָסזעלבע געפיל אין זיין צעבראָכענעם גוף, און מחמת זיין ווילן פון דעמאָלט, נישט צו שרייען, כאָטש זיין מויל האָט אַרויסגעברענגט אַ געכאָרכל, וואָס איז אפשר געווען אַ מין געשריי. דערנאָך האָט ער באַמערקט דעם טונקל־גראָען סופיט פון בעטאָן, די געלע שטערנס, וואָס האָבן געלויכטן אויף די ווייסע בלוזעס פון די קראַנקען־געלעגערס.

אַ שפּריצער פון פאַנטאַסטישער פּראָפּאָרץ, האָט געטאַנצט איבער זיין גאַנצן קערפּער, וואָס איז געלעגן אויף די פאַרבלוטיקטע ליילעכער. ער האָט געפילט, אַז ער דרינגט אַריין אין זיינע לענדן, מיט אים אַ פלייץ פון פרישקייט און שטילשווייגן, וואָס האָט באַהערשט זיין גוף. ער האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגנלעפּלעך אַנטקעגן דעם פלייצנדיקן געפיל, און איז אַנטשלאָפן געוואָרן. און ווען מ׳האָט באַטראַכט די ווונדן פון זיין לייב, זיי געוואַשן, דעזינ־פיקירט, געוואַשן דעם קאָפּ און אונטערזוכט אַלע זיינע געלענקען און ביינער, האָט ער געחלומט, אַז ער האָט חתונה, און אין דער לופט שאַלן פאַנפאַרן פון פרייד.

...דעם אינדערפרי, פאַר באַגינען, ווען דער מאָרגנשטערן האָט זיך נאָכנישט באַוויזן, איז ער געגאַנגען זיך טובל זיין אין אַזאַ אומגעווייִנלעך באָד, אין וועלכן קיין שום ילוד־אשה אויף דער וועלט, האָט זיך נאָכנישט געבאָדן — דער חלום, אַן אָנזאָג פון מענטשלעכן גליק. אין זיין מחשבה, האָט זיך דער זייף געגליטשט אויף זיין הויט, נישט מאַכנדיק די מינדעסטע באַוועגונג, נאָר איידל זיך אַ הויב געטאָן, אַרומגעקרייזט זיין גוף און זיך דערנענטערט צו זיין פּלייצע. (מיט זיין רויטן בערדל, האָט אים דער שומר־המרחץ געוויזן דעם וועג צו דער שול).

— מיינט נישט, אַז מיין דאַנקבאַרקייט לגבי אייך האָקט זיך אָפּ, מיט מיין אַרויסגיין פון מרחץ — האָט אים ערני לוי געזאָגט — איך בין נישט פון יענע יונגע חתנים, וואָס פרעסן אַריין די גאַנצע וועלט אין אַ רינגל. און דערלויבט מיר, איך בעט אייך, קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן אייער באָרד. צוּוואָס פאַרקויפט איר דעם זייף, אויב קיין שום מענטש אין דער וועלט, האָט אייך נישט אין זיין זכרון?

— נעמט מיט זיך מיין באָרד אויף אַן אָנדענק — ענטפערט דער שומר מיט פשטות — און דערלויבט מיר, אייך צו דאַנקען פאַר אייער אויפריכטיקער פריינטשאַפט. קיינמאָל פאַרגעס איך נישט די זייף, וואָס כ׳האָב פאַרקויפט. מזל טוב.

און ווען דער באָד־שומר האָט זיך צו אים געווענדט מיט דער יידישער ברכה „מזל טוב", האָבן צוויי מגן־דודס באַלויכטן זיינע אויגנלעפלעך, און ערני האָט פאַרשטאַנען, אַז דער שומר איז אַ צדיק. בכן — טראַכט ביי זיך ערני, מיינע עלטער־זיידעס פרייען זיך מיט מיר און איך דרינג פון דעם אַרויס, אַז איך בין אַ צדיק און מיין שטאַם איז פון צדיקים, און כ׳בין באַרעכטיקט צו זיין גליקלעך ביי דער זייט פון מיין אויסדערוויילטער.

— האָט הנאה פון אייער קרישטאָלענעם בעכער — זאָגט אים דער שומר מיט אַ שמייכל פון הסכמה — זאָל עס אפילו זיין נאָר אויף איין טאָג.

— גלויבט נישט — האָט אים ערני דערויף געזאָגט — אַז איך וויל בכלל זיך נישט פרייען מיט מיין געליבטער. מען טרינקט טרויבן־וויין, נישט דווקא אין אַ קרישטאָלענעם בעכער.

אָבער דער שומר־המרחץ קלאַפּט איראָניש מיט זיין שנאָבל,

און זיינע צוויי מגן־דוד־שטערנס קוקן אָן ערנין, ווי צו זאָגן:
— דו מיין יינגל, ווילסט מיך לערנען, וויאַזוי ס׳ווערט פאַר־פלאַנצט זאָמען־קערן פאַר דער אייביקייט ?. און אַ געל־גראָער פויגל האָט זיך אויפגעהויבן צו די באַצירונגען פון געוועלבטן סופיט, און האָט אויסגעשפרייט זיינע פליגל אין דער טונקלקייט פון דער שול.
דאָס רויטע בערדל פון רב איז אויך געווען אין פאָרם פון אַ שנאָבל, און זיין טלית מיט די שוואַרצע פּאַסן האָט צוגעדעקט אַ בייכל פון אַ שוועלבל.
ערני האָט מתפלל געווען, אַז עס זאָל פאַרשווינדן ווערן זיין גוף, זיין האַרץ און זיין נשמה, אויף וואָס די קריסטן לויערן. און ער זאָל בלויז באַקומען זיין אויסדערוויילטע, ווי ס׳איז זוכה אַ בעטלער אין גרויסן טאָג פון געטלעכן דין. פון דער לינקער זייט פון רב שמייכלט מאַמע יהודית, איר שייטל איז דאָסמאָל פאַנאַנדער־געלאָזט אין לאַנגע צעפּ, ווי אַ וואָלקן, טראָגט אַ שלעפּ־קלייד וואָס פאַרהילט אין באַקעטן גוף, אין איר רעכטן אויג אַ טרער פון בלוט און אין איר לינקען אויג האָט געפּערלט אַ טראָפּן מילך. און אין אַ נישע פון דער גרויסער שול, אַרומגערינגלט פון אַ מנין מענטשן, שטייט די כלה. אַזאַ שיינע, אַז אַלץ וואָס אַרום איר ווערט פאַרשווונדן, זי איז אַזוי שיין, אַז זי אַליין ווערט פאַרווישט, און ווערט אַ נישט געזעענע.
— כלי־זמר, אַ פריילעכס — זאָגט דער רב — מיר גייען צו דער חופּה.
ער דערלאַנגט דער כלה א כוס וויין, זי טרינקט אויס די העלפט, בעת איר אונטערשטע ליפּ פורעמט זיך אויס, ווי אַ לעפעלע. ערני באַנעצט זיינע ליפּן און וואַרפט דעם קרישטאָלענעם בעכער אַראָפּ צו זיינע פיס, צעברעכט אים און ווענדט זיך צו דער כלה, וועמענס איידעלער און צאַרטער גוף איז דורכזיכטיק, טראָצדעם וואָס אירע געזיכטס־שטריכן בלייבן אומבאַשטימט:
— כדי קיין שום פּרוי זאָל נישט טרינקען פון בעכער, ווו דו האָסט צוגעטאָן דיינע ליפּן, און כדי קיין שום מאַן זאָל נישט צולייגן זיינע ליפּן צום בעכער, ווו איך האָב געטונקען מיינע ליפּן. און דער דאָזיקער צעבראָכענער בעכער זאָל מעורר זיין דעם גייסט און אונזערע הערצער, און זאָל אייביק בלייבן גאַנץ, ביי אונזער לעבן

און ביי אונזער טויט. זיי וויסן, מיין אויסדערוויילטע, אַז ער איז געפורעמט געוואָרן פון אַזאַ מאַטעריע, וואָס דאָס מענטשלעכע אויג קאָן נישט תופס זיין, און קיין מענטשלעכער פוס קאָן אים נישט צעברעכן, אמן.

גאַנץ קהל האָט געפּאַטש בראַוואָ, ווי דער נוסח וואָלט צוגע־טראכט געוואָרן דורך ערני אַליין.

— ס׳איז אַ שיינע חתונה — האָט געזאָגט פרוי פייגלסאָן.

— ס׳זאָל קיין בייז אויג חלילה נישט פאַרשאַדטן — האָט מאַמע יהודית געענטפערט — אין דעם טאָג ווען גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד, זענען אילזע און ערני באַשטימט געוואָרן זיך ליב צו האָבן.

— און איך האָב געמיינט — האָט געזאָגט פרוי פייגלסאָן, אַז די כלה הייסט גאָלדע.

— האָב איך נישט געזאָגט גאָלדע ? — האָט מאַמע יהודית געפרעגט.

דער חתונה־צוג איז אָנגעקומען צו דער ריגענשטראַסע, אַ העלע פריילעכע זון האָט באַשיינט די חתונה־געסט. הינטער דער מאַמע יהודית האָט געשפּאַנט די כלה, געאָרעמט מיט לוי, דעם פאָטער, וואָס האָט זיך אַזוי געגוידערט, ווי ער אַליין וואָלט געווען דער חתן און נישט זיין זון, דער גליקלעכער ערני. דערנאָך איז געגאַנגען דער כלהס מאַמע, אַזאַ איידל באַשעפעניש, אַז אירע הענט אַרום ערניס עלנבויגן, האָבן נישט מער געוויגן ווי אַ פאָדעם פון שפינוועבעכץ. ס׳איז שווער געווען צו זען איר פנים, וואָס איז געווען באַדעקט מיט ראָזע טרערן פון גליק. מ׳האָט געקאָנט אַרויספילן, אַז זי איז זייער שטאָלץ מיט איר איידעם ערני לוי.

כדי צו פאַרמערן דאָס ווונדער, באַווייזט זיך דער פידלער. ער טאַנצט און דרייט זיך אין קרייז, צאַפּלט און פלאַטערט, ווי אַ שוואַלב. מיט לעבעדיקייט ציט ער דעם בויגן און פידלט אויס דעם חתונה־מאַרש :

„ווער שטייגט דאָס אויף פון מדבר און שטיצט זיך אויפן אָרעם פון איר געליבטן ? וויי־און־ווינד״.

די שוואַלב וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן וועג, האָט אָפּגע־וואַרט די חתונה־גייערס און אָנגעהויבן שפּאַנען ווי אויף אַ קאַטוי־

לישער פראַצעסיע; פויסטן באַוויזן זיך פון די פענצטערס.

„לייג מיך ווי אַ זיגל אויף דיין האַרץ, האַ, האַ.
ווי אַ זיגל אויף דיין אָרעם, הי, הי.
ווייל שטאַרק איז די ליבע ווי דער טויט.״

אַלע האָבן געוואָלט, אַז דער פידלער זאָל מיט מער איינגע־האַלטנקייט אויסדרוקן חתן־כלהס פרייד, ווי אויך די התפעלות פון די חתונה־געסט פאַר דעם שיינעם פאָר. אָבער מ׳האָט צום באַדויערן נישט געקאָנט אָפּשטעלן דאָס זינגען, ווייל ס׳האָבן זיך געהויבן פויסטן. ערני האָט אָפּגעשאַצט, אַז ער וועט מסכים זיין, אַז איינע פון די פויסטן זאָל זיך העפלעך דערנענטערן און זאָגן:

„מיינע יידישע דאַמען און הערן — זאָל אַ זאָג טאָן די פויסט — די וועלט איז נישט אַזוי אויפגעלייגט, אַז איר זאָלט שפּילן מיט איר פידל. יעדער קלאַנג פון אייער בויגן שטעכט אונז דורך דאָס האַרץ. צי האָט איר נישט קיין רחמנות?״

אָבער די פויסטן האָבן זיך געהויבן פונדערווייטנס, שטומע, איינגעשפּאַרטע. דער חתונה־צוג האָט זיך ווייטער געפירט אומגע־שטערט, יעדעס פאָרל האָט זיך פאַרוויילט געמיטלעך, מיט חן, און די פיס האָבן זיך געהויבן פּאַמעלעך, ווי ביי אַ שפּאַציר אָן ציל. אפילו דער פידלער־שוואַלב האָט פאַרלאַנגזאַמערט זיין פלי, כדי בולט צו באַצייכענען זיין ווידערווילן קעגן די פויסטן. מיט אַ לאַנגן ציי פון בויגן, און מיט אַ צעצויגענעם האַרצרייסנדיקן קלאַנג איז ער אַריין אין סאַלאָן פון די לוי׳ס:

„גרויסע וואַסערן וועלן נישט פאַרלעשן די ליבע
און טייכן וועלן זי נישט אָפּשווענקען
וויי־און־ווינד, וויי־און־ווינד.
ווער איז דאָס די, וואָס שטייגט אויף פון מדבר
און שטיצט זיך אויפן אָרעם פון איר געליבטן?״

וווּ האָט ה׳ רייזמאַן אויפגעכאַפּט אַזויפיל פּראַכט און שיינקייט? און די טייערע פרוי טושינסקי, ווו האָט זי זיך פאַרשאַפט אַזאַ פיקסענעם קאָליר, וואָס מאַסקירט אַזוי שלעכט די האַרטע הויט־אָנוווקסן אויף איר האַלדז? און אָט דער קבצן, שלמה ווישניאַק, און די פלאַש מיט דעם גאָלדענעם קאָרעק צווישן זיינען קניען, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז מ׳וועט עס אים אַוועקגנבענען? גוט

וואָס דאָס קליינע גאָסמיידל פון מאַרסיי, האָט אָנגענומען זיין איינ־לאַדונג און געקומען אין אַ פשוט קליידל. און דער צווייטער העברעער אין זיין פאַרבלאָטיקטן אוניפאָרם. אָבער, אַך־און־וויי, ער הערט נישט אויף יעדעס מאָל צו בעטן מען זאָל אים מוחל זיין, ווען אַ שטראָם בלוט פליסט אַראָפּ פון זיין שטערן אויפן טעלער. אָבער פאַרוואָס פאַרענטפערט ער זיך? מען קאָן דאָך שטאַרבע הערנדיק, ווי די צאַרטע און ריינע נשמה פאַרענטפערט זיך אַזוי. דאָך, אָן העויות און מאַניערן טרעט ער צום צום זינגען. ווי ער האָט זיך נאָר אַוועקגעשטעלט אויף דער פליושענער סאָפע און אָנגעהויבן מיט אַ ווייך, צאַרט־דינן קול פון אַ גראָער מויז אונטערברומען אַ משונהדיק ליבעס־לידל, וואָס נאָך קיין שום מענטש האָט עס ביז איצט נישט געהערט, האָט ער צווישן איין סטראָף און צווייטן, טויזנט און איין מאָל איבערגעבעטן פאַר דעם איבערייס, און האָט אָפּגעווישט דאָס בלוט, וואָס האָט אַריינגערונען אין זיין מויל. און ווען דער לעצטער סטראָף האָט זיך געענדיקט מיטן טויט פון די געליבטע, האָט ער זיך ווידער אָנטשולדיקט מיט אַ חנוודיקן שמייכל:

— אָנטשולדיקט, מיינע פריינט, אָנטשולדיקט — האָט ער געזאָגט — דאָס איז אונזערס אַ היימיש לידל, אַ פזמון אַזאַ, פאַר צוויי גראָשן, איר פאַרשטייט, פון יענע לידלעך, וואָס ווענן זיי זאָגט מען, אַז זיי ענדיקן זיך שלעכט, ענדיקן זיי זיך זייער גוט...

דער צווייטער העברעער האָט זיך, ביי אַ שטורעם פון אַפּלאָ־דיסמענטן, אַוועקגעזעצט. דערנאָך האָט הער לוי, דער פאָטער, רויט ווי אַ קאַרש, געפרווט עפּעס דערקלערן דעם חתן, אָבער ער איז אָן אויפהער איבערגעריסן געוואָרן דורך איבערגעשפּיצטע געלעכטערלעך פון די פרויען, און האָט באַוויזן צו זאָגן נאָר די ווערטער:

— מיין זון, איך וועל דיר אָן עצה געבן... ווייל דער געטלעכער אינסטינקט... באַלויכטן דורך אַ ביסל וויסן...

דערנאָך איז ער געזונקען אין זיין בענקל און זיך אַליין אַפּלאָ־דירט. ערני האָט אים געדאַנקט מיט אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ און געוואָרפן זיין אויפמערקזאַמקייט אויפן פידלער, וואָס איז אַרויף אויפן טיש. און טאַנצנדיק האָפּערדיק צווישן די טעלערס, האָט ער געפידלט און געזינגען מיטן גאַנצן כח. נאָך אַן אומעטיקן געטאָ־ניגון, האָט דער פידלער געכאַפּט אַ פלאַש און גענומען טאַנצן דעם טאַנץ

פון די פאַרגאַנגענע צייטן, צוקלאַפּנדיק מיט די פיס צום טאַקט.
אַריינגעטאָן אין טאַנץ און שפּיל, האָט ערני קיין איין מאָל נישט געקוקט צו זיין כלה, דאָך האָט ער פון דער לינקער זייט געפילט אַ לייכטן דרוק פון אַן עלנבויגן.

— זאָל איך אומקומען אויפן אָרט — האָט מאַמע יהודית געזאָגט — צי פון חתן־כלהס מויל איז אַרויס אפילו איין וואָרט.

— דאָך הער איך נישט אויף צו רעדן צו מיין אויסדערוויילטע — האָט ערני איר געזאָגט.

— און איך הער אויך נישט אויף אים צו הערן — האָט די כלה געזאָגט.

— זאָלן מיינע געדערעם פּלאַצן — האָט מאַמע יהודית ווידער אָנגעהויבן מיט ביטערניש. אָבער ערני האָט איר איבערגעריסן מיט אַ שמייכל און זיינע אויגן זענען געווען געווענדט גלייך צו איר:

— ווּ זענען די מענער? — האָט ער געפרעגט מיט אַ טאָן פון פאַרווילנדיקער סודותדיקייט.

— יאָ ווּ, ווּ זענען זיי? — האָט די כלה געמורמלט, ווי אין מורא.

— קוק זי כאָטש איינמאָל אָן — האָט מאַמע יהודית זיך געבעטן ביי אים.

— איך הער נישט אויף צו קוקן אויף איר — האָט ערני איר געענטפערט.

— ער הערט נישט אויף... האָט אָפּגעהילכט דער כלהס קול.

— אויב אַזוי, מזל־טוב דיר, מיין זון — האָט מאַמע יהודית געזאָגט און אים געקושט.

— מזל־טוב, מזל־טוב דיר — האָבן אים אַלע געזאָגט וויינענדיק, איינער נאָכן אַנדערן. דערנאָך האָט די געליבטע כלה געשעפּטשעט אין קאָרידאָר ביים יחוד־שטיבל:

— מיינע פיס טראָגן מיך צו דעם אָרט, וואָס איז מיר ליב.
דאָס יחוד־שטיבל איז געווען אַזוי קליין, אַז אין זיין ענגשאַפט איז נאָר געשטאַנען אַ ניימאַשין, אַ פּעקל וועש און אַ נעבעכדיק בעטל צוגעדעקט מיט אַ גראָער קאָלדרע. ערני און גאָלדע זענען איצט אַריינגעגאַנגען, און ווי אונטערן דרוק פון זייער שטילן עטעמען, האָט זיך דאָס שטיבל אויסגעברייטערט, ליכטיק געוואָרן, און גורם געווען דעם יינגן פּאָר אַ פולע מאָס גליק. און אָט איז עס

אַ רחבותדיקער זאַל פון אַ פּאַלאַץ, אינמיטן אַ חופּה־בעט מיט אַ באַלדאַכין, אונטער אַן אויסגעשטערנטן הימל, און אַ טייל שטערן פאַלן זיך נחותדיק אויף די ווענט. גאָלדע האָט זיך גרינג אַריינגע־גליטשט אין בעט, צניעות׳דיק, ווי מען האָט זי אינדערהיים דערצויגן, און די פרוי לוי האָט מיט רעכט געזאָגט, אַז זי איז דערצויגן געוואָרן צו זיין דער זיווג פון אַ נביא. (כאָטש דער זיידע האָט געטענהט, אַז די נביאים האָבן אפילו אין אַזאַ שיין און תמימותדיק מיידל געזען נאָר די שיינקייט פון גייסט) ערני נעמט אָן די האַנט פון זיין אויסדערוויילטער, און פון צווישן זייערע פינגער זענען אויפגעגאַנגען פילפאַרביקע שמעטערלינגען אויפן הימל, איבערן חופּה־בעט. גאָלדעס גאַנצע האַנט אין פארשוווּנדן געוואָרן אין ערניס האַנט, און די וואַרעמקייט פון זייערע הענט האָט געבוירן אַ טויב, דערנאָך אַ הינדל, אַ ווייסן האָן מיט אַ רויטן קאַם, אַ פיש וואָס האָט געצאַפּלט מיט לעבן. בעת ערני ציט צו זיך גאָלדעס גוף, וואָס איז פּלוצים געוואָרן פאַרגליווערט, עפנט ער די אויגן און דערזעט, אַז ער דריקט אין זיינע הענט אַ זשמעניע פאַרוויאַנעט גראָז.

וויאַזוי איז דאָס פאַרגעקומען? וויאַזוי פּאַסירן אַזעלכע זאַכן אויף די ברעגעס פון דער סענע? און די חתונה, איז זי טאַקע פאַרגע־קומען? ערני האָט נאָכלעסיק געלאָזט אַראָפּפאַלן די זשמעניע גראָז, ער איז אַראָפּ אין קאָרידאָר און מרהשחורהדיק געקרעכצט:

— ווו ביזטו? ווו ביזטו?

אָבער דער קאָרידאָר איז געווען ליידיק, ווי דאָס יחוד־שטיבל. און פּוסט איז אויך דער גרויסער עס־זאַל נאָך דער חתונה, וואָס איז אפשר פאַרגעקומען מיט יאָרן צוריק. ווייל אַ שפּאָר ביסל שפּינוועבס ליגט ברייט צעלייגט אויף די ווענט און פאַרדעקט אַלע ווינקלען פון סופיט, און אַ שימל איז אויסגעשפּרייט אויפן טיש, נאָך דער פריי־לעכער חתונה־סעודה. ערני איז אַרויסגעלאָפן אַ נאַקעטער אויף דער ריגענשטראַסע, בעטנדיק אַלע פאַרבייגייערס צו ווייזן אים דעם וועג צו דער חתונה. אָבער פאַרוואָס ענטפערן אים עפּעס די פאַר־בייגייערס מיט באַמערקונגען וועגן רעגן און שיינעם וועטער? פאַרוואָס ציען זיי אַזוי גלייכגילטיק מיט די אַקסלען און לעכערן אים דורך מיט זייערע בליקן, ווי ער וואָלט געווען פון גלאָז, מיט בליקן נישט דאָיקע. לגמרי אָן בליק? ער האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן

און פלוצים דערזען זיין פאַרבלוטיקטן און פאַרוווּנדעטן קערפּער, ווי ער וואָלט אָקאָרשט אַראָפּ פון דער פּאַך פון אַנאַטאָמישן שטודיר־צימער — הוילע מוסקלען און אָדערן.

כאָטש ער איז געווען פאַרצווייפלט פון דער אַנטדעקונג, (אָדער אפשר האָט ער אים, אויף אַ מיסטעריעזן אופן, צוגעגעבן נייע כוחות) האָט ערני דערגרייכט אַן שטערונג די באַשיידענע וואָקזאַל־בודקע פון דראַנסי, ציטערנדיק אינגאַנצן פון הנאה אונטערן שטראָם פון די זיסע זונשטראַלן. אָבער קיין שום באַאַמטער האָט אים נישט געוואָלט אינפאָרמירן, אַלע האָבן זיי העפלעך פאַרמאַכט די פענצ־טערלעך אונטער זיין נאָז. איינער פון זיי האָט זיך אפילו געגרייט משלח צו זיין אָט דעם אָפּגעשוונדענעם בחור, מיט דער טענה, אַז זיין צעמאָרשטער אויסזען באַליידיקט די פּאַסאַזשירן. ער האָט דערפילט אַ האַנט אויף זיין צעריסענעם אַקסל:

— מ׳וואַרט אויפן פאַרשווינדל — האָט געזאָגט דער דייטשער סאָלדאַט. איילט זיך צו, ווייל די קליינע באַן וועט באַלד אָפּפאָרן.

די קליינע באַן האָט געוואַרט אין אַ מין געהיימען וואָקזאַל, וואָס האָט זיך געפינען אין אַ צווייטן וואָקזאַל. ערני האָט נאָכנישט דערגרייכט דעם פּעראָן, ווי די צווישטאָקיקע באַן האָט גערירט מיט טומל און רעש. ער איז אַרויפגעשפּרונגען אין לעצטן מאָמענט, אַ שטופּ געטאָן די טיר, און אָט איז דער גאַנצער חתונה־עולם אינעווייניק אין באַן־וואַגאָן.

— מיר האָבן געוואַרט אויף דיר — האָט די חתונה זיך צעשריגן מיט התלהבות — מיר האָבן שוין געמיינט, אַז דו וועסט מער נישט קומען...

— צי בין איך דען דער איינציק געבליבענער ייד? — האָט ערני געקרעכצט. — אָבער יעדער טראָפּן פון מיין בלוט האָט נאָך אייך געשריגן. זייט וויסן, אַז דאָרט ווו איר זייט, דאָרט בין איך אויך. ווייל ווען מען שלאָגט אייך, ווער איך דען נישט געטראָפן? ווען מען שטעכט אייך אויס די אויגן, ווער איך דען נישט בלינד? און ווען איר פאָרט מיט דער קליינער באַן, צי פאָר איך נישט מיט אייך מיט?...

— אמת, אמת, דו ביזט מיט אונז — האָבן זיך אַלע חתונה־געסט צעשריגן. אַ חוץ ערניס מאַמע, אינגאַנצן אַ צונויפגעקאָרטשעטע אין

אַ ווינקל, מיט אַ ניי זייגקינד ביי דער ברוסט. זי האָט געכליפּעט אין פאַרצווייפלונג:

— גאָט אין הימל, כ'האָב אַזוי געהאָפט אַז זאָלסט נישט קומען אַהער...

— פאַרוואָס עפּעס — האָט ערני געפרעגט — ציִ איז מיין אָרט נישט צווישן אייך?

— טו אָן דעם בגד — האָט דער זיידע געזאָגט — און אַנשטאָט אויסצוהערן פּוסטע רייד, זעץ זיך נעבן גאָלדען, וואָס האָט פאַר דיר געהיטן אַ קליינעם פּלאַץ, ווי אַ גוטע יידישע פרוי, כאָטש זי איז נישט קיין טאָכטער פון אַ נביא.

— איך האָב אויך אָפּגעהיטן אַן אָרט פאַר דיר, האָט ערני געזאָגט צו גאָלדע.

דאָס מיידל האָט אים שווייגנדיק געדריקט די האַנט, און זיך אַרויסגעבויגן פון פענצטער, כדי אים צו ווייזן דעם לאַנגן שטח פון דער קליינער באַן.

פונדערווייטנס האָבן זיך געזען אַנדערע באַנען, וואָס האָבן געצויגן ווייט, ווי דאָס מענטשלעכע אויג קאָן נאָר גרייכן. און אַלע האָבן נאָר געהאַט איין צענטראַלן ציל: קיין פּוילן — לויט מרדכיס רייד.

— און איך — האָט מאַמע יהודית געזאָגט — איך ווייס נישט, וווהין מיר פאָרן, איך זאָג נישט קיין נביאות, ווי אַנדערע, אָבער מיר פאָרן אַלע צוזאַמען און דאָס איז גוט.

— מען פאָרט קיין פּוילן — האָט מרדכי איבערגעחזרט — גאָט רופט אונז צוריק אַהין, גרויס און קליין, אַ צדיק אָדער נישט.

אין דעם מאָמענט האָט זיך ערנין אויסגעדוכט, אַז ער האָט אַנטפּלעקט זיין גרויסן געדאַנק פון אַמאָל: גאָט וועט אונז זאָגן — קוקט, מיינע טייערע קינדער! איך האָב אייך געמאַכט פאַר אַ שעפעלע צווישן די פעלקער, כדי אייער האַרץ זאָל זיין ריין אייביק.

— דאָך טענהט דער העברעער — די דאָזיקע נסיעה צו וואָס?!

ניין און ניין, קיין שום וואָרט פון ערני איז נישט געווען אימשטאַנד צו באַרויקן דאָס האַרץ פון צווייטן העברעער, און אויך נישט בכח געווען איינצוהאַלטן דאָס צעשראָקענע אויגן־פינטלען פון די קליינע עופעלעך, וואָס זענען געלעגן שטיל צווישן דער

מאַמע יהודית און זיידן, יעדעס אויף זיין וואַנדער־פּעקעלע אין דעם אומענדלעכן גלות. פּלוצים האָט אַ שוידער באַנומען ערנין. ער האָט זיך דערנענטערט צו גאָלדען, וואָס האָט מיט ליבשאַפט אַרונ־טערגעטאָן איר האַנט אונטערן רעקל פון איר חתן, זוכנדיק זיין ברוסט. אָבער טראָץ דעם גליק, וואָס האָט פאַרפלייצט זיין נשמה, איז דאָך דאָס באַרירן מיט דער האַנט, מיט די נערוון און מיטן גאַנצן לעבעדיקן פלייש, געווען אַזוי פּחדימדיק, אַז ערני האָט דערשטיקט אין זיך אַ געשריי... און געשמייכלט צו גאָלדען, וואָס איז אינגאַנצן געווען פאַרפלאָכטן אין מיני גראָזן. אין דער רגע עפנט דער פידלער מיט אַ מעלאָדיע, וואָס האָט דעם גאַנצן חתונה־עולם געוועקט צום וויינען, און זיין קול האָט זיך צעזונגען מיט אַזאַ שפע פון טענער, וואָס נאָך קיינמאָל נישט:

„צי קאָן מען אַרויפגיין אין הימל, אוי,
און פרעגן פאַרוואָס פירט גאָט די וועלט אַזוי?"

די באַן איז פאַרשוואונדן גאַנץ ווייט, פון דער פידל איז די מעלאָדיע, ווי אַ רויך אויפגעגאַנגען צום הימל. ערני איז פּלוצים צוריקגעקומען צו זיין איינזאַמקייט, אַ נאַקעטער און בלוט־טריפנ־דיקער אויף די שטיינער פון דער באַן־סטעזשקע. די פיס פאַנאַנדער־געשפּרייט צווישן די רעלסן, און דער ווינט האָט געשמיסן אין דער גאַנצער נאַקעטקייט פון זיין גוף. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס צעשיידן זיך מיט אַ געליבטן מענטש, איז גורם אַ פיינפול געפיל, וואָס איז ביטערער פון טויט אַליין.

די פידל־קלאַנגען זענען פאַרשוואונדן, און ערני האָט אָנגעהויבן שרייען אין זיין חלום, שרייען, שרייען, שרייען.

עס וועט די זון מער אין איר אויפשטייג איבער א קליין
שטעטעלע אין ליטע און אין פוילן, נישט טרעפן שוין
אַ ייד אַ ליכטיקן אין פענצטער, אַן אַלטיטשקן, אַ זאָגנדיקן
אַ קאַפּיטל תהלים, און אַ צווייטן גייענדיק אין שול —

יצחק קאַצנעלסאָן:
„דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק”.

# מער קיינמאל נישט

## 1

עטלעכע לאַסט־באַנען, אייניקע אינזשיניערן און כעמיקער, האָבן ליקווידירט דאָס כפרה־הינדל פון דעמאָלט — דאָס יידישע פאָלק אין פוילן. מיט אויסטערלישע וועגן־נישט־וועגן איז דער אוראַלטער מאַרש פון די שייטערס דערגאַנגען צום קאַלכאויון.

אינעם גאַנג פון פאַרטיליקן דעם יידישן שטאַם, איז דער לאַגער אין דראַנסי נישט געווען מער ווי איינער צווישן די פיל אויפנעם־ערטער אין דער פאַסיווער אייראָפּע. איינער פון די פונקטן פאַר צונויפזאַמלען די טשערעדעס, וואָס זענען געטריבן געוואָרן אין פולשטענדיקער רויקייט צו דער שחיטה, מיט די שלעזישע, היימישע פליינען, די שווייגענדיקע.

די דייטשן האָבן דערגרייכט אַזאַ פּערפעקציע אין דער פאַרניכ־טונגס־„וויסנשאַפט", אין דער „קונסט" פון מאַסן־שחיטות, אין מענטשן־פאַרטיליקונג, אַז פאַר דעם רוב פון די צום טויט פאַרמשפּטע, האָט זיך אַנטפּלעקט זייער גורל ערשט אין די גאַזקאַמערן. פון דער רעגיסטראַציע, פאַר טראָגן דעם געלן מגן־דוד־שטערן, פון דעם פאַנאַנדערלאָזן די דורכגאַנגס־לאַגערן, די לעצטע פאַרן אומקום, האָט זייער אַפּאַראַט געאַרבעט אויף אַ וווּנדערלעכן אופן. ער האָט געפאָדערט געהאָרכזאַמקייט פון דעם מענטש־חיה, אין וועלכן ס'האָט נאָך געטליעט ערגעצוו אַ שטיקל האָפענונג, ביז צו זיין לעצטן אָטעם.

אין לאַגער דראַנסי האָט מען זיך איינגעוויגט אין אַ גלויבן פון עפּעס אַ ווייטער מלוכה „פּיטשיפּוי", ווו די יידן וועלן קאָנען, אונטער דער השגחה פון די בלאָנדע פאַסטעכער, געשמאַק עסן דאָס גראָז פון דער נייער צייט.

און אָט די אַלע יידן, וואָס האָבן געהערט וועגן דער ענטגילטי־

קער „לייזונג״, האָבן עס נישט באַנומען מיט זייערע חושים, מיט זייער זכרון און, פון פחד, צערודערטן שכל. עפּעס אַ מין אינערלעך קול האָט זיי באַרויקט און איבערצייגט, אַז „לא היו דברים מעולם״, אַז קיינמאָל וועט דאָס נישט פּאַסירן, כל־זמן די נאַצים וועלן נאָך האָבן אַ מענטשלעך פּרצוף. אָבער ווען דאָס קול איז אַנטשוויגן געוואָרן, זענען זיי אַנטרונען אין שגעון, אַראָפּגעוואָרפן זיך פון זעקסטן שטאָק אויפן טרויעריק־באַרימטן צעמענט־ברוק אין לאַגער. אָדער זיי האָבן געשוויגן און פאַרבאָרגן דעם שרעקלעכן סוד ביזן סאַמע סוף. און ווען זיי וואָלטן אפילו אים געוועזן אַנטפּלעקט, וואָלט סייווי קיינער נישט געגלויבט, ווייל די נשמה איז ווי אַ שקלאַפין פון לעבן.

*

אין שפּיטאָל האָט ערני געזען דעם סך־הכל פון אַלע פיזישע און גייסטיקע צרות, וואָס שעדיקן דעם מענטש: שוואַכע זקנים, וואָס מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט פון די יידישע שפּיטאָלן אין פּאַריז, גייסטיק קראַנקע, וואָס מ׳האָט מיט געוואַלט אַרויסגענומען פון די אַזילן. קימפּעטאָרינס און פאַרפּאַרכטע קינדער מיט אייטערנדיקע ווונדן, וואָס זייערע מלאכים־פּנימלעך זענען אינגאַנצן פאַרקריפּלט געוואָרן, פייַנפולע פּרויען־פּנימער פון גיפטיקן וואַנצן־בייסעניש, אַזוי איז דער לאַנגער זאַל מיט די פּרימיטיוועצעמענט־ווענט געווען טאָג און נאַכט אַ טאָל פון טרערן, פון פאַרצווייפלטע געשרייען, וואָס די יידישע קראַנקן־פלעגערס האָבן געפּרווּט איינשטילן. געווע־זענע באַרימטע דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן פון באַדייטנדיקע קאַטעד־רעס, האָבן הילפלאָז זיך צוגעקוקט צו די צוויי־דריי־שטאָקיקע בעט־לעך מיט צעשראָקענע און כמעט טעמפּע בליקן. בעת זיין ליגן אין שפּיטאָל, האָט ערני אַנטדעקט דאָס אמתדיקע גיהנום, די ווירקלעכע וויזיע פון גיהינום. די ראַנגלעניִשן און שלאַכטן ממש, וואָס הדבן זיך אָפּגעשפּילט אַרום די נאַכט־טעפּ, וואָס האָבן איינצייטיק געדינט אַלס טעפּ צום קאָכן, זענען געווען אַ שפּיל פון אשמדאי אַליין.

די קראַנקן־פלעגערס האָבן אים גערופן „שוטה״. איינער פון זיי, אַ קאַטאָליק פון אויסגעפּאָרשטער יידישער אָפּשטאַמונג, האָט נישט אויפגעהערט זיך צו דרייען אַרום ערניס בעטל, ווי ער וואָלט

נתפעל געוואָרן פון דער משונהדיקער מעשה, וואָס האָט געבראַכט דעם יידישן בחור אין שפּיטאָל אַריין.

— אָבער ס׳איז דאָך ממש אַ משוגעת — האָט יענער געזאָגט, אַרויפּרוקנדיק די גאָלדענע ברילן, ווי כדי בעסער אָנצוקוקן דעם ליגנדיקן — ווייניק וואָס איר זענט אַ ייד, קומט איר נאָך אַליין גלייך אין לאַגער אַריין?

— און דאָס וואָס קומט איצט פּאָר — האָט אים ערני אַמאָל געענטפערט — זעט איר נישט אין דעם וויסטע משוגעת? אָט טראָגט איר אַ מעדאַליאָן מיט דער הייליקער בתולה אויף אייער האַלדז און דעם געלן מגן־דוד־שטערן אויף אייער בלוזע. און צי האָט אַ זין צו זאָגן, אַז איר זענט געבוירן געוואָרן מיט אַן אַכטל פון יידיש בלוט?

— איך ווייס — האָט געענטפערט דער קראַנקען־ברודער — אַמאָל, אַז ס׳איז אייך נישט געפעלן געוואָרן דער גורל פון אַ פאַרפאָלגטן, איז אייך דערלויבט געווען ניצול צו ווערן דורך שמד. אָבער היינט, נישט אייער נשמה, נאָר אייער בלוט ווילן זיי, זיי מיינען, אַז איר האָט בכלל נישט קיין נשמה.

דער משוגענער פון צווייטן שטאָק האָט אַרויסגעבילט פון בעטל. דער יידיש־קריסטלעכער פלעגער, נישט אָראָפּנעמענדיק פון זיך די שווערע כבוד־מאַסקע, האָט זיך מתנצל געווען פאַר ערני, און האָט אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויף זיין געלעגער, אויסגעגלייכט זיך און געזאָגט עטלעכע ווערטער צום משוגענעם, וואָס האָט נאָר געוואָלט געבן אַ צייכן אַז ער לעבט, און זייענדיק פון דעם באַפרידיקט, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ שעה. דער קראַנקענברודער איז געבליבן ביי ערניס בעטל, ער האָט געענטפערט גערן אויף די פראַגן פון פאַרוואונדעטן. און דער דערמאָנטער, טיילווייז מחמת זיין דערשלאָ־גענקייט און אַ ביסל געשטערט פון אויבערפלעכלעכער אָנשטענ־דיקייט — וואָס מיט איר האָט דער געוועזענער פּראָפעסאָר איצט אַרומגעהילט זיין אינערלעכקייט — האָט פלוצים אַנטדעקט פון אונטער די גאָלדענע ברילן, אַ מין ציטער אין זיינע גרויסע, קורצ־זיכטיקע אויגן, פון אַ זייער פראַנצויזישער בלאָער פאַרב, אַ מין שרעק, וואָס האָט זיך באַוויזן אין אים ווי דורך אַ ריס פון אַ טעפּיך — דער גאַנצער צער פון מענטשלעכן קיום.

— צי איך גלויב נאָך, מיין שוטה? דאָס איז אָפּהענגיק אין צייט. ווען כ׳בין געווען אַ הער, ווי איר זאָגט, האָט מיך מיינער אַ חבר, כדי מיך צו איריטירן, שטענדיק געפרעגט, צי גאָט דער אַל־מעכטיקער, קאָן באַשאַפן אַזאַ שווערן שטיין, וואָס ער אַליין זאָל אים נישט קאָנען אויפהויבן. איך גלויב אין גאָט און אויך אין שטיין.

ערני האָט זיך פאַרטראַכט און געשמייכלט:

— כ׳האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען, הער זשאָפּראָ, זענט איר נישט אין כעס אויף מיר?

ער האָט עס געזאָגט אויף אַזאַ אופן, אַז דער דאָקטאָר האָט גאָר־נישט געפונען קעגן זיין כבוד, אים דאָס אַ ביסל אויסצוטייטשן, לאַכנדיק דערביי מיט דער האַנט ביים מויל, צוליב העפלעכקייט:

— שוטה וואָס איר זענט, ריכטיק, מיר פראַנצויזן באַזיצן אויך אָפּטמאָל אַ ביסעלע חכמה, דאָס איז דאָך אייערס אַ וואָרט, נישט וואָר? אינדערהאמתן, ווייס איך נישט, צי איך בין אַ קאַטאָליק, אָדער נישט. אַז איך בין מיט אַ יאָר צוריק געוווּיר געוואָרן, אַז איך האָב אין זין אַן אַכטל יידיש בלוט, האָב איך זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו שעמען. דאָס איז געווען איבער מיינע כוחות, ס׳האָט זיך מיר אויס־געדוכט, אַז כ׳האָב געקרייציקט אונזער האַר, יעזוס־קריסטוס. איר פאַרשטייט דאָך מיך, כ׳בין נאָך דעמאָלט געווען פון דער אַנדערער זייט. און אַט בין איך געקומען אַהער, און כ׳הויב זיך אָן צו שעמען מיט דעם חלק פון מיין בלוט וואָס איז נישט יידיש. איך שעם זיך זייער. איך טראַכט וועגן די צוויי טויזנט יאָר קריסטלעכע אמונה, וואָס האָט צוגעגרייט דעם־אָ באָדן, וואָס האָט צעבונדן, אויפגעבונדן... איר פאַרשטייט, נישט אמת?

דער ריס אין זיין בליק האָט זיך נאָך מער צעעפנט:

— צוויי טויזנט יאָר פון קריסטלעכער תורה — האָט ער געזאָגט, אַ פאַרזונקענער אין טראַכטענישן, ווי צו זיך: — און דאָך, ס׳איז אַן אַבסורד, איך גלויב נאָך אַלץ אין קריסטוסן און כ׳האָב אים ליב מער ווי תמיד. אָבער דאָס איז נישט מער דער בלאָנדער קריס־טוס פון די קאַטעדראַלעס, דער באַרימטער אויסלייזער, וואָס איז געטויט געוואָרן דורך די יידן... נאָר דאָס איז...

ער האָט געוויזן מיט דער האַנט אויפן שפּיטאָל און זיך צוגעבויגן צו ערניס שטינקענדיקן בעטל:

— ס׳איז גאָר אַן אַנדערע זאַך — האָט ער געשעפּטשעט מיט אַ נייעם טאָן פון יידישן קלאַנג, אַ מין קול פון אַן אומגליקלעכן, פון אַ געפאַנגענעם.

צו דער גרויסער איבעראַשונג פון ערני, פון די קראַנקע אין שכנות און אפשר אויך פון זיך אַליין, האָט ער צוגעלייגט זיינע הענט צו די שלייפן, כדי צוצוהאַלטן די ברילן, און איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

*

דער אָקטאָבער־הימל האָט אויסגעזען ווי אַ ברייטער רוים פון פאַרבלאָטיקטן שניי, וואָס איז גרייט יעדע רגע אַראָפּצופאַלן אין גרויסן, ליידיקן הויף. שטאַרקע ווירבל־ווינטן האָבן געוואָיעט ממש מיט מענטשלעכע קולות, האָבן אויפגעהויבן אַ שוואַרצן קוילן־שטויב איבערן גאַנצן לאַגער. פאַרן בנין פון די „נאָרמאַלע״, זענען קינדער אַרומגעלאָפן מיט צעפלויגענע וואָלענע האַלדז־טיכלעך איבערן צע־מענט־באָדן, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר שפּאַציר פון די איג־טערנירטע. נעבן טויער האָבן געגלאַנצט די ס.ס.־לייט אין זייערע לעדערנע־מונדירן און שטאָלענע העלמען. זיי זענען געקומען אויפן אָרט פון די פראַנצויזישע זשאַנדאַרן, וואָס האָבן זיך נישט אויסגע־צייכנט מין קיין איבעריקער באַגייסטערונג. דאָקטאָר לוי זשאַפּראָ, דער „אַכטל־ייד״, האָט נאָך דערוויל געהאַלטן דעם אויסגעדאַרטן, אויסגעבלייכטן און ממש קאָמישן ערני אין זיין שוואַרצן קאָסטיום, אָבער זיין מצב האָט מער נישט באַרעכטיקט דאָס ווייטערדיקע פאַר־בלייבן אין שפּיטאָל, דאָס איז געווען אַ זעלטענע פּריווילעגיע. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם טעכנישן בנין, די קליינע ציגל־הייזקעס פון רויטן „קאַסטעל״־בנין, און האָבן זיך פאַראייניקט מיטן „שפּאַציר פון די נאָרמאַלע״.

ערני לוי׳ס קאָפּ איז געווען אָפּגעראַזירט, אָבער אַ ביסל האָר, אין שטח פון אַ סענטימעטער, האָט פאַרדעקט אַלע שפּורן פון זיינע פּיין. דאָס רעכטע אויער־טרייבל איז נישט געהעריק פאַרנייט געוואָרן, איז געווען אַראָפּהענגענדיק, און זיין לאַכן האָט אַנטפּלעקט עטלעכע שוואַרצע ערטער צווישן די ציין, וואָס האָבן אים צוגעגעבן דעם אויס־זען פון אַ זקן. צוקומענדיק צו איינעם פון די איינגענג פון בנין, איז

אַ פופצניערין יינגל פון דאָרט אַרויסגעלאָפן ווילד, מיט האָר צעפּאַטלטע אין ווינט, דאָס פּנים בלאָ פון פראָסט־געשווירן, און ער ווייזט אַ פּאָר באָקס־הענטשקעס, וואָס זענען צוגעבונדן מיט אַ שטריקל צום אָרעם:

ס׳איז מיר נאָך מער קאַלט אין מיינע הענטשקעס. — האָט ער זיגעריש געשריגן — ס׳איז מיר נאָך מער קאַלט!

און ער האָט געטאַנצט איבער דער לענג פון שפּאַציר־פּלאַץ, שרייענדיק מיט קולי־קולות:

— מיר איז נאָך מער קאַלט, ס׳איז מיר נאָך מער קאַלט — און ער איז נעלם געוואָרן אין אַ צווייטן איינגאַנג פון בנין.

דער אַכטל־ייד" האָט איבערגעגעבן ערנין צום שעף פון ערשטן טרעפּן־קאָרידאָר אויפן ערשטן שטאָק. אָבער בלויז דער צונאָמען „שוטה" האָט ערניס בעטל אַרומגערינגלט מיט געלעכטער. ער האָט באַקומען ברויט, זופּ, וויטאַמין־קיכלעך, דאָס אַלץ באַגלייט מיט פּיקאַנטע עצות טובות, למשל, וויאַזוי אויסצומיידן הונגער, דורשט, קראַנקהייטן, טויט, א. א וו. דער זאַל האָט זיך מיט גאָרנישט אונטער־שיידט פון שפּיטאָל, אויסער דער מנוחה, וואָס האָט דאָרטן יאָ גע־הערשט. עטלעכע האָבן גשפּילט אין קאָרטן, געלייענט, געדאַוונט אויפן קול. אַ קליינע גרופּע האָט אַרומגערינגלט אַ רונדן אויוון, וואָס האָט נאָר פאַרשפּרייט רויך. אַז מ׳האָט אין אים אַ ביסל פאַרגעסן, האָט ערני אַרויפגעצויגן אויף זיך דאָס איינציקע רעקל, און איז אַ ציטער־דיקער אַרויפגעגאַנגען מיט די שטיגן און געזוכט אין די פרויען־צימערן. העפלעך זיך פאַרנייגט און געפרעגט וועגן אַ שיין רויט מיידל, מיטן נאָמען גאָלדע, וואָס איז פאַר דריי חדשים פאַרשוווּנדן געוואָרן. נאָר איינמאָל האָט ער אָנגענומען מוט צו זאָגן, אַז דאָס מיידל הינקט אַ ביסל, אָבער „זי איז אַזוי חנוודיק און שיין, נישט אַזוי?" מ׳האָט אים געענטפערט מיט אויסמיידנדיקע תשובות: שוין אַזויפיל טראַנס־פּאָרטן זענען דאָ זייט דריי חדשים געטוישט געוואָרן און פאַרשוווּנדן... מ׳ווייסט נישט, מ׳ווייסט גאָרנישט, מ׳קאָן זיך נישט דערמאָנען... און הינטער זיינע פּלייצעס האָט מען זיך געשושקעט. פאַרן אַריינגיין אין טרעפּן־קאָרידאָר נומער 2, האָט ער זיך געקווענקלט. ער איז געווען פאַרשיכורט פון די אַלע ווייבערישע שטיבער, וואָס אין זייער גאַנצער, אומבאַשרייבלעכער אומאָרדענונג, האָט מען פון טויזנטער

סימנים געקאָנט אַראָפּלייענען, דעם ווילן אויפצוהיטן ביז צו דער לעצטער רגע אַ פּוטער־מאַנטל, אַ שמינקע־שטיפט, עפּעס אַ לעכער־לעך, קליין שיין חפץ — רעשטלעך פון ווייבלעכן מין. ווען ער איז אַריינגעקומען אין אַ נייעם זאַל, האָט זיין האַרץ געקלאַפּט נאָך איידער ער האָט קלאָר דערקענט גאָלדעס גריוועַ אויף אַ ווייט בעטל, אין טונקלקייט פון דער שורה, אַנטקעגן די פענצטערס.

זי איז געזעסן אויפן ראַנד פון בעטל, אַ מידע, דער קאָפּ פאַר־זונקען אין די הענט, זי האָט נישט געפילט זיין אָנקומען. ער האָט אַנגערירט איר רויט יאַקל, ווי זיך איבערצוציינן, אַז דאָס איז ווירק־לעכקייט, און זי האָט אויפגעהויבן איר געשוואָלן פּנים פון פליי און וואַנצן־בייסענישן, אַ ביינערדיקס, אַן אויסגעליידיקטס, פאַרגעלט פון צרות. די פּראָסט־פאַרונקלען האָבן פאַרמיאוסט אירע שיינע הענט, וואָס זי האָט צוגעלייגט צו איר מויל, כדי איינצוהאַלטן אַן אויסגעשריי. ערני האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר און זיך שטאַרק צעוויינט. ווען ער האָט זי ענדלעך גוט אַנגעקוקט, האָט ער באַמערקט, אַז אירע אויגן זענען טרוקן, און זיי באַטראַכטן אים מיט אַ מרהשחורה־דיקער גלייכגילטיקייט פון אַ לאַגער־אינטערנירטן.

— דו אויך? — האָט זי קאַלט געפרעגט.

— און דיינע עלטערן? — זאָגט ערני.

— זיי זענען שוין לאַנג אַוועקגעפאָרן קיין פּיטשיפּוי.

זי האָט בכלל קיין אַכט נישט געלייגט אויף ערניס פאַרצווייפלטן גלעטן אירע הענט, די רויטע, די בלאָע פון פראָסט.

— שוין לאַנג ביזטו דאָ? — האָט זי אים העפלעך אויסגעפרעגט, און נישט וואַרטנדיק אויף קיין תשובה, האָט זי ממשיך געווען מיטן זעלבן גלייכגילטיקן טאָן:

— איך דערקען דיך קוים, מיין אָרעם יינגל. מ׳וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז אַ מאַשין האָט דיך צעקוועטשט, ס׳זענען נאָר געבליבן דיינע אויגן. און איך, געפינסטו נאָך מיך אַזוי שיין?

— גאָלדע, גאָלדע — האָט ערני געמורמלט.

פון אַ קליינעם מרחק האָבן זיך נייגעריקע פּרויען צוזאַמענגע־קליבן. אַ קאָפּ פון אַ פרוי, אַ צעשויבערטער, האָט זיך אַראָפּגעבויגן פון אַ העכערן שטאָק. גאָלדע האָט באַדויערלעך געשאָקלט מיט קאָפּ:

— דאָס איז מער נישט גאָלדע — האָט זי געזאָגט — דאָ, איז

יעדער פּאַר זיך. דאָך בין איך צופרידן, וואָס איך זע דיך, ס'איז ממש נישט צום גלויבן.

— דו ביזט אפשר הונגעריק? — האָט ערני געפרעגט.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט שרעק אין אירע אויגן, זי האָט אים אָנגעהויבן פאַרשטיין.

ערני האָט שמייכלענדיק אַ ציפּ געטאָן אין שפּיץ פון גאָלדעס בלאָע נאָז און איז אַרויסגעגאַנגען פון זאַל, נישט אַרויסווייזנדיק איר זיין געריירטקייט. אָבער אינדרויסן, אין קאַלטן ווינט אויפן אַפּעל־פּלאַץ, האָט אים די דיזענטעריע־קרענק איינגעבויגן אין צווייען, ער האָט געהאַט בויך־קרעמפּן. דאָך האָט אַ משונהדיקע שלווהדיקייט אויף אים גערוט: ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז קיין שום זאַך, נישט די מענטשן, נישט די אומשטענדן, וואָס פירן מיט מענטשן און פאַרניכטן זיי לויט זייער קאַפּריז — קיין שום כוח וועט אים מער נישט דערווייטערן פון דער גרויסער יידישער תיבה, אין וועלכער ער האָט געפילט, זייט זיין אַריינקומען אין שפּיטאָל, דעם נישט געזעענעם שאָטן פון די „אונזעריקע". אַזוי האָט ער מיט עטלעכע מינוט פריער געקאָנט אָנרירן גאָלדעס גוף מיט זייגע פינגער, זאָל זי אפילו זיין מיאוס, פאַרביטערט און גלייכגילטיק לפי שעה. מיט רירעוודיקייט האָט ער אויפגעהויבן זיין קאָלדרע און געפונען גאַנץ דאָס שטיקל ברויט און די וויטאַמין־ביסקוויטן. מיט אַ לאַכנדיקן גרימאַס האָט ער זיך געפרעגט אַלע אין שטוב, פּשוט, צי עמיצער וואָלט אים געקאָנט געבן בתורת מתנה אַ שטיקל שאָקאָ־לאַד, אָדער עפּעס אַן אַנדערע זיסקייט צו „דערקוויקן דאָס האַרץ".

די שכנים האָבן אים אָנגעקוקט בייז, מיט כעס:

— איר האָט געהאַט רעכט — האָט אַ קאָרטנשפּילער געזאָגט אין יידיש — ער איז באמת לעכערלעך און אומדערטרעגלעך.

— אָבער דאָס איז דאָך נישט פאַר מיר — האָט ערני פּראָטעס־טירט מיט טרערן אין אויגן — איך שווער אייך, אַז דאָס איז פאַר עמיצן.

דאָס געלעכטער האָט זיך פאַנאַנדערגעקאָלערט. אין איין אויגנ־בליק האָט זיך די נייע משונהדיקייט פון „שוטה" צעשפּרייט ביזן סוף פון זאַל. אָבער פון אַ שכנותדיקן בעט האָט אַ מענטש מיט גראָע שלייפן אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו אַ געהיימער עפּענונג פון זיין

שטרויזאַק און פון דאָרט אַרויסגעצויגן אַ ברילן־שיידל, ווו ס'איז געווען באַהאַלטן צוויי שטיקלעך צוקער און עטלעכע זיס־זויערע צוקערלעך. גענומען דאָס אַלץ אין זיין האַנט, נאָכגעדענקט אַ ווײַלע און צוריקגעלייגט איין צוקערל אין דעם שיידל. דערנאָך זיך דער־נענטערט צו ערני און מיט ציטערנדיקע הענט, שמייכלענדיק אים דערלאַנגט זיין קליין פאַרמעגן.

— ברודער מיינער — האָט ער געשעפּטשעט מיט באַדויערן — מיין קליין ברודערל, דו האָסט רעכט, ס'איז זייער וויכטיק צו געבן אַ מתנה... — געוואַקלט זיך און צוגעגעבן, אונטערשמייכלענדיק:

— ווען מען האָט גאָרנישט...

✶

ערני האָט באַלד דערפילט, אַז אין זיין אָפּוועזנהייט אין פאַר־געקומען אַן ענדערונג לגבי אים. אַ גרופּע פרויען האָט אים אָפּגע־וואַרט אין טרעפּן־קאָרידאָר און אַלע האָבן אים אָנגעקוקט מיט היימישן, טיפן מיטגעפיל. אַ קליינע דיקע פרוי מיט אַ קופּקע אויפן קאָפּ, האָט אַרויסגעצויגן אירע הענט פון דער קאָלדרע, וואָס האָט איר געדינט אַלס מאַנטל און אים אַפּלאָדירט: בראַוואָ! די אַנדערע האָבן צוגעשמייכלט אין הסכמה. אַז ערני איז אַריינגעקומען אין פרויען־זאַל, איז ער איבעראַשט געוואָרן צו זען אַ גאַנצע פרויען־חברותא, אַ צעפלוידערטע, אַרום גאָלדען, וואָס איז געווען אויס־געפּוצט, און אַ יונגע לאַגערניצע לייגט איר אַרויף אַ רויטן שמונקע־פלעק אויף אירע ליפּן. ווען ער האָט זיך דערנענטערט, איז זיך די ווייבער־חברותא צעפלויגן, און די אויף די שכנותדיקע בעטלעך, האָבן זיך אויך דערווייטערט, איבערלאָזנדיק די צעטומלטע גאָלדע אַ געשמינקטע און פאַרקעמטע אינמיטן דער סטעזשקע, וואָס האָט פאַנאַנדערגעטיילט די שטייגן פון ווייסן האָלץ. אַז זי האָט דערזען דאָס שטיקל שוואַרצע ברויט מיט די זיסקייטן אין זיינע הענט, האָבן אויפגעלויכטן אירע אויגן, וואָס האָבן געטריבט אין אַ מין גלאַנץ, זיי זענען ווידער געוואָרן שיין. זי האָט צוגעצויגן ערנין מיט אַ פינגער און אים אַוועקגעזעצט. ער האָט באַנעצט זיין טיכל מיט שפּייעכץ און איר אָפּגעווישט די שמינקע פון די ליפּן. זי האָט נישט אויפגעהערט טרויעריק איבערצוחזרן:

— דאָס האָבן זיי מיך געוואָלט שיין מאַכן, זיי, זיי...

פלוצים, זי האָט נישט צוריקגעהאַלטן איר סאַמעט־ווייך געלעכ־טערל, צולייגנדיק ערניס האַנט צו איר פּנים, האָט זי געזאָגט:

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס רופט מען דיך „שוטה", ביזט געקומען אין לאַגער צוליב מיר?

— ניין, גלויב מיר — האָט ערני געזאָגט מיט אַ שטיל קול.

אונטערן פּודער און מיאוסן שמירעכץ זענען נאָך גאָלדעס אויגן געווען אויפגעהייטערטע און רייצנדיקע, ווי דעמאָלט אונטערן בלע־טער־שאָטן, אין גאָרטן מאָטאַן־דיוּוערנע.

— צי זענען — האָט זי געזיפצט — נאָך פאַראַן אַנדערע הימלען, אַן אַנדערע ערד און מחשבות אַנדערע, ווי די וואָס אין דראַנסי?

*

אין דער העלפט פון חודש אָקטאָבער, האָבן די „פעלדגראַו"־אויטאָבוסן אַראָפּגעלאָזט אין צענטער פון פאַרשנייטן אַפּעל־פּלאַץ, פופצן הונדערט יתומים אין עלטער פון פיר ביז צוועלף יאָר, וועלכע מ'האָט „אַריבערגעוואָרפן" פון זאַמל־לאַגער פּיטיוויער. מ'האָט זיי געדיכט צוזאַמענגעדרענגט ווי קליינע חיות, אין די ספּעציעלע שלאָף־זאַלן, אַדורכגעטיילטע מיט ברעטער־מחיצות, אין טעכנישן בנין. און דאָרט האָט זיי האַרצרייסנדיק געיאָמערט, געפאָדערט זייערע עלטערן. האָט מען זיי צביעותדיק פאַרשפּראָכן, אַז זיי וועלן זיך באַלד מיט זיי טרעפן אין פּיטשיפּוי, וואָס איז געוואָרן — לויט אַלע סימנים — דאָס נאָענטסטע, אויב נישט דאָס לעצטע אָרט פון זייער לעצטן גלגול אויף דער וועלט.

די גאָר קליינע קינדער האָבן לרוב נישט געוווּסט זייערע נעמען, פלעגן זיי פרעגן זייערע חברים, וואָס האָבן איבערגעגעבן געוויסע ידיעות. ביים באַשטימען זייערע נעמען און פאַמיליע־נעמען, האָט מען זיי פאַרשריבן אויף רונדיקע האַלץ־שילדלעך און צוגעבונדן זיי צום האַלדז פון יעדן קינד. נישט זעלטן האָט מען געקאָנט זען ווי אַ קליין יינגעלע טראָגט אויף זיך דעם נאָמען אסתר, אָדער שרה. די תמימותדיקע קינדערלעך האָבן זיך געשפּילט מיט די רונדיקע נעמען־שילדלעך און זיי צווישן זיך פאַרביטן.

פינף הונדערט דערוואַקסענע זענען געוואָרן צוגעטיילט צו זייער

טראַנספּאָרט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף איבערמאָרגן, פֿאַר־טאָג. ווען ערני האָט זיך דערוווּסט, אַז גאָלדע געפֿינט זיך אין דער רשימה, איז ער אַוועק אין סעקרעטאַריאַט און דאָרט געטראָפֿן אַ צענדליק פֿרויען מיט די זעלבע בקשות. אַ טייל האָבן, אין בשותפֿות־דיקן גורל, געוואָלט מיטגיין מיט זייערע מענער, אַנדערע פֿון רחמנות צו די קינדער. דער אויפֿזעער פֿון דער רשימה, איז געזעסן אין אַן ענג שטיקל ביוראָ אין פֿאַרטער־קאָרידאָר, וואָס האָט אויס־געזען ווי אַ מין מיסטקאַסטן פֿון צעטלעך און קוויטלעך. באַלויכטן נאָר מיט אַ קליין רויט לעמפּל, וואָס האָט געפֿלעמלט ווי אַן אויג אַ פֿאַרבלוטיקטס, איבער דער קאָמישער מאַריאָנעטקע אין ברילן און ביוראָ־אַרבל פֿון אַ שטאָטישן באַאַמטן. אַ קאָפּ מיט אַ ראָזלעכן פֿליך און קליינע אויגן פֿון בלאָען פֿאָרצעלאַן, וואָס האָבן יעדן אָנגעקוקט מיט דער פֿאַרגליווערטער העפֿלעכקייט פֿון אַ בילד פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט. דער געלער שטערן איז ווי בייזוויליק צעגעטשעפּעט געוואָרן צו זיין פּעדאַנטיש געפּרעסטער בלוזע.

— זענט איר משוגע געוואָרן? — האָט געפּליסטערט דאָס פֿראַנצויזישע לשון, ווען ערני האָט אים איבערגעגעבן זיין משונה־דיקע בקשה.

— יאָ, יאָ — האָט ערני באַשטעטיקט און זיך נאַריש צעלאַכט — איך בין אינגאַנצן משוגע, איר האָט געטראָפֿן.

— אויסער — האָט געזאָגט דער באַאַמטער תוך כּדי קראַצן מיט דער פּעדער — אַז איר גלייבט נישט אין יידישן מלכות.

כדי צו בלייבן אין זיין ראָל, האָט ערני דריי מאָל אַפּלאָדירט מיט זיינע הענט און צעטומלט דעם רשימות־שרייבער מיט אַ שפּרונג אינדערלופֿטן (אַלס צוגאָב צו ערניס לאַכן אָן ציין און זיין נישט־דאָיקער געשטאַלט אין שוואַרצן בגד, וואָס האָבן אים צוגעגעבן דעם אויסזען פֿון אַ משוגענעם) און טייוולאָנישן געלעכטער:

— הער בלום, אומעטום ווו ס'זענען דאָ יידן, דאָרט איז מיין מלכות.

דאָס קליינע מענטשל האָט געצויגן מיט די אַקסלען, ער איז געוועזן איבערצייגט, אַז ערני האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון מלכות־ישראל. ער האָט געזויגן זיין פּעדער און געפֿונען אין די רשימות אַן ענלעכן פֿאַמיליע־נאָמען פֿון משוגענעם בחור, דאַן אויסגעמעקט דאָס וואָרט

הערמאַן און פונאויבן צוגעשריבן מיט שיינעם קאַליגראַפישן כתב:
ע ר נ י.

נאָכן מיטאָג איז פאָרגעקומען דאָס איבערנישטערן די פעקלעך. די פראַנצויזישע פּאָליציי־אינספּעקטאָרן פאַר יידישע ענינים האָבן ווי געוויינלעך, געטאָן זייער אַרבעט אין אַ באַראַק, נעבן דעם בנין פון די ס.ס.־לייט.ביים אַרויסגאַנג־טויער האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ טיש, ווו „פּריווויליקע" האָבן ביז אָוונט ווי־עס־איז צונויפגעבונדן די פעקלעך פון די קינדער. דער גורל פון די קליינע בראָשלעך, אויערינגלעך און די בראַסלעטן פון די מיידלעך האָבן געהאַט דעמזעלבן גורל, ווי דאָס צירונג פון די דערוואַקסענע. אַ מיידעלע פון אַ יאָר צען איז אַרויסגעקומען פון באַראַק מיט אַ פאַרבלוטיקט אויער: דער אכזריותדיקער נישטערער האָט מיט געוואַלט אַראָפּ־געריסן ביי איר דאָס איערינגל, וואָס זי האָט אין שרעק, נישט באַוויזן עס שנעל אַראָפּצונעמען. ערני האָט באַמערקט אַ יינגעלע פון זעקס יאָר מיט צעשויבערטע לאָקן, אָנגעטאָן אין אַ קליין, שיין וועסטל, צעריסן ביי די אַקסלען, אַליין שמוציק, דער לינקער פוס אין אַ גוטן שוך, דער רעכטער אַ באָרוועסער, די הענט נאַקעטע.

נאָך דער אונטערזוכונג, זענען צוויי טויזנט יונגע נשמות צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין טעכנישן בנין, איזאָלירטע פון רעשט לאַגער. אין די הילצערנע ווענט פון די „ספּעציעלע שלאָפצימערן" האָט זיך נישט געפונען אפילו קיין שטרוי. די קינדער, וואָס זענען שטאַרק מבולבל געוואָרן פון דער נישטעריי, האָבן זיך נישט געקאָנט באַהערשן, ס'איז אַנטשטאַנען אַן אומבאַשרייבלעכע מהומה. בעת עס האָבן זיך געבילדעט גרופּעס פון דערוואַקסענע, האָט ערני, אין באַגלייטונג פון אַ דאָקטערשע, עטלעכע קראַנקענשוועסטערס און אויפזעערינס, אָנטיילגענומען ביי דער פאַרטיילונג פון די קינדער צווישן די דערוואַקסענע. ביזן אָוונט האָבן עטלעכע מענטשן מיט בלייפעדערס און פילפעדערס, וואָס זיי האָבן „אָפּגעראַטעוועט" בעת דער נישטעריי, געשריבן אָפּשידס־קאַרטלעך. זקנים און ווייבער, וואָס האָבן נישט גקאָנט שרייבן, האָבן זיך געשטופּט אַרום ערני, ער איז מיד געוואָרן פון איבערחזרן דעם אכזריותדיקן און באַנאַלן נוסח:

— מיר פאָרן מאָרגן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

גאָלדע און ערני זענען געשלאָפן פאַנאַנדערגעטיילטע צווישן צוויי קינדער. אין דער פינצטער האָט ער אויסגעשטרעקט זיין אָרעם צו דער וואַנט און זיך אָנגעטראָפן אויף גאָלדעס האַנט, וואָס האָט געוואַרט אויף זיין אָרעם. פון צייט־צו־צייט האָט אַ געשריי אַרויסגערופן אַ שטורמישע בהלה, און אַ וואַלד פון קליינע הענטלעך האָט זיך אויפגעהויבן אין דער טונקלקייט, צו איין גרויס געשריי. ס׳האָט געפעלט די מענער־שטימע וואָס זאָל איינשטילן דעם טומל. אויך די פרויען זענען מבולבל געוואָרן און זיך צעהוליעט אין טויט־שרעק. בלית ברירה האָט יעדע פרוי גענומען אַ קינד אין אירע אָרעמס, כדי אַ ביסל צו באַרויקן דעם פחד־שטורעם, וואָס האָט אויפגעריסן זייערע גערגעלעך.

אין אַ שכנותדיקער שטוב האָט זיך געטומלט אין דער נאַכט. אַ טעמפּקייט, ליידן פון קעלט און הונגער, מאָנסטער־אימה פאַר דעם פאַרשטייענדיקן קלאָרן גורל, וואָס האָט געלויערט איבער זייערע קעפּ. דאָס אַלץ האָט די אָרעמע קינדער צוזאַמען מיט אַלע לאַגער־געפאַנגענע אַריינגעטריבן אין יאָמערלעכע וואַקכאַנאַליע־וויכוחים, וואָס האָט פאַרוואַנדלט די נאַכט אין אַ וויסט גהינום.

פאַרטאָג זענען די קינדערלעך אזוי טיף איינגעשלאָפן, אַז ס׳איז נויטיק געווען דאָס אַריינמישן זיך פון די ס.ס.־לייט און „טויטנקעפּ״ כדי זיי צו וועקן און אַרויסשלעפּן פון די צימערן. אָבער אין הויף האָבן זיי אַלע געשוויגן ווי פאַרכישופטע. זיי האָבן זיך געשיקט צובאַהאָפטן צו די הענט אין אָרעמס פון די דערוואַקסענע און ווי־עס־איז געענטפערט ביים אויסרופן זייערע נעמען. דער וואָס האָט נישט געוווּסט האָבן אים די דערוואַקסענע אונטערגעזאָגט, איבערלייענעדיק זייערע נעמען אויף די האַלץ־שילדלעך, אין בלענדנדיקן שיין פון די פּראָזשעקטאָרן, אויף די וואַך־טורעמס.

דערנאָך האָט מען אָפּגעשניטן די געלע מגן־דוד־שטערנס און זיי אויסגעלייגט אינמיטן הויף, וואָס איז געוואָרן געל ווי אַ מדבר־סטעפּ, אַ פאַרוואָרפענער מיט גאָלדענע קנאָספּן.

ס׳האָט זיך אויפגעריסן דאָס ברייטע טויער און די ערשטע אויטאָבוסן מיט נייע מענטשן־טראַנספּאָרטן זענען אַריינגעפאָרן אין הויף. אין ערשטן מאָמענט האָבן זיך די דייטשן געוואָרפן אויף אַ לאַגער־געפאַנגענעם, וואָס האָט געטראָגן אַ שטייפן מעלאָן אויפן

קאָפּ און געהאַט אַן עלעגאַנט טעשל אין זיין רעקל. זיי האָבן אים געוואַלגערט אין שניי, געטרעטן מיט די פיס, געשלאָגן מיט דער ביקס־קאָלבע, ביז אַן ס.ס.־מאַן האָט אים מיט דער פויסט צעקוועטשט דעם שטייפן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, און דערמיט צונישט געמאַכט זיין לעצט ביסל מענטשלעכע ווירדע. עטלעכע קינדער האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט. ערני האָט געפילט, אַז ער איז אַריבערגעטרעטן דעם לעצטן גיהנום־אָפּטייל פון דער משפחה לוי. מיט אַ שעה שפּעטער, אויפן וואָקזאַל פון דראַנסי, ווען ס׳האָבן זיך פאַרמאַכט די מעטאַל־טירן פון די לאַסט־וואַגאָנען, ווו די יידן זענען מאַסנווייז אַריינגעקוועטשט געוואָרן, האָט ערני זיך נישט געקאָנט באַהערשן און האָט אויסגעשריגן זיין פּחד אין געהייל פון אַ פאַרוווּנדעטער חיה:

— ראַטעוועט! ראַטעוועט! ראַטעוועט!

ווי ער וואָלט צום לעצטן מאָל געוואָלט אויפרודערן די ברייטקייטן פון חלל, ווו אַ מענטשלעך קול שלאָגט זיך אָן אין עכאָ.

## 2

זיין קאָפּ אויף גאָלדעס קני, ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פאַרגליווערונג און געטראַכט, אַז די מענטשלעכע נשמה איז אויס־געוועבט פון גאָרנישט, כדי זי אויפצוהיטן פון צוזאַמענברוך דורך די אַלע נסיונות, וואָס גאָט האָט באַשטימט פאַרן בשר ודם.

— דו וויינסט אין שלאָף — האָט ער געהערט גאָלדעס שטים פון ווייט — האָסט נישט אויפגעהערט צו פאַרגיסן טרערן. קאָנסטו נישט חלומען?

זי האָט פאַרענדיקט מיט אַ וויינענדיק קול פון פאָרוואורף, בעת ערני האָט ווידער אַנטדעקט די טונקלקייט, די פאַנטאַסטישע, דאָס געקלאַפּערײַ פון די רעדער און אַקסן פון לאַסט־וואַגאָן, וואָס איז צוגעקייטלט געוואָרן צום לאָקאָמאָטיוו, דעם פייפנדיקן מיט אַלע נאָזלעכער פון אַ פאַרמבולדיקע חיה, וואָס שלעפּט אַריין אין איר הייל הונדערטער גופים, אַנגעוואָרפענע אויף דער טרייסלענדיקער פאַדלאָגע, פאַרפלאָנטערטע אברים און זיך שטויסנדיקע שאַרבנס

איינער אין צווייטן. און צווישן זיי, קינדער קראַנקע, צוגעגרייטע פאַרן טויט.

— וואַרט, לאָמיך דיר אויסווישן דיינע אויגן, זיי זענען אַזוי רויט.

גאָלדע האָט צוגענענט ערניס קאָפּ צו איר שויס, האָט אַריינגע־הויכט אירן שווערן אָטעם אין דעם פאַרפרוירענעם טיכל און אים אויסגעווישט די אַנטצינדענע אויגנלעפּלעך. זי האָט פּלוצים דערפילט זיין דאָזיין, און אַן אויפגעוואַכטע, אויך דערזען די קינדער וואָס זענען געשטאַנען אין אַ קרייז אַרום זיי. זייער צאָל אין געוועזן פּופצן, פון פאַרשידענעם עלטער. די גופימלעך אַרומגענומען, צונויפגעפרעסטע איינס צום אַנדערן אין פאַרשידענע פּאָזיציעס, און אינדערמיט פון זייערע פּנימלעך די אויסטערלישע, די אויסגעקרומטע פון דיזנטעריע, זענען זייערע אויגן אויס מער שוואַרץ אין דער טונקלקייט, און זיי גלאָצן אויף ערני, ווי אין חיהשער דערוואַרטונג. ס׳האָבן אייניקע פון זיי געעפנט זייער מויל, אפשר צוליב די אָפּגעשוואַכטע קינביינדלעך. און פון זייערע פאַרווונדעטע ליפּן האָט זיך אַרויס־געריסן אַ דינע פּאַרע, אַ גראָע ווי רויך.

— זיי הערן זיך צו, אַז דו רעדסט צו זיי — האָט גאָלדע געזאָגט.

פון קינדישער תרעומת, וואָס איז זי באַפאַלן זייט פיר און צוואַנציק שעה, זייט דער רוב פון די איינגעשלאָסענע אינעם דאָזיקן גיהנום־אַפּטייל, האָבן אויפגעהערט צו זיין מענטשלעכע באַשע־פענישן — האָט זי ברוגזדיק אַ זאָג געטאָן:

— איך קאָן דיר מער נישט האָבן ביי זיך.

און ווי זי האָט דאָס נאָר געזאָגט, האָבן קינדער־שאָטנס זיך דערנענטערט אויף די קני, אָדער צוגעשלעפּט זיך אויף זייערע עלנבויגנס אויפן שוואַרצן שטרוי פון קויל־שטויב, דאָס פאַר־שמירטע מיט צואה.

— ווי שפּעט איז איצט? — האָט ערני געפרעגט.

— ס׳איז דער דריטער מאָרגן — האָט גאָלדע קוים געענטפערט.

— ס׳האָט נישט גערעגנט די גאַנצע צייט?

— ניין, אָבער פון טוי איז געוואָרן אייז.

און מיט אירע פאַרשטאַרטע פינגער האָט זי אָפּגעקרישלט אַן אייז־ליכטל, וואָס איז ביינאַכט אַנטשטאַנען צווישן די שפּאַלטן פון וואַגאָן, און עס געלייגט אויף ערניס ליפּן, אַנטקעגן די קנאַהדיקע

בליקן פון די קינדער. און ער, אינגאַנצן אַ באַוווסטלאָזער, האָט געזויגן דאָס אייז מיט צער און מיט הנאה, בעת זיין גומען בריט פון קעלט און זיין גאָרגל קוויקט זיך אין גליק פון געשטילטן דורשט.

— בין איך מער גאָרנישט פאַר דיר? — האָט גאָלדע געפרעגט.

ערני האָט פאַרשטאַנען, אַז זי וויל ער זאָל זי טרייסטן אין די אויגן פון די קינדער. האָט ער צוגערוקט צו זיך דאָס בינטל קאָלדרעס, אין וועלכע גאָלדע איז געווען פאַרוויקלט, אָפּגעדעקט אַ ביסל די אויסגעבאָרגטע, ביי די טויטע, וואָלענע טיכלעך, וואָס האָבן צוגעדעקט איר קאָפּ — און זי געקושט אין די בלאָ־פאַרגליווערטע באַקן, אַזוי איז ער פאַרבליבן צובאהאָפּטן צו גאָלדען, באַק צו באַק.

— דו ביזט פאַר מיר אַלץ — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ שוואַך קול, ווי אין שטילער תפילה — דו ביזט פאַר מיר מער פון דעם ברויט, פון דעם וואַסער און פון זאַלץ,דו ביזט פאַר מיר מער פונעם פייער, דו ביזט פאַר מיר מער פון לעבן אַליין. ער האָט אַזוי ממשיך געווען, נישט טראַכטנדיק וועגן זין פון די ווערטער, און האָט זיך נאָר באַמיט צו געפונען דעם וואָגיקן און טרייסטנדיקן ריטם פון תנכישע פסוקים. און גאָלדע האָט אין חשכות פון אירע פיין אַראָפּגעלייגט איר שטערן אויף ערניס אַקסל און איז פאַרזונקען אין דער פאַרגעסנהייט פון אירע טרערן. ערני האָט זיך איינגעקוקט אין די קינדער, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד:

— דאָס אַלץ קומט פון דעם וואָס דו גלויבסט אין דעם וואַגאָן און אין פאַראיבערגייענדיקע זאַכן, בעת פאַקטיש עקזיסטירן זיי נישט. נישט אַזוי, קינדער? דאָס אַלץ קומט פון דעם, וואָס דו גלויבסט דיינע אויגן, דיינע אויערן און דיינע הענט.

ביי די ווערטער האָבן די קינדער פון דער ערשטער שורה אַראָפּגעלאָזט זייערע קינביינדלעך. אַ טייל האָט אָנגעהויבן צו שאָק־לען מיטן קאָפּ, אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי כדי בעסער תופס צו זיין דעם חלום וואָס פליסט אַרויס פון ערניס מויל. אַנדערע האָבן נייגעריק זיך צוגעקוקט, מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז, צו די ליפּן וואָס האָבן שוין געלאָזט די סלינע.

— דו רעדסט נישט פאַר מיר —האָט גאָלדע געוויינט — דו רעדסט פאַר די קינדער.

די קינדערלעך פֿון דער ערשטער שורה האָבן זיך אָפּגערוקט מיט צעשראָקענער נאַכלעסיקייט און האָבן ווידער צוגעטאָן זייערע עלנבויגנס צו די קניען. נישט אַרויסרעדנדיק אַ וואָרט. דער גאַנצער כּוח פֿון זייערע בליקן איז געבליבן צוגעשמידט צו ערניס ליפּן, ער האָט ווידער געשטוינט איבער דעם מעכטיקן ווידערשטאַנדס־כּוח פֿון זיין נשמה.

— מיין גאָט — האָט ער געטראַכט — האָסט מיר געגעבן אַ נשמה פֿון אַ קאַץ, וואָס מען דאַרף זי דריי מאָל הרגענען, ביז זי שטאַרבט.

ער האָט געגלעט גאָלדעס באַק, וואָס איז אַלץ נאָך געווען אָנגעלענט אויף זיין אַקסל, האָט שווער געעפֿנט זיינע ליפּן מיט אַ מין שוואַרצלעכן שמייכל, היימיש צוגעווונקען צו די קינדער פֿון דער ערשטער שורה און געשפּטשעט אין יידיש:

— דערווייטערט אייך נישט, קינדערלעך, לייגט נישט קיין אַכט אויף איר, זעצט אייך נאָענטער צו מיר, כ׳וועל אייך זאָגן וויאַזוי ס׳איז באַשאַפֿן געוואָרן אונזער יידיש מלכות.

אַ ייִנגעלע פֿון דער ערשטער ריי, האָט האַלב געעפֿנט אַ געשוואָלן אויג און געשעפּטשעט אַן קלאַנג, ווי זיין צונג וואָלט נישט אָנגערירט זיין פֿאַרטרוקנטן גומען:

— דאָס איז נישט פֿאַר אונז, הער, דאָס איז פֿאַרן אַנדערן וואָס גייט שטאַרבן, ער בעט אייך.

— פֿאַרוואָס האָט מען מיך נישט אויפֿגעוועקט? — האָט ערני געפֿרעגט.

— איך האָב געמיינט — האָט גאָלדע געזאָגט און זיך פֿאַר־שעמט — ווייל דאָס איז דאָך דאָס ערשטע מאָל...

ערני האָט זיך פֿון איר אָפּגערוקט, און אין שווערן ווייטיק אין אַלע זיינע צעבראָכענע אברים, האָט ער זיך צוגעשאַרט צווישן די גופֿים פֿון די קינדער, וואָס האָבן אים פֿריי געמאַכט דעם פּלאַץ, אָדער ער האָט איבער זיי אַריבערגעשפּאַנט, כּדי זיי זאָלן בלייבן אויף די ערטער. דאָס קינד, צו וועלכן ער איז גערופֿן געוואָרן, איז געלעגן אויסגעצויגן צוויי מעטער ווייט פֿון דער טויטן־מחיצה, און די אַלטע דאָקטאָרשע איז געזעסן נעבן אים.

איר פֿאַרשטייפֿט פּנים ווי אַ מאַסקע, אונטערן ווייסן אוניפֿאָרם־

מיצל מיטן רויטן צלם. זי, די איינציקע וואָס האָט עס עקשנותדיק ווייטער געטראָגן, טראָצדעם וואָס זייט דער לעצטער נאַכט איז איר גאַנצע אויפגאַבע געווען,איינצורייבן די פאַרגליווערטע גופים פון די דיזענטעריע־קראַנקע און צו זען ווי זיי שטאַרבן. זי האָט געקוקט אויף אַ נישט געזעענעם פּונקט אין חלל פון פלאַמבירטן וואַגאָן, און איז געבליבן אומבאַוועגלעך, ווען ערני איז צוגעקומען.

— ער איז געשטאָרבן — האָט זי פּשוט געזאָגט.

דאָס פּנים פון דער אַלטער פרוי איז געווען אַן אויסגעטרוקענ־טער ביין, אַ בלאָער פון קעלט, און אירע נאָזלעכער זענען געווען פאַרשאַרפט ווי ביים טויטן קינד.ערני האָט געפילט די בליקן פון אַלע קינדער אויף זיך, ער האָט מודיע געווען אויפן קול, אַז קיינער זאָל נישט האָבן קיין אילוזיע:

— ער איז איינגעשלאָפן.

דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן דעם טויטן גוף פון יינגל און אים צאַרט אַוועקגעלייגט אויפן וואַקסנדיקן הויפן פון מענער, פרויען און קינדער, וואָס דאָס טרייסלען פון דער באַן האָט זי באַגלייט אין זייער לעצטן שלאָף.

— דאָס איז מיין ברודער — האָט געזאָגט אַ קליין מיידעלע מיט אַ מין קווענקעלניש און פאַרווירטקייט, ווי זי וואָלט נישט געוווסט וויאַזוי זי האָט זיך אייגנטלעך צו פירן כלפּי ערני. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר און זי צוגעצויגן צו זיינע קני.

— אויך ער וועט זיך אינגיכן אויפוועקן, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע, ווען מיר וועלן אָנקומען אין מלכות ישראל. דאָרט וועלן די קינדער ווידער געפונען זייערע עלטערן און אַלע וועלן זיך פרייען, ווייל אין דעם לאַנד וווּהין מיר פאָרן, דאָרט איז אונזער מלוכה, איר זאָלט עס וויסן.

— דאָרט גייט די זון קיינמאָל נישט אונטער און דאָרט וועט איר קאָנען עסן אַלץ, וואָס איר וועט נאָר גלוסטן; דאָרט וועט אַן אייביקער בלומענקראַנץ אַרומנעמען אייערע קעפּ. פרייד און גליקזעליקייט וועלן זיך צו אייך דערנענטערן, און צער און טרויער וועלן אַנטלויפן.

— דאָרטן — האָט אַ קינד איבערגעחזרט זיינע ווערטער אין ריטם, ווי ס׳וואָלט שוין דאָס אַ מאָל געזאָגט, געטראַכט אָדער גע־

הערט, — דאָרטן וועלן מיר זיך קאָנען וואַרעמען בייטאָג און ביינאַכט.

— יאָ — האָט ערני באַשטעטיקט — אַזוי וועט עס טאַקע זיין.

— דאָרטן — האָט זיך דערהערט אַ צווייט קול אין דער פינצ־טערניש — וועט מען נישט זען קיין דייטשן, קיין וואַגאָנען און קיין שום זאַך וואָס טוט אונז וויי.

ערני האָט די גאַנצע צייט געוויגט דאָס מיידעלע אויף זיינע קני, אַרום אים האָבן די קעפּלעך פון זיינע יונגע צוהערערס זיך געהוידעט אויף זייערע אַקסלען. ערני האָט דערפילט פונדערווייטנס, ווי דערוואַקסענע מענער און פרויען הייבן זיך אָן צוצוהערן און פון זייערע אויגן האָט אַרויסגעפינקלט אַ שימער פון טרוים וואָס האָט אויפגעמונטערט די קינדערלעך. פּלוצים האָט דאָס מיידעלע אויף זיינע קני אָנגעהויבן וויינען אָן טרערן און זי האָט איינ־געדרימלט.

— און מיך, מיין הער — האָט געשעפּטשעט אַן אָפּשטאַרבנדיק שטימעלע — מיך ווילט איר נישט איינשלעפערן? — איך האָב פון סאַמע אָנהויב נישט געשלאָפן.

געווען איז דאָס אַ קול פון אַ צוועלף־יעריק יינגל וואָס זיין טובערקולאָז־פּנים איז געווען פאַרלאָשן אין אַזאַ מדרגה, אַז נאָר על־פּי־נס זענען נאָך זיינע אויגן געווען אָפן.

— און פאַרוואָס שלאָפסטו נישט?

— כ׳האָב מורא.

— דו ביזט דאָך אָבער אַ ביסעלע צו גרויס, כדי דיך איינצו־וויגן — האָט ערני נישט ווילנדיק געלאַכט — כ׳ווייס נישט וויאַזוי דאָס צו מאַכן.

— דאָך — האָט דאָס יינגל געבעטן — איך בין טאַקע גרויס, כ׳וואָלט אָבער אַזוי געוואָלט אַ ביסל שלאָפן.

ערני האָט געלייגט דאָס מיידעלע אונטער די קאָלדרעס, און ביי דער מיטהילף פון אַנדערע קינדער אַוועקגעלייגט דאָס יינגל אויף זיינע קני, אָבער ער אַליין איז געווען אַזוי אויסגעשפּט, אַז אים איז שווער געווען צו באַוועגן דעם יינגלס קערפּער. און מיט דער הילף פון עטלעכע פרויען, האָט גאָלדע, ווי־עס־איז, אָנגעהויבן איינצורייבן די פאַרשטאַרטע אברים פון דעם מסוכנעם יינגל.

— אַז מיר וועלן אָנקומען אין אונזער מלכות־ישׂראל — האָט ערני געמורמלט איבערן יינגל, וועמענס אויגן האָבן זיך פֿאַרצויגן מיט אַ געל, פֿאַרחלומט און שלווהדיק הייטל. באַלד איז דערשינען דאָס פֿאַרצערטע פּנים פֿון דער דאָקטאָרשע, זי האָט געצאָרנט:

— וואָס טוט איר? — האָט זי אַריינגעמורמלט אין ערניס אויער אַריין.

ערני האָט זיך איינגעקוקט און געזען, אַז ער וויגט אַ טויטן גוף. די דאָקטאָרשע האָט אָנגעכאַפּט ערניס אַקסל און איינגעגראָבן אירע נעגל אין זיין לייב.

— וויאַזוי קאָנט איר זיי זאָגן, אַז דאָס אַלץ איז אַ חלום? — האָט זי געסאָפּעט מיט שׂנאה.

וויגנדיק מעכאַניש דאָס טויטע יינגל האָט ערני זיך באַגאָסן מיט טרערן.

— מאַדאַם — האָט ער לסוף געזאָגט — דאָ איז נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַרן אמת.

אָפּנייגנדיק אַ ביסל דעם קאָפּ האָט ער באַמערקט, אַז ביי דער אַלטער פֿרוי בייט זיך דער אויסדרוק פֿון איר פּנים פֿון רגע צו רגע.

— אויף וואָס, בכן, איז דאָ יאָ פֿאַראַן אַן אָרט? — האָט זי געפֿרעגט.

זי האָט געפּאָרשט יעדן קלענסטן פּרט פֿון ערניס פּנים און מילד געשעפּטשעט:

— גלויבט איר אַליין נישט אין דעם אַלעם וואָס איר זאָגט?

און זי האָט זיך צעוויינט מיט אַ מין ביטערן צער און מוראדיקן שמייכל פֿון שגעון.

## 3

די שעהן וואָס ערני האָט נאָך איבערגעלעבט אין פֿלאָמבירטן וואַגאָן, זענען אופֿאַרגעסלעכע פֿאַר אַ סך מענטשן פֿון אונזער צייט. די פּערטע נאַכט האָט אַראָפּגענידערט איבער דעם תוהו־ובוהו פֿון די צונויפֿגעקנוילטע גופֿים. אַ פּוילישע נאַכט האָט זיך צעלייגט מיט

איר גאַנצער וואָג פון פינצטערניש און קעלט אויף די דערשלאָגענע נפשות, ווי אַ פאַנטאַסטישע אור־חיה. אַ טייל דערוואַקסענע מענטשן האָבן זיך נאָך געראַנגלט מיט איר, אַרייַנבלאָזנדיק אין זייערע הענט, רייבנדיק אַ פאַרפרוירן אבר. אָבער קיין שום געוויין, קיין שום פּראָטעסט, קיין שום ווייגעשריי האָט זיך מער נישט געהערט פון די האַלבאָפענע מיילער פון די קינדער. קיין שום צערטלעכקייט איז נישט מסוגל געווען זיי צו מאַכן רעדן. זיי האָבן געקוקט אויף אייך מיט אַ לאַנגן און אויסדרוקלאָזן בליק. און טיילמאָל האָבן, די צוגעטוליעטע צו די קערפּערס פון די דערוואַקסענע, געקראַצט מיט זייערע נעגל ווי קליינע חיהלעך, נישט כדי צו דערמאָנען די וועלט, אַז זיי עקזיסטירן נאָך, נאָר פון קאָנוווּלסיע פון זייערע נאָך וואַרעמע געדערעם, פון אָפּגעשוואַכטן פּולס וואָס האָט נאָך אַרייַנגעשטראָמט אַ ביסל בלוט אין זייערע אָדערן, פון דעם ביסל לעבן וואָס איז נאָך אַרייַנגעדרונגען אין זייערע גופים, וועלכע זענען שוין פאַרלאָזן געוואָרן דורך די פאַרלאָשענע נשמות, אָבער נאָכנישט געטרייסט געוואָרן פון גאָט. ערני האָט זיך אָנגעלענט אין אַ מחיצה און נישט געהאַט דעם מוט פעסטצושטעלן, צי גאָלדעס קאָפּ, וואָס האָט געדרימלט אויף זיין אַקסל, האָט נאָך אין זיך אָטעם, צי האָט זי זיך, שווייגנדיק, שוין באַפרייט פון דעם, וואָס האָט זי געמאַכט, טראָגן דעם שווייס פון איר לייב, פאַר דעם אָביעקט פון זיינע ליבע. אָבער פון אַ צייט שוין, האָט ער נישט געקאָנט מאַכן וועלכע־עס־איז באַוועגונג, און נאָר זיין אויבערשטע טייל פון קערפּער האָט זיך אַרויסגעזען פון דעם הויפן קליינע גופימלעך, וואָס האָבן זיך געקלאַמערט אין אים, איינגעשלאָסן זיך אין אים. צוגעצויגן דורך זיינע ווערטער, האָבן זיי אים אַרומגענומען, כמעט זיך איינגעבראָכן אין זיין לייב. פון צייט־צו־צייט, ווען ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז איינער, אָדער צוויי זענען נאָך מסוגל אים אויסצוהערן, האָט ערני אַרויסגעברענגט זיסע און פריילעכע ווערטער פון מוח צום פאַרפרוירענעם גומען; אָבער טראָץ זיין אָנשטרענגונג, זענען די ווערטער נישט דערגאַנגען נאָר ביז צו דער צווייטער זייט פון זיין פאַרשפּאַרט מויל.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט געסאַפּעט, געקרעכצט און געבליבן שטיין אָן חשק. אַ זשומען פון קריכנדיקע נפשות האָט זיך געהערט אין וואַגאָן. אָבער ווי נאָר ס'האָט זיך דערהערט דאָס ערשטע בילן

פון די הינט, איז אַנטשטאַנען אַן עלעקטרישער שטראָם פון פּחד, וואָס האָט אָנגענומען פאַרשידענערליי פאָרמען. און ערני האָט געשטוינט, וואָס ער באַוועגט זיך נאָך. ער האָט אַ שטופּ געטאָן גאָלדען, וואָס איז געווען מיד און דערשיטערט אין איר טיפן שלאָף. די נאָך לעבן־געבליבענע קינדער האָבן אָנגעהויבן וויינען און שרייען מיט זייער לעצטן פאַרסמטן אָטעם, אַלע אַרום ערני, וועלכער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ קראַנץ פון צעפוילטע קישקעס. צוואַנגען רייסן אַראָפּ די פּלאָמבעס וואָס האָבן אין דראַנסי פאַרזיגלט די וואַגאָנען. די טירן האָבן זיך פאַנאַנדערגעעפנט, און צוזאַמען מיטן בלענדיקן ליכט האָבן זיך אין וואַגאָן אַריינגעריסן די ערשטע געשטאַלטן פון די ס.ס.־טויטנקעפּ. אַ נאַהייקע אָדער אַ שפּיצרוט אין האַנט, און גרויסע, שוואַרצע הינט אויף אָנגעצויגענע רימענס, גלאַנציקע שטיוול, שטויסן און קאָפּען אין דער צעברוזיטער כוואַליע פון די אַרויסלויפנדיקע פון די וואַגאָנען. מיט געלאַרעם און אכזריות־דיקן שלאָגן ווערן די פאַרמאַטערטע געשליידערט צו דער ערד, ווערן געטריבן ווי אַ טשערעדע בהמות. אין פאַרטאָג זעען די באַן־פּעראָנען אויס ווי נישט רעאַלע, אין פאַרפלייצטן ליכט פון די פּראָזשעקטאָרן. דער וואָקזאַל האָט זיך געצייכנט אויף אַן אויסטערלישן פּלאַץ, אַרומגעצוימט דורך אַ קייט פון ס.ס.־לייט, הינט און אַ באַראַק, וואָס זייער צורה איז געווען מטושטש אין דעם צעשפּרייטן נעפּל. ערני האָט נישט געוווסט וויאַזוי ער, גאָלדע און אַ קליין קינד אויף איר אָרעם, זענען אַריבערגעלאָפן איבערן באַנוועג, אינמיטן דער תוהו־ובוהו־בהלה פון די איבערגעבליבענע, וואָס האָבן אין זייער פאַר־טעמפּטקייט געשלעפּט וואַליזעס, פּעקלעך נאָך זיך. אַ פרוי איז אַריינגעפאַלן אין איר צעעפנטער וואַליזע, איז באַלד דערשינען אַ דייטש מיט זיין צעיושעטן הונט אויפן רימען און האָט זיך צעשריגן:

— מענטש, צערייס דעם הונט. — ערני האָט דערהערט דאָס געשריי פון דער אומגליקלעכער און איז ווייטער געלאָפן. ער האָט גאָרנישט באַנומען אַ חוץ דאָס גרילצן פון זיין צעפּאַלטן מוח און דעם דרוק פון גאָלדעס און דעם קינדס הענט.

---

אונטער די טונקעלע הימלען פון פרימאָרגן האָט דער דאָזיקער פּלאַץ, אַן איבערגעפּילטער מיט הונדערטער פּיס פון יידן, אויסגעזען ווי נישט רעאַל. אָבער ערניס דורכדרינגלעכע אויגן האָבן באַלד אויפגענומען אַלע באַומרויקנדיקע פּרטים: דאָ און דאָרט, אויף דער ערד וואָס איז אויסגעקערט געוואָרן אין געאייל, — כמעט האַרט פאַרן אָנקומען פון דער באַן — האָבן זיך נאָך געוואַלגערט איבערגעלאָזענע זאַכן, בגדים־שמאַטעס, אָפּענע וואַליזקעס, בערשטלעך, עמאַיל־פּענדלעך. פונוואַנען האָט זיך דאָס גענומען? און פאַרוואָס האָבן זיך די באַן־שינעס געענדיקט דאָרט ווו ס'האָט זיך אָפּגעהאַקט דער פּעראָן? פאַרוואָס איז דאָס דאָזיקע געלע גראָז און די שטעכל־דראָט אין דער הויך פון דריי מעטער? פאַרוואָס לאַכן אזוי די וועכטערס מיט חוזק, אין אָנבליק פון די ניי־אָנגעקומענע, וואָס באַלד נאָכן אָפּכאַפּן דעם ערשטן אָטעם, פּרוּוון זיי זיך ווידער איינאָרדענען אין זייער נייעם לעבן? — די מענער ווישן זיך אָפּ מיט אַ טיכל דעם שטערן, די יונגע מיידלעך פאַריכטן זיך זייער פריזור און שפּאַרן צו זייערע קליידלעך ביי יעדן בלאָז פון אַ ווינטל, און די אַלטע לייט באַמיען זיך צו זיצן אויף זייערע וואַליזעס. אויסער זייער אָפּלאַכן, האָט אויסגעזען, אַז די וועכטערס האָבן פאַרלוירן יעדן פּחד. און בעת זיי האָבן געגעבן באַפעלן, קלעפּ און קאָפּעס, האָט ערני פאַרשטאַנען, אַז זיי מאַכן דאָס נישט פון שנאה נאָר טוען דאָס וואָס זיי טוען, מיט אַ מין מכלומרשטע סימפּאַטיע, וואָס מ'פילט צו אַ הונט אפילו ווען מ'שלאָגט אים. ווייל די געשלאָגענע חיה איז אַ הונט, קאָן מען זיך משער זיין, אַז דער שלעגער איז וואַרשיינלעך אַ מענטש. ווען זיין בליק איז ווידער געווען געווענדט צום באַראַק, האָט זיך פון מיטן נעפּל, פאַר אים באַוויזן אַ נישט לויטערער שיין אויפן גראָען הימל, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ רויכנדיקן שוואַרצן וואָלקן. אין דערזעלבער רגע האָט ער דערשפּירט אַ מיגלדיקן ריח, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון דער געפּרעסטער לופט פון די דיזענטעריע־קראַנקע, מיט דער שאַרפקייט פון אַן אָרגאַנישער ברען־שטאָף מאַטעריע.

— דו ווייגסט מיט בלוט — האָט אים גאָלדע געזאָגט מיט שטוינונג.

—מ'ווייגט נישט מיט קיין בלוט — האָט ערני געענטפערט.

ער האָט אָפּגעווישט די בלוט־טרערן, וואָס זענען גערונען אויף זיינע באַקן און אָפּגעקערט דאָס פּנים פון גאָלדען, כדי צו באַהאַלטן פאַר איר דעם טויט פון יידישן פאָלק, וואָס איז טיף איינגעקריצט — ער האָט דאָס געוווּסט — אין גאַנצן פלייש פון זיין פּנים.

דער המון איז פאַר זייערע אויגן אַלץ מער איינגעשרומפּן געוואָרן. איינציקווייז זענען די דעפּאָרטירטע דערשינען פאַר אַן ס.ס.־אָפיציר און צוויי זשאַנדאַרן מיט מאַשינגעווער, וואָס האָבן מיט זייערע שפּיצרוטן געמיטלעך צעטיילט די געפאַנגענע, אויף רעכטס און אויף לינקס, שאַצנדיק זיי מיט אַ גיכן און געניטן בליק. די פון לינקס, מענער פון צוואַנציק ביז פינף און פערציק יאָר, וואָס האָבן נאָך, מער־ווייניק, געהאַט אַ מענטשלעכע צורה, זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון אַ קייט פון ס.ס.־לייט, לענג־אויס אַ ריי אָפענע לאַסט־אויטאָס. ערני איז איבעראַשט געוואָרן, זעענדיק אויף איינעם פון די אָפענע אויטאָס, אַ גרופּע מענער אין פּיזשאַמעס, מיט מוזיק־אינסטרומענטן אין די הענט, אַ מין וואַנדערנ־דיקער אָרקעסטער. די געפאַנגענע פון רעכטס, קינדער, פרויען, זקנים און אינוואַלידן, זענען צוזאַמענגעדרענגט געוואָרן פאַרן באַראַק, ביי דער זייט פון משונהדיקן בנין.

— זיי ווילן אונז צעשיידן — האָט גאָלדע קאַלט געזאָגט.

און ווי אַ ווידערקול צו איר פאַרדאַכט האָבן זיך די קינדער צוגעדריקט צו ערני, זיי האָבן אים על־פּי־נס צוריקגעפונען צווישן דעם המון. אייניקע האָבן זיך באַגנוגנט מיט שטומע פאַרוואורף־בליקן פון זייערע געשוואָלענע אויגן, אַנדערע האָבן זיך קראַמפּהאַפטיק געהאַלטן אין זיין אַרבל, אין די עקן פון זיין פלאַטערנדיקן רעקל. ערני האָט געגלעט די קליינע קעפּלעך,ער האָט זיך איינגעקוקט אין גאָלדעס פּנים, וואָס איז געווען געווענדט צו אים, און האָט דערוווייטערט זיינע פאַרנעפּלטע אויגן פון דעם פאַרגליווערטן בלוט אויף זיינע אויגנלעפּלעך. צום לעצטן מאָל זיך פאַרשיכורט מיטן אָנבליק פון גאָלדעס פּנים, מיט איר נשמה, די באַשאַפענע פאַר די אַלע פּשוטע ווונדער, וואָס די ערד טיילט צו די מענטשן, און וואָס אַ דרך־אגב באַוועגונג פון אַן ס.ס.־ישן שפּיצרוט וועט זי איצט אָפּשיידן פון אים אויף אייביק.

— ניין, ניין — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל צו גאָלדען,

בעת אַ נייער פלייץ פון בלוט האָט זיך געגאָסן פון זיינע אויגן — מיר וועלן תמיד בלייבן צוזאַמען, איך שווער דיר.

און צו די קינדערלעך, וואָס עטלעכע פון זיי האָבן געוואַגט צו יאָמערן מיט דינינקע קולעכלעך, האָט ער געזאָגט:

— קינדער, איצט, ווען מיר קומען אָן אין יידישן מלכות, גלויבט איר, אַז איך וועל נישט בלייבן מיט אייך? צוזאַמען וועלן מיר אַריינגיין אין מלכות — האָט ער איבערגעחזרט מיט אַן ערנסטן און התלהבותדיקן טאָן, זיי אַ ביסל אויפצוטייען און טרעפן אין זייערע פינצטערע און דערשראָקענע נשמות. — באַלד וועלן מיר האַנט־ביי־האַנט אַריינגיין און דאָרטן וועלן מיר זיך אַוועקזעצן ביי אַ יום־טובדיקע, פעטע סעודה מיט אַלטן ווין — יין המשומר, געשמאַקע מאכלים, געלייטערטע ווייַנען, דאָרטן, מיינע הייליקע שעפעלעך.

זיי האָבן זיך צוגעהערט און נישט פאַרשטאַנען, אַ דינער שמייכל האָט געשוועבט איבער זייערע צעקאָנדערטע ליפּן.

# 4

איך בין פאַרמאַטערט, מיין פעדער קאָן מער נישט שרייבן.

— מענטש, טו אויס דיינע קליידער, דעק צו דיין קאָפּ מיט אַש, לויף אַרום אין די גאַסן און טאַנץ אין שגעון.

איין איינציקער אינצידענט האָט פאַרשטערט די צערעמאָניע פון דער סעלעקציע: אַ פרוי, וואָס האָט דערשפירט דעם ריח, האָט פלוצים אויסגעשריגן:

— דאָ מאָרדעט מען מענטשן!

דאָס געשריי האָט אַרויסגערופן נאָר אַ קורצע בהלה, און די טשערעדע האָט זיך צוריקגערוקט צום פעראָן, דעם מאַסקירטן דורך אַן אויסטערלישער פאַסאַדע, וואָס האָט ווי אַ טעאַטער דעקאָראַציע, פאַרגעשטעלט אַ וואָקזאַל. באַלד זענען געוואָרן טעטיק די וועכטערס. בעת די סטאַדע האָט זיך ווידער באַרויקט, זענען אָפיצירן אַדורכ־געלאָפן די רייען און העפלעך אויפגעקלערט, אַ טייל, ממש, מיט אַ שמן־זיתדיקער שטים: אַז די שטאַרקע מענער וועלן אַרויסגערופן צו בויען הייזער, שאָסייען, און די איבעריקע וועלן זיך קאָנען אַ

ביסל אָפּרוען פון וועג, ביז מען וועט זיי באַשעפֿטיקן ביי הויז־ווירטשאַפֿט און ביי אַנדערע לייכטע אַרבעטן. ערני האָט הנאה געהאַט, וואָס גאָלדע, ווייזט אויס, גלויבט אין דער איינרעדעניש, אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג האָט זיך געזען אין איר פּנים. פּלוצים האָט די פּיזשאַמעס־קאַפּעלע אָנגעהויבן שפּילן אַן אור־אַלטע דייטשע מע־לאָדיע, וואָס האָט ערנין דערמאָנט אין די טרויעריקע דייטשע לידער, וואָס אילזע פֿלעגט ליב האָבן צו זינגען. די קופּערנע אינס־טרומענטן האָבן געבלישטשעט איינעם גראָען אַרום, און עפּעס אַ מיסטעריעזע מעלאָדיע האָט זיך דערהערט פֿון דעם משונהדיקן אָרקעסטער אין די טויטן־פּיזשאַמעס, אַ מעלאָדיע פֿון פֿאַרשמאַכטע, אייז־קאַלטע קלאַנגען, ווי פֿון אַן אַנדערער וועלט. דער לעצטער קלאַנג איז אַנטשוויגן געוואָרן, די טשערעדע האָט זיך ווידער איינ־געוויגט, די סעלעקציע האָט זיך באַנייט.

— אָבער איך בין קראַנק, איך קאָן נישט גיין — האָט ערני געמורמלט אויף דייטש, ווען ס׳איז געקומען זיין ריי און דער שפּיצרוט האָט אים טרוקן געוויזן דעם וועג צו דער גרופּע פֿון די געזונטע. זיי איז געגעבן געוואָרן אַ פּראָלאָנגאַטע.

ד״ר מענגעלע, דער הויפּט־דאָקטאָר פֿון פֿאַרניכטונגס־לאַגער אין אוישוויץ, האָט צוגעוואָרפֿן אַ קורצן בליק דעם „יידישן טינופֿת״.

— גוט — האָט ער געזאָגט — מיר וועלן דיך פּלעגן.

דער שפּיצרוט האָט געצייכנט אַ האַלבן קרייז, צוויי יונגע ס.ס.־לייט האָבן כיטרע געשמייכלט. ערני האָט, וואַקלענדיק זיך, מיט דערלייכטערונג זיך צוגעשאַרט צו דער טרויעריקער כוואַליע פֿון מענטשן, ביים ראַנד פֿון באַראַק. ער האָט אַרומגענומען גאָלדען, צוגעצויגן צו זיך די קליינע הענטלעך פֿון די קינדערלעך און איז פֿאַרשלונגען געוואָרן אין המון. לסוף, זענען אַלע צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן. אַן אונטעראָפֿיציר האָט זיי איינגעלאַדנט מיט אַ הויך קול און בולטער אויסשפּראַך, זיי זאָלן איבערלאָזן זייערע פּעקלעך און אַריינגיין אין באָד, מיטנעמענדיק מיט זיך נאָר זייערע דאָקומענטן, טייערע חפצים, און דאָס נויטיקע צום וואַשן. צענדליקער פֿראַגן האָבן געשוועבט אויף זייערע ליפּן: צי זאָלן זיי נעמען וועש מיט זיך? מעגן זיי אויפֿבינדן זייערע פּעקלעך? צי וועט גאָרנישט פֿאַרשווונדן ווערן פֿון זייערע זאַכן? אָבער די פֿאַרמשפּטע האָבן

נישט געקאָנט דעם אויסטערלישן כח וואָס האָט זיי געצוווּנגען צו שווייגן, צו לאָזן זיך שנעל פירן אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט, נישט צו קוקן אונטער זיך אַנטקעגן אַריינגאַנג, וואָס אין דעם דריי־מעטער הויכן שטעכיקן דראָט, בשכנות פון באַראַק, מיט קליינעם פענצטערל. פלוצים האָט דער פיזשאַמע־אָרקעסטער ווידער אָנגעהויבן שפּילן און ס׳האָבן זיך דערהערט די אויפטרייסלונגען פון די מאָטאָרן, וואָס זענען אַרויפגעשטיגן צום הימל, אַרום וועלכן ס׳האָט נאָך געשוועבט אַ שווערער פרימאָרגן־נעפּל — זיי זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן אין די ווייטקייטן. באַוואָפנטע ס.ס־קאָמאַנדעס האָבן צעטיילט די צום טויט פאַרמשפּטע, אין גרופּעס צו הונדערט. דער קאָרידאָר פון שטעכיקע דראָטן האָט זיך געצויגן אָן סוף.

ביי יעדע צען שריט אָן אויפשריפט: „צו די בעדער און צו די דאַמען־אָפּטיילונגען". די מענטשן־סטאַדע איז פאַרבייגעגאַנגען די געקנוילטע זיילן פון שטעכישן דראָט קעגן טאַנקן, לענגאויס אַ שוצגראָבן, אַ פאַרוויקלטן אין דינעם שטעכל־דראָט ווי א קוסט, און צום סוף מיט דער לענג פון אַן אָפענעם קאָרידאָר אונטערן פרייען הימל, אין אַ געדיכטער שטעכיקער נעץ. ערני האָט געטראָגן אַ פאַרחלשט קינד. די אַנדערע קינדער האָבן זיך געהאַלטן אינאיינעם. אין דעם אַלץ מער דריקנדיקן שווייגן און אין דעם אַלץ מער שטינקענדיקן ריח, ווי בשעת אַ מגפה, האָבן גרינגע, האַרציקע ווערטער ווידער אויפגעלעבט אויף זיינע ליפּן, און מיט זיי האָט ער באַגלייט די טריט פון די פאַרחלומטע קינדער און דעם גאַנג פון גאָלדען. ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז אַ נצחיותדיק שווייגן נידערט אַראָפּ אויף דער יידישער שעפּסן־סטאַדע, וואָס ווערט געפירט צו דער שחיטה. און קיין שום ירושה, קיין שום מענטשלעכער זכר, וועלן נישט ממשיך זיין דעם דאָזיקן שווייגנדיקן מאַרש פון די פאַרמשפּטע. אפילו אַ טרייער הונט וועט נישט אויפציטערן, קיין גלאָק וועט זיך טרויעריק נישט צעקלינגען, בלייבן וועלן די שטערן אַליין, וואָס פינקלען אין חלל פון קאַלטן הימל.

— אוי, גאָט — האָט צו זיך געזאָגט דער צדיק ערני לוי, בעת דאָס בלוט פון רחמים טריפט פונסניי פון זיינע אויגן — רבונו של עולם. מיר גייען ווידער אַרויס, ווי אין משך פון די טויזנטער יאָרן. מיר גייען דורך וויסטע מדבריות, דורכן רויטן ים פון בלוט, אין אַ

מבול פון יאָמערלעכע און ביטערע טרערן. מיר זענען זייער אַלט, מיר גייען נאָך אַלץ. אוי, מיר וואָלטן שוין איינמאָל געוואָלט אָנקומען.

*

דער בנין האָט אויסגעזעען, ווי אַ ריזיקער מרחץ. רעכטס און לינקס, זענען געשטאַנען גרויסע בעטאָן־טעפּ מיט פּאַרוויאַנטע בלומען. פאַר אַ האַלצערן טרעפּן־געשטעל האָט אַן ס.ס.־מאַן מיט אַ גוטמוטיק פּרצוף געזאָגט צו די פאַרמשפּטע:

— קיין שום שלעכטע זאַך וועט אייך נישט פּאַסירן, איר דאַרפט נאָר שטאַרק עטעמען, דאָס שטאַרקט די לונגען, ס'איז אַ מיטל קעגן אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, ס'איז אַ גוטע דעזינפעקציע.

דער רוב איז אַריינגעגאַנגען, נישט אַרויסרעדנדיק אַ וואָרט, ווערנדיק געשטויסן דורך די נאָכגייענדיקע הינטער זיי. אינווייניק, האָבן נומערירטע הענגערס פאַרוואַנדלט די ווענט אין אַ גיגאַנטישער גאַרדעראָבע, און די טשערעדע האָט זיך אויסגעטאָן, ווערנדיק דערמוטיקט דורך די ס.ס.־וועכטערס, וואָס האָבן זיי געראָטן צו היטן די נומערן, און האָבן פאַרטיילט שטיקלעך זייף, האַרטע ווי שטיינער. גאָלדע האָט געבעטן ערני, ער זאָל אויף איר נישט קוקן. ער איז מיט פאַרמאַכטע אויגן אַריין אין צווייטן זאַל, אין באַגלייטונג פון גאָלדען און די קינדערלעך. די דאַרענקע הענטלעך האָבן זיך געקלאַמערט אַרום ערניס און גאָלדעס נאַקעטע לענדן. אונטער באַפּעסטיקטע טושן אויפן סופיט, אין בלאָען ליכט פון קליינע פאַרקראַטעטע לעמפּלעך, האָבן זיך צוזאַמענגעדרענגט קנוילן גופים פון מענער און פרויען, קינדער און זקנים. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער דערפילט דאָס שטויסן פון די לעצטע מענטשלעכע לייבער, וואָס די ס.ס.־לייט האָבן איצט אַריינגעשטופּט מיט די ביקסן־קאָלבעס אין דער גאַזקאַמער אַריין. און מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט ער געוווּסט, אַז דאָס ליכט פאַרלעשט זיך איבער דעם לעבן, איבער די הונדערטער יידישע פרויען, וואָס האָבן איצט אויסגעשריגן זייער דערשיטערנדיקן אומרו, איבער די זקנים וואָס זייערע תפילות האָבן זיך געהערט אַלץ העכער, בקולי־קולות, איבער די קינדער, די טרויעריקע, די תמימותדיקע, וואָס זענען אויסגעבראָכן אין אַן אימת־מוות געשריי: „מאַמע, ס'ווערט פינצטער,

מ אַ מ ע ו!״. און ווען די ערשטע שטראָמען פון גאַז „ציקלאָן ב״ זענען אַריינגעדרונגען אין די גרויסע פאַרשוויצטע קערפּערס און דערנאָך נידעריקער אַראָפּ, אויף די פּחדים־שרייענדיקע קינדערישע קעפּלעך, האָט ערני זיך באַפרייט פון גאָלדעס לעצטן, שטומען אַרומנעם און זיך אַראָפּגעבויגן צו די קינדערלעך, וואָס זענען געלעגן צונויפגעקנוילט צווישן זיינע פיס, ער האָט מיט ליבשאַפט, מיטן לעצטן כוח פון זיין נשמה, אויסגעשריגן:

— עטעמט שטאַרקער, הייליקעשעפעלעך, עטעמט גיך!...

ווען דער גאַז האָט פאַרפלייצט די טויטן־קאַמער, איז אין איין אויגנבליק אַנטשטאַנען אַ טויט־שווייגן, וואָס איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ שטאַרק הוסטן... און פּלוצים איז אויסגעבראָכן, תחילת ווי אַ טייכל, דערנאָך ווי אַ וואַסערפאַל, ווי א מעכטיקער, אומבאַזיגבאַרער שטראָם, דאָס געזאַנג וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך די פלאַמען אין רויך פון אַלע שייטערהויפנס פון דער געשיכטע. דאָס געזאַנג פון די יידן, וואָס האָבן זייט צוויי טויזנט יאָר נישט געטראָגן קיין שווערד, נישט געהאַט קיין מלכות, נישט קיין מיליטער, און נישט אונטעריאָכט קיין שקלאַפן. — דאָס אוראַלטע געזאַנג פון ליבע צו גאָט, וואָס האָט מיט אותיות פון בלוט אומעטום געצייכנט די האַרטע שאָל פון דער ערד, האָט זיך איצט צעברויזט אין דער גאַזקאַ־מער — דאָס תהומיקע געזאַנג וואָס איז גובר שפּאָט און אומקום:

— שמע ישראל, ה׳ אלהינו, ה׳ אחד! הער אויס, ישראל, אדוני איז אונדזער גאָט, אדוני איז איינציק! האַר פון דער וועלט, דו שפּייזט מיט דיין חסד אַלע לעבעדיקע און מיט דיין גרויס רחמים ביזט מחיה מתים, האַלטסט אונטער פאַלנדיקע, היילסט קראַנקע, באַפרייסט געפאַנגענע, און היטסט אָפּ דיין צוזאָג צו די, וואָס רוען אין שטויב פון דער ערד; ווער איז אַזוי ווי דו, דערבאַרעמדיקער פאָטער, ווער איז דיר גלייך?!

די קולות האָבן זיך ביסלעכווייז אויסגעלאָשן, די גוססדיקע קינדערלעך האָבן, ווי אין לעצטן רוף, אַריינגעשטאָכן זייערע נעגל אין ערניס פלייש און ביינער, און דאָס אַרומנעמען פון גאָלדעס אָרעמס איז געוואָרן לויזער, אירע קושן אַלץ שוואַכער, זי האָט זיך צוגעשפּאַרט צו זיין האַלדז און איר לעצטער אָטעם האָט קלאַנגלאָז געשעפּטשעט:

— וועל איך דיך שוין קיינמאָל מער נישט זען? שוין קיינמאָל נישט מער?

ערני האָט צוריקגשטויסן די פייער־נאָדל, וואָס האָט געשטיקט זיין האַלדז, און בעת גאָלדעס גוף איז צו אים צוגעפאַלן, האָט ער אַריינגעשריגן אין אויער פון דער טויטער גאָלדע, ווען זיינע אויגן זענען ברייט צעעפנט אין דער פינצטערער, טריבער נאַכט אַריין:

— באַלד, כ׳שווער דיר...

איצט האָט ער געוווּסט, אַז מער וועט ער שוין פאַר קיינעם גאָרנישט טאָן אויף דער וועלט. און אין לעצטן גדאַנק־אויפבליץ פאַר יציאת־הנשמה, האָט ער זיך דערמאָנט מיט התלהבות אין דער לעגענדע וועגן רבי חנינא בן תרדיון, וואָס דער זיידע פלעגט זי תמיד מיט הנאה דערציילן:

„זיי האָבן אים געפונען (די רוימער) ביים לערנען תורה, בעת ער זאַמלט איין קהלות אונטערן פרייען הימל, און אַ ספר־תורה ליגט אין זיין שייד. זיי האָבן אים אַרומגעוויקלט מיט די יריעות פון דער ספר־תורה, אַרומגעבונדן מיט גרינע צווייגן, כדי זיינע יסורים זאָלן לענגער דויערן, און אים אַריינגעוואָרפן אין די פלאַמען פון שייטערהויפן. האָבן זיינע תלמידים אים געפרעגט: רבי, וואָס זעסטו? האָט ער זיי געזאָגט: פאַרמעטן ברענען און די אותיות פליען אין דער לופטן"...

— יאָ, די אותיות פליען אין דער לופטן — האָט ערני לוי איבערגעחזרט, בעת דאָס פייער האָט פאַרכאַפּט זיין ברוסט און מיט איין מאָל אויך פאַרפלייצט זיין מוח. מיט זיינע אָפּשטאַרבנדיקע הענט האָט ער געהאַלדזט גאָלדעס גוף, אין אַ באַוווּסטלאָזער באַוועגונג פון ליבשאַפט. און אין דער פאָזיציע האָט אים אַ האַלבע שעה שפּעטער געטראָפן אַ גרופּע פון ס.ס.־זאָנדערקאָמאַנדאָ, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען דאָס פאַרברענען די יידן אין קרעמאַטאָריע. מיליאָנען זענען אַריבערגעגאַנגען, ווי ער, פון מצב פון לופט־מענטשן צום מצב פון ל ו פ ט.

די דערציילונג וועט זיך נישט ענדיקן אין קבר, וואָס מ׳באַזוכט צום אָנדענק. ווייל דער רויך, וואָס גייט אַרויס פון די קרעמאַטאָריעס איז אונטערגעאָרדנט די געזעצן פון דער פיזיק: די טיילעכלעך קלייבן זיך צונויף און שפּרייטן זיך פאַנאַנדער לויטן בלאָזנדיקן

ווינט. דאָס איינציקע עולה־רגל־זיין אויף קברים, טייערער לייענער, וועט זיין דאָס איינקוקן זיך פון צייט־צו־צייט אין אַ צעשטורעמטן הימל, מיט עצבות.

יתגדל. אוישוויץ. ויתקדש. מאידאַנעק. שמיה רבא, טרעבלינקע. יתגדל. בוכנוואַלד. ויתקדש, מאַטהאוזן. שמיה רבא, בעלזשעץ, יתגדל. סאָביבאָר. ויתקדש. כעלמנאָ. שמיה רבא. בערגן־בעלזן. יתגדל. פּאָנאַרי. ויתקדש. סקאַרזשיסקאָ. שמיה רבא. בערגן־בעלזן. יתגדל, יאַנאָוו. ויתקדש. דאָרא. שמיה־רבא. נויענגאַמע. יתגדל. פּוסטקאָוו. ויתקדש. דאַכאו. שמיה רבא. יאַנאָווסקי־לאַגער. אמן

אמת, ס׳טרעפט, אַז דאָס האַרץ איז נאָענט צום פּלאַצן פון צער. אָבער אָפּטמאָל, אין אַ שעת רחמים, איז מיר שווער נישט צו טראַכטן, אַז ערני לוי, וואָס איז געשטאָרבן זעקס מיליאָן מאָל, לעבט נאָך ווי־עס־איז, איך ווייס נישט וווּ. נעכטן ווען כ׳האָב געציטערט פון יאוש אין מיטן גאַס, אַ צוגעשמידטער צו דער ערד, האָט אַראָפּגע־נידערט פון אויבן אַ טראָפּן פון רחמים אויף מיין פּנים, אָבער ס׳איז נישט געווען קיין שום אָטעם אין דער לופט. קיין שום וואָלקן אויפן הימל. ס׳איז נישט געווען מער, ווי דער באַשאָף אַליין.

# אינהאלט: